געאָרג בראַנדעס

# די הויפּט שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון נייצענטען יאָרהונדערט

באַנד 1.

# די פראַנצויזישע עמיגראַנטען ליטעראַטור

(אין דער צייט פון דער גרויסער רעוואָלוציאָן).

איבערזעצט פון
ת. ליעבערמאַן

מאַקס נ. מייזעל
אידישער פערלאַג פאַר ליטעראַטור און וויסענשאַפט
424 גרענד סטריט, ניו יאָרק.
1918

דעם אַנדענקען פון

# האַנס ברעכנער

ווערען געווידמעט

# „די הויפּט-שטרעמונגען."

„אַ וואַקסענער הויז־געצקע, אויף וועלכען קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט, איז געשטאַנען נעבען אַ פייער, וואו אוידעלע קאַמפּאַנישע געפּעס האָט זיך גע־תאַרטעוועט, און ער האָט אָנגעהויבען צו שמעלצען.

„האָט ער זיך גענומען ביטער באַקלאָגען פאַר'ן פייער. „זעה, — האָט ער געזאָגט, — ווי גרויזאַם דו באַציהסט זיך צו מיר. יענעם גיסטו דויערהאַפ־טיגקייט און מיך צעשטערסטו!"

אָבער דער פייער האָט געענטפערט: באַקלאָג זיך בעסער אויף דיין אייגענער נאַטור, ווארום וואָס אַנ־באַלאַנגט מיך, בין איך איבעראַל פייער".

וו. היינזע.

# איבערזעצער׳ס פאָרוואָרט.

צווישען דעם אידישען פאָלק און געאָרג בראַנדעס עקזיסטירט אַ רירענדע בענקשאַפט. זייט פיעל יאָרען אַז דאָס אידישע פאָלק קוקט אַרויס צו זיין גרויסען זוהן, מיט שטאָלץ אויף זיין גרויסקייט אָבער מיט שמערץ אויף זיין ווייטקייט. אָבער די לעצטע דריי פיער יאָר האָבען בראַנדעס׳ן געבראַכט אַ סך נעהנטער, און ביי פיעל געלעגענהייטען האָט ער פּאַטעטיש ערקלערט, אַז זיין האַרץ איז שטענדיג געוועזען ביי זיין פאָלק.

דער פאַרלאַנג די דאָזיגע נאָהנטקייט צו פאַרשטאַרקען און צו ברענגען דעם זוהן אונטער׳ן באַלקען פון זיין פאָטער׳ס הויז האָט מיך ערמוטיגט צו אונטערנעמען די איבערזעצונג פון בראַנדעס׳עס גרעסטען ווערק, „די הויפּטשטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון ניינצענטען יאָרהונדערט.״

עס איז ניט גענוג אַז מיר זאָלען הערען בלויז קלאַנגען פון ווייט וועגען בראַנדעס׳עס גרויסקייט. מיר דאַרפען אים אַליין קענען פּנים אל פּנים. דער זשעני פאַרלאַנגט קיין זאַך ניט אויסער אַז מען זאָל אים פאַרשטעהן. אָבער אויב מיר זאָלען ניט שטודירען צו קענען פאַרשטעהן די ווערק פון די בראַנדעס׳עס טאָ ווי אַזוי קענען מיר זיך באַקלאָגען וואָס אונזערע זשעניען געהן אַוועק פון אונז?

עס איז צו האָפען, אַז די אידישע קריטיק וועט ניט פאַרפעלען אָנצעווייזען דעם אידישען עולם וואָס פאַר אַ רייכטום עס ווערט אַריינגעטראַגען אין דער אידישער שפּראַך דורך דיזער איבערזעצונג. בראַנדעס׳עס ליטעראַרישע שטודיען זיינען מער ווי קריטיק ווי דער טערמין ווערט פאַרשטאַנען אין פּאָפּולערען זין, נאָר זיי זיינען שטודיען אין געשיכטע, פילאָזאָפיע, קונסט, עסטעטיק, אינדיווידועלע און פעלקער־פּסיכאָלאָגיע, סאָציאַלע אידעען און באַוועגונגען — אויף אַ הינטערגרונד פון ליטעראַטור, אַזוי אַז די „הויפּטשטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון ניינצענטען יאָרהונדערט״ שטעלען מיט זיך פאָר דעם תמצית פון דאָס

ה ע כ ס ט ע ד ע נ ק ע ן א ו ן פ י ה ל ע ן פון איירָאפּא אין דיזער עפּאָכע. קיין גרעסערער געשאַנק פאַר דער אידישער לי־טעראַטור קען ניט געמאַכט ווערען.

אין דער איבערזעצונג האָב איך זיך באַמיהט צו האַלטען זיך אַזוי געטריי צו בראַנדעס'עס סטיל, אַז עס זאָל זיך פיהלען אַז דאָס רעדט בראַנדעס. און עס איז פיליכט נויטיג דאָ, צוליעב דער שאַרפער טענדענץ צו פאָלקסטימליכקייט וואָס הערשט היינט אויף דער אידישער גאַס, אויפמערקזאַם צו מאַכען, אַז בראַנדעס'עס סטיל איז ניט קיין פאָלקסטימליכער, נאָר איינער פון די פיינסטע סטילען אין איירָאפּא, און איך האָב ניט געקענט ביי זיך רעכט מאַכען צו אָפּפערען די באַזונדערע פיינקייטען פון בראַנדעס'עס וואונדערליכען סטיל אויף'ן מזבח פון דער נייגונג צו פאָלקסטימ־ליכקייט, וועלכע איז נאָך אַלעמען א צווייפעלהאַפטער מאַסשטאַב פאַר ליטעראַרישען סטיל. „גוטע שפּראַך איז די שפּראַך פון די בעסטע מייסטער פונקט ווי די מאָראַל איז די אויפפירונג פון די בעסטע מענשען", זאָגט אַן אַלטער שפּראַך־טעאָרעטיקער, קווינטיליאַן. איך שטים איין מיט דעם דאָזיגען כלל. די נייגונג צו פאָלקסטימליכקייט קומט ביי אונז, צווישען אַנדערע אורזאַכען, אויך צוליב א פאַרלאַנג נאָך קלאָרקייט; אָבער קלאָרקייט איז דער פונדאַמענט פון יעדען גוטען סטיל, און עס איז שווער צו געפינען א קלערערען סטיל ווי בראַנדעס'עס פונקט ווי עס איז שווער צו געפינען א גלענצענדערען.

ניט קענענדיג די אָריגינעלע שפּראַך פון דעם ווערק, דעניש, האָב איך זיך באַנוצט מיט איבערזעצונגען אין דריי שפּראַ־כען, כדי צווישען די דריי צו דערשפּירען בראַנדעס'ן אַליין און ניט אַן איבערזעצער. י ע ד ע ס ו ו אָ ר ט אין דער איבערזע־צונג וואָס איך לעג דאָ פאָר, א י ז ג ע מ א כ ט פ ו ן ד ר י י ש פ ר א כ ע ן, און איבעראַל האָב איך געשטרעבט צונויפצוגיסען דעם גייסט פון בראַנדעס'עס סטיל מיט דעם גייסט פון דער אידי־שער שפּראַך.

אויף ווי ווייט דאָס איז מיר געלונגען איז ניט פאַר מיר צו אורטיילען.

**דער איבערזעצער.**

# אינהאַלט-פאַרצייכניס.

# איינלייטונג.

מיין אבזיכט מיט דעם ווערק, וואס איך הויב דא אן, איז צו געבען, דורך דעם שטודיום פון געוויסע הויפט־גרופען און הויפט־באוועגונגען אין דער אייראפעאישער ליטעראטור, אן אנט־ווארף צו א פסיכאלאגיע פון דער ערשטער העלפט פון דעם 19טען יארהונדערט. דאס יאר 1848, וואס באצייכענט אן אייראפעאישען געוויטער, א היסטארישען ווענדפונקט און פאלגליך אן אבשלוס אין צייט, איז די גרעניץ ביז וועלכער איך האב בדעה נאכצופאל־גען דעם אנטוויקלונגס־גאנג. דער שטח צייט פון דעם אנהויב פון דעם יארהונדערט ביז צו זיין מיט שטעלט מיט זיך פאר א בילד פון פאנאנדערגעווארפענע ליטערארישע שטרעבונגען און ערשיי־נונגען, וועלכע בארירען דוכט זיך ניט איינע די אנדערע. אבער דער יעניגער וועלכער ריכט זיין בליק אויף די הויפט שטרעמונגען אין דער ליטעראטור, אנטדעקט, אז די אלע באוועגונגען לאזען זיך צופירען צו איין גרויסען הויפט ריטמוס מיט זיין עבע און פלוט: דאס גראנדיעזע זינקען און פארשווינדען פון דעם אידעען און געפילס־לעבען פון דעם פארגאנגענעם יארהונדערט, און דאס צוריקקערען פון די אידעען פון פארשריט אין נייע, אימער העכער שלאגענדע כוואליעס.

דער צענטראלער געגענשטאנד פון דיזען ווערק איז דע־ריבער די רעאקציע וואס דאס נייצענטע יארהונדערט אין זיינע ערשטע יארצענדליגען האט אנגעפירט געגען דער ליטעראטור פון דעם אכצענטען, און דאס בייקומען פון דיזער רעאקציע.

דיזע היסטארישע געשעהעניש איז אין איר תוך אן אלגעמיין אייראפעאישע און לאזט זיך פארשטעהן נאר דורך א פארגליי־כענדען שטודיום פון ליטעראטור. אזא מין שטודיום וויל איך

דעריבער אונטערנעמען, און וועל שטרעבען נאָכצופאָלגען גלייכ־צייטיג געוויסע הויפּט־באַוועגונגען אין דער דייטשער, פראַנצוי־זישער און ענגלישער ליטעראַטור, וועלכע זיינען די וויכטיגסטע אין דיזען משך צייט.

די פאַרגלייכענדע ליטעראַטור־באַטראַכטונג האַט די דאָפּעל־טע מעלה, וואָס דאָס פרעמדע ברענגט זי אונז אַזוי נאָהנט אַז מיר קענען עס מאַכען פאַר אונזער אייגען, און דאָס אייגענע רוקט זי אָב פון אונז אַזוי אַז מיר קענען עס באַטראַכטען פון דער־ווייטענס, אין אַלגעמיין. וואָרום מען קען ניט זעהן, ניט דאָס וואָס ליגט דעם אויג צו ווייט, ניט דאָס וואָס ליגט אים צו נאָהנט. די וויסענשאַפטליכע ליטעראַטור־באַטראַכטונג גיט אונז אַ מין בינאָקל אין האַנד, וואָס איין זייט זיינע פאַרגרעסערט, און די אַנדערע פאַרקלענערט. און מען דאַרף אים באַנוצען אַזוי אַז מיר זאָלען פאַרריכטען די אילוזיע פון דעם נאַטירליכען געזיכט. ביז יעצט זיינען די פאַרשיידענע פעלקער געשטאַנען אין פּרט פון ליטעראַטור צימליך ווייט איינס פון אַנדערען און האָבען באַ־וויזען אַ קנאַפּע פעהיגקייט זיך געגענזייטיג אָנצואייגנען זייערע שאַפונגען. אויב מען וויל זיך מאַכען אַ בילד פון די ביזהעריגע באַציהונגען דאַן זאָל מען זיך דערמאָנען אָן דער פאַבעל פון דעם פוקס און דעם שטאָרך. דער פוקס, ווי באַוואוסט, האָט איינגע־לאַדען דעם שטאָרך צו גאַסט, נאָר די אַלע געשמאַקע ביסענס וואָס ער האָט אים דערלאַנגט, האָט ער אויסגעלעגט אויף אַ פלאַ־כען טעלער, אַזוי אַז דער שטאָרך מיט זיין לאַנגען שנאָבעל האָט גאָרניט געקענט אָננעהמען. עס איז אויך באַוואוסט ווי דער שטאָרך האָט זיך אָבגערעכענט. ער האָט אַריינגעטאָן זיינע מאכלים אין אַ הויכער כלי מיט אַן איינגען האַלז, אין וועלכען דער לאַנגער שנאָבעל פון דעם שטאָרך האָט גוט געקענט אריין, אָבער ניט דער קורצער שנוק פון דעם פוקס. אַזוי האָבען אַ לאַנגע צייט די נאַ־ציאָנען געשפּילט צווישען זיך אין פוקס און שטאָרך. אַ גרויסער טייל פון דער אויפגאַבע פון עסטעטישען שטודיום באַשטעהט און איז באַשטאַנען דערין, אויסצוריכטען דעם מאָלצייט פון דעם שטאָרך אין דער כלי פון דעם פוקס, און פאַרקערט.

די ליטעראַטור פון אַ פאָלק, ווען זי איז פאָלשטענדיג, שטעלט

מיט זיך פּאָר די גאַנצע געשיכטע פון זיינע אנשויאונגען און גע־פילען. גרויסע ליטעראַטורען, ווי די ענגלישע און פראַנצויזישע, אנטהאַלטען אויף אַזאַ אופן אַ גענוגענדע צאָל דאָקומענטען פון וועלכע מען קען באַשטימען ווי דאָס ענגלישע און פראַנצויזישע פאָלק האָט אין יעדער געשיכטליכער פעריאָדע געטראַכט און גע־פיהלט. אנדערע ליטעראַטורען, ווי צ. ב. די דייטשע, וועלכע פאַנגט זיך אָן אין איר צווייטער בליהונגס־פעריאָדע ערשט אונגעפער אין מיטען פון פאָריגען יאָרהונדערט, זיינען אין דיזען זין צוליב זייער אונפאָלשטענדיגקייט, ניט אַזוי אינטערעסאַנט. נאָך מער איז דאָס אמת פון אַזאַ שפּעטער ליטעראַטור ווי די דענישע. צו שטודירען דורך איר דאָס גאַנצע געפיהלס־לעבען פון דעם דעני־שען פאָלק איז ניט מעגליך; דאַרויף האָט זי צו גרויסע שפּאַל־טען. עס זיינען פאַראַן לאַנגע צייט־רוימען אין דער דענישער לי־טעראַטור וועלכע האָבען זיך ניט אָבגעשטעמפּעלט מיט קיין פּאָ־עטישען אָדער פּסיכאָלאָגישען מאָנומענט פון וועלכער עס איז באַדייטונג. אויב עס איז איבערהויפּט אין אַזעלכע צייטען גע־טראַכט אָדער געפיהלט געוואָרען — ווייס מען היינט צו טאָג ניט. אויסערדעם איז עס געוועזען דאָס אומגליק פון דער קליינער, אין אַ זייט ליגענדער דענמארק, וואָס זי האָט פון דער ערשטער האַנד קיין איין גרויסע אייראָפּעאישע גייסטיגע באַוועגונג ניט אַרויס־געבראַכט. מיר האָבען ניט געגעבען דעם אָנשטויס צו די גרויסע ענדערונגען, מיר האָבען זיי נאָר איבערגעליטען, א ו י ב מיר האָבען זיי איבערהויפּט איבערגעליטען. מיר האָבען אויפגענומען צ. ב. די אידעען פון דער רעפאָרמאַציאָן — פון דייטשלאַנד, די אידעען פון דער רעוואָלוציאָן — פון פראַנקרייך. אונזער לי־טעראַטור איז גליך צו אַ קליינער קאַפּעלע אין אַ גרויסער קירכע, זי האָט איר אַלטאַר, אָבער דעם הויפּט־אַלטאַר איז ניט צו געפינען. ניט גענוג, אַלזאָ, וואָס עס זיינען פאַראַן צייטען פון וועלכע מען ווייס ניט ווי אַזוי עס איז דעמאָלט געדענקט און געפיהלט גע־וואָרען, זיינען נאָך פאַראַן צייטען, ווען מען האָט יאָ געדענקט און געפיהלט, אָבער פון דער צווייטער האַנד, שוואַכער און מאַטער ווי אַנדערש־וואו. אַזוי פּאַסירט עס אָפט, אַז איינע פון די גרוי־סע אייראָפּעאישע באַוועגונגען דערגרייכט דענמאַרק, אַ צווייטע

ניט; איין לאָזונג גרייפט אונז אָן, אָן אַנדערע ניט. יאָ, אָפּט־מאָל טרעפט אַז ווען מיר האָבן אפילו גאָרניט אַנטייל גענו־מען אין דער טעטיגקייט, וועמעס ברייטע כוואַליעס האָבן אונ־זערע זאַמדיגע ברעגן דערגרייכט שוין פלאַך און קראַפטלאָז, ווע־רען מיר פונדעסטוועגן אַריינגעצויגן אין דער רעאַקציע.

אַזאַ פאַל, גלויב איך, איז אין דיזען יאָרהונדערט פאָרגעקו־מען. דאָס איז מיר אויפגעפאַלען, און דיזער איינדרוק האָט מיך געפירט צו די פאָרשונגען, וועלכע זיינען דער געגענשטאַנד פון די־זען ווערק.

יעדער געבילדעטער מענש ווייס, וואָס פאַר אַ גוואַלטיגע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג עס איז געקומען איבער דער וועלט צו ענדע פון אַכצענטען יאָרהונדערט, און וועלכע פאָלגען זי האָט איבעראַל אין דער פּאָליטיק און ליטעראַטור נאָך זיך געצויגען. נון, דיזע באַוועגונג האָט אין אַ סך פון אירע וועזענטליכע פּרטים גאָרניט דערגרייכט צו דענמאַרק. צו נעמען בלויז איין ביישפּיל: איינע פון די שלאַגווערטער פון דער רעוואָלוציאָנס־ליטעראַטור איז געווען דער פרייער געדאַנק. אָבער דיזער פרייער געדאַנק, וועלכער איז אַנדערשוואו אויפגעטראָטען אין אַזעלכע מוטיגע פאָר־מען און געבראַכט אַזעלכע גיגאַנטישע רעזולטאַטען, איז געקומען צו אונז נאָר אין דער קלעגליך אָבגעבלאַסטער פאָרם פון דעם טע־אָלאָגישען ראַציאָנאַליזם. העגעל האָט געזאָגט די שעהנע ווער־טער: „זינט די זון שטעהט אין דעם הימעל־געוועלב, און זינט די פּלאַנעטען דרעהען זיך אַרום דער זון, איז עס נאָך ניט גע־שעהען אַז דער מענש האָט זיך געשטעלט אויפ'ן ריינעם געדאַנק, מען קען זאָגען, זיך אויפ'ן קאָפּ געשטעלט, און געפּרובט די גאַנ־צע ווירקליכקייט נאָך זיין קאָפּ אומצובילדען און אויפצובויען. אַלע פריהעריגע רעוואָלוציאָנען האָבן געהאַט לאָקאַלע צוועקען, אָבער דיזע האָט געוואָלט די מענשהייט אומשאַפען". מען קען ניט לייקענען, אַז מיר, דענער, האָבן אָבגעהיט סטאַט און זיך ניט געשטעלט אויפ'ן קאָפּ. אָבען ווען דיזע גוואַלטיגע אַקציאָן, וועלכע איז אַרויסגעקומען פון דעם נצחונ'דיגען באַוואוסטזיין פון דעם געדאַנק, פון דעם פאַנאַטיזמוס פון דעם ריינעם געדאַנק, האָט, ווי יעדער גרויסער שטראָם וואָס טרעט אַרויס פון זיין ברעג,

ארויסגערופען געגען זיך געגענמיטעל און א רע־אקציאָן, זיינען מיר אריינגעטראָטען אין דער רעאקציאָן. אין אַלע אונזערע ליטעראַרישע באוועגונגען צום אָנפאנג פון ניינצענטען יאָרהונדערט, אין אָהלענשלעגער׳ס דיכטונגען, אין גרונדטוויג׳ס דרשות, אין מינסטער׳ס רעדען און אינגעמאַנ׳ס געדיכטען איז פאראַן א שטאַרקער עלעמענט פון רעאקציאָן געגען דעם אכצענטען יאָרהונדערט. אז אזא רעאקציאָן זאָל קומען איז געווען בארעכטיגט און נאַטירליך. אָבער וואָס איך וויל אָנווייזען אלס אונבארעכטיגט און געגען־נאַטירליך איז, וואָס דיזע רעאקציאָן האלט נאָך אָן ביי אונז אזוי לאַנג, בשעת אנדערש־וואו האָט זי שוין לאַנג אויפגעהערט און איז פארשוואונדען.

לאָמיר זיך גוט פארשטעהן. רעאקציע אלס אזעלכע באדייט דורכאויס ניט דאָסזעלבע וואָס ריקשריט. גאַנץ ווייט דערפון! פאַרקערט, אַן אמת׳ע דערגענצענדע, פארריכטענדע רעאקציע איז פאָרשריט. אָבער אזא רעאקציע איז קרעפטיג, קורץ, און ווערט ניט פארגליווערט. נאָכדעם ווי זי באַקעמפפט א געוויסע צייט די עקסטרעמען פון דער פאָרגעהענדער פעריאָדע, נאָכדעם ווי זי האָט ארויסגעפירט אויף דער ליכטיגקייט דאָס וואָס דיזע האָט פאַרדרענגט, נעהמט די פאָלגענדע פעריאָדע אויף אין זיך דעם ווערטפולען אינהאַלט פון דער פריהעריגער, מאַכט מיט איר שלום און זעצט פאָר איר באוועגונג. דאָס איז ביי אונז ניט געשעהען. ווען א שטעקען ווערט אויסגעבויגען אויף איין זייט גלייכט מען עס אוים דורך בויגען עס אין דער אנדערער זייט; אָבער מען טוט עס ניט אָהן אויפהער. די רעאקציאָן געגען אכצענטען יאָרהונדערט ווערט דאָ אין לאַנד פאָרגעזעצט שלעפענדיג, מאַט, מיט אונטערברעכונגען, און זעהט אוים ווי זי וואָלט ניט געוואָלט קיין ענדע נעהמען, און אלס רעזולטאַט איז די דענישע ליטעראַטור פאַרזונקען אין א שלעפעריגקייט, וועלכע וואונדערט אונז אליין. דע־ריבער רייצט עס מיך צו שילדערען ווי אזוי א רעאקציאָן, יאָ, דיזעלבע רעאקציאָן, האָט אנדערש־וואו איר ענדע געפונען.

וואָס איך וויל פאָרשטעלען איז א געשיכטליכע באוועגונג, וועלכע טראָגט איינגאַנצען דעם כאראַקטער און די פאָרם פון א דראַמע. די זעקס פארשיידענע ליטעראַטור־גרופען וואָס איך האָב

בדעה ארויסצופירען זיינען דורכאויס גלייך צו די זעקס אַקטען פון אַ גרויסער דראַמע. אין דער ערשטער גרופּע, די פראַנצוי־זישע עמיגראַנטען־ליטעראַטור, באַזעלט פון רוסאָ, הויבט זיך אָן די רעאַקציאָן, אָבער דאָ זיינען די רעאַקציאָנערע שטרעמונגען נאָך איבעראַל געמישט מיט די רעוואָלוציאָנערע. אין דער צווייטער גרופּע, די האַלב־קאַטוילישע ראָמאַנטישע שולע פון דייטש־לאַנד, האַלט די רעאַקציאָן אין שטייגען, זי ברייט זיך אויס, זי דערווייטערט זיך מער פון די פרייהייטליכע און פאָרגעשריטענע שטרעבונגען פון דער צייט. די דריטע גרופּע, ענדליך, וועלכע נעהמט ארום שריפטשטעלער ווי זשאָזעף דע־מעיסטר, ווי לאַמעננע אין זיין אָרטאָדאָקסישער פּעריאָדע, ווי לאַמאַרטין און וויקטאָר הוגאָ דעמאָלט ווען זיי זיינען אין דער רעסטאַוראַציאָנס־צייט נאָך געווען די בעסטע שטיצען פון די לעגיטימיסטען און די קלעריקאַלען, שטעלט מיט זיך פאָר די שטאַרקע, די טריאומפירענדע רעאַקציאָן. בייראָן און זיינע חברים בילדען די פערטע גרופּע. דיזער איין מענש פאַראורזאַכט אַן איבערקערעניש אין דער גרויסער דראַמע. דער גריכישער פרייהייטס־קריג ברעכט אויס, אַ פרישער הויך גיט אַ ווייהע איבער אייראָפּאַ, בייראָן פאַלט אין העלדישער אויפאָפּפערונג פאַר דעם גריכישען קאַמפּף, און זיין טויט מאַכט אַן אונגעהויערען רושם אויף אַלע שרייבער פון דעם קאָנטינענט. קורץ פאַר דער יולי־רעוואָלוציאָן בייטען דאַריבער אַלע גרויסע גייסטער פון פראַנקרייך זייער ריכטונג, זיי בילדען די פינפטע גרופּע, די ראָמאַנטישע שולע אין פראַנקרייך, און די נייע ליבעראַלע באַוועגונג ווערט כאַראַקטיריזירט דורך אַזעלכע נעמען ווי לאַמעננע, הוגאָ, לאַמאַרטין, מוססע, זשאָרזש סאַנד און אַנדערע. און אַזוי ווי יעצט געהט די באַוועגונג אריבער פון פראַנקרייך קיין דייטשלאַנד, זיגען אויך דאָרט די ליבעראַלע אידעען, און די זעקסטע און לעצטע גרופּע שריפטשטעלער וואָס איך וויל שילדערען ווערט באַזעלט פון די אידעען פון דעם פרייהייטס־קריג און דער יולי־רעוואָלוציאָן, און אַזוי ווי די פראַנצויזישע דיכטער, זעהט זי איין אין בייראָן׳ס גרויסען שאָטען דעם פירער פון דער פרייהייטס־באַוועגונג. די שריפטשטעלער פון יונגען דייטש־לאַנד, פון וועלכע די וויכטיגסטע, ווי היינע, בערנע (און שפּעטער

אויערבאַך) זיינען פון אידישער אָבשטאַמונג, גרייטען צו, צוזאַ־
מען מיט די פראַנצויזישע שריפטשטעלער פון יענער צייט, די
איבערקערעניש פון יאָר 1848.

איך גלויב אז מיר דענער קענען פון דיזער גרויסער דראַ־
מע אָבלערנען א לעקציע פאר אונז זעלבסט. מיר זיינען נעמליך
דאָס מאָל, אזוי ווי געוויינליך, ארום פערציג יאָר הינטער דעם איב־
רינגען אייראָפּאַ צוריקגעבליבען. שוין לאַנג האָט אין דער לי־
טעראַטור פון יענע גרויסע הויפט לענדער דער רעוואָלוציאָנס־
שטראָם אויפגענומען זיינע נעבען־פלוסען און האָט אוועקגע־
שווענקט די דאַמבען וואָס האָבען איר געוואָלט פארשטעלען דעם
וועג; און ער איז אריינגעצויגען געוואָרען אין טויזענדע קאַנאַ־
לען. מיר ארבייטער נאָך צו פארשפּארען אים און פעסטצוהאַל־
טען אין זומפּ פון דער רעאַקציאָן.

עס וועט קוים שווער זיין צו קריגען אן איינשטימיגען אור־
טייל, אז די דענישע ליטעראַטור האָט זיך נאָך קיינמאָל אין נייג־
צענטען יאָרהונדערט ניט געפונען אין אזא צושטאַנד פון אויפ־
צערונג ווי אין אונזערע טעג. די פּאָעטישע שאַפונג איז אזוי
גוט ווי אינגאַנצען אָבגעשטאָרבען, און קיין פּראָבלעם פון אלגע־
מיין מענשליכען אָדער געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער איז ניט אימ־
שטאַנד אויפצוועקען אן אנדער אינטערעס אָדער ארויסרופען אן
אנדער דיסקוסיאָן ווי אין דער טעגליכער פּרעסע אָדער טעגליכער
ליטעראַטור. קיין שטאַרקע אָריגינעלע פּראָדוקטיוויטעט האָבען
מיר קיינמאָל ניט געהאַט, יעצט האָבען מיר נאָך דערצו כמעט אינ־
גאַנצען אויפגעהערט אפילו אויפצונעהמען פרעמדען גייסטיגען לע־
בען, און די גייסטיגע טויבקייט, ווי די טויבקייט ביי די טויב־
שטומע, האָט פאַראורזאַכט אויך שטומקייט.

ווען א ליטעראַטור אין אונזערע טעג לעבט ווייזט זיך דערפון
וואָס זי ברענגט ארויף פּראָבלעמען צום דעבאַטירען. אזוי ברענגט
צ. ב. זשאָרזש סאַנד ארויף דאָס פּראָבלעם פון די באַציהונגען
צווישען די געשלעכטער, בייראָן און פייערבאַך — די רעליגיאָן,
פּרודהאָן און סטואַרט מילל — דאָס אייגענטום, טורגעניעוו, שפּיעל־
האַגען און עמיל אָזשיע — די געזעלשאַפטליכע פאַרהעלטנישען.
אז א ליטעראַטור ברענגט ניט ארויס קיינע פּראָבלעמען צום פאַר־

האַנדלען הייסט עס, אַז זי האַלט ביי פאַרלירען יעדע באַדייטונג. א פאָלק וואָס שאַפט אַזאַ ליטעראַטור מעג זיך איינבילדען פיעל עס וויל אַז די רעטונג פון דער וועלט וועט קומען פון איס, עס וועט זיך אַנטוישען אין זיין ערוואַרטונג; אַזאַ פאָלק העלפט פונקט אַזוי ווייניג דער אַנטוויקלונג און דעם פאָרשריט ווי יענע פליג האָט געהאָלפען, ווי זי האָט געמיינט, טרייבען פאָרוועדטס דעם וואָגען ווייל זי האָט ווען־ניט־ווען זיינע פיר פערד אַן אונבאַדייטענדען ביס געגעבען.

אַזאַ געזעלשאַפט קען נאָך אויפהיטען מאַנכע טוגענדען, ווי צום ביישפיל קריגערישען מוט, אָבער אַזעלכע טוגענדען קענען ניט אויפהאַלטען די ליטעראַטור ווען דער אינטעלעקטועלער מוט איז געזונקען און פאַרשוואונדען. יעדע פאַרגליווערטע רעאַקציע איז טיראַניש, און ווען אַ געזעלשאַפט האָט זיך אַלע מאָל אַזוי אַנטוויקעלט, אַז אונטער דער מאַסקע פון פרייהייט טראָגט זי די שטריכען פון טיראַניי, ווען דאָס עפענטליכע אויסשפּרעכען פון יעדען פרייזיניגען געדאַנק אָדער אויסדרוק מוז צוערשט האָבען די ערלויבניש פון דער געזעלשאַפט, פון דעם געאַכטעטען טייל פון דער פּרעסע, פון אַ גרויסער צאָל רעגירונגס־בעאַמטע, דאַן נאַ־טירליך וועלען זיך פאָדערען גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען ווי נעד־ווייניגליך, אום צו באַשאַפען י ע נ ע ם סאָרט פעהיגקייטען און י ע נ ע ם סאָרט כאַראַקטערען, אויף וועלכע עס באַרוהט דער פאָרשריט פון אַ געזעלשאַפט. ווען אַזאַ געזעלשאַפט שאַפט יאָ עפּיס אַ פּאָעזיע דאַן קען מען זיך גאָרניט וואונדערען וואָס איר עצם אינהאַלט באַשטעהט דערין וואָס זי שפּאָט און לאַכט אָב פון איר דור. אַזאַ פּאָעזיע וועט דעם מענשען פון איר דור אָבער און ווידער רופען טויגעניכטס, און עס קען פיליכט געשעהען, אַז די ווערק וואָס וועלען צום מערסטען געריהמט און געקויפט ווערען (איבסענ'ס „בראַנד" צ. ב.) וועלען זיין גראָד די, אין וועל־כע דער לעזער וועט צוערשט מיט שרעק, דערנאָך מיט אַ געווי־סער גלוסטיגקייט, דערפיהלען וואָס פאַר אַ וואָרים, ווי נישטיג און שוואַך ער איז. און עס קען געשעהען, אַז גראָד דאָס וואָרט „ווילען" זאָל ווערען דאָס שלאַגוואָרט פאַר אַזאַ דור, אַזאַ דור זאָל אומגעהן פּעדלען מיט ווילענס־דראַמען און ווילענס־פילאָ־

זאָפיען. מען פאַרלאַנגט דאָס, וואָס מען האָט ניט. מען שרייט נאָך דעם, וואָס עס פעלט אָם ביטערסטען. מען ברענגט אויפ׳ן מאַרק דאָס, אויף וואָס די נאָכפראַגע איז אַם גרעסטען. אָבער טראָץ אַלעם דעם וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען אַז ביי אַזאַ דור איז פאַראַן ווייניגער מוט, אַנטשלאָסענקייט, באַגייסטערונג און ווי־לען ווי דורכשניטליך ביי אַזוי פיעל אַנדערע. עס איז פאַראַן פונקט אַזוי פיעל מוט און פרייזיניגקייט, אָבער עס פאָדערט זיך מער. וואָרום ווען די רעאַקציע שטויסט צוריק די נייע געדאַנקען אין אַ ליטעראַטור, און ווען די געזעלשאַפט פון וועלכער זי געהט אַרויס מוז ניט, ווי די ענגלישע צ. ב., אויסהערען יעדען טאָג אַנקלאַגען, שפּאָטעריי און אַפילו קללות פאַר איר חניפה און פאַר איר בויגען זיך צו דער קאָנווענציאָנאַליטעט, נאָר, פאַרקערט, איז גאָר איבערצייגט אין איר פרייזיניגקייט און יעדען טאָג ברענגט מען נאָך איר דערפאַר ווייהרויך אונטערען נאָז, דאַן מוזען דיענע־גע, וועלכע וואָלטען זאָגסט פיליכט דער ליטעראַטור געקענט ניי בלוט אַריינפליסען, באַזיצען גאַנץ באַזונדערע אייגענשאַפטען און פעהינקייטען. דער סאָלדאַט, וועלכער איז באַשיצט פון אַ וואַל, דאַרף קיין באַזונדערען מוט ניט כדי צו שיסען אויפ׳ן פיינד; אָבער אויב מען האָט אים געפירט אַזוי שלעכט, אַז ער געפינט ניט קיין צודעק, דאַן דאַרף מען זיך ניט וואונדערען ווען ער פאַר־לירט דעם מוט.

אַ פאַרקייטלונג פון פאַרשיידענע אורזאַכען האָט געבראַכט דערצו, וואָס די דענישע ליטעראַטור האָט ווייניגער ווי די גרע־סערע ליטעראַטורען געאַרבייט אין דינסט פון פאָרשריט. אַפילו די אומשטענדען וואָס האָבען באַגינסטיגט די אַנטוויקלונג פון אונזער ליטעראַטור זיינען אונז דאָ געווען אַ שטערונג. איך וועל דאָ אָנווייזען אויף דעם שטריך פון קינדערישקייט אין דעם דעני־שען פאָלקס־כאַראַקטער. דיזער אייגענשאַפט האָבען מיר עס צו פאַרדאַנקען די נאַאיוויטעט פון אונזער פּאָעזיע וואָס איז כמעט איינציג אין איר מין.

נאַאיוויטעט איז אַ העכסט פּאָעטישע אייגענשאַפט און מען געפינט זי כמעט ביי אַלע אונזערע דיכטער פון אָהלענשלעגער און אינגעמאַן ביז אַנדערסען און האָסטרופּ. אָבער נאַאיוויטעט איז

ניט קיין רעוואָלוציאָנערע נייגונג. דאָן ווייז איך אָן אויפ'ן שטאַרק אַבסטראַקטען אידעאַליזם פון אונזער ליטעראַטור. זי האָט ניט צו טאָן מיט אונזער לעבען, נאָר מיט אונזער טרוימען. דיעזער אידעאַליזם, ווי דער אידעאַליזם און די מורא פאַר דער ווירקליכ־קייט אין אַלע ליטעראַטורען, האָט זיין אורזאַכע דערין, וואָס אונ־זער פּאָעזיע האָט זיך אַנטוויקעלט אין אַ יאָמערליכען און געבראָ־כענעם פּאָליטישען צושטאַנד אַלס אַ מין טרייסט נעגען דער שווער־קייט פון דעם רעאַלען לעבען, אַלס אַ מין גייסטיגער געווינס וואָס האָט באַדאַרפט טרייסטען פאַר די מאַטעריעלע פאַרלוסטען. אָבער זי האָט אויפבאַוואַרט, אַלס אָנדענקען, אַ מין טראַגישען באַוואוסט־זיין פון דאָס וואָס האָט געפעלט.

עס טרעפט אָפט דעם דענמאַרקער אין אויסלאַנד, אַז אַ פרעמ־דער, ריידענדיג וועגען דענמאַרק, שטעלט אים די פראַגע: „ווי אַזוי קען מען קריגען אַ באַגריף וועגען די שטרעבונגען פון אייער לאַנד? האָט די ליטעראַטור פון אייער צייט אַנטוויקעלט אַזאַ אָדער אַן אַנדער קלאָר אָבגעצייכענטען און לייכט אויפנעמבאַרען טיפּ?" דער דענער וועט פון אַזאַ פראַגע בלייבען אין אַ פאַרלע־גענהייט. מיר ווייסען אַלע אונגעפער וואָס פאַר אַ סאָרט און קלאַס טיפּען דאָס אכצענטע יאָרהונדערט האָט איבערגעלאָזט דעם ניינצענטען. לאָמיר אָנרופען אַ פּאָר פון די הויפּט רעפּרעזענטאַנ־טען אין אַן איינציגען לאַנד, ווי דייטשלאַנד. דאָ איז נאַטהאַן דער ווייזע, דער אידעאַל פון דער אויפקלערונגס־פּעריאָדע, וואָס מיינט טאָלעראַנץ, איידעלע הומאַניטעט און דורכגעקלערטער ראַציאָנאַ־ליזמוס. מען קען קוים זאָגען, אַז מיר דענער האָבען דיזען אי־דעאַל אויפגענומען אָדער אים ווייטער אַנטוויקעלט, אַזוי ווי אין דייטשלאַנד צ. ב. איז דאָס געטאָן געוואָרען דורך שלייערמאַכער און דערנאָך דורך אַזוי פיעל אַנדערע. מינסטער איז געווען אונ־זער שלייערמאַכער, אָבער וואָס פאַר אַ מרחק עס ליגט צווישען שלייערמאַכער'ס פרייזיניגקייט און מינסטער'ס אָרטאָדאָקסיע! און שריט פאַר שריט האָבען מיר זיך פון דעם ראַציאָנאַליזמוס דערווייטערט, ניט אויפנעמענדיג אים און ניט געבענדיג אים קיין ווייטערע אַנטוויקלונג. קלאַוזען איז אַ צייט לאַנג געווען זיין וואָרטפירער, אָבער ער איז עס ניט מער. נאָך הייבערג קומט מאַר־

טענסען, און מאַרטענסענ'ס „ספּעקולאַטיווע דאָגמאַטיק" האָט פאַר־ביטען די „קריסטליכע דאָגמאַטיק". אין אָהלענשלעגער'ס דיכ־טונגען וויהט נאָך אַ ראַציאָנאַליסטישער הויך, אָבער דער דור פון אָהלענשלעגער און אָערסטעד ווערט געירש'עט פון דעם דור פון קיערקעגאַארד און פּאַשודאַן־מיללער.

די דייטשע ליטעראַטור פון 18טען יאָרהונדערט האָט אונז איבערגעגעבען נאָך אַנדערע פּאָעטישע אידעאַלען. אַזאַ איז ווערטהער, דער אידעאַל פון דער שטורם־און־דראַנג פּעריאָדע, ד. ה. דעם קאַמפּף פון דער נאַטור און דעם געפיהל געגען דער קאָנ־ווענציאָנעל־איינגעאָרדענטער געזעלשאַפט; דאָן פאַוסט, דער פאַרקערפּערטער גייסט פון דער נייער צייט און איר ערקענטניש, וועלכער, ניט צופרידען מיט דעם וואָס די אויפקלערונגס־פּעריאָדע האָט ערוואָרבען, שפּירט אַ העכערען שטאַנדפּונקט, אַ העכערעס גליק און אַ טויזענדפאַך העכערע מאַכט. ווייטער קומט ווילהעלם מייסטער, דער טיפּ פון דער הומאַנער בילדונג, וועלכער געהט דורך די גאַנצע שולע פון לעבען און ווערט פון אַ לעראיינגעל אַ מייסטער, וועלכער הויבט אָן מיט אַ געיעג נאָך אידעאַלען און ענדיגט מיט געפינען דעם אידעאַל אין דער ווירקליכקייט, אַזוי אַז דיביידע באַגריפען פאַרשמעלצען זיך אין איינס. דאָן געטהע'ס פּראָמע־טהעאוס, וועלכער, בילדענדיג דעם מענשען, דריקט אויס ספּינאָ־זאַ'ס פילאָזאָפיע אין באַגייסטערטע און ערהאַבענע ריטמען. און ענדליך מאַרקיז פּאָזאַ, די אמת'ע פאַרקערפּערונג פון רעוואָלו־ציאָן, דער אַפּאָסטאָל און פּראָפעט פון פרייהייט, דער טיפּוס פון זיין דור, וועלכער, דערצאָרנט געגען אַלע אָבגעלעבטע טראַדיציעס, וויל דעם פאָרשריט מעגליך און די מענשהייט גליקליך מאַכען.

מיט אַזעלכע טיפּען הינטער זיך הויבט זיך אָן אונזער דע־נישע ליטעראַטור. בילדעט זי זיי ווייטער? מען קען דאָס ניט זאָגען. וואָרום אין וואָס וואָלט זיך דער פאָרשריט אויסגעדריקט? אין דאָס וואָס איז פון דעמאָלט אָן געשעהן. איך וויל דאָ פאָר־שטעלען אין וואָס פאַר אַ פאָרמע ער האָט זיך אויסגעדריקט. איין שעהנעם טאָג, ווען ווערטהער איז ווי געוויינליך געגאַנגען שפּאַצירען און פול מיט פאַרצווייפלונג געטרוימט פון לאָטע, איז אים פּלוצלינג איינגעפאַלען, אַז דער באַנד צווישען אַלבערט און

איר האָט נאָך אַלעמען אַ גאַנץ קנאַפּע באַדייטונג און ער נעמט זי צו פון אַלבערט'ן. איין שעהנעם טאָג איז מאַרקיז פּאָזאַ מיאוס געוואָרען צו פּרעדיגען די פרייהייט אויף די טויבע אויערען פון דעם טיראַן אין פיליפּ דעם צווייטענ'ס הויף, האָט ער אריינגעזעצט אַ שווערד אין זיין הארצען — און פּראָמעטהעאוס האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פעלז און האָט אויפגעטרייסעלט דעם אָלימפּוס, און פאוסט, וועלכער איז געפאַלען אויף די קניה פאַר דעם ערד־גייסט, האָט באַזיגט זיין ערד און האָט זי אונטערטעניג געמאַכט צו זיך מיט דער הילף פון דעם דאַמפּף, דער עלעקטרי ציטעט און דער מעטאַדישער פאָרשונג.

לאָמיר איצט זעהן אין וואָס פאַר אַ געשטאַלט עס באַווייזט זיך אונזער באַגינענדע פּאָעטישע ליטעראַטור? דיזע געשטאַלט איז „אַלאַדין." אַלאַדין איז דער גליקליכער, ווי עס האָט אים געשילדערט שילער אין זיין געדיכט „דאָס גליק", און אַלאַדין באַדייט דאָס רעכט פון דער פּאָעזיע און דער נאַאיוויטעט צו עקזיסטירען און צו זיגען. עס איז אַ דיכטונג וועגען דער דיכטונג, עס איז די פּאָעזיע וואָס טרעט ארויס פאַר איר אייגענעם רעכט, די פּאָעזיע וואָס באַטראַכט זיך אַליין אין שפּיגעל און דערזעהט פאַרוואונדערט איר אייגענע שעהנקייט, אָבער וואָס קען עס ניט טאָן צו לאַנג, אָהן דער געפאַר צו ווערען, אַלס שטראָף, אַ שלאַפער און תאוה'דיגער נאַרציסוס. און נאָך אַ שטריך: אַלאַדין איז דער זשעני, און מיט דעם גאַנצען הויכען מוט פון דעם געטליך באַגאַבטען גייסט זעצט אָהלענשלעגער ארונטער פון טראָן די פאוסט־געשטאַלט, פאַרוואַנדעלט פאוסט'ן אין אַ נורעדין, און לאָזט דיזען פאוסט ענדיגען ווי אַ וואַגנער. איך האַלט זיך איין פון אויסצוגיסען מיין כמעט גרעניצלאָזע באַגייסטערונג פאַר דיזען געדיכט און זעץ פאָר מיין געדאַנקען־גאַנג. אַלאַדין איז דער זשעני, אָבער וואָס פאַר אַ סאָרט זשעני? צו וועלכען מין גענִיאַלע נאַטורען איז ענליך דיזעם בילד? צו גייסטער פיליכט ווי אָהלענשלעגער אַליין אָדער ווי זיין צייט גענאָסע לאַמאַרטין, אָבער זיכער ניט צו גייסטער ווי שעקספּיר, ווי לעאָנאַרדאָ, ווי מיקעל אַנדזשעלאָ, בעטהאָווען, געטהע און שילער, הוגאָ און בייראָן, און וועניגער ווי אַלץ נאַפּאָלעאָן, וועלכער האָט פיליכט אַם מער־

סטען געגעבען דעם אנשטויס צו „אלאדין.״ ווארום דער זשעני איז ניט דער זשעניאלער פוילענצער, נאר דער זשעניאלער ארביי־טער, און די איינגעבארענע באגאבטקייט איז נאר די ווערקצייג, אבער ניט דאס ווערק.

דאן קומען פיגורען ווי אהלענשלעגער׳ס נארדישע העלדען־געשטאלטען, האקאן, פאלאנטאקע, האגבארטה, אידעאלען פון קראפט און ליבע, וועלכע אבוואל ניט געשאפען מיט גענוג קראפט פון פאנטאזיע צו מאכען זיי פאר אנטיקע פערזאנען, שטעהען זיי דאך גענוג ווייט פון אונזער צייט אום צו האבען א ווירקליכע פארהעלטניש מיט איר. ביי זייער גאנצער שעהנקייט זיינען זיי צו אבסטראקט און אידעאל אום אבצושפיגלען מער ווי אונפאלקאם די צייט אין וועלכער זיי זיינען אנטשטאנען, און זייער פראקטישע ווירקונג איז שוין דערמיט אליין שטארק באגרעניצט, וואס זיי טרעטען אויף אלס אידעאלען פון פארצייטען. אין זיי ווערט ניט אויסגעדריקט דער זעלען־אינהאלט פון דער מאדערנער צייט; די היינטיגע פסיכאלאגיע ווערט בכיוון צוריקגעשטויסען, און עס ווערט געמאכט דער פארזוך צו דערוויטערען אלץ וואס איז ספע־ציפיש אדער איז צווייפעלהאפט מאדערן. עס איז אינטערעסאנט צו פארגלייכען זיי מיט די העלדען פון דער דעמאלדיגער ביהנע, מיט די געשטאלטען פון וויקטאר הוגא. דיזע זיינען פיליכט הינטערשטעליג צו די ערשטע אין פאעטישער הינזיכט. אבער מען פיהלט שטארקער דאס ווערען פון א נייער צייט ווען מען זעהט הוגא׳ס צארניגע פלעבייער שפאנען איבער דער סצענע. דעריבער טאקע זיינען וויקטאר הוגא׳ס אלע ערשטע טראגעדיען פארבאטען געווארען פון דער עקזיסטירענדער רעגירונג — א זאך וואס האט קיינמאל ניט פאסירט מיט א דענישער דראמע, און וואס קען אויסגעטייטשט ווערען ווי מען וויל, ענטוועדער אלס א צייכען פון דעם ריין פאעטישען, אדער פון דעם ריין ווירקונגסלאזען כא־ראקטער פון אונזער פאעזיע. נאך מער אבסטראקט, מען קען זאגען בלוטלאז ווערען די טיפען פון א ליטעראטור־גרופע, וועל־כע האט זיך אנגעשלאסען אן אהלענשלעגער׳ס דראמאטישע אר־בייטען און באהאנדעלט אונזער מיטעלאלטער, נאכדעם ווי יענע האבען באהאנדעלט אונזער פארגאנגנעהייט. איך מיין אינגע־

מאַנ׳ס ראָמאַנען. די לעבענס־ערפאַרונג און דער לעבענס־שטודיום, אויף וועלכע דיזע ראָמאַנען באַרוהען, איז זעהר אונבאַדייטענד. זיי האָבען אַן אַנדער ווערט, אָבער צום לעבען האָבען זיי קיין אָדער כמעט קיין פאַרהעלטניש ניט, אָבוואָל זיי געהערען צו די ביכער וועלכע האָבען גראָד די גרעסטע פּראַקטישע ווירקונג געהאַט. זיי געהערען צום זשאַנר פון היסטאָרישע ראָמאַנען וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין סקאָטלאַנד און איז יעצט פאַרלאָזען, אַ זשאַנר וואָס איז ערפונדען געוואָרען פון אַ ריין־בלוטיגען טאָרי; וואָס איז געבאָרען געוואָרען פון אַ גייסטיגען צושטאַנד, וועלכער האָט, ווי אונזערער, אַלע זיינע אידעאַלען געשעפּט פון דער פאַרגאַנגענהייט.

פון אַזאַ גייסטיגען צושטאַנד זיינען אַלע גרויסע פּאַסירונגען פון דעם יאָרהונדערט אָבגעשפּרונגען. דער גריכישער פרייהייטס־קריג, דער אויסברוך פון וועלכען האָט אַנדערש־וואו געגעבען דעם סיגנאַל צו אַזעלכע גוואַלטיגע ליטעראַרישע איבערקערענישען, וועלכער האָט אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד געגעבען אַ טויט־קלאַפּ צו אַלטע שולען און אויפגעוועקט נייע, וועלכער האָט אַ גאַנצע מחנה שריפטשטעלער געפירט צו ענדערען זייער אַנשויאונגס־וועלט און אַריינצוטרעטען אין דינסט פון דער אָפּאָזיציאָן, האָט אין דער פּאָעזיע פון דענמאַרק ניט איבערגעלאָזט כמעט קיין אַנדער שפּור ווי יענע באַרימטע ציילען אין הייבערג׳ס „קעניג סאַלאָמאָן און דער הוטמאַכער פירגען": „וואָס דענקט דער הער באַראָן פון די גריכישע אַנגעלעגענהייטען?" אַזאַ פּאַסירונג ווי די יולי־רעוואָלוציע פון 1830 האָט ביי אַזאַ מוטיגען און פרייזיניגען גייסט ווי פּאַול מעללער קיין אַנדער מאָנומענט זיך ניט געשטעלט ווי יענעם, זאָנסט אַזוי שעהנעם און כאַראַקטעריסטישען געדיכט „דער קינסטלער צווישען די רעבעלען", אַ געדיכט, וואָס, דורך זיין לאָיאַליטעט, דורך זיין עסטעטישער גלייכגילטיגקייט צו אַלע געשעהענישען אין דער אויסענוועלט און דורך זיין גרעניצלאָזער פאַראַכטונג צו אַלע געזעלשאַפטליכע באַוועגונגען, שילדערט אָב די גאַנצע עפּאָכע אין דענמאַרק. פאַר פּאַול מעללער האָבען זיך די רעוואָלוציאָנען ווירקליך פערזאָניפיצירט אין „צוויי אפּיקורסישע אינגלעך און איין קרומען רעדאַקטאָר." בייראָנ׳ס

פּאָעזיע, וואָס האָט באהערשט דאָס האַלבע יאָרהונדערט און איז דורך זיין העלדישען טויט פארפלאַנצט געוואָרען איבער דער גאַנצער וועלט, האָט דערלאַנגט אויך צו אונז, אָבער נאָר די פאָרמע איז דאָ געפעלען געוואָרען און מען האָט זיך שטארק געהיט ניט אָנצואייגנען די געדאַנקען און טיפען. איינער פון אונזערע איידעלסטע און שעהנסטע דיכטער־נאַטורען, דער זוהן פון א בישאָפּ, פרעדעריק פּאַלודאַן־מיללער, האָט איבערגענומען די פערזמאָס, דעם ריטמוס, די בייטונג פון שטימונגען, דאָס זאָנדערבארע שוואַנקען הין־און־הער צווישען פּאַטאָס און איראָניע אין בייראָנ׳ס העלדען־געדיכטען, אָבער נאָר אום צו באַנוצען דיזע פאָרם פאר די בירושה איבערגענומענע געדאַנקען און געפיהלען. ער גיסט אריין אַלטען וויין אין די נייע כלים און אנטוויקעלט זיין פּאָעזיע צו א באַגייסטערטען רוף צו אסקעטישער מאָראַל און דער שארפסטער אָרטאָדאָקסיע.

איינע פון די אורזאַכען פאר דיזער ערשיינונג דארף זיכער געזוכט ווערען אין דעם כאראַקטער פון יענעם געזעלשאַפטליכען קלאַס, וועלכער האָט אין דיזער צייט געשאַפען ניט נאָר אונזער דענישע שעהנע ליטעראַטור נאָר אויך צום גרויסען טייל אונזער וויסענשאַפטליכע ליטעראַטור. בשעת פראַנקרייכ׳ס און ענגלאַנד׳ס ליטעראַטורען זיינען אַנטוויקעלט צומייסט פון אונאָבהענגיגע, צום טייל פון הויכגעשטעלטע מענער מיט א פרייען בליק און ווייטען געזיכטס־קרייז, און בשעת די דייטשע ליטעראַטור טראָץ איר פּראָפעסאָרישען שטעמפּעל טראָגט דעם כאראַקטער פון גייסטיגער אונאָבהענגיגקייט, וועלכע איז אין דער צייט פון דער פּאָליטישער אומפרייהייט פון די דייטשען געוועזען דאָס טייערסטע גוט פון דער נאַציאָן, ווערט אונזער נייערע ליטעראַטור געשאַפען צום גרעסטען טייל פון קליינע בעאַמטע, אָדער אין בעסטען פאַל פון מענשען מיט אַן ענגער „קאַזיאָנער" שול־בילדונג. אין דער צייט וואָס דער פראַנצויזישער און ענגלישער אדעל, די גרויסע גוטבאַזיצער, די גרויסע פּאָליטיקער, האָבען געליפערט באדייטענדע בייטראַגען צו דער ליטעראַטור פון זייער לאַנד ; אין דער צייט וואָס זייערע פּראָפעסיאָנעלע שרייבער האָבען אָפט געלעבט דערוויי־טערט פון זייער געוויינליכען בירגערליכען לעבען אלס רייזענדע

אָדער באָהעמיענס, האָט אונזער אדעל, דער אַלט־דעניִשער אזוי גוט ווי דער שפּעטערער, קיין ראָלע ניט געשפּילט אין אונזער נייער ליטעראַטור. דאָסזעלבע איז אמת וועגען דעם פאַרמעגליכען בירגערשטאַנד, און אַ פּאָר ציגיינער־עקזיסטענצען האָבען קוים וועלכע עס איז באַדייטונג געהאַט — אונזער ליטעראַטור און אונזער קולטור איז אַרויסגעקומען פון דער קאָפּענהאַגענער אוניווערזיטעט און פון דער גייסטליכקייט אויפ'ן לאַנד. אַ גאַנצע, גאָר ניט לפי ערך גרויסע צאָל פון די טאָנגעבער זיינען געווען גלחים, זיהן פון גלחים אָדער טעאָלאָגישע קאַנדידאַטען. אזוי שטאַרק איז דער טעאָלאָגישער איינפלוס געווען, אַז ווען מען זאָל זיך פאָרשטעלען אַ לאַנד די גרויס ווי דענמאַרק און פאַרוואַלטעט אזוי ווי כינא, און מען זאָל זיך ווייטער פאָרשטעלען אַ געזעץ, וואָס זאָל אין משך פון אַ געוויסער צייט געבען בלויז צו טעאָלאָגישע קאַנדידאַטען שטימרעכט אין דער ליטעראַטור און די אויטאָריטעט צו באַאַרבייטען די דרויסענדיגע קולטור, וואָלט עס געווען אַן אינטערעסאַנטע אויפגאַבע צו אונטערזוכען מיט וואָס אזא, פון טעאָלאָגען פאַרפאַסטע ליטעראַטור, וואָלט זיך אונטערשיידט פון אַ גרויסער פעריאָדע און גרופּע פון אונזער ליטעראַטור.

עס שיינט אזוי ווי מיר וואָלטען ניט געקענט אויסדריקען עטוואָס טיפּישעס אין אַן אַנדער פאָרמע ווי אין דער אבסטראַקט קאַריקאַטורנער. נאָך אַלע יענע פּאָזיטיווע געשטאַלטען האָט נאָכגעפאָלגט אַ רייהע נעגאַטיווע בילדער. הייבערג קלייבט צוזאַמען די כאַראַקטער־שטריכען פון אַלע זיינע וואָדעווילען אין איין בילד פון דעם קאָפּענהאַגענער בורזשואַ אין דעם געדיכט „אַ זעלע נאָכ'ן טויט", און פּאַלודאַן־מיללער שרייבט זיין מייסטערווערק „אדאם האָמאָ„ וואָס, שטרענג גענומען, איז דער איינציגער ווירקליך טיפּישער, און פאַר אַ פּרעמדען בעלערנדער דענישער ראָמאַן. דיזער ראָמאַן שטעלט פאָר די גאַנצע עסענץ פון דער שלאַפקייט און נישטיגקייט פון דער אייראָפּעאישער רעאַקציאָן. אדאם האָמאָ איז דער מענש אין אַלגעמיין, יאָ, אָבער דער מענש פון דער צייט פון קריסטיאַן דעם 8טען. גלייכצייטיג פאַרלירט זיך ביי אונז אין דערהיים די אימפּאָרטירטע פילאָזאָפישע באַוועגונג, די אויפשפּראָצענדע העגעלשע שולע שטאַרבט אָפּ, הייבערג ווערט פאַר־

ביטען דורך קירקעגאַארד, און די ליידענשאַפט צו דענקען — דורך דער ליידענשאַפט צו גלויבען. די פילאָזאָפישע באַוועגונג הערט פאַרלויפיג אויף, ניט האָבענדיג באַשאַפען קיין בוך, ווער רעדט נאָך אַ ווערק, און די עטיש-רעליגיעזע טענדענץ, וועלכע הויבט זיך יעצט אָן, געפינט איר פּאַראַלעל און איר פאַרזעצונג אין דער פּאָ־עזיע. אַ גרופּע פון שעהנע אָבער קינדישע פּויערעם־נאָוועלען, די פּאַסטוכער־סצענעס פון ניינצענטען יאָרהונדערט, זיינען געקומען מיט'ן רעליגיעזען שטראָם. אָבער העכער און העכער שטייגט דער ענטהוזיאַזם פאַר פּאָזיטיווער רעליגיאָן און אַסקעטישער מאָראַל. מען איבערשטייגט איינע די אַנדערע אין אויפטורמען אידעאַלען, פון וועמעס שווינדלענדיגער הויך די ווירקליכקייט ערשיינט נאָר ווי אַ ווייט ליגענדע שוואַרצע פּינטעל.

וואוהין האָט דיזע שטרעמונג געפירט? צו געשטאַלטען ווי פּאַלודאַן־מיללער'ס „קאַלאַנוס", וועלכער אין עקסטאַז פאַרברענט זיך אַליין אויפ'ן שייטערהויפען, און ווי איבסענ'ס „בראַנד", וועמעס מאָראַל, ווען מען זאָל זי פּאָלגען, וואָלט געפירט אַ האַלבע מענשהייט צו פאַרהונגערען אוים ליבע צום אידעאַל.

און דערמיט האָבען מיר געענדיגט. אין ערגעץ ניט אין גאַנץ איירָאפּאַ אַזעלכע ערהאַבענע אידעאַלען, און אין ווייניג ער־טער אַ מער פלאַטשיג גייסטיג לעבען! וואָרום מען מוז דאָך אין העכסטען גראַד נאַאיוו זיין אום צו גלויבען אַז אונזער לעבען איז ענליך צו יענע טיפען. אַזוי שטאַרק איז די שטרעמונג גע־ווען, אַז אַפילו אַזאַ רעוואָלוציאָנער געניינגטע נאַטור ווי איבסען איז אין איר אַריינגעצויגען געוואָרען. איז „בראַנד" רעוואָלו־ציאָן אָדער רעאַקציאָן? איך ווייס ניט וואָס צו זאָגען, אַזוי פיעל האָט דאָס דאָזיגע געדיכט פון דאָס איינע ווי פון דאָס אַנ־דערע.

די צוויי גרויסע גרונד־געדאַנקען פון 18טען יאָרהונדערט זיי־נען געווען די: אין דער וויסענשאַפט די פרייע פאָרשונג, אין דער פּאָעזיע די פרייע אַנטוויקלונג פון דער הומאַניטעט. דאָס וואָס האָט זיך ניט באַוועגט מיט דיזען שטראָם דאָס פאַלט און נעמט די ריכטונג צו ביצאַנץ. וואָרום אויסערהאַלב דיזער באַ־וועגונג זיינען אַלע באַוועגונגען ביזאַנטיניש. אין דער וויסענ־

שאפט — ביזאַנטינישע סקאָלאסטיק, אין דער פּאָעזיע — גע־שטאַלטען און גייסטער, וואָס זיינען ניט ענליך צו געוויינליכע גע־שטאַלטען און גייסטער, זיינען איינפאָרמיג און אבסטראַקט.

גיט אָן איינוואוינער פון סיריוס, וועלכער האָט דורכגעלעזען נאָר אונזער דענישע קלאַסישע מאָדערנע פּאָעזיע, אַ פּאָר אויס־לענדישע דראַמען אין האַנד, צ. ב. אַלעקסאַנדער דומאַ'ס „דער אומגעזעצליכער זוהן”, עמילי אָזשיער'ס “Le fils de Giboyer” אָדער “Les Effrontes” און ער וועט באַקאַנט ווערען מיט אַהן אַ שיער געזעלשאַפטליכע צושטענדען און פּראָבלעמען וועלכע ער האָט ניט געקענט, ווייל זיי עקזיסטירען, אמת, אין אונזער גע־זעלשאַפט, אָבער ניט אין אונזער ליטעראַטור. וואָרום אַלס גע־געגנעוויכט צו דעם מאָראַלישען דראַנג באַווייזט זיך אימער אַ מאָ־ראַלישע קליינליכקייט. וואָס האָבען מיר געמאַכט פון יענעם ערשטען אויפשוואונג, ווען מען האָט ביי אונז, ווי איבעראַל אין אַנהויב פון דעם יאָרהונדערט צום ערשטען מאָל דערזעהן אַ פּאָ־עזיע הינטער די דריי איינהייטען, אַ גליק פון ליבע הינטער דער קאָנווענציאָנעלער הייראַט, אַ וואַרהייט הינטער די דאָגמען, אַ גלייכהייט הינטער דעם קלאַסען־אונטערשייד און דער ראַנג־אָרד־נונג, אַ פרייהייט הויך איבער'ן צוואַנג פון דער קאָנווענציאָנאַלי־טעט, דער געזעלשאַפט און דער אַלטענגליכער מאָראַל!

אָהלענשלעגער האָט באַפרייט די דענישע פּאָעזיע פון דער מאָראַל פון דער פעריאָדע פון אוטיליטאַריזם. ער האָט געזיגט, אָבוואָל נאָך אַ האַרטען קאַמפּף, און די פּאָעזיע איז געוואָרען פריי. הייבערג האָט פּונקט אַזוי ערפאָלגרייך געבראַכט די לאָגיק צו חשיבות ווי יענער די פּאָעזיע, ער האָט עמאַנציפּירט די עסטעט־טישע קריטיק פון דער סענטימענטאַלער באַאורטיילונג און האָט עראָבערט פאַר דער פילאָזאָפיע אַ נייעם געביט. דאַן איז געקו־מען דער ערשטער פאַרלאַנג נאָך פּאָליטישער פרייהייט. אָבער די פּאָנענטרעגער פון דער ליטעראַטור האָבען געענטפערט: „וואָס רופט איר צו פּאָליטישער פרייהייט? די אמת'ע פרייהייט איז די איינענע אינערע פרייהייט פון דעם ווילען, אָט ד י פרייהייט צו קריגען איז אייך שטענדיג ערלויבט, און ווען איר האָט די, איז די אַנדערע אָהן יעדער באַדייטונג.”

און מען האט געשריבען גרויסע מעטאפיזישע אבהאנדלונ־גען איבער דער פרייהייט פון ווילען, איבער דעטערמיניזמוס און משוגעת; מען האט געשריבען נייע פאליטישע טראקטאטען אי־בער פרייהייט און קאנסטיטוציאן און מען האט באוויזען אז א לאנד באזיצט א קאנסטיטוציע אפילו אהן קאנסטיטוציאנעלער רעגירונגס־פארם, אמת'ע פרייהייט אפילו אהן פארמולירטע פריי־הייטען; אבער עס איז דאך ניט געלונגען צו בארוהיגען די גע־מיטער און מיר האבען ענדליך געקראגען פאליטישע פרייהייט. דארף ניט די באדינגונג פאר ווייטערען פארשריט ווידער ווערען דער לאזונג — פרייהייט, גייסטיגע פרייהייט, און עס זאל אויפ־קלינגען דער רוף: מיר ווילען דעם פרייען געדאנק און די פרייע הומאניטעט? עס וועט דאן ניט העלפען וואס מען וועט ענט־פערען: „וואס שרייט איר וועגען פרייהייט, איר האט יעדע פריי־הייט וואס איר קענט נאר ווינשען”, און מען מיינט די פאליטישע פרייהייט. מען וועט זיך מיט דיזער ניט צופרידענשטעלען. עס איז ניט אזוי די אויסערע געזעצען וואס מען מוז ענדערען, אב־וואל די אויך; עס איז פיעל מער די גאנצע געזעלשאפטליכע אנשויאונג, וועלכע דער יונגער דור מוז פון גרונד אוים אומשאפען און ערהויבען איידער א נייע ליטעראטור וועט קענען אויפשפרא־צען. די הויפט ארבייט וועט זיין דורך א רייהע קאנאלען צו ציהען קיין דענמארק די שטרעמונגען וועלכע האבען זייער קוואל אין דער רעוואלוציאן און די אידעען פון פארשריט, און אבצושטע־לען די רעאקציאן אויף אלע פונקטען וואו איר אויפגאבע איז היס־טאריש געענדיגט.

דער איבערגאנג פון דעם אכצענטען צום נײַנצענטען יאָר־הונדערט איז אין פראנקרייך געשעהען אונטער עטליכע מאָל ווי־דערהאָלטע סאָציאלע און פּאָליטישע אויסברוכען, וואָס האָבען ביז דאַן קיין גלייכען ניט געהאַט אין קראַפט און אומפאַנג. די נייע זאַמען, וואָס די גרויסע אידעען און געשעהענישען פון דער רעוואָלוציאָן האָבען פאַרזייהט, האָבען ניט מיט אמאָל אויפגע־שפּראָצט אין דער ליטעראַטור. זיי האָבען זיך ניט געקענט דורכ־שלאָגען, וואָרום צוויי מאָל אין א קורצען משך צייט האָט זיך איבער פראַנקרייך דורכגעטראָגען, ווי א צושטערענדער וואַלץ, א טיראַני, וואָס האָט פאַרניכטעט יעדע פּערזענליכע פרייהייט: צוערשט די דיקטאַטור פון דעם קאָנווענט, נאכער, — פון דער אימפּעריע. דער ערשטער טעראָר האָט איינגעשראָקען, ניגאָ־טינירט, פאַרטריבען אין גלות יעדעם איינעם, וועמעס פּאָליטישע פאַרב האָט ניט געשטימט אויף א האָר מיט דעם קאָליר פון דעם דעמאָלט הערשענדען פאָלקס־גייסט — די אריסטאָקראַטיע, דאָס קעניגליכע הויז, די גייסטליכקייט, די זשיראָנדיסטען זיינען אונ־טער דעם וואַלץ געמאָלען געוואָרען און די פאַרפאָלגטע זיינען געפלויגען אין די שטילע ווילאַס פון דער שווייץ אָדער אין די איינזאַמע סטעפּעס פון נאָרד־אַמעריקע אום זיך צו רעטען פון דעם שיקזאל וואָס האָט געטראָפען זייערע נאָהנטסטע און געשראָקען זיי אליין. דער צווייטער טעראָר האָט געמאַטערט, געיאָגט, פאַר־שפּאַרט אין געפענגנים, געשאָסען, געשטיקט און געטריבען פון לאַנד יעדען איינעם וועמען ער האָט ניט געקענט אַנדערש צווינ־גען צו שווייגען — א שווייגען וואָס האָט געמענט אונטערברא־כען ווערען בלויז מיט הורא־געשרייען פאַר'ן קעניג, — און לעגי־טימיסטען און רעפּובליקאנער, קאָנסטיטוציאָנאַליסטען און ליבע־ראַלען, פילאָזאָפען און דיכטער זיינען אַלע גלייך געריבען געוואָ־

רען אונטער'ן וואָלץ אויב זיי האָבען, צוזייהטע און צושפּרייטע אין אַלע עקען פון לאַנד, ניט אויסגעקליבען ליבער צו זוכען רע־טונג אויסערהאַלב דער אימפּעריע. און דאָס איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך, וואָרום די אימפּעריע האָט זיי נאָכגעיאָגט פּוס־טריט, אַזוי שנעל האָט זי זיך געשפּרייט, איינשלינגענדיג דייטשלאַנד און איטאַליען אין גרויסע ביסענס, ביז וואַנען קיין אָרט האָט ניט געשיינט זיכער פון אירע אַרמייען, וועלכע האָבען איבערגענומען פליכטלינגע אַפילו אין מאָסקווע.

אונטער דיזעביידע גרויסע דעספּאָטיען האָבען פראַנצויזי־שע שריפטשטעלער געקענט שאַפען בלויז ווייט פון פּאַריז, אין איינזאַמע ערטער פון דער פּראָווינץ אָדער אין דערפער, וואו די איינוואוינער האָבען זיך דעמאָלט געהאַלטען שטיל ווי טויטע; אָפטער אָבער גאָר אויסערהאַלב די פראַנצויזישע גרעניצען, אין דער שווייץ, אין נאָרד־אַמעריקע, אין דייטשלאַנד און ענגלאַנד. דען נאָר אין אַזעלכע ערטער האָבען געקענט עקזיסטירען די זעלבסטשטענדיגע גייסטער פון פראַנקרייך, און נאָר פון זעלבסט־שטענדיגע גייסטער ווערט אַ ליטעראַטור געגרינדעט און אַנטוויקעלט. די ערשטע פראַנצויזישע ליטעראַרישע גרופּע, אַלזאָ, וועל־כע איז אין אָנפאַנג פון נייַנצענטען יאָרהונדערט אַנטשטאַנען אין אַזוי פיעל פאַרשיידענאַרטיגע פּונקטען, האָט איין געמיינזאַמען גרונד־שטריך: זי איז אָפּאָזיציאָנעל אין כאַראַקטער. איך וויל דערמיט ניט זאָגען אַז יענע שריפטשטעלער זיינען אַלע איניניג אי־בער געוויסע גרונד־פּרינציפּען — זיי זיינען אָפט אין העכסטען גראַד אונאייניג צווישען זיך — נאָר דער האַס צו דער טעראָר־הערשאַפט און צו די אויטאָקראַטישע שטרעבונגען פון נאַפּאָלעאָנ'ען פערבינדעט זיי אַלע. וואָס זיי זאָלען ניט האָבען געווען פריהער, און וואָס זיי זאָלען ניט ווערען שפּעטער נאָך דער צוריקשטעלונג פון דער מאָנאַרכיע: ליטעראַרישע רעפאָרמער, רעאַקציאָנערע לעגיטימיסטען אָדער אָנהעננער פון דער ליבעראַלער אָפּאָזיציע — אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט טראָגען זיי אַלע ווי איינער איין אַלגעמיינעם שטעמפּעל: זיי זיינען געגנער פון דער הער־שענדער מאַכט. און דערצו קומט נאָך אַן אַנדער שאַרפער שטריך ביי זיי, זייער בשותפות'ע שווערע לאַגע אַלס די יורשים פון

18טען יאָרהונדערט וואָס עס האָט זיי איבערגעלאָזט אלס ירושה די אימפעריע, געגען וועלכער זיי האָבען פּראָטעסטירט. איינצעלנע פון זיי וואָלטען זיך אם ליבסטען אָבגעזאָגט פון דער גאנצער ירושה מיט אירע חובות, אנדערע ווידער ווילען איבערנעמען די ירושה אָבער אָהן די חובות. אלע פיהלען זיי, אז די גייסטיגע באוועגונג פון דעם נייעם יאָרהונדערט דאַרף ארויסגעהן פון אנדערע באגריפען ווי די אויף וועלכע דאָס אלטע יאָרהונדערט האָט געבויט. ווען די טויערען פון דעם 19טען יאָרהונדערט עפנען זיך פאנאנדער שטעהען זיי אלע מיט דורכדרינגענדע בליקען און פארקוקען אהין, זיי שפּירען די קאָנטורען פון דעם נייעם, עס דוכט זיך זיי אז זיי פארנעהמען דאָס וואָס קומט, און זיי שטעלען זיך פאַר דאָס קומענדע און דריקען אויס זיין וועזען יעדער לויט זיינע פעהיגקייטען און פארלאנגען. אויף אזא אופן באקומען זיי אלע דעם שטעמפעל פון עטוואָס פאָראויסלויפענדעס, פאָראויסזאָגענדעס: זיי זיינען די ברענגער און טרעגער פון דעם גייסט פון דער נייער צייט.

אין פראנקרייך איז געווען א ברייטערעס פעלד פאַר נייע ליטעראַרישע פּראָבען ווי אין יעדען אנדערען לאנד אין אייראָפּאַ, וואָרום אין פראנקרייך האָט זיך די ליטעראטור פון דעם 18טען יאָרהונדערט אנטוויקעלט אין א מין פאָרמאליזם. די סאלאָנען און אקאדעמישע בילדונג האָבען זי ארייגעצוואונגען אין געוויסע, איינמאָל פאַר אלע מאָל פעסטגעשטעלטע, שטייפע און מאָגערע פאָרמען. זי איז איינגעשנורט געוואָרען אין דעם אייזערנעם קאָרסעט פון דעם אזוי גערופענעם „גוטען געשמאַק”. פראנקרייך האָט לאנג פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם ווידערשפּרוך פון א לאנד מיט א פיבערישען פארלאנג פאַר ענדערונגען אין אלע אויסערליכע הינזיכטען, און וואָס איינמאָל הויבט זי אָן דיזען פארלאנג צו באַפרידיגען ווייס זי זעלטען פון מאָס און גרעניץ, און צו דערזעלבער צייט שטאנדהאפט ביז׳ן העכסטען גראד אין אלץ וואָס אָנבעלאנגט ליטעראטור — אנערקענט אויטאָריטעטען, האלט אויס אן אקאדעמיע, שטעלט מאָס און רעגעל העכער פון אלץ. מען האָט אין פראנקרייך אומגעוואָרפען די רעגירונג, אויסגעהאָנגען אָדער פאַרטריבען די אונבאליבטע אריסטאָקראטען, אויפגעשטעלט א רע־

פובליק, געפירט קריג מיט אייראָפּאַ, אָבגעשאַפט דאָס קריסטענ־טום, פּראָקלאַמירט דעם קולט פון א העכסטען וועזען, איידער עס איז גאָר איינגעפאַלען צו ערקלערען קריג דעם אַלעקסאַנדרישען פערז, אָבצופרעגען די אויטאָריטעט פון קאָרנעיל אָדער בואַלאָ, אָדער צו וואַגען צו צווייפלען אז די אָבהיטונג פון די דריי איינ־הייטען פון דער דראַמע (צייט, אָרט, האַנדלונג) איז אבסאָלוט נויטיג צו דער רעטונג פון גוטען געשמאַק. וואָלטעיר, וועלכער האָט פאַר וועניגע צווישען הימעל און ערד רעספּעקט געהאַט, רעס־פּעקטירט די „אַלעקסאַנדרינער." ער שטעלט די גאַנצע טראַדי־ציע אויפ'ן קאָפּ, ער באַנוצט די טראַגעדיע אלס קאַמפּפס־וואַפען געגען די מעכטע, וועמעס בעסטע שטיצע זי איז פריהער געוועזען, נעמליך, די אויטאָקראַטיע און די קירכע, ער שליסט אויס אין מערערע פון זיינע דראַמען די ליבע, וועלכע האָט ביז אהער גע־גאָלטען אלס הויפּטזאַך אין א רעכטער טראַגעדיע, ער אהמט נאָך שעקספּיער'ן, וועלכען זיין לאַנד האָט ניט געאַכט, אָבער ער וואַגט ניט צו באַרויבען דעם פערז פון א פוס, צו ענדערען דאָס מינד־סטע אין די אָנגענומענע פאָרמען פון גראַם, צו לאָזען די האַנד־לונג דויערען לענגער ווי פיר־און־צוואַנציג שעה אָדער פאָרקומען אין צוויי ערטער אין דעמזעלבען שטיק. עס איז אים ניט שווער דעם קעניג דעם צעפּטער פון האַנד און דעם פּריסטער די מאַסקע פון געזיכט צו רייסען, אָבער ער רעספּעקטירט דעם טראַדיציאָ־נעלען שווערד אין מעלפּאָמענע'ס האַנד און די טראַדיציאָנעלע מאַסקע אויף איר געזיכט.

עס איז געוועזען אַן אנדער פאָלק ווי דאָס פראַנצויזישע, דאָס פאָלק וועמען וואָלטעיר האָט שפּאָטיש געוואונשען מער פאַר־שטאַנד און וועניגער קאָנסאָנאַנטען, וואָס האָט רעפאָרמירט די ליטעראַטור און אומגעשאַפען די פּאָעזיע, אין דער צייט וואָס די פראַנצויזען האָבען איבערגעקערט פּאָליטישע סיסטעמען און מנהגים. עס זיינען געוועזען די דייטשען פון יענער צייט, יענע גוטמוטיגע לייט פון וועלכע מען האָט אין פראַנקרייך קוים מער געוואוסט ווי אז זיי טרינקען ביר, רויכערען זייערע פּיפּקעס און עסען קרויט אין ווינקעל הינטער'ן אויווען; אז זיי לאָזען זיך רוהיג מאַטערען פון א פּאָר טוץ קליינע, נאַרישע פּרינצען, אז

אָהן דעם מינדסטען פאַרלאַנג נאָך גלייכהייט טיטולירען זיי אין טיפסטער עהרפורכט זייערע עלטסטע אלס „ראַט" און „גראַף" א. ז. וו.; אַז זיי פירען קריג נאָר אום צו קריגען געשלאָגען און דאָס איבעריגע לעבען זיי פאַטריאַרכאַליש מיט זייערע ווייבער, וועלכע, ווי אמת׳ע בריה־מאַשינען, ברענגען אויף דער וועלט קינ־דער אויף קינדער — ז י י זיינען עס געווען וואָס האָבען געמאַכט אין דער אינטעלעקטועלער וועלט גרעסערע עראָבערונגען ווי די פראַנצוויזען אין דער געאָגראַפישער, שענקענדיג דער וועלט אַ נייע מעטאַפיזיק, אַזוי טיף און רייך, ווי מען האָט עס ניט געזעהן זייט די טעג פון אַריסטאָטעל און די נעאָ־פּלאַטאָניקער, אַ נייע פּאָעזיע, די שעהנסטע זייט שעקספּיער׳ס צייט, און זיי זיינען עס געווען וואָס האָבען באַגרינדעט אַ נייע באַהאַנדלונג פון דער געשיכטע, דער מיטאָלאָגיע און דער דיכטקונסט; וואָרום ביי זיי איז קיין זאַך ניט פריי געווען, אויסער, איינציג און אַליין, דער געדאַנק.

די ליטעראַטור, דעריבער, וואָס האָט זיך ביים שיידוועג פון יאָרהונדערט אַנטוויקעלט אין פראַנקרייך, איז שטאַרק באַאיינ־פלוסט פון דייטשלאַנד, ווי איבערהויפּט הויבען די פעלקער ערשט יעצט רעכט אָן צו קומען אין אונאונטערבראָכענעם גייסטיגען פאַר־קעהר מיט איינאַנדער. די גרויסע איבערקערענישען, די מלחמות פון דער רעפּובליק און דער אימפּעריע, וועלכע האָבען אַלע פעל־קער פון אייראָפּאַ צוזאַמענגעטרייסעלט, האָבען זיי געלערנט גלייכ־צייטיג צו קענען איינס דאָס אַנדערע. אָבער אַם גרינדליכסטען איז דאָך פון דער פרעמדער אומגעבונג באַאיינפלוסט געוואָרען יע־נער מענשען־קלאַס, וועלכער איז דורך אַלע יענע גרויסע פּאַסירונ־גען געצוואונגען געווען צו אַ פעסטען און לאַנגיעריגען אויפהאַלט אויסערהאַלב דעם פאַטערלאַנד. די באַווירקונג פון אַ פרעמדען גייסט, וועלכע איז ביי דעם סאָלדאַט געווען פליהענדיג און פאַר־איבערגעהענדיג, איז געווען דויערהאַפט און באַדייטונגספול ביי דעם עמיגראַנט. דער פראַנצויזישער עמיגראַנט האָט געמוזט די פרעמדע שפּראַך לערנען מער ווי אויף אַן אויבערפלעכליכען אופן, ווען אפילו נאָר אום צו קענען געבען אונטערריכט אין זיין איי־גענער שפּראַך. דורך אינטעליגענטע פראַנצויזישע עמיגראַנטען

איז יעצט פאַרשפּרייט געוואָרען אין פראַנקרייך די קענטנים פון דער נאַטור און דער קולטור פון פרעמדע לענדער, און דעריבער, ווען מען זוכט אַן אַלגעמיינעם נאָמען פאַר די ערשיינונגען וואָס טויכען יעצט אויף אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, קען מען קוים געפינען אַ בעסערע באַצייכנונג ווי די, וועלכע איך האָב אָנ־געווענדט: ע מ י ג ר א נ ט ע ן ליטעראַטור.

דיזער נאָמען דאַרף אָבער ניט גענומען ווערען פאַר מער ווי ער איז — אַ נאָמען; דען עס וואָלט געווען נאַריש ניט צוצו־רעכנען אהער איינצעלנע, דורכאויס פאַרוואַנדטע ווערק פון שריפט־שטעלער, וועלכע האָבען געלעבט אויסערהאַלב פּאַריז אָדער אוי־סערהאַלב פראַנקרייך, אָבער ניט זייענדיג דוקא קיין עמיגראַנטען. פון דער אנדערער זייט זיינען פאַראַן ווערק געשריבען פון עמי־גראַנטען, וועלכע געהערען אָבער ניט לויט זייער גייסט צו דיזער נייער און באַפרוכטענדער ליטעראַרישער באַוועגונג, נאָר צו דער רעאַקציאָנערער רעסטאַוראַציאָנס־ליטעראַטור. דאָך פּאַסט דער נאָמען גוט פאַר דער ערשטער גרופּע פראַנצויזישע ביכער, וועלכע האָבען אריינגעפירט דאָס נייע יאָרהונדערט.

דער עמיגראַנט איז לויט זיין וועזען נאָך, ווי שוין אָנגעדייט, אָפּאָזיציאָנעל. אָבער זיין אָפּאָזיציאָן טראָגט אַ פערשיידענעם כאַראַקטער, לויט דעם צי ער שטעהט געגען דער טעראָר־הערשאַפט אָדער געגען דער אבסאָלוטער אימפּעריע, און לויט דעם צי ער איז אַנטלאָפען פון דער מאַכט פון דער ערשטער אָדער פון דער צוויי־טער. זעהר אָפט איז ער אַנטלאָפען פון ביידע און זיינע מאָטיווען פאַר אָפּאָזיציאָן זיינען דאַן פון אַ געמישטער נאַטור: ער טראָגט, צום ביישפּיל, סימפּאַטיע פאַר דער רעוואָלוציאָן אין איר ערשטער געשטאַלט, וועלכע האָט באַשרענקט די מאַכט פון דער מאָנאַרכיע, אָדער פאַר דער געמעסיגטער רעפּובליק, און אַ העפטיגערען האַס צו דער אימפּעריע ווי צום טעראָריזם. אָבער פון וועלכען כאַראַק־טער די מישונג זאָל ניט זיין קען מען אויף דיזען פּונקט שפּירען אַ דאָפּעלטע שטרעמונג אין די ווערק פון דער עמיגראַנטען־ליטעראַ־טור. אונמיטעלבאַר פאַרקערפּערט זי אין זיך אַ רעאַקציע געגען דער ליטעראַטור פון דעם אכצענטען יאָרהונדערט, געגען איר טרו־קענעם ראַציאָנאַליזם, געגען איר חרם אויפ'ן טרוים און געפיהלס

לעבען, איר אונפארשטענדניש פאר געשיכטע, איר פארקוקען בארעכטיגטע נאציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען, איר פארבלאָזען באטראכטען פון דער נאטור און איר פאַלשען בליק אויף רעלי־גיאָן אַלס אַ באוואוסטזיניגען באטרוג. אָבער דאָך איז אין אירע ווערק פאראן אַן אונטערשטראָם, וועלכער איז אַ דירעקטע פאָר־זעצונג פון דער הויפּטשטרעמונג פון דעם אַכצענטען יאָרהונדערט: די שרייבער פירען אַלע ווייטער דעם קאמפף געגען דער פארגלי־ווערטער טראַדיציע, איינינגע נאָר אין דער פּאָעזיע, אנדערע — אויף אַלע געביטען פון גייסט. זיי זיינען אַלע אונטערנעמערישע נאטורען, אנטדעקער־גייסטער, און דאָס וואָרט פ ר י י ה י י ט האָט ביז יעצט נאָך פאר קיינעם פון זיי ניט פארלאָרען זיין עלעק־טריזירענדען קלאַנג. אפילו שאַטאָבריאַן, וואָס אין פּאָליטיק און רעליגיאָן בילדעט ער דעם עקסטרעמען רעכטען פליגעל פון דער גרו־פּע און מיט אַ טייל פון זיינע שריפטען געהער ער דורכאויס דער רעאקציע, באצייכענט שטענדיג „פרייהייט און עהרע״ אַלס זיין מאָטאָ און ער קען דעריבער שפּעטער אויך פּאָליטיש ענדיגען אַלס אָפּאָזיציאָנעלער. די דאָפּעלטע שטרעמונג שפּירט זיך איבעראַל: ביי איהם, ביי סעינאַנקור, ביי קאָנסטאַן, ביי מאדאם דע סטאַל, ביי באראנט, נאָדיע א. ז. וו. און דיזע געגענזייטיגע פארהעלט־ניש צווישען רעאקציע און פאָרשריט ווען מיר דארפען גלייך פון אָנפאנג זאָרגפעלטיג אין זינען האַלטען.

ריידענדיג וועגען דעם גייסט פון דעם אכצענטען יאָרהונדערט איז עס געוויינליך וואָלטעיר׳ס נאָמען וואָס קומט אויף די ליפען; ער איז עס, וועלכער, ווי אַ ברענגלאָז, זאמעלט, פארקערפּערט און רעזומירט די גאנצע עפּאָכע; און אויף ווי ווייט די עמיגראַנטען פירען אַ קאמפף געגען איהם קען מען זאָגען אַז זיי שטעלען מיט זיך פאָר די רעאקציע געגען דעם פאָרגעהענדען יאָרהונדערט. אפילו די יעניגע צווישען זיי, וועלכע זיינען גייסטיג נאָהנט פארוואנדט מיט איהם, רעאגירען על־פּי נויט, ד. ה. געצוואונגען פון דעם גייסט פון דער צייט, געגען איהם, ווי צום ביישפּיעל קאָנסטאַן אין זיין בוך „איבער רעליגיאָן.״ אָבער צווישען די שרייבער פון אַכ־צענטען יאָרהונדערט איז פאראן איינער, וועלכער איז געווען וואָל־טעיר׳ס קאָנקורענט, און אין גרויסקייט כמעט זיין גלייכען, ווע־

מעס ווערק, אין אַ פּיעל העכערען גראַד ווי וואָלטעיר'ס, בליקען אַריבער זייער אייגענע צייט. ער איז עס וואָס באַזעלט די עמי־גראַנטען־ליטעראַטור, וועלכע, טראָץ אַלע אויסלענדישע איינפלו־סען, לאָזט זיך אויף יעדען פּונקט צוריקפירען צו אים, און אויף אַזוי ווייט ווי זי שטאַמט אָב פון רוסאָ און איז אַ פאָרזעצונג פון אים קען מען זאָגען, אַז זי איז די פאָרזעצונג פון דעם פאָר־געהענדען יאָרהונדערט און פון דער רעוואָלוציאָן. צו רוסאָ געהען צוריק פּאַקטיש אַלע גרויסע ליטעראַרישע באַוועגונגען פון דער ענ־דע פון אַכצעהנטען און דעם אָנפאַנג פון נייַנצעהנטען יאָרהונדערט. פון אים שטאַמען אָב אין פראַנקרייך אַזעלכע פאַרשיידענאַרטיגע מייסטער ווי סעינט־פּיער, ראָבעספּיער, דידעראָ, שאַטאָבריאַן, מאַ־דאַם דע־סטאַל און שפּעטער זשאָרזש סאַנד, און אין דייטשלאַנד הערדער, קאַנט, פיכטע, יאַקאָבי, געטהע, זשאַן פּאָול, שילער און טיעק; פון אים שטאַמט אָפּ אין ענגלאַנד איינער, וועמעס נאָמען באַשטעהט פאַר הונדערטע: בייראָן. בשעת וואָלטעיר ווירקט אויף די גייסטער אין אַלגעמיין, ווירקט רוסאָ'ס איינפלוס אי־בערהויפּט אויף די שאַפענדע טאַלאַנטען, אויף די שרייבער. נאָך זייער טויט האָבען דיזע צוויי גרויסע מענער, זיך בייטענדיג איינער מיט'ן אַנדערען, דאָס איינער דאָס דער צווייטער, באַהערשט די וועלט כמעט ביז אונזער אייגענער צייט, ווען זיי זיינען ביידע פאַרדרענגט געוואָרען פון דידעראָ. ביים שלוס פון אַכצעהנטען יאָרהונדערט האָט וואָלטעיר אָבגעטראָטען דעם צעפּטער צו רוסאָ, דאַן, נאָך 1848, איז געקומען אַ פּעריאָדע ווען ער האָט צוריקגע־נומען ביי רוסאָ די הערשאַפט איבער די געמיטער, ווענינגסטענס אין פראַנקרייך, און ביי די וויכטיגסטע שרייבער פון דיזען לאַנד, ווי צ. ב. ביי ערנסט רענאַן, געפינט מען די דאָפּעלטע גייסטיגע שטרעמונג ענדליך פאַרשמאָלצען, רוסאָ'ס גייסט גע'כפּל'ט אויף וואָלטעיר'ס. אָבער נאָר אין רוסאָ'ס שריפטען האָבען זייער אור־שפּרונג די אַלע גרויסע אויסלענדישע שטרעמונגען, וועלכע זיינען ביים אָנפאַנג פון נייַנצעהנטען יאָרהונדערט געקומען צו פליסען אי־בער פראַנקרייך פון דייטשלאַנד און ענגלאַנד, און אים אַליין איז עס צו פאַרדאַנקען וואָס די ליטעראַטור, וועלכע איז געשאַפען גע־וואָרען פון פראַנצויזען אין אויסלאַנד. האָט טראָץ איר גאַנצער

אָפּאָזיציאָן צו דעם גייסט, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט און גע־שטיצט די אַבסאָלוטע אימפּעריע, אויפגעהאַלטען אַ פאַרבינדונג מיט'ן יאָרהונדערט און האָט זיך געקענט שטיצען אויף אָריגינעל פראַנצויזישע ליטעראַרישע ערשיינונגען.

באַטראַכטען מיר צום ביישפּיעל איינס פון די הויפּטווערק פון דער רעאַקציאָנערער ליטעראַטור. וואָס דאָס 18טע יאָרהונ־דערט האָט געוואָלט פון גרונד אויס צושטערען איז געווען, מט איין וואָרט, דאָס מיטעלאַלטער. פאַר אים איז דאָס מיטעלאַלטער גע־ווען נאָר אַן אַנדער וואָרט פאַר באַרבאַריי און פאַנאַטיזם; אַלס ביישפּיל פון דאָס שרעקליכע האָט אים געדינט אַן אויטאָ־דע־פע, אַלס ביישפּיל פון דאָס לעכערליכע — אַ קרייצצוג. דעריבער קומט עס וואָס מען האָט יעצט מיט דער גאַנצער רענעגאַטען־באַ־גייסטערונג פון דער רעאַקציאָן געוואָלט דאָס מיטעלאַלטערליכע ווידער איינפירען איבעראַל, אין שטאַט, אין דער קונסט, אין דער פּאָעזיע און רעליגיאָן. אין דעמזעלבען יאָר, אין וועלכען נאַפּאָ־לעאָן האָט געשלאָסען דאָס קאָנקאָרדאַט מיט דעם פּאַפּסט און האָט צוריק איינגעפירט דעם קריסטליכען קולט אין פראַנקרייך, האָט שאַטאָבריאָן פאַרעפענטליכט זיין גרויסעס ווערק: “Le ginie du christanisme” (דער גייסט פון קריסטענטום), איינע פון די ערשטע און ריינסטע שאַפונגען פון דער רעאַקציאָן, וועלכע, אין ווידערשפּרוך מיט דעם פּערפאַסער'ס אויסגעשפּראָכענע איבער־צייגונג אין זיין בוך איבער די רעוואָלוציאָנערען, זוכט צו באַווייַ־זען די וואַרהייט פון קריסטענטום דאַדורך, וואָס דאָס קריסטענ־טום האָט אַרויסגעבראַכט די שעהנקייט און דורך דעם איר ווערט פאַר דער קונסט און פּאָעזיע. שאַטאָבריאָן מאַכט אַן אויספיר־ליכען פאַרגלייך צווישען די היידנישע און קריסטליכע שרייבער, שטעלט טאַססאָ איבער האָמער און סעינט־פיער איבער טהעאָקריט און באַווייזט, ווי מען האָט שפּאָטיש געזאָגט, ווי אַזוי רעליגיעזע אידעען קענען פאַרוואַנדעלט ווערען אויף באַלעטען און פאַנטאָמימען. ער איז פּונקט אַזוי אָרטאָדאָקסיש און ביבעל־טריי אין דער נאַטור פילאָזאָפיע ווי אין דער עסטעטיק. פונדעסטוועגען האָט זיך גראַ־דע אין דעם ווערק, אין זיינע באַרימטע און גלענצענדע עפּיזאָדען „אַטאַלאַ“ און „רענעי“, דאָס נייע דורכגעבראָכען.

.1

## שאַטאָבריאַן, אַטאַלאַ.

דאָס יאָר 1800 האָט געבראַכט דאָס ערשטע דיכטער־ווערק, וועלכעס טראָגט דעם שטעמפּעל פון דער נייער צייט. דער אומ־פאַנג פון דעם ווערק איז געווען קליין, אָבער זיין באַדייטונג גרויס און זיין איינדרוק מעכטיג. „אַטאַלאַ" האָט געמאַכט אַן אויפ־זעהן און געהאַט אַן ערפאָלג ווי עס איז ניט אויסגעפאַלען אויפ'ן גורל פון קיין אַנדער פראַנצויזישער דיכטונג זינט די טעג פון „פּאול און ווירזשיני". דאָס איז געווען אַ נאָוועלע פון די סטעפּעס און אורוועלדער פון נאָרד־אַמעריקע, מיט דעם שטאַרקען און איי־גענטימליכען אַראָמאַט פון דעם יונגפרויליכען באָדען, פון וועלכען זי האָט אַרויסגעשפּראָצט. זי האָט אַנטהאַלטען די גליהענדע פאַרבען פון אַ פרעמדער נאַטור און נאָך אַ שטאַרקערע גלוט פון ליידענשאַפט. די ערצעהלונג האָט געגעבען אַ בילד פון דעם לע־בען פון די ווילדע אינדיאַנער אַלס הינטערגרונד פאַר דער שיל־דערונג פון אַן אונטערדריקטער, אָבער גראַדע דערפאַר איבער־וועלטיגענדער, טויטליכער ליבעס־ליידענשאַפט. דער עפעקט פון דאָס גאַנצע ווערט ערהאַבען געמאַכט דורך אַ באַפאַרבונג פון קאַ־טוילישע פרומקייט.

דיזע געשיכטע פון דעם לעבען און טויט פון אַ יונגער קריסט־ליכער אינדיאַנערין האָט געוואָרען אַזאַ פּאָפּולאַריטעט, אַז אירע הויפּט העלדען האָבען באַלד אין דער פאָרמע פון קאָלירטע האָלצ־גראַווירען באַפּוצט די ווענד פון פראַנצויזישע גאַסט־הייזער און זייערע וואַקסענע בילדער האָבען זיך פאַרקויפט אויף די פּאַריזער ברענ־קרעמלעך ווי מען פאַרקויפט אין קאַטוילישע לענדער די וואַקס־בילדער פון דער מאַדאָנאַ און קריסטוס. אין איין טעאַטער

אין א פאריזער פאַרשטאָדט איז די העלדין אויפגעטראָטען גע־קליידט אלס אינדיאַנערין מיט העגערשע פעדערען אין אירע האָר, און דאָס „טעאַטר דעי וואריעטעי" האָט אויפגעפירט א פארס, אין וועלכען א שול־אינגעל און א שול־מיידעל, וועלכע אנטלויפען חתונה צו האָבען, האָבען געדערט נאָר פון קראָקאָדילען, שטאָרכען און אַלטע וועלדער אין דעם סטיל פון „אטאלא". עס איז אויך ער־שינען א פאראָדיע „אה! לא! לא!" אין וועלכער די לאנגע און פראכטפולע באשרייבונג פון די ברעגען פון דעם מיסיסיפי ווערט נאָכגעאהמט מיט פונקט אזא לאנגער און אויספירליכער באשריי־בונג פון א פעלד קארטאָפעל — אזוי זאָנדערבאר האָט עס דע־מאָלט אויסגעזעהן אז א שרייבער זאָל פארשווענדען עטליכע זיי־טען אויף נאטור־שילדערונגען. אָבער אין דער צייט וואָס אזעל־כע פאראָדיען, שפאסען און קאריקאטורען האָבען גערעגענט אויפ'ן דיכטער איז ער ניט געווען צו באַדויערען, דען אזעלכע זאכען זיינען די סימפּטאָמען פון רוהם, און מיט איין קלאפ איז ער פון אן אומבאקאנטען געוואָרען א בארימטהייט פון ערשטען ראנג. זיין נאָמען האָט געקלונגען אין אלע זייטען און האָט געלויטעט: פראנסוא רענעי דע שאטאָבריאן (Chateaubriand).

געבאָרען געוואָרען איז ער דער אינגסטער פון צען קינדער אין אן אלטער אדעליגער פאמיליע אין סט. מאלאָ (ברעטאן). זיין פאָטער איז געווען א שטרענגער, טרוקענער מענש, אונגעזעליג און שטיל, און האָט ארויסגעוויזען בלויז איין ליידענשאפט — זיין אדעל־שטאָלץ. זיין מוטער איז געווען א קליינע, העסליכע פרוי, אונרוהיג און אייביג אונצופרידען, אָבער אין העכסטען גראַד פרום, א קירך־געהערין און א באַשיצערין פון די פריסטער. דער זוהן האָט גע'ירש'עט א געמיש פוןביידע נאטורען.

שטרענג און הארט איז געווען די ערציהונג וואָס ער האָט גע־קראָגען אין דיזער היים, וואו, לויט זיין אייגענעם אויסדרוק, דער פאָטער איז געווען דער שרעק און די מוטער — דער בייטש פון דעם הויזגעזינד; ער איז אויפגעוואקסען א פארשלאָסענער, שרע־קעדיגער, איינגעשפארטער, מעלאנכאָלישער און נערוועזער אינ־געל, וועלכער האָט פריה באקאנטשאפט געשלאָסען מיט דער אומ־רוהיגקייט פון דעם ים און דער מוזיק פון דעם ווינד, אָבער האָט

ניט געקענט שלום מאכען מיט דער קעלט און באַטריבטקייט פון זיין היים. זיין שוועסטער לוסיל, די נאָהנטסטע צו אים אין גע־בורט, וועלכע האָט זיך אויך, ווי ער, געפיהלט פארשלאָסען, איז געוואָרען זיין איינציגער פריינד און פארטרויטע. זי איז געוועזען ווי ער א קרענקליכע, ליידענשאַפטליכע נשמה, פון יאָר צו יאָר אַלץ מער געניייגט צו דער רוסאָ׳ישער מאניע צו זעהן אין אַלץ א פאר־שווערונג געגען זיך און צו באַטראַכטען זיך פאר פארפאָלגט פון יעדען איינעם; אין איר יוגענד האָט זי אין איר ברודער, שפע־טער אין דער רעליגיאָן געזוכט שוץ געגען דיזע אנגסטען און גע־פאַרען. פון אָנפאַנג איז זי געוועזען, ווי איר ברודער, ניט קיין שעהנע און א שרעקעדיגע, נאָר שפעטער איז זי געוואָרען זעהר שעהן, בלייך מיט שווארצע האָר, — שעהן ווי דער מלאך פון טויט. א גרויסען טייל פון איר לעבען האָט זי פארבראַכט אין מאָנאַס־טירען און איז געוועזען ליידענשאַפטליך אין איר שוועסטער־ליבע און א ליידענשאַפטליכע קאַטאָליקין. זי האָט געהאַט פאָעטישע פעהיגקייטען, און אין איר שרעקעדיגקייט און באַגייסטערונג איז זי, ווי עס שיינט, געוועזען דאָס וויבליכע נאָכבילד פון איר ברודער. איינע פון זיינע אַנדערע שוועסטער, זשוליע, וועלכע האָט אין איר יוגענד געלעבט אויסשליסליך אלס וועלט־דאמע, האָט געענדיגט אירע יאָרען אַלס הייליגע אין רעליגיעזער נזירות, אזוי אז עס שיינט אז די קאַטוילישע טענדענץ איז געלעגען אין דעם בלוט פון דער משפחה.

דער שטארקער צוואַנג, אין וועלכען דער יונגער שאַטאָבריאַן איז געהאַלטען געוואָרען, האָט באַשאַפען אין אים א ווילדען דראַנג צו זיין פריי און בעל־הבית איבער זיך אליין; די שטענ־דיגע אויפזיכט אונטער וועלכער ער האָט געקרעכצט, האָט ארויס־גערופען אין אים אַן אונבאַזיגבאַרען טריב צו מיזאַנטראָפּישער איינזאַמקייט. ווען ער פלעגט ארומטערלויפען אליין די שטיגען פון זיין פאָטער׳ס שלאָס, אָדער געהן אמאָל אליין אויף דער יאַגד, פלעגט ער פיהלען ווי אלע זיינע געפיהלען קאָכען און ברויזען־אויף אין ווילדער אַנטציקונג וואָס ער קען, ענדליך, טרוימען און בענקען אונגעשטערט. אומגליקליך ווי ער פלעגט זיך ניט פיהלען אין דער געזעלשאַפט פון אַנדערע, פלעגט ער אָבער אין איינזאַמ־

קייט זיך פאַר׳שכור׳ען מיט חלומות פון גליק, מיט חלומות פון באריהמטקייט, מיט פאָעטישע חלומות. אין זיינע האלב־סענסו־עלע, האלב־גייסטיגע טרוימערייען און בענקענישען האָט ער באַשאַפען פאַר זיך דאָס בילד פון אַן איבערנאַטירליך שעהנער פרוי, פון אַ יונגער קעניגין, באַצירט מיט דימענטען און בלומען, וועלכע ער ליבט, און פון וועלכער ער ווערט געליבט אין די שמעקעדיגע לבנה־נעכט פון נעאַפעלס אָדער סיציליען. און ווען ער פלעגט פון דיזע טרוימערייען ערוואַכען און זיך געפינען צוריק אַלס קליינעם, אונבאַדייטענדען ברעטאַנער, אומגעלומפערט, אומבאַריהמט, אָרים און פיליכט אויך טאַלאַנטלאָז, דאַן פלעגט ער פאַר־צווייפלען. דער קאָנטראַסט צווישען דאָס וואָס ער איז געוועזן און דאָס וואָס ער האָט געוואָלט זיין פלעגט אים דריקען ביז צו דער ערד.

מען האָט אים צוערשט באַשטימט פאַר דער פלאָטען־דינסט, אָבער זיין אונבאַזיגבאַרער האַס צו דיסציפּלין איז דאָ געשטאַנען אין וועג. דאַן איז ער באַשטימט געוואָרען פאַר׳ן גייסטליכען שטאַנד, אָבער וויסענדיג אַז ער איז אונפעהיג צו פירען אַ לעבען פון זעלבסט־אַנטזאַגונג האָט ער דעם געדאַנק אויך אויפגעגעבען. אין זיין טיפער פאַרצווייפלונג האָט ער געמאַכט אַ פאַרזוך אויף זעלבסט־מאָרד. ענדליך האָט דער באַשלוס פון אַ פאַמיליען־באַראַטונג געמאַכט אַ סוף צו זיינע וואַקלונגען און ער איז געוואָרען אונטערלייטנאַנט אין דער אַרמיי, און דאָס דאָזיגע לעבען איז אים גראָד געפעלען. אַלס אַ מיטגליד פון אַ באַריהמטער אַריס־טאָקראַטישער פאַמיליע האָט ער אויך געהאַט צוטריט צום קעניג־ליכען הויף, איז פאָרגעשטעלט געוואָרען פאַר לואי דעם 16טען, און האָט נאָך געזעהן דעם לעצטען שימער פון דעם אַלטען פראַכט און דער עטיקעטע פון דעם קעניגטום. צוויי יאָר שפּעטער האָט אויסגעבראָכען די רעוואָלוציאָן און אין יאָר 1790 איז דער אַדעל אָבגעשאַפט געוואָרען. ער איז אַרויס פון דינסט אַלס אָפיציר, און אַזוי ווי ביי דער נייער אָרדנונג, אָדער ניכער אונאָרדנונג אין לאַנד האָט ער פאַר זיך קיינע אויפגאַבען ניט געזעהן, האָט ער באַשלאָסען אויסצוטרעטען אַ וועג פאַר זיך אַליין און האָט אָנ־גענומען אַ פאַנטאַסטישען פּלאַן, צו פאָרען קיין אַמעריקע צו אַנט־

דעקען דעם נאָרד־וועסטליכען דורכגאַנג. עס איז איבעריג צו זאָ־גען אז ניט האָבענדיג קיינע קענטנישען אין דיזער הינזיכט, קיי־נע פארבינדונגען, און קיין געלט איז ער גאָר שנעל געצוואונגען געוועזען דיזען געדאַנק צו פאַרוואַרפען. אָבער אויב ער האָט ניט געפונען דעם נאָרד־וועסטליכען דורכגאַנג האָט ער דערפאַר גע־פונען וועניגסטענס אַן אנדער מענשען־ראַסע, נייע אומשטענדען און אַ נייע נאַטור. נאָך אין זיין פריהער יוגענד, איבערלעזענדיג רוסאָ, האָט ער זיך אַרומגעטראָגען מיט דעם געדאַנק צו שרייבען דאָס „עפּאָס פון דעם נאַטור־מענשען”, אַ שילדערונג פון די זיטען פון די ווילדע, פון וועלכע ער האָט ניט געהאַט קיין שום באַגריף. איצט איז ער געשטאַנען אויף זייער ערד און באָדען, און ווען אפילו ער האָט זיי ניט געפונען איינגאַנצען אונבאַרירט פון דער ציוויליזאַציאָן ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, איז עס אים דאָך ניט שווער געווען מיט דער הילף פון דער פאַנטאַזיע אויפצו־שטעלען צוריק זייער אורשפּרינגליכען צושטאַנד. דער ערשטער איינדרוק, וואָס ער האָט געקראָגען איז געווען העכסט זאָנדערבאַר. ווען ער איז מיט זיין פירער, אויפ'ן וועג פון אָלבאַני צו ניאַגאַראַ, צום ערשטען מאָל אריינגעטראָטען אין דעם אוראַלטען וואַלד, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ מין פריידענס־שכרות איבער זיין אונאַבהענ־גיגקייט, וועלכע איז געווען גלייך צו דעם געפיהל פון זיין פריהער יוגענד ווען ער פלעגט איינזאַם אין די וועלדער פון ברעטאַן אויף יאַגד געהן. ער איז געגאַנגען לינקס און רעכטס, פון בוים צו בוים און געזאָגט צו זיך אַליין: דאָ איז ניטאָ מער קיין וועג, קיינע שטעדט, קיינע מאָנאַרכען, קיינע רעפּובליקען, קיינע מענ־שען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַז ער איז איינער אַליין אין וואַלד, ווען פּלוצלונג שטויסט ער זיך אָן אויף אַ גרופּע האַלב־נאַקעטע, געפאַרבטע ווילדע, מיט ראָבען־פעדערען אין די האָר און רינגען אין די נעזער, וועלכע — אָ, וואונדער! — האָבען געטאַנצט קאַדרילען צו דער מוזיק פון אַ פידעל, געשפּילט פון אַ קליינעם געפּודערטען און פריזירטען פראַנצויז, מיט מוסלינענע מאַנזשע־טען אויף די הענד. דער פראַנצויז איז געווען אַ פריהעריגער קיך־דינער ביי אַ פראַנצויזישען גענעראַל, וועלכען די אינדיאַנער האָ־בען געדונגען אלס טאַנץ־לערער פאַר אַ געוויסען לוין פון ביווער־

פעל און בערען־שינקען. פאר א תלמיד פון רוסא איז דאס גע־וועזן גאר ניט קיין פאסיגער אריינפיר אין דעם לעבען פון די וויל־דע: צוצוזעהן דיזען טאנץ פון די איראקעזען אונטער דער מוזיק פון א געוועזענעם קיך־דינער! גליקליכערווייז זיינען די שפע־טערע איינדריקען געוועזן ריינער און שעהנער ווי די ערשטע. שא־טאבריאן האט געקויפט ביי די אינדיאנער קליידער און וואפען און האט געפירט, וועניגסטענס עטליכע וואכען, דאס זעלבע לע־בען ווי זיי. ער איז פארגעשטעלט געווארען פאר'ן סעשעם, אדער הויפט, פון די אנאנדאגען (ווי בייראן שפעטער האט זיך פארגע־שטעלט פאר אלי פאשא), איז געפארען רייטענדיג איבער'ן לאנד, אנשטויסענדיג זיך דא און דארט אויף א קליינעם אייראפעאישען הויז, מיט קלאוויר און שפיגעל, זייט ביי זייט מיט אן אינדיאנער שטיבעל, האט געזעהן דעם ניאגארא־פאל, און האט געפונען אין צוויי שעהנע פלארידא'ר מיידלעך פון דעם שטאם פון די מוסקא־גולגען די מאדעלען צו זיינע שפעטערע באריהמטע געשטאלטען אטאלא און סעלוטא.

אין אמעריקא האט שאטאבריאן אויסגעארבייט דעם פלאן פון זיינע צוויי וואונדערליכע און גלענצענדע ערצעהלונגען „אטא־לא" און „רענעי", ווי אויך פון דער ברייטער, סטיללאזער ארבייט, פון וועלכער זיי בילדען א טייל, דעם פיעל שפעטער ארויסגעגע־בענעם גרויסען ראמאן "Les Natchez" וועלכער שילדערט דעם אונטערגאנג פון אן אינדיאנער־שטאם אין קאמפף מיט די ווייסע. „אטאלא" איז דאס ערשטע ווערק, וועלכען שאטאבריאן האט גע־וואלט געבען א פארענדיגטע פארם. נאך א קורצען ווייל אין פראנקרייך, וואוהין עס האט אים געבראכט די נאכריכט וועגען דעם פאל פון דער מאנארכיע און דער געפעהרליכער לאגע פון לואי דעם 16טען, און וואוהין ער איז אנגעקומען אין יאנואר פון 1792, האט ער ווידער אוועקגעוואנדערט, איז געקומען קיין לאנדאן, און דארט, אונטער די בוימער פון קענסינגטאן פארק, האט ער גע־מאכט דעם ערשטען אנטווארף פון „אטאלא" און „רענעי"; דאן האט ער זיך אוועקגעלאזט צו דער ארמיי עמיגראנטען אויפ'ן רהיין, טראגענדיג אין זיין רייזעטאש מער מאנוסקריפטען ווי וועש. ווען די ארמיי פלעגט רוהען פון איר מארש פלעגט שאטאבריאן

דורכזועהן „אטאלא", און ביים נייעם מאַרש עס ווידער אין רייזע־טאַש פּאַקען, דערביי פּלעגען זיינע קאַמעראַדען אים רייצען ריי־סענדיג די בלעטער וואָס פּלעגען ארויסשטעקען. נאָר ווען איינ־מאָל אין אַ שלאַכט איז שאַטאָבריאַן פאַרוואונדעט געוואָרען פון אַ שטיק גראַנאַט האָט זיך ארויסגעוויזען אַז „אטאלא" האָט אים גערעטעט דאָס לעבען, דען צוויי ערשעפּטע קוילען זיינען געבלי־בען שטעקען אין דעם מאַנוסקריפּט אין דעם רייזעטאַש. פאַר־וואונדעט, קראַנק מיט פיבער, אויסגעצערט, איז ער אַנגעקומען קיין בריסעל נאָכדעם ווי די עמיגראַנטען־אַרמיי איז פאַרניכטעט געוואָרען. דערווייל איז זיין ברודער מיט ווייב און שוועהר אומ־געקומען אויפ'ן עשאַפּאָט אין פּאַריז, זיין מוטער און צוויי שוועס־טער, איינע פון זיי לוסיל, זיינען אויף אַ צייט איינגעשפּאַרט גע־וואָרען אין געפענגנים צוליב זיין אויסוואַנדערונג. אין לאָנדאָן האָט ער, אין 1797, ארויסגעגעבען זיין בוך "Essai historique sur les revolutions" געשריבען אין אַ פאַרהעלטניסמעסיג ליבעראַלען און אונצווייפעלהאַפט פריידענקערישען גייסט. אָבער דער טויט פון זיין מוטער, ווי ער זאָגט אליין, האָט אים צוריקגעקערט צום קריסטענטום; אַן ענדערונג אין דעם גייסט פון דער צייט האָט אויך פּיליכט עטוואָס מיטגעהאָלפען צו ענדערען זיין שטימונג, און ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין פראַנקרייך אין 1800, נאָכדעם ווי באָנאַפּאַרט האָט געמאַכט אַ סוף צו דער רעוואָלוציע, האָט ער געבראַכט מיט זיך זיין גרויסעס ווערק „דער גייסט פון קריסטענטום", אין וועלכען „רענעי" איז אריין אלס טייל. דאָס בוך איז ערשינען אין דערזעלבער צייט ווען נאַפּאָלעאָן האָט איינגעפירט צוריק דאָס קריסטליכע גאָטעס־דינסט אין פראַנקרייך. דאָס דאָזיגע ווערק האָט צו גוט געשטימט מיט די פּלענער פון דעם ערשטען קאָנסול אום ניט צו געבען זיין פאַרפאַסער חן אין די אויגען פון דעם הערשער. דאָך האָט זיך שאַטאָבריאַן ווידער אָבגעקערט פון זיין רעגירונג נאָך דער ער־מאָרדונג פון דעם הערצאָג פון ענגהיען אין 1804.

דאָס זיינען די הויפּטשטריכען פון דער יוגענד־געשיכטע פון דעם מאַן, וועלכער האָט אין יאָר 1800 זיך געוואונען די באַ־ריהמטקייט פון אַ דיכטער אלס דער פאַרפאַסער פון „אטאלא."

זיין כאַראַקטער איז געווען נאָך מערקווירדיגער ווי זיין געשיכ־טע. ער איז געווען עהרגייציג ביז קרענקליכקייט, אַמביציעז, גאוה'דיג, שעמעוודיג, אייביג צווייפלענד אין זיינע אייגענע פע־היגקייטען, דאָך ניט נאָר באַגאַבט מיט דעם זעלבסטגעפיהל פון זשעניאַליטעט נאָר אויך מיט אַן עגאָאיזם, וואָס האָט געוואָרפען אין אָבגרונד פון גלייכגילטיגקייט אַלץ וואָס האָט אים דירעקט קיין נוצען ניט געבראַכט. ער איז צו שפּעט אויף דער וועלט געקו־מען און איז אונטער צו אייגענאַרטיגע אומשטענדען ערצויגען גע־וואָרען אום צו קענען גלויבען אין דער רעוואָלוציאָן און אין דער אידעען סיסטעם פון דעם 18טען יאָרהונדערט, וואָס האָט זי אַרויס־געבראַכט. ער איז געקומען צו פריה אויף דער וועלט אום אויפ־צונעהמען די וויסענשאַפטליכע שטרעמונגען פון דעם 19טען יאָר־הונדערט און דורך זייער הילף ערווערבען אַ נייעם גלויבען און אַ נייעם אָנהאַלטס־פּונקט. אויף אַזאַ אופן איז ער געוואָרען אַ מין ניהיליסט, אַ גייסט, וועלכער, ווי ער האָט זיך פיעל מאָל אויסגעדריקט, האָט אין גאָרניט געגלויבט. דערביי גיט ער אי־מער צו, ווען ער פאַרגעסט נאָר ניט: „אויסער רעליגיאָן". אָבער אַ מענש איז נאָך זיין נאַטור אַנטוועדער אַ גלויביגער אָדער אַ צווייפלער, און עס איז נאָר אַן איינבילדונג וואָס קומט פון האַלב־בילדונג, אַז מען קען צווייפלען אין אַלץ און גלויבען אין רעלי־גיאָן אַליין.

שאַטאָבריאַנ'ס מעמוארען זיינען פול מיט אַזעלכע אויסברו־כען וועגען דער נישטיגקייט און פאַרגענגליכקייט פון נאָמען און רוהם ווי מען געפינט שפּעטער אַזוי פיעל ביי בייראָנ'ען. אָהן אַ ספק ליגט אין דיזע אויסברוכען אַ רעכטע ביסעל געמאַכטקייט, דאָך איז אין זיי אויסגעדריקט אויך פיעל אמת'עס ליידען און אַ שטאַרקע מעלאַנכאָליע. „אַזוי ווי איך גלויב ניט אין קיין זאַך, אויסער רעליגיאָן, פאַרהאַלט איך זיך צו אַלץ מיט חשד. . . די נישטיגע און לעבערליכע זייט פון זאַכען וואַרפט זיך מיר אימער אין די אויגען צוערשט; אין גרונד גענומען עקזיסטירען ניט פאַר מיר ניט קיין גרויסע זשעניען און ניט קיין גרויסע זאַכען. . . אין דער פּאָליטיק האָט די וואַרימקייט פון מיין איבערצייגונג זעל־טען לענגער געדויערט ווי מיין רעדע אָדער די פאַרענדיגונג פון

מיין בראָשורע. איך ווייס ניט אין דער גאַנצער וועלט־געשיכטע פון קיין איינציגען רוהם וואָס זאָל מיך קענען רייצען. ווען דער גרעסטער רוהם אין דער וועלט זאָל ליגען צו מיינע פיס און זאָל ווערען מיינער דורך איינבויגען זיך און אויפהויבען, וואָלט איך זיך ניט באמיהט. ווען איך וואָלט געקענט באשאפען זיך אליין וואָלט איך מיך פיליינכט באשאפען אלס פרוי, אויס ליבע צו פרויען; אָדער ווען איך וואָלט זיך געדארפט מאכען פאר א מאן וואָלט איך מיר צוערשט געגעבען שעהנקייט; דאַן, אום צו שיצען זיך געגען מיין ערגסטען פיינד, די לאנגווייליגקייט, וואָלט איך נאָך געוואָלט זיין א גרויסער קינסטלער, אָבער אַן אונבאוואוס־טער, וועלכער באנוצט זיין טאלאנט נאָר פאר זיך אליין. אויב מיר זאָלען אָבשעצען דאָס לעבען לויט זיין אמת'ן ווערט, באפריי־ענדיג עס פון יעדער נארעריי, דאַן געפינען מיר נאָר צוויי זאכען וואָס האָבען א ווערט, רעליגיאָן צוזאמען מיט טאלאנט און ליבע צוזאמען מיט דער יוגענד, ד. ה. צוקונפט און געגענווארט. . . וועגען אלדאָס איבעריגע איז ניט כדאי צו טראַכטען. . . אויסער־האלב דער רעליגיאָן האָב איך קיין שום גלויבען ניט. ווען איך וואָלט געווען א קעניג אָדער פאסטוך, וואָס וואָלט איך געטאָן מיט מיין צעפטער אָדער שטעקען? דער כבוד און דער זשעני, די ארבייט און די רוה, דאָס גליק און דאָס אומגליק וואָלטען מיר אלע גלייך איבערדריסיג געוואָרען; אלעס מאכט מיך מיד: מיט שווערקייט שלעפ איך איבעראל מיין לאנגוויילע נאָך זיך, צוזאמען מיט די טעג, און אזוי פארגעה איך, אוועקגענעצענדיג מיין לע־בען. ("et je vais partout baillant ma vie."[1])

וויפיעל ליידענשאפט האָט ער עס געמוזט פארשווענדען אויף פאנטאסטערייען און פאָעטישע טרוימען איידער ער איז אראָבגעע־קומען צו דיזער טיפער לאנגוויילע! אין „אטאלא” שלאָגט נאָך די ליידענשאפט ווי א ווארימער קוואל, אָבער די טראָפען אירע זיינען ווי א ברענענדע, פארצערענדע פליסיגקייט.

דער אלטער אינדיאַנער שאַקטאַס דערצעהלט א יונגען פראַנ־

---

[1] Memoisres d'Outre-Tombe, I. 207, 451: II.129.

צויז, ווענמען שאטאבריאן האט געגעבען זיין אייגענעם נאמען, רע־נעי, די געשיכטע פון זיין יוגענד. ער איז געפאנגען געווארען פון א פיינדליכען אינדיאנער שבט און איז פאראורטיילט געווארען צום טויט אויף א שייטערהויפען. נאך דעם הויפטלינג'ס טאכ־טער, אטאלא, קריגט אויף אים רחמנות און דערנעהנטערט זיך צום פלאץ וואו ער שטעהט צוגעבונדען. ער נעהמט זי אן צו־ערשט פאר דאס מיידעל וואס ווערט געשיקט דעם פאראורטיילטען צו טרייסטען אים אין זיינע לעצטע שטונדען, אבער איר אבזיכט איז ניט אים צו טרייסטען, נאר, אויב מעגליך, באפרייען. ער דער־פיהלט א ליידענשאפטליכע ליבע צו איר און ער רעדט זי איין מיט אים צו אנטלויפען און זיין ווייב ווערען, אבער זי וויל עס ניט, און ווערענדיג אויפגעהאלטען דורך איר ווידערשטאנד, ווערט ער צוריק געפאנגען. מען האט אים שוין באקראנצט מיט בלו־מען, דאס געזיכט באמאלט בלוי און רויט, די אויערען באצירט מיט פערל, פארטיג פאר די פלאמען, ווען אטאלא באפרייט אים צום צווייטען מאל און אנטלויפט מיט אים. דער הויפט אינהאלט פון דעם בוך איז די באשרייבונג פון דיזען אנטלויפען, שאקטאס'עס צודרינגליכקייט און אטאלא'ס זאנדערבארער געמיש פון ליידענ־שאפט און צוריקהאלטונג, וועלכע האלט איר אין אייביגען ווינגען זיך צווישען העפטיגען ווידערשטאנד און לויטערער הינרייסונג צו איר געליבטען. אלץ קלערט זיך אויף ווען זי דערצעהלט שאק־טאס'ן, אז איר מוטער, וועלכע איז פארפירט געווארען פון א וויי־סען, האט זי געמאכט פאר א קריסטין און האט גענומען ביי איר א שבועה, אז זי וועט בלייבען א מיידעל ביז'ן טויט. אין איר פארצווייפלונג איבער דיזען נדר און אין מורא אז זי וועט אים ניט קענען האלטען נעהמט אטאלא אין דער שטיל גיפט און הויכט אויס איר נשמה אין די ארעמס פון איר געליבטען, אונטערגעהאל־טען פון אן אלטען מיסיאנער, וועלכער האט אויפגענומען דאס יונ־גע פאר אין זיין שטיבעל.

מען מוז, זעלבסטפארשטענדיליך, זיך ווענדען צו דער ער־צעהלונג אליין אום צו באקומען דעם פולען איינדרוק פון איר ברענענדער ליידענשאפט און לירישען שוואונג. פונקט אזוי ווע־ניג קען מען דורך באשרייבונגען און ציטאטען געבען א פארשטע־

לונג פון דער קראַפט, מיט וועלכער די זעלטענע נאַטור־שילדערונ־גען זיינען געמאָלען. נאָר דאָס איז לייכט אָנצעווייזען, אז שאַ־טאָבריאַן האָט הויפּטזעכליך און אינסטינקטיוו באַנוצט אַ געמיש פון דאָס עראָטישע מיט דאָס שרעקליכע אום ארויסצוברענגען דעם געווינשטען עפעקט. אין דער וויכטיגסטער ליבעס־סצענע ברענגט ער ניט נאָר אריין אלס אקאָמפּאַנימענט דעם ליאַרם פון קלאַפּער־שלאַנגען, דעם געהייל פון וועלף, דאָס ברילען פון בערען און קליי־נע טיגערען, נאָר ער לאָזט אויך אַ שטורם זיך דורכטראָגען, וועל־כער מאַכט די בוימער צו קראַכען, און אַ געדיכטע פינסטערניש אראָבזינקען, וועלכע ווערט אַלע ווײַלע דורכגעריסען פון בליצען, וואָס צינדען ענדליך אָן אַ וואַלד־פייער. ארום די ליבענדע שטע־הען הויכע פיכטען־בוימער און ברענען ווי פאַקעלען צו זייער האָכ־צייט, אטאַלאַ האַלט ביי אונטערגעבען זיך, ווען פלוצלונג ניט אַ וואַרנענדער בליץ אַ קראַך צו אירע פיס. דאָ פאַסירט עס וואָס זי נעהמט גיפט, און אין אירע לעצטע ווערטער צו טשאַקטאַס'ן זעהט אויס דער פייער פון איר ליידענשאַפט ווי אַ פאָרזעצונג פון דעם וואַלד־פייער אין דער נאַטור.

„וואָס פאַר אַ פיין עס איז צו זעהן דיך אימער נעבען זיך, ווייט פון מענשען, אין דער טיפער איינזאַמקייט פון דער סטעפּ, און דאָך פיהלען צווישען מיר און דיר אַן אונאיבערשטייגליכע וואַנד! עס וואָלט געווען מיין העכסטעס גליק צו פאַרברענגען מיין גאַנץ לעבען צו דיינע פיס, צו דינען דיר ווי אַ שקלאַפין, אין אַן אומבאַקאַנטען ווינקעל פון דער ערד דיר דיין מאָלצייט און דיין געלעגער צוצוגרייטען; דאָס דאָזיגע גליק איז געשטאַנען פאַר מיר און איך האָב עס ניט געקענט געניסען! וועלכע פּלענער האָב איך ניט אויפגעטראַכט! וועלכע טרוימען האָבען אין דיזען באַטריבטען הארצען ניט אויפגעטויכט! אָפטמאָל, קוקענדיג אויף דיר, פלעג איך הינגעריסען ווערען פון פאַרלאַנגען וועלכע זיינען געווען פונקט אזוי וואַנזיניג ווי זינדיג: אָט פלעגט זיך מיר ווע־לען אז איך און דו זאָלען זיין די איינציגיע באַשעפענישען אויף דער ערד; און אָט ווידער, פיהלענדיג די גאָטהייט וועלכע פלעגט אָבהאַקען דיזע שרעקליכע געדאַנקען, פלעג איך ווינשען אז די גאָטהייט אַליין זאָל פאַרניכטעט ווערען, כדי, אין דיינע אָרימס

איינגעדריקט, זאָל איך קענען פאַלען פון אַבגרונד צו אַבגרונד אין מיטען פון די רואינען פון נאָט און וועלט.״

ווי מערקווירדיג עס איז ניט דיזער אויסברוך פון אונבאַ־גרענצטער ליידענשאַפט, און ווי אָריגינאַל עס איז ניט די סצע־נערי, וועלכע דינט איר אַלס הינטערגרונד, פיהלט מען דאָך אַז אַזעלכע טענער, אַזעלכע שילדערונגען וואָלטען אונמעגליך געווען, ווען עס זאָל ניט געווען פריהער קומען רוסאָ, און ווען רוסאָ'ס לי־טעראַרישע פאַרזוכען וואָלטען פון אַן אַנדערען, גרעסערען גייסט, אויסערהאַלב פראַנקרייך, ניט פאָרגעזעצט געוואָרען.

.2

## רוסאָ'ס „נייע העלאָיז".

דאָס באַדייטענדסטע ווערק, וואָס רוסאָ האָט געשאַפען אַלס דיכטער, איז „די נייע העלאָיז". עס איז דאָס דאָזיגע בוך, (וואָס האָט איבערינענס געהאַט פּאָרלויפער, אַ ווייטען אין דער פּאָרטרעפליכער ערצעהלונג „מאַנאָן לעסקאַוט" פון אַבבעי פּרעיוואָ (Abbe Prevost,), און אַ נעהנטערען אין די ענגלישע ראָמאַנען פון ריטשאַרדסאָן,) וועמעס אידעען האָבען, ווי פון ווינד געטראָגענע זאָמענקערנער, זיך אין דייטשלאַנד פּאַרפּלאַנצט און דאָרט אַרויסגעבראַכט „ווערטהער". די ווערטהער־געשטאַלט וואַקסט, מאַכט דורך אַן אומשאַפונג און ווערט שפּעטער „פאַוסט", און יענע געדאַנקען און געפיהלען שטראָמען דאַן אַריבער צוריק די גרעניץ פון פראַנקרייך, און אויף פראַנצויזישען באָדען הייסט דער שטראָם „רענעי".

וואָס איז געווען דאָס נייע אין רוסאָ'ס „העלאָיז"? זיינע לאָזונגען זיינען געווען נאַטור און געפיהל, נאַטור און טוגענד. דערין ליגט פאַר אונז קיין נייס ניט. דער שטאָף פון דעם בוך איז אַ ליבעס־געשיכטע, און דערפון האָט מען אין פראַנקרייך שוין אַ סך געשריבען. דאָס נייע באַשטעהט קודם־כל אין דעם, וואָס רוסאָ'ס „העלאָיז" מאַכט אַן ענדע צו דער גאַלאַנטקייט, און דערמיט — צו דער אויפפאַסונג פון די געפיהלען אין דער גאַנצער קלאַסיש־אַראַטאָרישער פּעריאָדע. דיזע אויפפאַסונג איז געווען, אַז אַלע איידעלע און צאַרטע געפיהלען, און פאַר אַלעמען די ליבע, זיינען פּראָדוקטען פון דער ציוויליזאַציאָן. עס איז קלאָר אויבען־אויף, אַז אַ געוויסע שטופע פון קולטור איז נויטיג, איידער עס קען אַנטשטעהן אַזאַ געפיהל ווי ליבע. כל זמן עס זיינען ניט גע־

ווען קיין פרויען קליידער זיינען ניט געווען קיין פרויען, נאָר בלויז נקבות, און כל זמן עס זיינען ניט געווען קיין פרויען איז ניט געווען קיין ליבע. פון דיזען, אין זיך זעלבסט ריכטיגען געדאנק האָט יענע פאָר־רוסאָ׳ישע עפּאָכע, וועלכע ווערט אָנגערופען די עפּאָכע פון לואי דעם 14טען, געצווייגען דעם שלום, אז פארדעקען די נאַקעטע ליידענשאַפט מאכט זי איידעלער און ווירדיגער. וואָס מער פארשלייערט און אַ ר ו ם געשריבען זי איז, וואָס זאָרגפעלטיגער פארשטעלט, וואָס ווייטער אַנגעוואונקען, אַלץ וועניגער ברוטאַל ערשיינט זי. די זיטען און די ליטעראטור פון יענער צייט זיינען ווירקליך געווען א פּראָדוקט פון געזעלשאַפטליכער קולטור, א קולטור וואָס איז געווען באשרענקט בלויז צו די העכסטע קרייזען.

די מענער פון דער צייט פון לואי דעם 13טען פלעגען זיך אומטרייבען אין אייזערנע פאנצער, אויף געפּאַנצערטע פערד, אין רעגען און שניי איבער דורכגעווייקטע שטעגען פון בערג און טייכען. דעריבער, ווען זיי און זייערע זיהן האָבען פארלאָזען זייערע אַלטע אָפּגעלעגענע ריטער־ און רויבער־שלעסער אום צו געהן נאָך ווערסאיל, האָבען זי ליבער פארגעצויגען א רעגעלמעסיגען גאָרטען איידער דעם ווילדען וואלד, אָן אויסגעארבייטע עטיקעטע אָנשטאָט דער שפּראַך פון דעם סאָלדאטען־לעבען, און אין דער טראַגעדיע, אין דעם ראָמאַן און אין דער לירישער פּאָעזיע — א געשליפענע פאָרם און ציוויליזירטע געפיהלען אנשטאָט נאטור און געפיהל. אין דיזען שטרעבען איז מען געקומען צו אזא הויכען פונקט וואָס איז ביז דאן נאָך קיינמאָל ניט געווען אין דער געשיכטע פון גייסט. אַלס ביישפּיל קען דינען א ראָמאַן ווי „די פּרינצעסין פון קלעוו". עס איז אונמעגליך צו געפינען א צאַרטערען חוש און א ריינערען געפיהל פאר דער ראפינירטקייט פון דער מענשליכער נאַטור און די פאָרמען אין וועלכע דיזע ראפינירטקייט האָט אָנגענומען פאר זיך, ווי אין דיזען ראָמאַן. אָדער לאָמיר נעהמען, אום צו האָבען א פאָלקאָמענערען קאָנטראַסט צו דער „נייער העלאָיז", מאריוואָ׳ס (Marivaux) פּיעסען. בשעת ביי דעם אינגערען ערעבילאָן (Erebillon) געפינט מען פריי און אונזשעגירט אָפּגעמאָלט די זשעניאַלע און דום־שטאָלצע פּוסט־

קייט פון יענער נעזועלשאפט, גיט אונז מאריוואָ אירע סאמע פיינ־סטע בלומען, איר מאַניערען־גראַציע א לאַ פּאַרמעגיאַנינאָ, איר גאנצע בילדונג און איר גאַנצען גייסט אזוי פאָלשטענדיג און טיפיש, אז מען דערקענט גלייך ווידער דעם כאראקטער ווען אל־פרעד דע מוסע (Musset) מיט יאָרען שפּעטער נעהמט ווידער אויף די שילדערונג אין זיינע קליינע דראמען. די געליבטע ביי מאַ־ריוואָ זיינען צוויי וועזענס פון גלייכער ערציהונג, און וואָס נאָך וויכטינער, פון גלייכען ש ט א נ ד. מיר באַגעגענען דאָ ניט, ווי אין די דראמען און ראָמאַנען פון דעם 19טען יאָרהונדערט, יענע אריסטאָקראַטישע דאמען, די פּאַטריציערינס, וועלכע ליבען א מאַן פון פּראָסטער אָבשטאַמונג, דעם פלעבייער, אָדער געשטאַלטען ווי דער לאַקיי רואי בלאַ, וועלכער געפינט חן אין די אויגען פון א קעניגין. אויב עס פּארקליידען זיך אַמאָל ביי מאריוואָ דער הער אלס דינער און דאָס פריילין אלס קאַמער־מיידעל דערקענען זיי זיך גלייך, טראָץ דער פאַרקליידונג. דיזע צוויי וועזענס זיי־נען האַלב־נאַטירליך, האלב־קינסטליך; זיי זיינען, ווי פּאָול דע סעינט־וויקטאָר זאָגט, גלייך צו יענע בלומען, וועמעס זאַפטען קומען ארויס פון דעם שוים פון דער נאַטור, אָבער וועמעס קעלכבלעטער האָט דעם גערטנער׳ס קונסט פאַרשעהנערט דורך א מי־שונג מיט געקליבענע מוסטערען. זיי טראָגען ניט קיין פּאַרוקען, אָבער זייער האָר איז געפּודרעט. זיי טראָגען פאַראַדנע שווערדען אָבער זיי פאַרשטעהען ניט ווי זיי צו געברויכען. זייער געשפּרעך איז א באַשטענדיגעס זוכען און אנטלויפען, א צוטרעטען און צו־ריקטרעטען, לויטער אָנצוהערענישען און צווייבדייטיגקייטען, טוי־זענד אומוועגען, אונטערדריקטע זיפצען און פאַרשטעלטעס מודה זיין; א סטיל פון זילבער און זייד. די אָפענע הסכמה שוועבט אויף די ליפּען פון דיזע יונגע מיידלעך און אלמנות, אָבער זי ווערט צוריקגעהאַלטען אין דעם מאָמענט ווען זי וויל ארויספליהען. דער בענקשאַפטס־פאַרלאַנג פון דעם ליבהאָבער פאַרלירט זיך אין אזאַ טיפען געפיהל פון רעספּעקט, אז יעדען אויגענבליק בלייבט ער שטעקען, ווערט פאַרלעגען און שווייגט. די פיינע דאַמע ביי מאַריוואָ באדאַרף גאָר קיין אויסגעשפּראָכענע ערקלערונג ניט. ווי זי באַהערשט זיך אליין און היט זיך ווי א שוישפּילערין איר לייד־

דענשאַפט ניט אַרויסצושטעלען, אַזוי פאַרשטעהט זי אַ האַלב וואָרט אין יענעם, אַ ציטער פון דער שטימע, און קערט זיך אָב פון דער שטאַרקער ליידענשאַפט, פון איר אויסגעשריי און איר זעלבסטפערגעסענהייט ווי פון עפּיס אַן אָבשטויסענדען און בלוטיגען שוישפּיל. דאָס שטיק רוקט זיך דאַריבער האַלבע און גאַנצע שטונדען לאַנג ניט פון אָרט. דיזע נאַטורען זיינען פאַר אונז צו צאַרט און עמפּפינדליך. זיי זעהען אונז אויס וואונדערליך און אַבסורד, מיר קוקען זיי אָן אַלס קוריאָזיטעטען, ווי מען קוקט אָן די מימאָזען צווישען די פלאַנצען; די מימאָזען זיינען ניט אוננאַטירליך, נאָר איינענאַרטיג, און יענע פּערזאָנען זיינען, אמת, מאַנירליך, אָבער אָהן געמאַכטקייט, דען זייער וועזען איז פאַר זיי נאַטירליך. דאָס פראַנצויזישע וואָרט „מאַריוואָדאַזש" (העכסט אויסגעפיינטער סטיל, סענטימענטאַליזם) באַווייזט אַז מאַריוואָ'ס מאַניער איז שטאַרק אָריגינעל. ניט יעדען מאַנירליכען קינסטלער געלינגט עס צו באַרייכערען די שפּראַך מיט אַ וואָרט, אין וועלכען ער לאָזט איר איבער זיין נאָמען.

מען האָט געמאַכט אַ סך פאַרשיידענע באַשולדיגונגען געגען דער קונסט און פּאָעזיע פון יענער צייט. מען האָט געזאָגט אַז זי איז ניט פאָלקסטימליך, פאָלגליך איז זי אונמאָראַליש; דען אין אונזערע טעג איז מען גענייגט דיזע ביידע באַגריפען צוזאַמענצושמעלצען. אָבער מען דאַרף ניט פאַרגעסען אַז ביז יעצט איז יעדע גרויסע קונסט אין דער וועלט געווען פון אַריסטאָקראַטישען אורשפּרונג, די וועלכע איז אין אַטהען אַנטשטאַנען ניט וועניגער ווי די, וועלכע איז אין פלאָרענץ אַנטשטאַנען, בשעת די גרויסע דעמאָקראַטישע געזעלשאַפטען, ווי אין נאָרד־אַמעריקאַ, האָבען נאָך קיינערליי קונסט ניט אַרויסגעבראַכט. מען דאַרף ניט אַריינפאַלען אין דער פּעדאַנטעריי צו פאַראַכטען יענע גאַנצע פּאָעזיע, וואָס נאָר איר געגענזאַץ מוז נויטווענדיגערווייז זיך פּאַסען דעם מענשען פון אונזער צייט און אונזער געזעלשאַפט. אַן אַנדער איינווענדונג געגען דער קונסט פון דער צייט פון לואי דעם 15טען איז דאָס וואָס זי איז קאָנווענציאָנעל. אָבער דערפאַר דאַרף זי ניט גרינגגעשעצט ווערען. יעדע קונסט אין דער וועלט איז קאָנווענציאָנעל; ווען דאָס קאָנווענציאָנעלע פאַרלעצט ניט אונז אַליין

איז עס נאָר דערפאַר, ווייל עס שטעהט צו נאָהנט צו אונז אום אונז צו פאַרלעצען! דאָס קאָנווענציאָנעלע ביי מאַריוואָ איז אויסגעשפרייט איבער זיין גאַנצער צייט.

יענער צייטגייסט דריקט אַרויף זיין שטעמפּעל אויף אַ גאַנ־צען יאָרהונדערט. מיר טרעפען אים ביי מאָצאַרט אין אַ פיגור ווי צערלינע, וועלכע איז בשום אופן ניט קיין דאָרפס־מיידעל אין הילצערנע שיך, אָדער פון דעם סאָרט ווי די געשטאַלטען פון אונ־זערע נאָרוועגישע דאָרף־געשיכטען, נאָר קאָקעט און „ליבליך", מיט הויכע שיך און רויטע אָפּזאַצען, דעם פּאַסטוכער־הוט אויפ'ן האַנד און אַ לייכטען וואָלקען פון פּודרע אויפ'ן קאָפּ. מיר טרעפען אים ניט וועניגער אין וואַטאָ'ס (Watteau) גלענצענדע בילדער. דער מאַלער פון די דאָרפישע פעסטליכקייטען, ווי ער ווערט אָנגערו־פען, האָט מיט פּאַלשטענדיגער זשעניאַליטעט פאַרהערליכט און פאַראייביגט די שטיפערישע עראָטיק פון יענער צייט. אָבער נאָכ־דעם ווי מיר האָבען געהערט צערלינע'ס דועט, באַטראַכט אַ בילד פון וואַטאָ, אָדער געזעהן אַ שטיק פון מאַריוואָ, ווען מיר קערען זיך אום צו אונזער צימער און עפענען אויף „די נייע העלאָיז" ווע־לען מיר דערפיהלען אַן אַנדער אַטמאָספערע.

פאַר רוסאָ איז אַזאַ מאַניעריזם און גאַלאַנטקייט לעכערליך. אַזוי ווי אין אַלעס ציהט ער פאָר דעם נאַטור־צושטאַנד, אַזוי אויך אין דער עראָטיק, און ליבע אין איר נאַטור־צושטאַנד איז פאַר אים אַן אונווידערשטעהליכע, גוואַלטזאַמע ליידענשאַפט. ווי ווייט אָב־געררוקט מיר זיינען דאָ פון יענע צאַרטע זעלען־שטימונגען און ציר־ליכע זשעסטען פון מאַריוואָ, פון יענע סצענען אין וועלכע דער קניענדער ליבהאָבער פאַרגעסט ניט אין סאַמע קניען די פאַלקאָ־מענע פּאָזע בשעת ער דריקט צו זיינע ליפען דעם שפּיץ פון דער געליבטער'ס הענדשקע! רוסאָ'ס העלד סעין־פּרע, מיט זיין גאַנ־צער ריטערליכער און מאָראַלישער האַלטונג, איז דאָך אַן אמת'ע עלעקטריזיר־מאַשינע אָנגעלאָדען מיט ליידענשאַפט, גוואַלטזאַם, זעלבסטפאַרגעסען, און יענער ערשטער קוש אין דעם קלאַרענס־וועלדעל רופט אַרויס אַן אמת'ען טרייסעל, אַן ערדציטערניש, אַ פלאַם פייער ווי פון אַ בליץ, און ווען זשולי בויגט זיך אַרונטער צו סעין־פּרע און קושט אים און עס הויבט איר אַן שווינדלען אין

קאָפּ און זי פאַלט אין אַהנמאַכט איז עס ניט אַ קאָקעטעריי ווי אין דער צייט פון די פּארוקען, נאָר אַ רעזולטאַט פון דער איבער־וועלטיגענדער מאַכט פון דער ליידענשאַפט איבער דעם יונגען גע־זונדען נאַטור־קינד.

דער צווייטער נייער שטריך ביי רוסאָ איז דאָס, וואָס סעין־פּרע און זשולי זיינען ניט פון גלייכען שטאַנד. זי איז די טאָכ־טער פון אַן אַנגעזעהענעם מאַן, ער — אַן אָרימער הויזלערער, אַ פּלעבייער. ווי אין „ווערטהער׳ס ליידען" איז דאָ מיט דעם ליבעס־געפיהל געפּאָרט דער ווילען פון דעם דעמאָקראַטישען פּלעבייער זיך דורכצושלאָגען אַ וועג אין לעבען. מען זעהט וויפיעל רעכט און אומרעכט נאַפּאָלעאָן האָט געהאַט ווען ער האָט ביי זיין באַ־גענעניש מיט געטהע אים געמאַכט דעם פּאָרוואורף אַז ער האָט אין „ווערטהער" קאָמבינירט די ליבעס־געשיכטע מיט׳ן פּראָסטאַק און זיך דערמיט ארויסגעשטויסען פון דער אַריסטאָקראַטישער גע־זעלשאַפט. מען פיהלט דעם זיכערען בליק פון דעם טאַקטיקער אין דיזען פּאָרוואורף, אָבער פון דאָס אויבענגעבראַכטע קען מען דערקענען אין וואָס פאַר אַ נאָהנטער פאַרבינדונג די ליבע איז גלייך ביים אָנפאַנג פון איר אויפטרעטען אין דער ליטערא־טור געשטאַנען מיט דעם דעמאָקראַטישען עלעמענט. מיט איין וואָרט, דאָס געפיהל אליין איז דעמאָקראַטיש, די אַריסטאָקראַ־טישע ליבע אַנטוויקעלט זיך גלייך אין גאַלאַנטקייט.

דער דריטער באַדייטונגספולער שטריך אין דיזען בוך איז דאָס, וואָס פונקט ווי די ליבע טרעט אויף אַנשטאַט דער גאַלאַנטקייט און דער קלאַסען־אונטערשייד פאַרנעהמט דעם פּלאַץ פון דער אַריסטאָקראַטישער קאַסטען־גלייכהייט, אַזוי טרעט אויך אויף דאָס מאָראַלישע געפיהל, — די פאַרהייליגונג פון דער היי־ראַט אוים מאָראַלישער איבערצייגונג — אַנשטאַט יענער עהרע, וועמעס איינציגע אורזאַכע איז געווען אַן אַריסטאָקראַטישער שטאָלץ, אַ געוויסע זעלבסטאַכטונג, וועלכע האָט אין דער אַריס־טאָקראַטישער ליטעראַטור געשפּילט די ראָלע פון דער טוגענד, ווען עס איז אין אמת׳ן קיין טוגענד ניט געווען דערין צו געפי־נען. דאָס דאָזיגע וואָרט איז ביז איצט ניט געווען אין קורס. אָבער עס איז געוואָרען אַ לאָזונג פאַר רוסאָ און זיין שולע, אַ לאָ־

זונג וואָס שטעהט גאָרניט אין געגענזאַץ מיט דעם אַנדערען רוף „נאַטור", וואָרום די טוגענד איז פאַר רוסאָ אַ נאַטור־צושטאַנד. מען האָט געזאָגט אַז אין פראַנקרייך איז די פאַמיליען־אויסגלאַ־סענקייט אונטער לואי דעם 13טען געוועזען אַ צייטפאַרטרייב, אונ־טער לואי דעם 14טען אַ מנהג, און אונטער דער רעגענטשאַפט אַ פליכט. רוסאָ אַליין איז ארויסגעטראָטען געגען דעם גייסט פון זיין צייט ווען ער האָט אָנגעשריבען אַ בוך אין וועלכען די הייראַט ווערט פאַרהערליכט. געוויס איז ער נאָך אויך אַזוי אָנגע־שטעקט מיט דעם גייסט פון זיין צייט אַז די העלדין פון דעם בוך פאַלט; ווייטער אָבער האָט דאָס בוך יענע ענליכקייט מיט „ווער־טהער", וואָס אויך דאָ פאַרלירט דער אמת'ער ליבהאָבער די גע־ליבטע און די העלדין פאַרבינדעט זיך מיט אַן „אַלבערט", וועל־כער איז פונקט אַזוי אונטאַדעלהאַפט ווי אונאינטערעסאַנט. עס איז באַלערענד צו זעהן אַ טיף ווי וואָלמאַר אומגעשאַפען פון איין ליטעראַטור אין אַן אַנדערער ניט פאַרלירענדיג דערביי זיין שטעמ־פעל. נאָכדעם ווי ער האָט געשפילט די ראָלע פון אַלבערט אין „ווערטהער" שווימט ער אַרויף אין דער דענישער ליטעראַטור אַלס עדוואַרד אין דעם „טאַגעבוך פון אַ פאַרפירער" (קירקעגאַארד). דער מאָראַלישער עלעמענט וועלכער ווערט ביי רוסאָ אויפגעהויבען און פאַרהערליכט אַלס די טוגענד איז דער זעלבער וואָס טרעט אויף שפּעטער ביי שאַטאָבריאַן אונטער דעם איינפלוס פון דער רעלי־גיעזער רעאַקציע אַלס דער נדר.

און דאַן נאָך אַ שטריך, דער לעצטער: דער לאָזונג „נאַ־טור" דאַרף פאַרשטאַנען ווערען גאַנץ בוכשטעבליך. צום ערשטען מאָל טרעט ארויס אויפ'ן קאָנטינענט דאָס עכטע נאַטור־געפיהל אין דעם ראָמאַן און לאָזט די ליבהאָבעריי פאַר סאַלאָנען און גערט־נער. וואָס פאַר אַ ווייטקייט פון דער סצענעריי ביי מאַריוואָ און וואַטאָ!

אין וועלכע אומגעבונגען שטעלט די פּאָעזיע און די מאַלע־ריי פון דער צייט פון לואי דעם 15טען אירע פּערזאָנען? דאָס נאָך וואָס מען האָט געשטרעבט אונטער לואי דעם 14טען אין דער אַרכיטעקטור איז געוועזען דאָס אימפּאָנירענדע. מען האָט געפּאָ־דערט יעדע לייכטקייט און באַקוועמליכקייט צו דעם קאַלטען פּאָמפּ

און דער שטייפער עטיקעטע. ווער עס האָט געזעהען דאָס שלאָפ־צימער פון לואי דעם 14טען אין ווערסאַיל וועט צוגעבען אז אים איז זעלטען אויסגעקומען צו זעהען אַ מער אונערטרעגליכען געלע־נער. יעצט ווערען די אונבאַוואוינבארע און מאַיעסטעטישע זאַלען אָבגעטיילט פון די „קליינע שטיבער״ ("Petites maisons") אָבער דעמאָלט האָט זיי יעדער וועלטליכער מענש באזעסען, און אין זיי האָט זיך דער אויבערפלעכליכער געשפּרעך און דער אויס־געלאַסענער לייכטזין גוט געפיהלט. דאַריבער פאַרשווינדען אין דער אַרכיטעקטור די גרויסע, איינפאַכע פאַרהעלטניסען, די ריי־נע און קלאָרע מאַסען־ווירקונגען. דאָס הארטע און שווערע פון דעם שטיין ווערט פאַרלייקענט, די שטרענגקייט פון דער ליניע געבראָכען, אַלעס ווערט רונד און אויפגעבלאָזען, אַלע ליניען ווע־רען משופּע׳דיג און שטאָלץ. דיזער סטיל האָט דערגרייכט זיין העכסטען פּונקט אין דער אַרכיטעקטור ווי אין דער סקולפּטור. אי־בעראַל שטויסט מען זיך אָן אויף אונענדליך ווידערהאָלטע קופּיד־סטאַטועס און גראַציען, פּונקט ווי אין די פערזען פון וואָלטעיר׳ס "Poesies Fugitives". אין די גערטנער אומאַרמט דער באָק־פוסינער פּאַן שלאַנקע, ווייסע נימפען ביי קינסטליכע וואַסער־פאַלען. אין דער מאַלעריי אַנטשטעהען יענע לאַנד־בילדער, צו וועלכע רובענס׳ ליבעסגאָרטען האָט געדינט אַלס פאָרבילד, אָבער וועלכע, אַנשטאַט זיין ברייטער לעבענס־לוסטיגקייט און שווע־רע פיגורען, ווייזען אויפגעבלאָזענע און פיינע געשטאַלטען אין קאָ־קעטע קליידער, און אַנשטאָט רובענס׳ שטאַרקען סענסואַליזם — אָן עראָטישעס שפּיל, אַ ליבלען און פליסטערען, אויף אַ הינטער־גרונד פון שאָטענדיגע גאַנגען מיט שטילע באַהעלטענישען, מיט לייכטזיניגע סטאַטועןן און פרישע גראָז־טעפּיכען.

אונטער לואי דעם 14טען איז די גאַנצע קליידונג געווען שטייף. מען האָט געטראָגען גרויסע אָבשלאָגען און קראַגענס, אפילו די פאָלעס פון ראָק און וועסט זיינען געווען שטייף, די האַלז־קראַגען און מאַנזשעטען שטאַרק, אַזוי אַז קיין איינציגער פאַלט זאָל זיך ניט קענען פאַרענדערען. די אונבאַקוועמע „אַלאַנזשע־פאַריקען״ האָבען געמאַכט נויטיג די ערנסטע, אַנגעצווינגענע האַל־טונג. אונטער דער רעגענטשאַפט איז אַלעס געציילט געווען אויף

ליכטקייט און אונגעצוואונגענקייט. דאָס שטייפע פוטער איז פארשוואונדען, אויפ'ן אָרט פון די אַלאַנזשע־פאבריקען איז געקומען די געפודרעטע האָר, שטייף פריזירט, אזוי אַז קיין שום האסטיגע באוועגונג זאָל עס ניט קענען ברענגען אין אונ־אָרדנונג. איבעראַל, אין דער קליידונג און אין דער באַנעהמונג, האָט מען זיך איבערגעגעבען צו אַ געוויסער נאכלעסיגקייט. מען פלעגט פארווײלען אין בודואַרען. אזוי ווי עס איז איינגעפירט געוואָרען טיי און קאָפע פון דעם אָריענט אזוי איז אויך איינגעפירט געוואָרען די אָריענטאַלישע סאָפע, וועלכע האָט דעם אינגערען ערעביאַן געגעבען דעם טיטעל פאר זיין באקאנטעסטער ערצעהלונג. דער ווייכער לענשטול האָט פארדרענגט דעם הויכען, אונבאקוועמען ארעמשטול מיט דעם רוקען גלייך ווי אַ שנור. די אויסשטאַטונג פון די צימערען באַשטעהט פון שווערע זיידע־נע גאַרדינען, וועלכע מאכען דאָס ליכט גלוסטיג־מאַטער, פון גרויסע שפיגלען אין גאָלדענע ראַמען, פון רייך פארצירטע פערפענ־דיקעל־זייגערס, פון צופיעל געצייכענטע מאַלערייען און נעדרעה־טע, שפיראַל־פערמיגע מעבעל. דאָס גאַנצע צימער הויכט מיט אַ גלוסטיגען פארפום.

פון דאנען ווארפען מיר אַ בליק אויף דער סצענערי אין דער „נייער העלאָיז."

רוסאָ'ס סטאַטוע שטעהט היינט צו טאָג אויף אַ קליינינקען אינזעל אין זשענעווער אָזיערע, וועלכער שפארט זיך אָן מיט זיין זידליכען שפיץ אין זשענעווא. דיזע געגענד איז איינע פון די שעהנסטע אין דער וועלט. ווען מען געהט עטוואָס אויף דער אַנדערער זייט פון דעם אינזעל איבער אַ בריק זעהט מען דייטליך דעם רהאָן ברויזענד און שוימענד ארויסשלאָגען פון דער אָזיערע. איניגע שריט ווייטער און מען זעהט זיין וויסען שטראָם זיך צו־זאמענטרעפען מיט דעם גרויען שניי־וואסער פון דער ארווע. ביי־דע טייכען פליסען זייט ביי זייט, יעדער אויפהיטענדיג זיין פארב. ווייט אוועק זעהט מען דעם שניי־ווייסען שפיץ פון מאָנטבלאַנק ארויסשטעקען צווישען צוויי מעכטיגע אלפען־רוקענס. געגען אָווענד ווערען דיזע בערג־רוקענס טונקעל און עס שימערט איבער זיי דער שניי פון מאָנטבלאַנק ווי בלייכע ראָזען. עס זעהט אויס

אזוי ווי די נאַטור וואָלט דאָ פּאַראַיינינגט אַלע אירע קאָנטראַס־טען. אפילו אין דער מילדסטער צייט פון יאָר שפּירט מען אַן אייזינגע קעלט ווען מען קומט אונטער צו די ברוויזענדע ווייס־גרויע בערג־שטראָמען. אויף דעמזעלבען שפּאַצירגאַנג שפּירט מען, אין אַ באַשיצטען אָרט, דעם הייסען זומער, און איינינגע טריט ווייטער — דעם רויהען הערבסט מיט שניידענדע ווינדען. מען קען זיך גאָר קיין פאָרשטעלונג ניט מאַכען פון דער קאַלטער, קרעפטיגער פרישקייט אויף דיזען אָרט. בלויז די זון און דאָס העלע פינקלען פון די שטערען אין דער נאַכט דערמאָנען אין דעם זיד. זיי זעהען ניט אויס ווי ליכטיגע פינטלעך אין הימעל, נאָר עס דוכט זיך ווי זיי וואָלטען געהאָנגען אין דער לופט. און די לופט אַליין מאַכט פיהלען אזוי ווי מען וואָלט איינגעאָטעמט עפּיס אַ שווערען, שטאַרקען געגענשטאַנד.

פאָרען מיר איצטער אויפ'ן אָזיערע אַרויף נאָך ווערווע. היג־טער דער שטאָדט — די אַלפּען־בערג באַדעקט מיט זידליך־פרוי־שע בוימער און וויינגערטנער. אויף דער זייט פון דעם אָזיערע — די טונקעל־בלויע ריזיגע פעלז־ווענד, וועלכע פאַרשטעלען דעם אויסזיכט אויף די ברעגען פון דער אָזיערע, ערנסט, שרעקעדיג, בשעת די זון שפּילט אַרונטער מיט ליכט און שאָטען אויף די בערג־קאַנטען. קיין אָזיערע איז ניט אזוי בלוי ווי דער זשענעווער. ווען מען פאָרט איבער אים אין אַ שעהנעם זומער־טאָג זעהט ער אויס ווי בלויער אַטלאַס דורכגעשפּרענקעלט מיט גאָלד. דאָס דאָ־זיגע לאַנד איז אַ פעען־לאַנד, אַ לאַנד פון טרוימען, וואו מעכטיגע בערג וואַרפען זייערע שוואַרץ־בלויע שאָטענס אין אַ הימעל־בלויען וואַסער, באַשטראַלט פון דעם פינקלענדען גלאַנץ פון אַ זון, וועל־כע פילט אָן די לופט מיט אירע פאַרבען. פאָרען מיר דאַן ווייטער אויפ'ן אָזיערע ביז מאָנטרע. דאָס פעלזען־נעסט שילאָן, יענער קערקער, אין וועלכען די באַרבאַרישע גרויזאַמקייט פון דעם מיטעל־אַלטער האָט אַלע אירע מאַרטער־שמערצען געזאַמעלט, ליגט דרוי־סען אין דעם וואַסער. דיזער עדות פון ווילדע, גוואַלטיגע, פורכטבאַרע ליידענשאַפטען ליגט אין אַ נאַטור וועלכע מען קען אָנרופען אַ פאַרצויבערטע. דאָ איז דער אָזיערע אָפען, דער אָנ־בליק וועניגער איינגענאַרטיג, דאָס קלימאַט זידלענדישער, ווי ביי

וועווע. מען זעהט אזוי ווי א נעהיימניספולעס בלויעס ליכט, אין וועלכען דער הימעל, די אַלפּען און דער אַזיערע זיינען צוזאַמענגע־שמאָלצען. נאָך א פּאָר שריט ווייטער נאָך קלאַרענס און מיר טרע־טען אריין אין יענעם קאַשטאַנען־וועלדעל וועלכער הייסט ביז אויף היינטיגען טאָג .Bosquet de Julie ער ליגט הויך אוי־בען אויף א בארג; פון דאנען זעהען מיר מאָנטרע ליגען געשיצט און פארשטעקט אין דער בוכטע. ווארפען מיר א בליק ארום אונז און מיר וועלען באגרייפען פארוואָס פון דיזען פּלאַץ ארויס האָט זיך פארשפרייט דאָס נאַטור־געפיהל איבער אייראָפּאַ. דען דאָ שטעהען מיר אין רוסאָ'ס געבורטסלאנד און אויפ'ן הינטער־גרונד פון זיין „נייע העלאָיז". דאָס איז געווען די סצענערי וועלכע האָט פארדרענגט די סצענערי פון דער צייט פון דער רע־גענטשאַפט.

ווען מיר נעהמען דאָס אַלץ אין באטראכט דאַן וועלען מיר לייכט באגרייפען די פארהעלטניש פון שאַטאָבריאַנ'ס ערשטער דיכטונג צו רוסאָ'ס באריהמטעסטען ראָמאַן. פריהער פון אַלץ האָט שאַטאָבריאַן גע'ירש'עט פון רוסאָ די ליבע צו דער נאַטור. די שטארק קאָלאָרירטע שילדערונגען פון דער נאָרד־אמעריקאַני־שער נאַטור האָבען אַלס פאָרלויפער די שילדערונגען פון דער שווייצארישער נאַטור. אָבער דער אונטערשייד צווישען רוסאָ'ס און שאַטאָבריאַנ'ס לאַנדשאַפטען איז דער, וואָס די לעצטע זיי־נען א סך סוביעקטיווער, גאַנץ אנדערש אָבהענגיג אָן דער געמיטס־שטימונג פון דעם העלד און דער העלדין. אויב עס שטורמט אין זייערע הערצער, שטורמט עס אויך אין דרויסען. די פערזענליכ־קייט, דער איינצעלנער מענש פארשמעלצט זיך דאָ גאַנץ אנדערש מיט דער ארומיגער נאַטור ווי אין דער ליטעראַטור פון דעם 18טען יאָרהונדערט און פילט זי אָן מיט זיין ליידענשאַפט און זיין שטי־מונג. וואָס אָנבעלאַנגט דעם העלד און דער העלדין, זיינען זיי, אַלס ווילדע, נאָך פיעל מער דערווייטערט פון גאַלאַנטקייט און נאָך פיעל מער נאַטור־מענשען ווי די פאַרליבטע ביי רוסאָ. און אויב דאָ און דאָרט קומען פאָר אויסדרוקען, וועלכע זיינען אונמעגליך פאַר אַן אינדיאַנער, האָבען דערפאַר א סך פון די עראָטישע אויס־דריקען עפּיס פון ווילדער פּאָעזיע אין זיך, וועלכע איז אין 18טען

יאָרהונדערט אין פראַנקרייך אינגאַנצען אונבאַקאַנט געווען. מיר לעזען, צ. ב. דעם ליבעס־געזאַנג פון דעם קריגער, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „איך וועל זיך איילען אַזוי שטאַרק, אַז איי־דער דער טאָג וועט באַרירען די בערג וועל איך קומען צו מיין וויי־סער טויב צווישען די אייכען אין וואַלד. איך האָב אַרומגעבונ־דען אַ האַלזבאַנד קאַרעלען אַרום איר האַלז: די דריי רויטע קאַ־רעלען ריידען פון מיין ליבע, די דריי וויאָלעטע — פון מיין מורא, די דריי בלויע — פון מיין האָפנונג" א. ז. וו.

דער אונטערשייד אין שטאַנד צווישען די געליבטע ביי רוסאָ וואָס האָט אַזוי גוט געשטימט מיט יענער רעוואָלוציאָנערער צייט, האָט זיין פּאַראַלעל אין „אַטאַלאַ" אין דעם אונטערשייד פון רעליגיאָן, וועלכער באַקומט אין דעם נייעם יאָרהונדערט, ביי דער רעאַקציאָן געגען וואָלטעיר, אַ נייע באַדייטונג. און דערמיט ערקלערט זיך אויך, ווי שוין אָנגעדייט, דער פאַקט וואָס דאָ שפּילט אַ קאַטוילישער נדר דיזעלבע ראָלע וואָס ביי רוסאָ דאָס ריין זיט־ליכע געבאָט. דאָ איז פאַראַן אַ פאָרשריט אין קאָלאָריט, אין דער אַנטוויקלונג פון דער פּערזענליכקייט, אין דער פאַרשטענדניש פאַר דעם גייסט און די ראַסען־אייגענטימליכקייט פון אַ פאָלק וואָס איז פרעמד צו דער ציוויליזאַציאָן; דאַגעגען אָבער האָבען מיר דאָ אַן אַבזיכטליכען ריקשריט אין דעם, וואָס די מאָראַל ווערט דאָ פאַרביטען אויף דער קאַטוילישער קלויסטער־רעליגיעזיטעט און אַן אוננאַטירליכען אַסקעטעציזם. די ליידענשאַפט ווערט, אַזוי צו זאָגען, געשאַרפט אויפ'ן מזבח פון דעם קאַטוילוציזמוס, און זייענ־דיג אוננאַטירליך אונטערדריקט, רופט זי אַרויס יענע אוננאַטיר־ליכע ווילדקייט און גלוט, וועלכע ברענגט אַטאַלאַ — די זאַנפטע, פרומע אַטאַלאַ, דיזע ליבליכע, יונגע קריסטליכע אינדיאַנער־מיי־דעל, וועלכע האַלט אַזוי לאַנג אין צאַם די מעכטיגע ליידענשאַפ־טען פון איר שטירמישען, היידנישען ליבהאָבער — צו שטאַרבען מיט דעם וואונש, אַז גאָט און וועלט זאָלען פאַרניכטעט ווערען אויב זי וועט נאָר דאַן קענען אויף אייביג בלייבען געפרעסט אויף דער ברוסט פון איר געליבטען.

.3

## געטהע'ס „ווערטהער".

„די נייע העלאָיז" איז ערשינען אין 1761. דרייצען יאָר שפּעטער, אין אַן אנדער לאַנד, אונטער זעהר פארשיידענע אומ־שטענדען, האָט אַ יונגער זשעני, וועלכער האָט וועניג בשותפות'עס מיט רוסאָ אָבער איז באאיינפלוסט פון זיין ראָמאַן און זיינע אי־דעען, געשריבען אַ קליין בוך, וואָס האָט באַזעסען אַלע מעלות פון „דער נייער העלאָיז" נעבען פיעלע אנדערע, און קיינע פון זיינע חסרונות, אַ בוך וואָס האָט ניט טויזענדע, נאָר מיליאָנען געמיטער אויפגעשטורמט, האָט ארייגגעפלאָסען אין אַ גאַנצען דור אַ לע־בעדיגע באַגייסטערונג און אַ ליידענשאַפטליכע בענקשאַפט נאָכ'ן טויט, און געטריבען אַ ניט קיין קליינע צאָל מענשען צו קרענקלי־כער עמפּפינדליכקייט, צו פארצווייפלונג, צו לעדיג־געהעריי און צו זעלבסטמאָרד און וואָס האָט געהאַט די עהרע פארבאָטען צו ווערען אַלס ניט־רעליגיעז פון דער דענישער פּאַטערליכער רעגי־רונג. דאָס דאָזיגע בוך איז „ווערטהער". סעינט־פּרע האָט אומ־געביטען זיין קאָסטום און האָט אָנגעטאָן די באַריהמטע ווערטהער־קליידונג, דעם בלויען ראָק און די געלבע וועסט, און רוסאָ'ס belle ame איז אַריבער אין דער דייטשער ליטעראַטור אַלס „די שעהנע זעלע."

וואָס איז ווערטהער? דעפיניציאָנען קענען ניט אויסשעפּען דעם אונענדליכען רייכטום פון אַ דיכטערישען מייסטערווערק, אָבער מען קען מיט אַ פּאָר ווערטער זאָגען, אַז דיזע געשיכטע פון אַ ליידענשאַפטליכער און אומגליקליכער ליבע האָט איר באַדיי־טונג אין דעם, וואָס זי דריקט אויס ניט בלויז די צופעלינע ליי־דענשאַפט און דאָס צופעליגע אומגליק פון אַן איינצעלנעם אינ־

דיווידואום, נאָר איז אזוי באַהאַנדעלט, אַז די ליידענשאַפטען, בענקענישען און קוואַלען פון אַ גאַנצער עפּאָכע האָבען אין אים זייער אויסדרוק געפונען. דער העלד פון דער ערצעהלונג איז אַ יונגער מאַן פון בירגערליכער אָבשטאַמונג, וועלכער איז מאַלע־ריש באַגאַבט און מאָלט פון נייגונג, אָבער לויט פּראָפעסיע איז ער אַ סעקרעטער אין אַ געזאַנדשאַפט. דיזען יונגענמאַן האָט געטהע ניט־ווילענדיג פאָרמירט לויט זיין אייגענעם יוגענד־בילד, ער זעהט, פיהלט און דענקט מיט זיין גאַנצער רייכער און שפּרודלענדער זשעניאַליטעט ווי דער יונגער געטהע, און דאַדורך פאַרוואַנדעלט זיך ווערטהער אין אַ גרויסער סימבאָלישער פיגור: ער איז מער ווי דער גייסט פון אַ נייער צייט. ער איז כמעט צו רייך און גרויס אויפגעפאַסט פאַר זיין שיקזאַל. עס איז פיליכט פאַראַן זאָגאַר אַ דיסאָנאַנס צווישען דעם ערשטען טייל פון דעם בוך, וואו ווער־טהער׳ס גייסט ווייזט זיך אַרויס אין זיין ענערגישער געזונדקייט און יוגענדליכער קראַפט, און דעם צווייטען טייל, וואו ער געהט אונטער. אין דער ערשטער העלפט האָט ווערטהער מער פון געטהע׳ן אליין, וועלכער האָט זיך דאָך דעם טויט ניט געמאַכט. אין דער צווייטער העלפט האָט ער מער פון דעם יונגען יערוסאַלעם, וועמעס אומגליקליכער טויט האָט געדינט אַלס טעמע פאַר׳ן בוך. אָבער אזוי ווי ווערטהער איז, איז ער דאָך אַ טיפּוס. ווערטהער איז ניט נאָר דורך זיין ליידענשאַפטליכקייט אַ נאַטור־וועזען, ער איז נאַטור אין יענעם באַזונדערען זין אין וועלכען געניוס איז נאַטור. בעת ער פאַרלירט זיך אין דער נאַטור, פיהלט ער דאָס גאַנצע אונ־ענדליכע לעבען פון דער נאַטור אין זיך, און פיהלט זיך דאַדורך „געגעטערט". מיר לעזען, צ. ב., ווערטהער׳ס וואונדערליכע טאַ־געבוך־פאַרצייכנונגען פון 18טען אויגוסט 1771. זי איז מעכטיג און געניאַל ווי אַ מאָנאָלאָג פון פאַוסט. מיר לעזען די שילדערונג ווי „דאָס אינערע לעבען פון דער נאַטור" עפענט זיך פאַר אים, ווי ער זעהט „די אַלע אונערגרינדליכע קרעפטען אין דער טיפע־ניש פון דער ערד ווירקען און שאַפען", ווי ער שמאַכט דערנאָך „צו טרינקען די קוואַלענדע פרייד פון דעם שוימענדען בעכער פון דער אונענדליכקייט און בלויז איין אויגענבליק צו פיהלען אין דער איינגעשרענקטער קראַפט פון זיין בוזים אַ טראָפּען פון דער

זעלינקייט פון יענעם וועזען וואָס ברעננט אַרוים אַלץ אין זיך און דורך זיך." ווען מען לעזט דאָס, דאַן פאַרשטעהט מען ווי אַזוי, ווען ער הויבט זיך אָן פיהלען ווי אַ פאַרשפאַרטער וואָס זעהט קיין אויסוועג ניט, קען ער אַרומגעכאַפּט ווערען פון אַ ברענענ־דען, אַזוי צו זאָגען פּאַנטעאיסטישען פאַרלאַנג אַוועקצושליידערען פון זיך זיין מענשליכען זיין, אום „מיט די שטורמווינדען צו צו־רייסען די וואָלקענס און ערגרייפען די וועלען", — און דאַן פיהלט מען די באַרעכטיגונג אין דעם אויסרוף מיט וועלכען ער שטאַרבט: „נאַטור! דיין זוהן, דיין פריינד, דיין געליבטער דערנעהנט זיך צו זיין סוף."

עס איז אונמעגליך אַז אַ זעלע, וועלכע פאָדערט אַזאַ גרוי־סען פּלאַץ, זאָל זיך ניט אָנשטויסען אָן די ענגע ראַמען פון דער געזעלשאַפט, איבערהויפּט ווי זי איז געוועזען איינגעצאַמט אין פעס־טע רעגלען צו דער ענד פון דעם געזעלשאַפטסליכסטען פון אַלע יאָרהונדערטען. ווערטהער פאַראַכטעט רעגעלען אויף אַלע גע־ביטען. אין אַ צייט ווען די פּאָעזיע איז געוועזען געפּענטעט פון רע־געלען, פירט ער זיי אַלע צו צו איינס: „דערקען דאָס גרויסע און וואַג עס אויסצושפּרעכען." און זייענדיג אַ קינסטלער האָט ער פּונקט אַזעלכע אפּיקורסישע אַנזיכטען אויף דער מאַלעריי ווי אויף דער פּאָעזי. ער באַגעגענט אַ חבר אין פּראָפעסיע, וואָס איז נאַר־וואָס אַרוים פון דער אַקאַדעמיע, וועלכער פאַרשלאָגט אים דעם קאָפּ מיט די תורות פון אַלע באַריהמטע טעאָרעטיקער, צווי־שען זיי ווינקעלמאַן און סולצער. דיזער חברה־מאַן איז פאַר אים אָן אמת'ער שרעק: „די נאַטור אַליין", שרייבט ער, „בילדעט דעם גרויסען קינסטלער. מען קען אַ סך זאָגען צו גונסטען פון רע־געלען, אונגעפער דאָס וואָס מען קען זאָגען צו גונסטען פון די רעגעלען פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט. אַ מענש וואָס ביל־דעט זיך אויס אויף זיי וועט קיינמאָל ניט אַרויסברענגען עטוואָס אינגאַנצען געשמאַקלאָזעס אָדער שלעכטעס, פּונקט ווי איינער וואָס פירט זיך אויף לויט די געזעצען פון העפליכקייט וועט קיינמאָל ניט זיין אַן אונערטרעגליכער שכן אָדער אַן אויסערגעוויינליכער אויסוואָרף; פונדעסטוועגען, מען מעג זיך זאָגען וואָס מען וויל,

די רעגעלען צושטערען פארט דאס אמת'ע געפיהל פון נאטור און זיין אמת'ן אויסדרוק."

אין דעם דאזיגען האס וואס ווערטהער האט געגען אלע פון דרויסען געגעבענע רעגעלען ליגט אויך זיין פאראכטונג פאר אלע געקינסטעלטע אויסדריקען סיי אויפ'ן געביט פון דער שעהנקייט סיי אויפ'ן סאציאלען געביט. דאריבער קריצט ער מיט די ציין פון פארביטערונג ווען דער פירשט, וועלכער פארמאגט א קנאפען זין פיר שעהנקייט, ענטפערט אין א געשפרעך מיט אים איבער קונסט, מיט פלאכע, פאטענטירטע טערמינען אויף ווערטהער'ס ווארימען אויסגוס. דאריבער ווערט ער אין דעם געשפרעך מיט אלבערט'ן אויפגעבראכט איבער דעם פארטיגען צעטעל פון אנגענומענע געזעלשאפטליכע מיינונגען, וועלכען דיזער האט אימער אויפ'ן שפיץ צונג: „איר מענשען," רופט ער אויס, „אום פון עטוואס צו ריידען, מוזט גלייך זאגען: דאס איז נאריש, דאס איז קלוג, דאס איז גוט, דאס איז שלעכט! וואס זאל דאס אלע מיינען? האט איר אויסגעפארשט די אינערליכע באדייטונג פון א האנדלונג? קענט איר מיט באטשימטקייט אנטוויקלען די אורזאכע ווארום זי איז געשעהן, ווארום זי האט געמוזט געשעהן? ווען איר וואלט עס געקענט, וואלט איר ניט זיין אזוי איבעראיילט מיט אייערע אורטיילען." דאריבער רעגט אים אזוי אויף די פעדאנטעריי פון דעם געזאנדטען ווען ער גיט אים צוריק דעפעשען צו פארריכטען קלייניגקייטען פון סטיל, דאריבער ווינשט ער אלע אומגליקען אויף דעם טעלאגישען „בלוי־זאק", וועלכער האט אויסגעהאקט די פראכטפולע נוסבוימער פון דעם פריסטערישען גארטען; דאריבער איז ער פארביטערט, מער ווי עס איז פארנינפטיג, איבער אלע פרעטענזיעס פון דער טויטער געלערזאמקייט, איבער אלע לעבלאזע און צערעמאניעלע פארמאליטעטען, אלע פאדערונגען אויף געהארכזאמקייט און אונטערטעניגקייט מצד א געוויסען קלאס פון דער געזעלשאפט.

ער אנטלויפט דאן צו זוכען רעטונג ביי קינדער, וועלכע „זיינען נעהנטער פון אלע אויף דער ערד צו זיין הארצען", און ביי פראסטע מענשען, וועמעס אמת'ע געפיהלען און אמת'ע ליידענשאפטען פארמאגען א שעהנקייט, וואס קען אין זיינע אויגען פון

קיין זאַך ניט איבערטראָפען ווערען. עס איז דאריבער גענוג ער זאָל באָאָבאַכטען די מיידלעך, וועלכע געהען צום ברונען נאָך וואסער, אום זיך צו דערמאָנען אָן די טעג פון די פאטריארכען, אָן אליעזר און רבקה; צו קאָכען אליין זיינע צוקער־ארבעס אום זיך אריבערצוטראָגען אין זכרון אין יענער האָמערישער צייט, ווען פע־נעלאָפ׳ס מוטיגע ליבהאָבער טויטען און בראָטען אליין זייערע אָקסען און שווינען. די נאטור באצויבערט און ענטציקט אים. אויב ער איז ניט קיין קריסט, אויב, ווי ער דריקט זיך אויס, ער געהער ניט צו דיעניגע וועלכע זיינען געגעבען דעם זוהן, ווייל זיין הארץ זאָגט אים, אז דער פאָטער וויל אים פאר זיך באהאלטען, איז עס דערפאר וואָס דער פאָטער פאר אים — איז די נאטור, און דיזע איז זיין גאָט.

וואוהין ער ווענדט זיך, שטויסט ער זיך אָן איבעראל אָן דער געזעלשאפט ווי זי איז געאָרדענט דורך קאלטע און שטייפע רעגעלען. ער ווערט אויף א באליידיגענדען אופן אויסגעוויזען פון א חשוב׳ער געזעלשאפט נאָר דערפאר וואָס ער, א בירגערליכער, א פלעבייער, גאָרניט אויסען זייענדיג, איז געבליבען שטעהן אין זאל פון זיין הער ווען אריסטאָקראטישע געסט זיינען אָנגעקומען. ליבענדיג אליין היים און אומגליקליך, אינטערעסירט ער זיך מיט דער רעטונג פון אן אומגליקליכען, וועלכער איז פון אן אונבא־זיגבארער און ניט־אונערווידערטער ליבע געטריבען געוואָרען צו גוואלט און צום מאָרד פון א קאָנקורענט. אָבער ניט בלויז ווערט ווערטהער׳ס באמיהונג צוריקגעוויזען פון די שטרענגע פארטרע־טער פון דער אָרדנונג, נאָר ער ווערט נאָך פון געזעץ פארפליכטעט צו זאָגען עדות געגען דעמיעניגען, וועמען ער וויל אזוי גערן און הארציג באשיצען און רעטען.

און דאָס אלץ זיינען נאָר נעבענזאכען. די מיידעל וועלכע ער ליבט און וועלכע ער וואָלט געקענט לייכט געווינען ווען די גע־זעלשאפטליכע אָרדנונג וואָלט ניט געשטאנען צווישען, ווערט די ווייב פון אן אנדערען. אין דיזען לעצטען קאָנפליקט ווערט זיין הארץ געבראָכען.

אָט אזוי שילדערט דאָס דאָזיגע בוך דאָס רעכט און דאָס אונרעכט פון דעם פולען הארצען געגען די נישטיגע און שטיי־

פע רעגעלען פון דעם אַלטעגליכען לעבען, וואָס איז געאָרדענט פון דעם פאַרשטאַנד, זיין ציהען זיך צו דער אונענדליכקייט, זיין פּרייהייטס־דראַנג; דאָס האַרץ וואָס פיהלט דאָס לעבען פאַר אַ תפיסה, און אַלע שייד־ווענד פון דער געזעלשאַפט פאַר די תפיסה־ווענד. אַלץ וואָס די געזעלשאַפט ניט איז, ווי ווערטהער זאָגט, די ערלויבניש צו באַמאָלען זיך די ווענד, צווישען וועלכען מען זיצט געפאַנגען, מיט פאַרבען־רייכע בילדער און ליכטיגע אויס־זיכטען. אָבער די ווענד אַליין ווערען דורכדעם ניט אומגעוואָר־פען. אָט דאַרום דאָס דאַזיגע שלאָגען מיט'ן קאָפּ אין וואַנד, דאָס דאַזיגע לאַנגע יאָמערען, די דאַזיגע טיפע פאַרצווייפלונג, וועלכע נאָר אַ רעוואָלוועער־שאָס אין האַרצען קען לינדערען. ווען נאַפּאָ־לעאָן האָט געהאַט זיין באַקאַנטע באַגעגעניש מיט געטהע'ן האָט ער אים פאָרגעוואָרפען אז ער האָט די ליבעס־געשיכטע פאַרבונ־דען מיט אַן אויסדרוק פון אונצופרידענקייט געגען דער אַריסטאָ־קראַטישער געזעלשאַפט; אָבער ווי מען זעהט — מיט אומ־רעכט, וואָרום דיזעביידע פאַרהעלטנישען זיינען ענג פאַרבונדען און צוזאַמען דריקען זיי אויס די אידעע פון דעם בוך.

דאָ ווערט ניט, ווי אין „דער נייער העלאָיז", פאָרגעשטעלט דער זיג פון דער טוגענד און דער געטליכער רעליגיעזיטעט איבער דעם נאַטור־טריב און דער ליידענשאַפט, נאָר דער פאַטאַליזם פון דער ליידענשאַפט. מיט פאַטאַליסטישער נויטוועדיגקייט געהט אין דיזער האַרצענס־טראַגעדיע די ליידענשאַפט, וואָס ווייס ניט פון קיינע רעגעלען און קיינע צאַמען, צו גרונד.

אין יאָהר 1774 אַלזאָ איז ערשינען דאָס דאַזיע בוך, ווע־מעס שלום־בלעטער זיינען, אגב, ניט ערפונדען פון געטהע'ן. מיט דעם רעכט וואָס יעדער שאַפענדער גייסט באַזיצט, צו נעהמען זיין אייגענטום וואו ער געפינט עס, האָט ער זיי ווערטליך אָראָבגע־שריבען פון אַ מאַנוסקריפּט, וועלכער האָט באַהאַנדעלט די ענדע פון דעם יונגען יערוסאַלעם. דער מאַנוסקריפּט איז אָבגעדרוקט אין קעסטנער'ס בוך איבער געטהע און לאָטטע. בלויז איין אייג־ציג וואָרט האָט געטהע געענדערט אַלס וואולגאַר און שלעכט־קלינ־גענד. אין מאַנוסקריפּט שטעהט: „ב א ר ב י ע ר ג ע ז ע ל ע ן (שעהרער) טרוגען איהן". דאָס בוך ענדיגט זיך אַזוי: „ה א נ ד־

װ ו ע ר ק ע ר ׳טרוגען איהן, קיין גייסטליכער האט איהן באַגלייטעט." אין זיין שניידענדער קורצקייט דריקט אויס דיזער זאַץ אַז אַ לעבען איז געענדיגט, אַז אין קאַמפף מיט זיך זעלבסט און מיט דער געזעלשאַפט איז אַ מענש, טויטליך פאַרוואונדעט אין זיינע סימפּאַטיען און שטרעבונגען, אונטערגעגאַנגען. בעלי־מלאכות האָבען איהם געטראָגען, וואָרום די בירגערליכע געזעלשאַפט האָט זיך פאַריסעאיש צוריקגעהאַלטען. קיין גייסטליכער האָט אים ניט באַגלייט, דען ער איז געוועזען אַ זעלבסטמערדער און האָט געבראָכען יעדע קירכליכע און רעליגיעזע פליכט. אָבער ער האָט ליב געהאַט דעם פּראָסטען מענשען און האָט פאַרקערט מיט דעם אונגעבילדעטען, דאָרום האָבען אים די דאָזיגע באַגלייט צום קבר.

עס איז יעדען באַוואוסט וואָס פאַר אַ שטראָם פון סענטימענטאַלער ליטעראַטור עס האָט זיך אַ גאַס געטאָן נאָך דיזען בוך, ווי פיעלע טרערען־רייכע ראָמאַנען האָבען פון אים אַרויסגעשטאַמט, ווי זיין געפיהלס־ווייכקייט איז ביי אייניגע — ווי ביי קלאַורען, לאַפאָנטעין, און דעם דענער ראהבעק — פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שווערער, פלומפּער סענטימענטאַליטעט, און ביי אַנדערע — ווי אין איננמאַנ׳ס פריהסטע דראַמען און ראָמאַנען — אין אַ פאַרפיינטער פלאַטאָנישער טרוימעריי. מען פּראַגלייכט איבערהויפּט די דירעקטע נאָכאַהמונג פון ווערטהער אין „וואַרנער׳ס וואַנדערונגען". אָבער „ווערטהער" אליין איז אין דעם ניט שולדיג; וואָרום דאָס וואָס דאָס בוך איז פאַרטרונקען אין געפיהלס־ווייכקייט איז נאָר איין זייט פון אים. פון אינמיטען פון דיזער פאַרטרונקענקייט שלאָגט אַרויס אַזאַ געזונדעס געפיהל פון נאַטור און לעבען, אַזאַ קראַפטפולער און רעוואָלוציאָנערער צאָרן געגען דער קאָנווענציאָנעלער געזעלשאַפט, די אַריסטאָקראַטישע פאָראורטיילען און דער פּעדאַנטעריי פון דעם געשעפטס־לעבען, אַז דער הויפּט איינדרוק פון דעם בוך איז דער דראַנג נאָך נאַטירליכקייט און פּאָעזיע, וועלכען זי שילדערט, וועקט און באַפרידיגט.

וואָס פאַר אַ פראָגעס מיר האָבען דאָ איבער „דער נייער העלאָיז"!

קודם כל האָבען מיר דאָ נאָך אַ ריינערעס, טיפערעס, גע־

ניאַלערעס געפיהל פאַר דער נאַטור־אומגעבונג און דער לאַנדשאַפט ווי ביי רוסאָ. דער אונטערשייד אין דער נאַטור־אויפפאַסונג ער־קלערט זיך דערמיט וואָס א גרויסע ליטעראַרישע געשעהעניש איז אין דער צווישענצייט פאָרגעקומען — די ארויסגאַבע פון „אָס־סיאַן", וועלכע האָט אזא אונגעהויערען איינדרוק געמאַכט. עס איז באוואוסט ווי דער שאָטלענדישער דיכטער האָט זאָגאר דאָס הארטע הארץ פון נאַפּאָלעאָנ'ען צושמאָלצען, אזוי אז ער האָט אים געשטעלט הויך איבער האָמער'ן. דעמאָלט האָט מען נאָך געגלויבט אין דער עכטקייט פון „אָססיאַן" און די צייט איז נאָך ניט געוועזען געקומען ווען מען האָט זיך פון דיזע דיכטונגען אָבגע־קערט מיט דעם זעלבען ערגער און ווידערווילען, וועלכען עס דער־פיהלט א קאָמפּאַניע אין גאָרטען וועלכע טראָגט זיך אוועק אין טרוימעריי דורך די טענער פון א נאַכטיגאַל און דאַן געפינט זי פּלוצלינג אויס אז זי איז נאָר געמאַכט געוואָרען צום נאַר פון עפּיס א שטיפער, וואָס האָט די נאַכטיגאַל נאָכגעאַהמט. עס איז גע־לונגען מאַקפערסאָן אָבצורוקען האָמער'ן אָן א זייט אין דעם האַר־צען פון זיינע צייט־מענשען. ער האָט באאיינפלוסט אויך גע־טהע'ן. דאַריבער ווערט דאָ אין „ווערטהער" די געזונטע, האָ־מערישע נאַטור־אַנשויאונג, וועלכע הערשט אין דער ערשטער העלפט פון בוך, ביסלעכווייז פאַרדרענגט דורך די אונרוהיגע אָס־סיאַנישע נעבעל־בילדער, וועלכע פּאַסען צו דער וואַקסענדער קרענקליכקייט, דער אונרוהיגקייט און דער ליריק פון דער ליי־דענשאַפט.

די הויפּט פרויען־פיגור אין רוסאָ'ס ראָמאַן איז ניט געצייי־כענט מיט א זיכערער האַנד. עס פעהלט דאָרט, ווי כמעט איבע־ראַל אין דער פראַנצויזישער פּאָעזיע, די נאַאיוויטעט פון דער ווייב־ליכקייט. זשולי איז א קלאַסישע פּאַרלויפּערין פון די העלדי־נען אין באַלזאַק'ס ראָמאַנען. ווי אונענדליך ווייט זי שטעהט אין וואַהרער און עכטער ליידענשאַפט פון איר נאָמען־פּאַרוואַנד־טער, דער ווירקליכער העלאָיז! ווי טיף דורכגעפיהלט עס איז יעדעס וואָרט ביי דיזער, די ליבעס־אויסגוסען פּונקט ווי די אויס־גוסען פון רעליגיעזיטעט, און ווי קאַלט זיינען זשולי'ס געטאָקטע פראַזען! יעדען אויגענבליק פאַלט זי אריין אין דעקלאַמאַציאָנען;

איבער דער טוגענד און איבער דעם העכסטען וועזען, ווי זי רופט אָן פילאָזאָפיש דעם אורקוואל פון לעבען. זי פאַרגעהט זיך אין זאַצען ווי פאָלגענדע: „אַלע מענשליכע אַנגעלעגענהייטען זיינען אַזוי נישטיג, אַז אויסער דעם וועזען, וועלכער עקזיסטירט דורך זיך זעלבסט, איז קיין שעהנעס ניטאָ, אויסער דאָס וואָס איז ניטאָ" — זי מיינט אונזערע אילוזיעס. זשולי רעזאָנירט און דעקלאַמירט. ווי נאַיוו און נאַטירליך ערשיינט אין קאָנטראַסט צו איר די קרעפטיגע שאַרלאָטע, צ. ב. אין יענער ערשטער סיטואַציאָן, וואו זי שניידט ברויט פאַר אירע קליינע ברידער און שוועסטער! דאָרט וואו זי געהט עטוואָס אַריבער די ליניע פון נאַטירליכקייט, זינדיגט זי ניט דורך דעקלאַמאַציאָנען אויף שטעלצען, נאָר דורך אַן אָנלויף פון סענטימענטאַלער טרוימעריי, ווי אין דער סצענע וואו אירע און ווערטהער'ס געדאַנקען באַגעגנען זיך ווען זי שרייבט אָן שווייגענדיג מיט אירע פינגער אויף די באַטויטע שויבען דאָס וואָרט „קלאָפּשטאָק."

און פון סעינט־פּרע ביז ווערטהער איז דער פאָרשריט פונקט אַזוי גרויס. פיליכט דערקענט זיך שוין וואָס פאַר אַ נייעם כאַראַקטער־צוג די הויפּט־פיגור האָט געוואונען דורכדעם וואָס זי איז אַריבערגעגאַנגען דעם רהיין. סעינט־פּרע איז געוועזען, ווי דער נאָמען אַליין דייט אָן, דאָס ריטערליכע אידעאַל. געטהע דער דיכטער פון דער מאָדערנער צייט מאַכט פון דעם ריטערליכען אידעאַל אַ סוף. עס איז געווען דאָ אָנצעווייזען אַז ביי זיינע העלדען זיינען אַלע מעלות פון דער ריטערצייט, איבערהויפּט דער מוט, וואָס פאַרפעהלט קיינמאָל ניט צו האָבען אַ ווירקונג אויף נאַיווע לעזער, אָבגערוקט, אפשר שוין צופיעל, אָן אַ זייט. אַזוי איז אין „ווערטהער", אין „ווילהעלם מייסטער", אין „פאוסט". ווערטהער איז ניט קיין ריטער, נאָר אַ גריבלער, אַ פּאָעט, אַ פאַנטאַסט. לאָמיר פאַרווײלען נאָך אַן אויגענבליק ביי דיזער געשטאַלט. ווערטהער איז אַ קראַנקער; וואָס פעהלט אים אייגענטליך? ער איז אונרוהיג און פיבערהאַפט, אָבער אַז מיר פאַרשטעהען עס גוט זעהען מיר, אַז זיין אונרוה איז די אונרוה פון פאָרגעפיהל, פון אונגעוויסהייט, פון אונבאַשטימטער און גרעניצלאָזער בענקשאַפט, אָבער ניט פון פאַרצווייפלונג און האָפנונגסלאָזיגקייט. ער געהער

צו א צייט וועלכע אהנט, פיהלט פּאַראויס, ניט צו א צייט וועל־
כע ווערט אַבהענדיג און פארצווייפעלט. א קאָנטראַסט צו איט
וועלען מיר געפינען אין שאַטאָבריאַנ׳ס רענעי. די גרונד־קוועלע
פון ווערטהער׳ס אומגליק איז דער צוזאַמענשטויס צווישען דער
אונענדליכקייט פון דעם הארצען און די באַשרענקונגען פון דער
געזעלשאַפט. צוערשט זיינען געווען די העלדען פון דער ליטערא
טור פירשטען און קעניגע, זייערע לעבענס־אומשטענדען זיינען גע־
ווען אין פּאָלשטענדיגער האַרמאָניע מיט זייער גייסטיגער גרויס־
קייט. דער קאָנטראַסט צווישען דאָס אינערליכע און דאָס אויסער־
ליכע, צווישען פאַרלאַנג און מאַכט, איז געווען אונבאַקאַנט. און
אפילו ווען די ליטעראַטור האָט שוין אויסגעברייט דעם קרייז פון
אירע אויסדערוועהלטע האָט זי זיך נאָך אַלץ געהאַלטען אָן די,
וועלכע זיינען דורך אריסטאָקראַטישען געבורט אָדער דורך רייכ־
טום געשטעלט געוואָרען איבער די נידריגע מיה און שווערקייט
פון לעבען. געטהע האָט אין „ווילהעלם מייסטער" אָנגעגעבען די
אורזאכע: „דריי מאָל גליקליך", זאָגט ער, „זיינען די, וועמען
זייער געבורט הויבט אויף גלייך איבער די אונטערשטע שטופען
פון דער מענשהייט, וועלכע דאַרפען ניט דורכגעהן, אפילו ניט פאַר־
ווייליען אַלס געסט, אין יענע פאַרהעלטנישען, אין וועלכע מאַנכע
מענשען מוזען אָבפּינסטערען זייער גאַנצען לעבען. זיי ווערען
פון געבורט אָן באַלד געזעצט אין א שיף, כדי אַז ביי דער רייזע,
וועלכע מיר מוזען אַלע מאַכען, זאָלען זיי מיט די גינסטיגע וויג־
דען זיך באַדינען און די אונגינסטיגע — אָבוואַרטען, אָנשטאָט
וואָס אַנדערע, וועלכע אַרבייטען מיט זייערע אייגענע קרעפטען,
שווימען נאָך מיט מיה, געניסענדיג ווענינ פון גינסטיגען ווינד,
און, פאַרלירענדיג די כחות, געהען זיי אינגאַנצען אונטער." אין
שעהנע ווערטער ווערט דאָ געלויבט איינע פון די פּאָרצוגען פון לע־
בען, דאָס רייכטום; געטהע, וועלכער האָט אָפּטמאָל אין זיינע
ווערק, הויפּטזעכליך אין „ווילהעלם מייסטער", צוליב דער ליבע
צו דאָס שעהנע, געזוכט אריינצודרינגען אין די העכסטע קרייזען
פון דער געזעלשאַפט, האָט מיט שמערץ געפיהלט אַז דאָס לעבען
פון דעם פּלעבייער איז א קאַמפּף, און דער טרויעריגסטער פון אַלע,
א קאַמפּף פאַר די עקזיסטענץ־מיטעל; אַז ער מוז נאָר טראַכ־

טען ווי צו קריגען געלד, שטענדיג זיך פלייסען צו זיין שפּאָרזאַם, און זיין פרוי מוז זיין אַ גוטע הויזפרוי אפילו ווען זי איז אַ מוזע. דאריבער רעדט געטהע אזוי פריי וועגען די מעלות פון רייכטום. און דאָס וואָס איז אמת וועגען רייכטום, דעם וואולגארסטען פון די אויסערליכע לעבענס־גיטער, דאָס איז נאָך מער אמת וועגען אַלע אנדערע אויסערליכע פאָרמען פון גליק און מאַכט.

יעצט, ביים איבערבייט פון יאָרהונדערט, שטויסען מיר זיך אָן צום ערשטען מאָל אָן דיזען ווידערשפּרוך: אָן אינדיווידואום וואָס שטעהט אין דער וועלט פון גייסט ווי אַ גאָט און אַ קעניג, וואָס איז צו אַלעם סימפּאַטיש עמפּפינדליך און דורך דעם געפיהל נעהמט ער אויף אין זיך דאָס גאַנצע לעבען פון דעם אַל, וואָס שטרעבט נאָך דער ווארהייט און קען ניט דערגרייכען, סיידען ער זאָל דערגרייכען צוגלייך די אַלוויסענהייט, אין וועמעס האַר־צענס־פאָדערונגען עס ליגט אָן אָנצוהערעניש אויף אַלמעכטיגקייט (דען ער מוז זיין אַלמעכטיג אום צו קענען איבערשאַפען די קאַלטע, הארטע וועלט אין אַ וועלט נאָך זיין הארצען נאָך), אָבער וועלכער איז ביי אַלעם דעם, ווי ווערטהער, בלויז אַ סעקרעטער אין אַ געזאַנדשאַפט מיט אַ פּאָר הונדערט טהאַלער יערליכען געהאַלט, איז אַ העלפט פון דעם טאָג איינגעשפּארט אין זיין קאַנטאָר, אויסגעשלאָסען זאָגאר פון דער העכערער געזעלשאַפט, און זעהט דאָס גאַנצע גליק פון זיין לעבען אין דעם באַזיץ פון אַ מיידעל, וואָס דער ערשטער בעסטער נאַר נעהמט זי אַוועק ביי אים פון אונטער דער נאָז, און נאָך אויף אַזאַ אופן, אַז ער אַליין מוז, אין נאָמען פון רעכט, מאָראַל און פאַרנונפט, צוגעבען אַז דיזער אַנ־דערער וועט זיין אַ בעסערער מאַן און וועט שאַרלאָטע׳ן גליקלי־כער מאַכען איידער ער. וואָס מיינט דאָס אַלעם? פּאַסט ניט די ליבע פאַר דער הייראַט, דער אינדיווידואום פאַר דער געזעלשאַפט, דאָס הארץ צום קאָפּ? הערשט אַ שרעקליכע מיספארהעלטניש אין דעם גרויסען מעכאַניזם פון דעם זיין, און האָט זיך דיזער מע־כאַניזם פאַנאַנדערגעשרויפט? און באַלד האָט זיך טאַקע דער־הערט זיין ברעכען און קראַכען ווען עס איז געקומען די צייט ווען אַלע מויערען זיינען אומגעוואָרפען געוואָרען און אַלע פאָר־מען צעשמעטערט געוואָרען, ווען אַלע קלאַסען־אונטערשיידען זיי־

נען מיט איין קלאַפּ פאַרשוואונדען, ווען די לופט איז אָנגעפּילט געוואָרען מיט פּולווער־רויך און עס האָבען אויפגעקלונגען די ערש־טע טענער פון דער מאַרסעליעזע, ווען הונדערטיעריגע גרעניצען פון מלוכות זיינען אָבער און ווידער איבערגערוקט געוואָרען, ווען קעניגע זיינען אַראָבגעזעצט און געקעפּט געוואָרען, ווען אַ טויזענד־יאָר אַלטע רעליגיאָן איז אָבגעשאַפט געוואָרען, טראָנען און אַל־טאַרען זיינען צושפּליטערט געוואָרען, ווען אַ קאָרסיקאַנישער אַר־טילעריע־לייטנאַנט האָט זיך אַליין פּראָקלאַמירט אַלס דעם יורש פון דער רעוואָלוציע און ערקלערט אַלע וועגען אָפען פאַר'ן טאַ־לאַנט, ווען דער זוהן פון אַ פראַנצויזישען שענקער איז ארויף אויפ'ן טראָן פון נעאַפּעל און אַ געוועזענער גרענאַדיער האָט אויסגע־שטרעקט זיין האַנד צום סצעפּטער פון שוועדען און איז געוואָ־רען הערשער פון נאָרוועגען.

ווי געזאָגט, ווערטהער ווערט געטריבען פון בענקשאַפט און אונקלאָרער אונרוה. אונגעהויערע ענדערונגען ליגען צווישען איס און דעם נעכסטען מאָדערנעם טיפּוס, רענעי. אין רענעי איז די פּאָעזיע פון בענקשאַפט פאַרביטען דורך דער פּאָעזיע פון אַנטוי־שונג. אויף דעם אָרט פון דער אונצופרידענהייט בעפאָר די גרוי־סע קאַטאַסטראָפען קומט אָן די אונצופרידענהייט נאָך זיי. נאָך דעם אויפשוואונג — די נידערגעשלאָגענקייט. אַלע יענע גיגאַנ־טישע איבערקערענישען זיינען ניט געווען אימשטאַנד צו ברענגען אין האַרמאָניע די פאַרלאַנגען פון דעם מענשליכען האַרצען מיט די אויסערליכע אומשטענדען. אַלע שעהנע טרוימען פון פריי־הייט און גלייכהייט זיינען אַוועקגעוואַשען געוואָרען פון אַ ים פון בלוט און שרעקען. דער קאַמפּף פאַר דאָס רעכט פון דעם אינדי־ווידואום האָט געפירט צו דער ברוטאַלסטער וועלט־דעספּאָטיע. און אַזוי באַגעגנען מיר ווידער אין דער ליטעראַטור דעם יונגענ־מאַן פון דעם יאָרהונדערט, אָבער ווי פאַרענדערט ער איז! יעדע פרישקייט און קינדישקייט איז פון אים פאַרשוואונדען. ער איז בלייך, זיין שטערן איז געקנייטשט, זיין לעבען פאַרנעהט אין פּוסט־קייט, זיין פּויסט איז געבאַלט. אויסגעשלאָסען פון אַ געזעלשאַפט וועלכע ער וואַרפט אַריין אין חרם, ווייל ער קען אין איר זיין פּלאַץ ניט געפינען, זעהען מיר אים זיך אַרומטרייבען אַליין אין דע־

נייער וועלט, אין אירע אור־וועלדער, צווישען אינדיאַנער־שטאַמען. אַ נייער עלעמענט איז אַריינגעדרינגען אין זיין זעלע, וואָס איז ביי ווערטהער'ן ניט פאַראַן: די מעלאַנכאָליע. אָבער און ווי־דער ערקלערט ווערטהער, אַז קיין זאַך איז ביי אים ניט אַזוי שטאַרק פאַרהאַסט, ווי דערשלאָגענקייט און פאַרצווייפלונג; ווערטהער איז געווען אומגליקליך אָבער ניט מעלאַנכאָליש; רענעי דאַגעגען איז פאַרזונקען אין אַן אָבהענדיגען פיין, איבער וועלכען ער קען ניט באַקומען די קאָנטראָל, ער האַסט די מענשען און זיך זעלבסט. ער איז אַ מעלאַנכאָליקער און מיזאַנטראָפּ. ער בילדעט דעם איבערגאַנג פון געטהע'ס ווערטהער צו בייראָנ'ס גיאַור און קאָרסעיר.

.4

## שאַטאָבריאַנ'ס "רענע'."

שאַטאָבריאַן געהער ניט ווי געטהע צו די מענער פון פרידען. איבער זיין ווינעל איז געשטאַנען אַ שטערען פון פאַרניכטונג; עס ליגט ניט קיין יאָר צווישען זיין און נאפּאָלעאָן באָנאפּארט'ס געבורט, און מען שפּירט דעם פינסטערען און גרויזאַמען גייסט פון יענער צייט פון שווערד אין זיינע שריפטען, אין וועלכע ער האָט אריינגעהויכט אַן אייגענאַרטיגע ווילדע פּאָעזיע.

אָבער — קען מען איינווענדען — באַזיצט ער דען אין דער ווירקליכקייט עטוואָס געמיינזאַמעס מיט רוסאָ און געטהע, האָט ער ווירקליך עטוואָס פון זיי געלערנט? איך האַלט עס פאַר דער־וויזען אַז ניט נאָר ער, נאָר זיין גאַנצער דור האָט זיך אויף יענע ביכער געבילדעט, וועלכע מיר האָבען אויבען קריטיש באַטראַכט. מען קען דאָרויף ברענגען פאָלגענדע באַווייזע: אין איין שטעלע, וואו שאַטאָבריאַן וואַרפט־פאָר בייראָנ'ען למאַי ער האָט זיין נאָ־מען קיינמאָל ניט דערמאָנט און האָט פאַרשוויגען דאָס וואָס „טשיילד האראָלד" איז שולדיג צו רענע', אונטערשטרייכט ער אַז ער אליין האָט ניט אַזוי געהאַנדעלט און האָט ניט געוואָלט פאַרשוויי־גען אַז אָססיאַן, ווערטהער, סענ־פּיער האָבען געהאַט אַ ווירקונג אויף זיינע אידעען. אויף אַן אַנדער שטעלע, וואו ער שילדערט נאפּאָלעאָנ'ס צוג נאָך עגיפּטען, זאָגט ער: די ביבליאָטעק וועלכע ער האָט מיט זיך געפירט האָט ענט־האַלטען אָססיאַן, ווערטהער, די נייע העלאָיז און דאָס אַלטע טעסטאַמענט, אַ גענינגענדער באַווייז אויפ'ן כאַאָס אין נאפּאָלעאָנ'ס קאָפּ. ער האָט צוזאַמענ־

געמישט מיטאײנאַנדער רעאַליסטישע געדאַנקען און ראָמאַנטישע געפיהלען, סיסטעמען און טרוימערייען, ערנסטע שטודיען און פאַנ־טאַזיען, ווייזהייט און אונזין. פון אַט דיזע אונצוזאַמענהענגענדע פּראָדוקטען פון דעם יאָרהונדערט האָט ער געבילדעט די אימפּע־ריע." איך נעהם זיך ניט אונטער צו אורטײלען די באַדייטונג פון דיזער לעצטער פראַזע, אָבער אַזויפיעל איז קלאָר, אַז אויב רוסאָ'ס העלאָיז, געטהע'ס ווערטהער און אָססיאַנ'ס גדיכטע האָ־בען אַזוי אַרומגעשוועבט אין דער לופט, אַז זיי האָבען מיטגעווירקט צו ברענגען צושטאַנד די אימפּעריע, האָבען זיי אָהן ספק געמוזט אויך האָבען אַ חלק אין די עפּאָכע־מאַכענדע ביכער, וועלכע זיינען ערשינען אין דערזעלבער צייט.

פאַרגלייכט מען שאַטאָבריאַנ'ס טאַלאַנט מיט דעם גלייכצײ־טיגען געניוס פון באָנאַפּאַרט, אַזוי דוכט זיך גלייך אַזוי ווי דאָס נייע יאָרהונדערט וואָלט זיין גאַנצע ענערגיע און זיין גאַנצען אונ־טערנעהמונגס־גייסט קאָנצענטרירט אין דיזען גרויסען קריגספירער און עראָבערער, אַזוי אַז פאַר דיעניגע יונגע מענער פון זיין איי־גענעם עלטער און דור, וועלכע האָבען אים ניט געוואָלט נאָכפאָל־גען אין זיינע קריגס־צוגען, איז מער גאָרנישט געבליבען. די פּראָ־צעסיע פון יענע טוער און קעמפּפער געהט זיי פאַרביי און לאָזט זיי הינטער זיך אונענטשלאָסענע און אונצופרידענע.

רענעי זאָל עס הייסען, האָט געלעבט אין דער צייט פון לואי דעם 15טען. אָבער דאָס וואָס ווערט דאָרט געזאָגט וועגען יענער צייט פּאַסט פּונקט אַזוי גוט פאַר שאַטאָבריאַנ'ס יוגענד. עס איז, זאָגט רענעי, אַ צייט ווען דאָס פאָלק איז אַראָבגעזונקען פון דער פריהעריגער עהרפורכט פאַר דער רעליגיאָן און דער מאָראַלישער שטרענגקייט צו גאָטלאָזיגקייט און פאַרדאָרבענקייט, פון דער הויכקייט פון געניוס — צום געוויינליכען בויגיגען וויץ, אַ צייט ווען אַן ערנסטער און ערליכער גייסט האָט זיך געפיהלט אומ־גליקליך און פאַראײנזאַמט. אָבער גראָד דאָס פּאַסט זיך אויפ'ן שלוס פון 18טען יאָרהונדערט, ווי ער ווערט אויפגעפאַסט פון שאַ־טאָבריאַן.

רענעי דערצעהלט טשאַקטאַס'ן, אַטאַלאַ'ס געליבטען, זיין לע־בענס־געשיכטע, אַלס דאַנק דערפאַר וואָס דיזער האָט אים אַ[...]

„אטאלא" דערצעהלט זיין אייגענע. ער שילדערט זיין יוגענד אויפ'ן גוט אין דער אָבגעלעגענער פּראָווינץ, דערצעהלט, ווי ער האָט זיך אימער געפיהלט געצוואונגען און געדריקט אין דער אָנ־וועזענהייט פון זיין פאָטער און נאָר אין דער געזעלשאַפט פון זיין שוועסטער אמעליא האָט ער זיך געפיהלט צופרידען. ביידע זיינען זיי געווען מעלאַנכאָלישע נאַטורען, ביידע פאָעטיש באַ־גאַבט, פריה זיינען זיי געוואָרען יתומים און געצוואונגען געווען זייער היים צו פאַרלאָזען. רענעי האָט צומייסט געבענקט נאָך דער שטילקייט פון דעם קלויסטער־לעבען, אָבער דאָס דאָזיגע אונבאַ־שטענדיגע בענקען שליידערט אום און וועקסעלט זיין נשמה. ער באַשליסט צו רייזען, געפינט אונטער די רואינען פון רוים און גרי־כענלאַנד נאַהרונג פאַר זיין מעלאַנכאָליע און אַנטדעקט צווישען די לעבעדיגע פעלקער דיזעלבע פאַרגעסענקייט וועגען די געשטאָר־בענע ווי אויף דעם באָדען פון די אונטערגעגאַנגענע נאַציאָנען. די ארבייטער וועלכע ער פרעגט אין די גאַסען פון לאָנדאָן ווייסען גאָרניט פון טשאַרלס דעם צווייטען, ביי וועמעס סטאַטוע זיי שטע־הען. וואָס איז דאַריבער דער ווערט פון רוהם און גרויסקייט? ער רייזט נאָך סקאָטלאַנד, לעבט מיט די עראינערונגען פון די העל־דען פון מאָרווען; אָבער דאָרט וואו אָססיאַן האָט געזונגען און פינגאַל האָט געזיגט פאַשען זיך איצט טשערעדעס. ער פאָרט ווידער קיין איטאַליען, שטודירט די מאָנומענטען פון דער קונסט, אָבער ער געפינט אַז טראָץ זיין גאַנצער מיה האָט ער נאָך גאָרניט געלערנט. פאַרגאַנגענהייט און געגענוואַרט זיינען צוויי אונפאָל־שטענדיגע סטאַטוען: איינע איז אַ צושלאָגענע אויסגעגראָבען געוואָרען פון דער ערד, די אַנדערע שטעהט נאָך ניט פאַרטיג און קען ערשט פון דער צוקונפט פאַרענדיגט ווערען. און די נאַטור באַרוהיגט זיין קראַנקע זעלע פונקט אַזוי וועניג ווי די געשיכטע. איינמאָל איז ער אַרויפגעשטיגען אויפ'ן באַרג עטנאַ, האָט געזעהן אויף איין זייט די זון אויפ'ן האָריזאָנט אויפגעהן, האָט געזעהן אונטער זיך גאַנץ סיציליען אַרומגערינגעלט פון דעם אונענדליכען ים און אויסזעהענדיג אַזוי קליין אַז אירע טייכען זיינען געווען גלייך צו די ליניען אויף אַ געאָגראַפישער קאַרטע; אויף דער אַנ־דערער זייט האָט ער אַרונטערגעקוקט אין דעם קראַטער פון דעם

וואולקאַן מיט זיין גליהענדען אינערן און שווארצע דאמפפען. און אין דיזע פּאָזיציע געפינט ער א געטריי בילד פון זיין כאראקטער און זיין עקזיסטענץ: „פונקט אזוי — זאָגט ער — האָב איך מיין גאַנץ לעבען געהאַט פאר מיינע אויגען צוגלייך אן אונגעהויער ווייט־אויסגעשטרעקטע און אן אונבאדייטענד קליינע וועלט, און אן אָבגרונד ביי מיין זייט.”

זעלבסטפארשטענדליך אז דיזע וואולקאַנישע און פּאָדערנדע נאטור איז אין זיין פּאָטערלאַנד אומעדום איבעריג. אומזיסט זוכט ער זיינע אויסדרוקס־פּאָרמען צו ברענגען אין איינקלאַנג מיט דער געזעלשאַפט, איבער וועלכער ער שטעהט נאָך זיין מיינונג גייסטיג פיעל העכער; ער ווערט איבעראל באהאנדלעט און באַצייכענט אלס ראָמאַנטישער גייסט (esprit romanesque), פון וועלכען דאָס לעבען האָט קיין נוצען ניט. צום ערשטען מאָל באגעגענט אונז דאָ אן אָנדייטונג אויף יענעם באגריף וועלכער וועט שפּעטער אין אן עטוואָס פארענדערטער פּאָרמע קומען צום קונסט־אויסדרוק אין פראנקרייך אלס די ראָמאַנטישע שולע.

עס ליגט ווירקליך אין דיזען געהיימניספולען ליידען, וואָס פיהלט זיך אליין אלס „אינטערעסאַנט”, עטוואָס וואָס דייט אָן אויף א ראָמאַנטיקער פאר'ן ראָמאַנטיזם. פון אלע יענע האלב־פארגעסענע עראינערונגען וועגען א גרויסקייט וואָס איז פארשוואונדען יענע איינדריקע וועגען דער פארגעננגליכקייט פון נאָמען און רוהם, יענע ביטערע שטימונגען וועגען דער קליינליכקייט און שלעכטקייט פון די מענשען, האָט זיך ביי רענעי סוף כל סוף אויסקריסטאַליזירט א הארטנעקיגע איבערצייגונג אין דער נישט עקזיסטענץ פון גליק, א טיפע איבערדריסיגקייט מיט'ן לעבען און א שטענדיגער געפיהל פון פוסטקייט און לאַנגווייל, אין דער צייט ווען ער האָט געפיהלט אין זיינע אָדערען דאָס פולסירען פון אן איבערפליסענדער לעבענס־קראַפט. זיינע ליבלינגס־ווערטער זיינען: La follie de coire au bonheur, degout de la — vie -- profond sentiment d'ennui (די נארישקייט פון גלויבען אין גליק—די איבערדריסיגקייט פון לעבען—א טיפער געפיהל פון לאַנגווייל—) אין דיזען ביטערען יאָמער ווענדט ער זיך שטענדיג אין זיינע געדאַנקען צו זיין שוועסטער, אלס זיין איינציגע טרויסט,

ביז ער באַמערקט צו זיין איבערראַשונג און שמערץ, אז זי ווייכט אים אויס, אז איינינע מאָל ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין פראַנקרייך האָט זי זיך ערקלערט אַלס ניט אימשטאַנד אים צו באַגעגנען, אַז זי האָט אפּנים פאַרגעסען זיין צערטליכקייט פאַר איר. בלויז איין מאָל ווען איר דוכט זיך אַז ער איז נאָהנט צו זעלבסטמאָרד דערנעהנטערט זי זיך צו אים ווידער אויף איין אויגענבליק. ער האָט שוין די קאַלטקייט פון דיזער געליבטער שוועסטער גענאַט אַרויפגעשנורט אויף דער קייט פון זיינע ביטערע ערפאַהרונגען פון מענשליכער אונטרייהייט, ווען ער האָט באַקומען פּלוצלינג די נאַכריכט וועגען איר באַשלוס אַריינצוטרעטען אַלס נאָנע אין אַ קלויסטער. ער איילט אַוועק צו איר. ער קומט קוים אין צייט צו געפינען אַ פּלאַץ ביי דער אונהיימליכער צערעמאָניע, צו זעהן אַמעליע׳ס האָר פאַלען אונטער דער שער און אַראָבצוזינקען ביי איר זייט בשעת זי ליגט, ווי עס פאָדערט די צערעמאָניע, ווי אַ לייכע אויסגעשטרעקט אויף דעם מאַרמאָר־באָדען פון דער קירכע. דאָ הערט ער זיין שוועסטער מורמלען אַ תפלה אום פאַרצייהונג „פאַר דער פאַרברעכערישער ליידענשאַפט וואָס זי האָט געפיהלט צו איר ברודער.״ מיט אַמאָל באַגרייפט ער דער שוועסטער׳ס האַלטונג צו אים און פאַלט אין אָהנמאַכט. אַזוי שנעל ווי ער קומט צו זיך באַשליסט ער צו פאַרלאָזען אייראָפּאַ און נעהן אין דער נייער וועלט. אין דער נאַכט ווען ער פאַרלאָזט די ברעגען פון פראַנקרייך בושעוועט אַ שרעקליכער שטורם. „וויל דאָס מיר דער הימעל וואָרנען — זאָגט ער — אַז שטורמווינדען וועלען אימער מיינע טריט באַגלייטען ?״ איינס איז זיכער, אַז אָהן דיזער באַגלייטונג פון בליץ און דונער האָט זיך שאַטאָבריאַן ניט געקענט באַגעהן סיי פאַר רענעי׳ס לעבענס־געשיכטע, סיי פאַר אַטאַלאַ׳ס ליבע.

דאָס זיינען, ווי מען זעהט, אונגעוויינליכע שיקזאַלען, וואָס טרעפען אַן אונגעוויינליכען כאַראַקטער. און פון דיזען כאַראַקטער קען מען זאָגען הויבט זיך אָן די מעלאַנכאָליע און דער מענשען־האַס אין דער נייערער ליטעראַטור. דיזע מעלאַנכאָליע און דיזע מיזאַנטראָפּיע זיינען פון אַ גאַנץ אַנדער סאָרט ווי זיי האָבען זיך ווען עס איז פריהער נעצייגט. איך וויל פון

פאַרגלייך װענען ברענגען דאָ איינינע געשטאַלטען פון מאָליער און שעקספּיער. דער אונטערשייד צווישען דיזע און די פון דער מאָדערנער צייט וועט דאַן קלאָר ווערען.

איינער פון מאָליער׳ס אינטערעסאַנטסטע פיגורען, און, איך בין מודה, דער יעניגער פון אַלע זיינע כאַראַקטערען וואָס פאַר מיר פּערזענליך באַזיצט דעם גרעסטען רייץ, איז אַלסעסט, דער מיזאַנטראָפּ. דער יסוד פון אַלסעסט׳ס האַס און ביטערקייט איז יענע גאַנצע סיסטעם פון געמאַכטער פריינדליכקייט, פון כלומערשטע איינזועהעניישען און נאָכגעבליכקייטען, פון גרויסע און קליינע ליגענעס, אויף וועלכע עס רוהט דער זאָגענאַנטער „געזעלשאַפטליכער פאַרקער". ער איז דערין געוויס אומגערעכט. אָהן דיזער געמאַכטקייט, וועלכע די קאָנווענציאָנעלע העפליכ־קייט ציינט אַרויס, וואָלט דאָס לעבען געוועזן נאָך מיאוס׳ער ווי עס איז. אַ קלוגער און ליבעס־ווירדיגער פילאָזאָף האָט געזאָגט: „ווייל די שעהנקייט עקזיסטירט ניט האָט מען ערפונדען די קונסט, און ווייל די פריינדליכקייט און הארציגקייט זיינען ניטאָ האָט מען ערפונדען די העפליכקייט." און זיינען, ערנסט גערעדט, ניט פאַראַן גענוג אורזאַכען די מאַסקע פיעל־ווענינ צו טראָגען? מאַנ־כע ווילען ליבער בלייבען איננאַנצען ניט געקענט איידער אינ־גאַנצען געקענט, און זיינען ניט פאַראַן אַ סך אַזעלכע, ביי וועמען עס וואָלט געוועזן, שוין אויס עסטעטישע אורזאַכען אַליין, אַ זינד און אַ שאַנדע אַרונטערצונעהמען די מאַסקע, ווייל זייער מאַסקע איז אַזוי פיעל שעהנער ווי זייער געזיכט? אָבער איך רעד אַליין ווי פילענט אין דער פּיעסע און איך טאָר אַליין ניט פאַרגעסען די שעהנע און גלענצענדע אַנטוואָרטען וואָס אַלסעסט גיט. אַלסעסט האַסט די מענשען, ווייל ער טיילט זיי איין אין צוויי קלאַסען: איינע באַשטעהט פון געמיינע און בייזע, און די אַנדערע — פון יענע וואָס זיינען אַרטיג און אויפמערקזאַם צו די בייזע און געמיינע אום צו קענען זיי דורכדעם טרייבען. ער שטעלט די פיינע ליבעסווירדיגקייט, די פאַלשקייט וואָס קומט פון מורא אויף איין ליניע מיט די ערגסטע און שלימסטע זינד. ער איז אַזוי אויפגעבראַכט איבער דער פּחדנות, וואָס וויל ניט זעהן דאָס פאַרעכטליכע, אַז ער פאַרגעסט דורכאויס די צווייטע

גרויסע וועלט־מאכט, די דומהייט, וואס זעהט עס ניט. ער ברענט פון צארן זעהענדיג ווי דער לומפ, מיט וועלכען ער פראַ־צעסירט זיך, און וועמעס נישטווירדיגקייט די גאנצע וועלט וויים, ווערט איבעראל באגריסט מיט רעספעקט, שעהן אויפגענומען און אפילו באשיצט. ער זאגט ארנאט אין געזיכט אריין אז זיינע לידער זיינען שלעכט. אום צו שטעלען דעם כאראקטער אין ריכטיגען רעליעף לאזט דער דיכטער אלסעסט'ן זיין שטערבליך פארליבט אין א יונגער קאקעטקע פון פיינסטען, און דורך אירע ליבעסווירדיגקייטען פון געפעהרליכסטען מין. זי שפילט מיט אים ווי מיט א קינד, לאקט אים און רייצט אים אויף אלערליי אופנים; יעדעס ווארט פון איר איז א דארן וואס שטעכט אים, און יעדע האנדלונג אירע שניידט אים אין הארצען. עס איז זיין קללה וואס ער מוז אין דער זעלבער צייט זי ליבען און פארצווייפלען. קען מען זיך פארשטעלען אן ערגערע צרה פאר א מיזאנטראפ ווי צו פארגעטערען אזא פרוי און צו זיין דער שפילכעל פון אלע אירע קאפריזען? געוויס ניט. אבער צו קען מען ניט אפשר די גאנצע אנשויאונג אומקערען?

א מענש, וואס פארשטעהט זיך אויף שוישפיל און טעאטער בעסער ווי יעדער אנדערער, הער עדמאנד טהיעררי, דירעקטאר פון Theatre francais, האט איינמאל, נאך אן אויפפירונג פון „מיזאנטראפ" מיר געענטפערט אויף מיינער א באמערקונג, אז דער שוישפילער האט די ראלע געשפילט צו געשליפען: „דענקט איר, אויפריכטיג גערעדט, אז אלסעסט איז א מיזאנטראפ און אז דער נאמען פאסט זיך? איך פון מיין זייט גלויב אז ווען סאלימען זאל ניט זיין קיין קאקעטקע וואלט אלסעסט ניט געווען מער מיזאנטראפיש ווי איך". דאס איז געווען א וויץ, אבער ער פארבארגט אין זיך א ווארהייט. עס זיינען די אומ־שטענדען און פארהעלטנישען, די שטעלונג אינמיטען פון א פאר־דארבענעם הויף, א רייצבארע און עהרגייציגע נאטור, א ואר־הייטס־ליבענדער כאראקטער, צוזאמען מיט צופעליגע פערזענליכע אומגליקספאלען וואס באשאפען אלסעסט'ס מיזאנטראפיע אלס רעזולטאט. ער איז א מיזאנטראפ פון שכל, ניט פון טעמפערא־מענט, און ער טראגט ניט קינ'ס צייכען אויפ'ן שטערען. און

טאַקע דורכדעם איז ער אַזאַ עכט פראַנצויזישע באַשאַפונג. ביי אַ דייטשען מעלאַנכאָליקער אי זדי גרונדלאַגע דאָס רעזאָנירען, ד. ה. דער אַנאַליזירענדער פאַרשטאַנד. אַלסעסט איז אַ פּראָדוקט פון יענער קלאַסיש־אַראַטאָרישער צייט אין פראַנקרייך, פון וועל־כער מען איז אַרויס ערשט צום שלום פון 18טען יאָרהונדערט. דאָ זעהען מיר אַ ביישפּיל פון דער איבערוועלטיגענדער מאַכט פון דעם צייט־ און פאָלקס־גייסט איבער דעם יחיד. ווען מען רעדט פון דער צייט פון באָליע און דער טראַגעדיע פון פאַר־שטאַנד אין פראַנקרייך קען עס אויפ׳ן ערשטען בליק אויסזעהן ווי אַ ווידערשפּרוך אַז מאָליער, באָליע׳ס געגענ־פּאָל, ראַסינ׳ס אַנטיפּאָד, געהערט צו דערזעלבער צייט. מען וואָלט געקענט ווענינסטענס מיינען אַז זיינע טיפּסטע און בעסטע געשטאַלטען, די נאַיווע אַגנעס אין דער „שולע פון פרויען" און דער מעלאַנ־כאָלישער אַלסעסט אין דעם „מיזאַנטראָפּ" זיינען אַן אויסנאַמע. אָבער עס זיינען פאַראַן געזעצען פון גייסט וואָס לאָזען זיך פונקט אַזוי ניט ברעכען ווי די געזעצען פון נאַטור. איך האָב אויף אַן אַנדער פּלאַץ *) אָנגעוויזען ביז וואָס פאַר אַ גראַד אַגנעס׳עס נאַיוויטעט איז פון דעם דיכטער אַ דערקליגעלטע דורכ׳ן פאַר־שטאַנד; דאָס זעלבע לאָזט זיך באַווייזען פון אַלסעסט׳ס מע־לאַנכאָליע. איצט לאָמיר נעהמען אַלס קאָנטראַסט איינעם פון שעקספּיער׳ס מיזאַנטראָפּען, זשאַק אין „ווי עס געפעלט אייך". דאָ האָבען מיר דעם מיזאַנטראָפּ פון טעמפּעראַמענט. זשאַק איז אַ פּאָעטישע נאַטור, טרויעריג און ווייך. הערען מיר ווי ער ווערט געשילדערט:

היינט האָט לאָרד אַמיענס און איך זעלבסט
זיך צוגעשלייכט צו אים ווי ער איז אין דער לענג
אין שאָטען פון אַ דעמב געלעגען, וואָס זיין וואָרצעל
אַריבער דעם קליין טייכעל העננגט אין דיזען וואַלד.
צו דיזען פּלאַץ געקומען איז אַ הירש
אַן אָרימער פון יעגער׳ס פייל געטראָפען,

*) עסטעטישע שטודיען, פון ג. בראַנדעס.

זיין לעבען אויסצוהויכען. אוןווירקליך, לארד,
דאס ארמע טיער האט ׳זעלכע זיפצען אויסגעשטויסען
דאס זיי זיין לעדערן פעל צוצויגען האבען
שיער ביז צום פלאצען, און די גרויסע רונדע טרעהרען
געלאפען זיינען האסטיג איבער זיין געזיכט.
אזוי געשטאנען איז דער נאר, געגוי באטראכט
פון מעלאנכאל׳שען זשאק, ביים ברעג פון טייכעל,
מיט טרערען אים פארמערענדיג. און זשאק?
וואסער מאראל האט ער פון דיזען בילד געצויגען?
אין טויזענד גלייכענישען. בעת דער הירש
האט אין דעם פולען טייכעל אריינגעוויינט, זאגט ער:
דו ארעמער הירש, דו מאכסט דא דיין צוואה
ווי מענשען טיילען, געבענדיג נאך מער צו די
וואס האבען שוין צופיל. דאן, ווייל, דאס טיער
געוועזען איז אליין, פון זיינע פריינד פארלאזען,
זאגט זשאק: ס׳איז רעכט, דאס אומגליק אימער טרייבט
די מענגע ווייט אוועק. דאן פליט א סטאדע
פריש פון דעם גראז, פארביי אהן אבהאלט און געדרוס.
„נון יא", זאגט זשאק, „פליט ווייטער פעטע, זאטע בירגער;
עס איז אזוי די מאדע: צו וואס דען קוקען
אויף דעם געפאל׳נעם באנקראטירטען דא?"
מיט ׳זעלכע שטאכווערעטער האט ער געטראפען אלעס,
דאס לאנד, די שטאדט, דעם הויף, און ס׳גאנצע לעבען.
מיר זיינען נור טיראנען, שווערט ער, רויבער,
און ערגערס נאך, ווייל מיר פארטרייבען דאס געווילד
פון זיין אייגענעם זיץ. אזוי האט ער געקלאגט.

מיר זעהען אים גערירט ביז טרערען איבער די ליידען פון דער פארוואונדעטער חיה. ניט דורך רעזאנירען, ניט דורך א רעפלעקסיע פון דעם פארשטאנד ווערט ער אויפגעבראכט איבער דער שלעכטקייט און גרויזאמער רויקייט פון די מענשען, נאר ער פיהלט אונמיטעלבאר אז זיין זעלע איז פון דערזעלבער נאטור ווי די זעלע פון דעם הירש. דער הירש איז פאר אים

א קינד פון דערזעלבער מוטער ווי ער אַליין. ער איז אין זיינע געפיהלען א פאַנטהעאיסט. וואָס פאַר א שטרעקע פון דער אַנ־שויאונג פון יענער קלאַסישער צייט אין פראַנקרייך, וואו אפילו קארטעזיוס האָט באטראכט די חיה אלס א מאשין און זיין שמערץ־געשריי פאַר א ריין מעכאַנישע ווירקונג פון דעם קלאַפּ, פונקט ווי די שריי־פּופּע קוויטשעט ביים דרוק מיט'ן פינגער!

להיפך דערצו איז זשאַק דער פאָרלויפער פון דער נאַטור־באטראַכטונג פון די אַם פיינסטען־פיהלענדע מאָדערנע פּאָעטען, צ. ב. שעללי'ס נאַטור־אַנשויאונג. מען עראינערט זיך אַז שעללי האָט אין דער יוגענד געגרינדעט א פאראיין פון יונגע מענשען וועלכע, ארויסגעהענדיג פון דעם שטאַנדפּונקט אַז עס איז אַן אונערלויבטע און פארברעכערישע באַראַבריי פון די מענשען צו עסען חיות, האָבען זיך פארפּליכטעט צו לעבען אויסשליסליך אויף פלאַנצען.

פונדעסטוועגען איז זשאַק פּונקט אזוי ווייניג ווי אַלסעסט א טיפּוס פון דער מאָדערנער מעלאַנכאָליע. יעדער פון זיי פאַרקער־פּערט בלויז אַן אַלגעמיינע מענשליכע אונצופרידענקייט אין דער פאָרמע וועלכע איז יעדען פון זיי נאַטירליך לויט זיין באַזונדע־רער נאַציאָנאַליטעט. דער סאָרט מעלאַנכאָליע וואָס איז אַנשמיאַ־נען אין אָנפאַנג פון 19טען יאָרהונדערט טראָגט ניט דעם כאַראַק־טער פון א ריין פּערזענליכער קראַנקהייט, זי איז אויך ניט בלויז נאַציאָנאַל; עס איז א קאָסמאָפּאָליטישע עפּידעמיע, וועלכע איז אין איר ווענען פארוואַנדט מיט די רעליגיעזע קראַנקהייטס־פּאַר־מען, וואָס האָבען אין מיטעלאַלטער זיך אַזוי אָפט פאַרשפּרייט איבער אייראָפּא, און רענעי איז נאָר די יעניגע געשטאַלט, וועל־כע שטעלט פאָר צום ערשטען און אַם קרעפטיגסטען די סימנים פון דיזער קראַנקהייט ביי די באַגאַטעסטע גייסטער.

רענעי טראָגט קין'ס צייכען, וועלכער איז שוין אויבען דער־מאָנט געוואָרען; אָבער דיזער סימן איז צו דערזעלבער צייט דער זיגעל פון הערשאַפט. אונזיכטבאַר פאַר אים אַליין איז דיזער זיגעל פון געניוס ארויפגעדרוקט געוואָרען אויף זיין שטע־רען. הינטער די טרויעריגע זעלבסט־באַשולדיגונגען פון וועלכע עס באַשטעהט רענעי'ס ורוי, שפּירט זיך דאָס שטאָלצע געפיהל

פון סופּיריאָריטעט, פון אויבערשאַפט וועלכעס האָט אָנגעפילט דעם דיכטער׳ס אייגענע ברוסט. ווען מען לעזט שאַטאָבריאַנ׳ס מעמוארען זאָרגפעלטיג קען מען ניט פאַרטרייבען פון זיך דעם געדאַנק אז הינטער די באַציהונגען פון רענעי צו אַמעליע פאַר־באָרגט זיך אַ מין ודוי אויף דער ליידענשאַפטליכער ליבע, וועלכע זיין שוועסטער לוסיל האָט געפיהלט צו איר באַוואונדערטען ברו־דער. וועלכען גרויסען ודוי ענטהאַלט ניט דעריבער דער איב־ריגער אינהאַלט פון דער ערצעהלונג!

רענעי׳ס ליידען זיינען די געבורטס־וועהען פון דעם געניוס אין דער זעלע פון דער מאָדערנער פּערזענליכקייט. רענעי איז דער מאָמענט אין וועלכען די אויסגעוועהלטע נאַטור, אויפ׳ן זעלבען אופן ווי דער נביא ביי די פּאַרצייטיגע אידען, פאַרנעהמט צום ערשטען מאָל די שטימע וואָס רופט זי, און זי ציהט זיך צוריק אין שרעק, קאָרטשעט זיך אין פאַרצווייפלונג און זוכט אַן אויסוועג צו אַנטלויפען, ענטפערענדיג אזוי ווי דער פּראָפעט: „האַר, נעהם ניט מיך, נאָר אַן אַנדערען, מיין ברודער. איך בין צו שוואַך און קען רעכט ניט ריידען.״ רענעי איז די ערשטע שטופע, די שטור־פע פון אונרוה, פון אויסדערוועהלונג. דער אויסדערוועהלטער צעגערט און האָפט צו זעהן אַן אַנדערען אויספאָלגען דעם רוף, ער קוקט זיך אום אָבער קיינער הויבט זיך ניט אויף, און די שטימע הערט ניט אויף צו אים צו רעדען. איבעראַל זעהט ער זיגען דאָס וואָס ער פאַר׳מיאוס׳ט און פאַראַכטעט, און אונטערגעהן דאָס, פאַרוואָס ער איז גרייט אַלץ צו אָפּפערען, ווען נאָר אַן אַנ־דערער זאָל אים וועלען צום אָפּפער פירען. אָבער מיט שרעק און שטוינען זעהט ער אז קיין אַנדערער פיהלט ניט אזוי ווי ער, ער לויפט אין אַלע זייטען צו געפינען זיין מייסטער, וואָרום ווי סעינט קריסטאָף וויל ער נאָר דעם שטאַרקסטען דינען, אָבער ער געפינט אים ניט. און דאָ כאַפּט אים אָן דער געדאַנק: ווען קיין אַנדערער דערהויבט זיך ניט, ווען ער געפינט ניט קיין שטיצע און קיין פירער, דאַן מוז ער אַליין זיין דער מאַן און דער פירער און די שטיצע פאַר אַנדערע שוואַכערע גייסטער. יעצט פאָלגט ער דעם רוף, ער זעהט אז די צייט פון טרוימען און צווייפלען איז פאַראיבער און די צייט פון האַנדלען איז געקומען.

די לאַנגע שטונדען פון צווייפלען און זעלבסט־מיסטרויען ליגען הינטער אים, מיט איין קלאַפּ איז ער פאַרוואַנדעלט. עס האָט אים געטראָפען דער זונען שטראַל, וואָס האָט זיין געזיכט אויף אימער אַ ברען געטאָן, אין וועלכען קיין רויטקייט ערשיינט און פאַרגעהט ניט מער. ער געהט דורך דעם קריזיס, ניט ווי ווערטהער, דורך זעלבסטמאָרד, נאָר דורך אַן אַנטשלוס און מיט אַ דערהויבענערען זעלבסט־געפיהל. ער צעגערט און שוואַנקט ניט מער. ער באַפעלט און וויל. אָבער געניוס איז פּונקט אַזוי אַ קללה ווי אַ ברכה. אפילו די גרעסטע, די האַרמאָנישסטע נאַטורען האָבען אין וועלכער עס איז עפּאָכע אין זייער לעבען דערשפּירט די קללה וועלכע ער אַנטהאַלט און טראָגט מיט זיך. אין רענעי האָט שאַטאָבריאַן נאָר יענע קללה פאַרגעשטעלט; זיין אייגענע נאַטור און זיין שטעלונג צו די אידעען פון זיין צייט האָבען צוזאַמען געווירקט אַז די געניאַליטעט ווי ע ר האָט זי געקענט, איז פאַר אים געוועזן נאָר אַ קוועלע פון איינזאַמע ליידען און פון ווילדען עגאָיסטישען נענוס, וואָס ברענגט שטענדיג מיט זיך אַ געפיהל פון זיין אייגענער לערקייט און נישטיגקייט.

שאַטאָבריאַן, וועלכער האָט איינגעלייטעט די רעליגיעזע רעאַקציע פון 19טען יאָרהונדערט, האָט ניט באַזעסען קיין גלויבען, קיין ענטהוזיאַזם און קיין הינרייסונג פאַר קיין אידעע. די געדאַנקען פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָבען גראַדע דעמאָלט אָנגעהויבען פאַרדונקעלט צו ווערען, זיך אַרויסצעווייזען אַלס טעות׳ן, די גרויסע אידעען פון 19טען יאָרהונדערט האָבען נאָך ניט נעהאַט באַקומען קיין וויסענשאַפטליכען יסוד, און שאַטאָבריאַן, באַגאַבט ווי ער איז ניט געוועזן, האָט דאָך ניט געקענט מיט דעם בליק פון אַ זעהער זיי פאָראויס באַנעהמען. דעריבער איז ער געוואָרען דער פירער פון דער רעאַקציע, דער ריטער פון קאַטאָליציזמוס און די בורבאָנען. מיט דעם כח, וואָס ליגט אין דער געניאַליטעט אויפצונעהמען די היסטאָרישע אידעען פון דער צייט, אָבער אָהן דער זיכערער פאַרשטענדניס פון דעם געניוס פאַר זייער וועזען און אָהן גלויבען אין זייער זיג, האָט ער אויפגעכאַפּט די געדאַנקען וואָס אַ צייטווייליגע ענדערונג

אין די סימפאטיען און שטימונגען האט ארויסגעבראכט און האט געקעמפפט פאר זיי מיט גרויס עקשנות, מיט פרעכטיגער אבער אפטמאל אויך לעדיגער עלאקווענץ, מיט גרויס טאלאנט אבער אהן ווארימקייט און אהן יענער איבערצייגונג, וועלכע דרינגט דורך די גאנצע פערזענליכקייט און מאכט זי פאר'ן באגייסטערטען און אונערמידליכען ארגאן פון דער אידעע. אין דער צייט וואס וואלטעיר, מיט זיין גאנצער אונרוהיגקייט און מיט אלע זיינע פעלערען, האט געפירט זיין לעבענס־קאמפף פריש, אונערמידליך און אונבאזיגבאר ביז צו־לעצט, ווייל ער האט קיין מינוט זיך ניט געוואקעלט אין זיין גלויבען אין דער ווארהייט פון זיינע אידעען, ווערט שאטאבריאן פארצערט פון זיין אונאויפהערליכער איבערדריסיגקייט מיט'ן לעבען, פון זיין אונגלויבען און מענשען־האס. בלויז אויף איין פונקט איז ער געוועזען א פיאנער: אלס דיכטער, איבערהויפט אלס פאעטישער קאלאריסט, און דעריבער פיהלט ער זיך טאקע נאר אין דעם דיכטערישען לעבען פון זיין יוגענד צופרידען און אינערליך באלוינט. אבער אלס פאעט איז אים קיין אנדער געשטאלט אזוי געלונגען ווי רענעי'ס, ד. ה. ווי די שילדערונג פון יענעם גייסטיגען טיפוס, צו וועלכען ער האט אליין געהערט.

אזוי ווי א געניאלער מענש פון רענעי'ס ארט, טראץ זיין רעליגיעזער פראזעאלאגיע, הויבט זיך קיינמאל ניט אויף אין עפיס א העכערע מאכט, ווערט דא די מעלאנכאליע אין איר עצם נאר דער אונבאפרידיגטער דורשט נאך עגאיסטישען גענוס. רענעי, אלס געניאלע פערזענליכקייט, ווייס אז גאט איז מיט אים און אין אים, און ער קען קוים אונטערשיידען צווישען זיך און גאט. ער פארגעטערט זיך זעלבסט פארגעטערענדיג גאט. ער ווייס אז זיינע געדאנקען און זיינע רייד זיינען אינספירירט, און וואו איז די גרעניץ צווישען דעם, וואס שטאמט פון אים און דעם, וואס שאמט ניט פון אים? ער ליבט אפילו מער די טעות'ן ווי די אמת'ן וואס ער רעדט ארויס, ווארום יענע געהערען אים אליין מער און ער פיהלט זיך אין א העכערען גראד פאר זייער באשעפער. דער ווייהרויך פון דער מאסע באטויבט זיין זינען. זיינע פיינד זיינען ניט זיינע, נאר די פיינד פון דער זאך, פון דאס גוטע, און אלע מיטעל

גענגען זיי זיינען גוט און רעכט. פאַר זיך זועלבסט פאָדערט ער אַלץ, די באַוואונדערונג פון פאָלק, די ליבע פון די פרויען, אַלע לאָרבערען און רויזען פון לעבען, און עס פאַלט אים גאָר ניט איין אַז ער פון זיין זייט איז פאַרפליכטעט צו לייסטען עפּיס דער־פאַר. ער לאָזט זיך ליבען ניט ליבענדיג צוריק. איז ער דען ניט קיין פּריווילעגירטע נאַטור, אַן אַפּאָסטאָל, וועלכער איילט דורכ'ן לעבען ווי אַ פליכטלינג, אַן אויפלאַקערענדער פייער, וואָס לייכט, פאַרצערט און פאַרשווינדט?

אין דיזע שטריכען האָט דער דיכטער נאָר זיין איינען בילד געצייכענט. שאַטאָבריאַנ'ס עראינערונגען אַנטהאַלטען און איבער־הויפּט דורך דאָס וואָס זיי פאַרשווייגען, גענוג באַווייזע פאַר יענער געקינסטעלטער קאַלטקייט מיט וועלכער ער האָט גענומען צער־טליכקייט און באַוואונדערונג. אייניגע פאַרטרויטע בריף פון אים, וועלכע סעינט־בעוו האָט געהאַט אין זיינע הענד, צייגען מיט וואָס פאַר אַן אייז־קאַלטען עגאָיזם ער פלעגט אַמאָל זוכען צו נאַרען מיט פאַרשפּרעכונגען פון אַ ברענענדער ליידענשאַפט. נאָך צו 64 יאָר שרייבט ער צו אַ יונגער דאַמע, וועלכע ער בעט אים צו געבען אַ ראַנדע־וואו אין דער שווייץ: „מיין לעבען איז נאָר אַ צופאַל; פון דיזען צופאַל נעהמט איר די ליידענשאַפט, דעם ווירבעל און דאָס אומגליק. איך וועל אייך אין א י י ן טאָג מער דערפון געבען ווי אַנדערע אין לאַנגע יאָרען".

אַזוי האָט נאָך גערעדט דער ערשטער רענעי, ווען ער איז שוין פיר־און־זעכציג יאָר אַלט געוועזן. און מערקט אייך, דער מאַן וועלכער רעדט אַזוי, איז אין פולער אויפריכטיגקייט און אָהן צביעות דערזעלבער וואָס איז אויפגעטראָטען אַלס דער ריטער פון גלויבען און באַגייסטערטער פאַרטיידיגער פון קריסטענטום; דען אים איז אַלץ ערלויבט; ער איז דער אויסדערוועהלטער, און ווי די פּיטהישע פּריסטערין, האַלב וואַנזיניג אין דעם געפיהל פון זיין באַרוף.

אין אים וואוינט צוגלייך עטוואָס געטליכעס און עטוואָס סאַ־טאַנישעס, אַן איינגעבאָרענע צושטערונגס־לוסט. די פאָרמע אונ־טער וועלכער ער ליבט, איז די, צו פאַרווירען און צו פאַרצערען. ער פאַרפירט דורך איבערנאַטירליכע, דורך גייסטיגע מיטעל, ער

פליסט איין צויבערגעטראַנקען. ער פאַרפירט ניט מיט דער כשופ׳־דיגער מאַכט פון דעם יונגען, אַפענעם האַרצען, פון דער יונגער פרישער ליבע. רענעי שרייבט ווערטער ווי די פאָלגענדע צו זיין אינדיאַנישער פרוי: „יע, סעלוטאַ, ווען דו וועסט מיך פאַרלירען וועסטו לעבען אַלס אַלמנה; דען ווער קען דיך אַרומוויקלען אין יענער פלאַם וועלכע איך שטראַל אַרויס אפילו ווען איך ליב ניט?״ און אויף אַן אַנדער אָרט: „פון דיזען האַרצען שטראָמען אַרויס פלאַמען, וועלכע קענען די גאַנצע בריאה פאַרצערען.״ איך מאַך ניט פאַראַנטוואָרטליך שאַטאָבריאַן פאַר די ווערטער וועלכע ער לעגט אין מויל פון רענעי, אָבער קוקט מען אויף צוריק געפינט מען יענעם לוציפער פון אַכצענטען יאָרהונדערט, וואָלטעיר, אין פאַרגלייך מיט אים, אונשולדיג ווי אַ קינד. וואָס פאַר אַ רירענדע צערטליכקייט ער האָט אַרויסגעוויזען זיינע געליבטע, אַ צערט־ליכקייט וואָס האָט אויך דאָס מינדסטע ניט פאַרלאָרען אפילו אין יענע פאַלען וואו ער איז שענדליך פאַרראַטען געוואָרען. און אַז מען בליקט פאָראויס געפינט מען אין טיעק׳ס „וויליאַם לאָוועל״ אָדער אין קירקעגאַארד׳ס „פאַרפירער״ נאָר אַ ברייטערע אויס־פירונג פון דאָס, וואָס דאָ ווערט געגעבען אין קאָנטורען. ניט מען נאָך איצט צו צו דער עגאָאיסטישער צושטערונגס־לוסט די גלייכ־גילטיגקייט צו אַלץ וואָס געהט־פאָר אויסערהאַלב דעם העלד, דעם טיפען עקעל צו דעם לעבען און דעם אונפאַרמיידליכען עקעל צו דעם אייגענעם איך, וואָס אפילו די אויפריכטיגע זעלבסט־באַ־וואונדערונג קען ניט פאַרטרייבען, און מען האָט די גרונד־שטרי־כען פון דעם טיפּוס. דערקענט איר דאָס בילד, איז עס ענליך צום אָריגינאַל? אָדער געפינט זיך איינער וואָס האָט ניט באַגעגענט איינע פון די אונצעהליגע קאָפּיעס פון אים? ביי איינעם טרעט איין שטריך, ביי דעם אַנדערען אַן אַנדערער מער אַרויס. איינער דערהויבט זיך אין איבערנאַטירליכען שטאָלץ, ווי יענער ענגלישער לאָרד וועלכער האָט דער וועלט געגעבען איר שפּיגעל־בילד אין „קין״ און „מאַנפרעד״; דער אַנדערער טראָגט אַרויס פון זיינע שטודיען נאָר ד ע ם רעזולטאַט, אַז ער איז אַ גאָט, ווי יענער דייטשער דיכטער, וואָס האָט געשריבען „דאָס בוך דער ליעדער״, האָט אַזוי אָפט מודה געווען. דער דריטער נעהמט אויף זיך די

ראָלע צו זיין דער נביא פון גאָט, לאָזט זיך אָבגעבען כבוד ווי אַ פּאַפּסט, און לאָזט נאָך אַלס זקן יונגע פרויען צו זיך קומען כדי זיי זאָלען אים די ציטערנדע הענד קושען. פאַר אַ פּירטען ווערט דער אומעט דאָס אבסאָלוט באַשטימענדע, דער יסוד פון זיין באַרוף, דער קוואַל פון זיין לעבענס־פירונג און זיין גאַנצער שריפט־שטעלערישער טעטיגקייט. און דיזע מעלאַנכאָליע באַרויבט אים פון יעדען פּראַקטישען בליק אין אורטיילען די ווירקליכקייט. די גרינגסטע פּאַסירונג וואָס באַגעגענט אים וואַקסט־אויס אין עט־וואָס באַדייטונגספולעס, עטוואָס אַנטשיידענעס און פאַראויס־באַשטימטעס, און ער קערט זיך דערצו אום אָבער און ווידער, בשעת ווען פאַר אַ וועניגער מעלאַנכאָלישען בליק וואָלט עס איינגעשרומ־פּען אין אַ קליינינקייט. מען קען זיי אַלע, דיזע נאָהנטע אָדער ווייטע, עכטע אָדער דעגענירירטע ברידער און זיהן פון רענעי. דער טיפּוס נעהמט ארום אַ קורצען שפּאַן פון יאָרען און מען דאַרף אים פאַר אַלעמען ניט פאַרבייטען מיט אַן אַנדער טיפּוס, וועלכער קומט נאָך אים און וועלכער איז אונז אַלעמען באַקאַנט. רענעי פערזאָניפיצירט אַ דור וועלכער האָט געזאָגט צו זיך זעלבסט: פאַר מיין פינף־און־צוואַנציגסטען יאָר וויל איך האָבען דיזע מיי־דעל, זיין אַ גרויסער דיכטער, זיין אַ גרויסער קינסטלער אָדער שטאַרבען. ביים נעקסטען דור האָט דיזער זאַץ געלויטעט: פאַר מיין פינף־און־צוואַנציגסטען יאָר וויל איך האָבען אַן אמט, פאַר מיין דרייסיגסטען וויל איך זיין מיניסטער. די בענקשאַפט נאָך געזיכערטער הכנסה און נאָך אַ געזיכערטען איינפלוס האָט פאַר־נומען דעם פּלאַץ פון יענער אונבאַשטימטער און אידעאַלער בענק־שאַפט ביי אַ דור אין וועלכען דער אינדיווידיאום שטעלט זיך אָהן טרוימערייען און אָהן צווייפלען זיין באַשרענקטען ציל און דערגרייכט אים. אויב די ערשטע זיינען ערשינען הארט און קאַלט, איז עס שוין געוועזען אין אַ צווייטער שטופע, נאָכדעם ווי זיי האָבען דעם צווייפלער און דעם טרוימער אין זייער הארצען דערשטיקט; אָבער די לעצטע זיינען געוועזען אַזוי פון געבורט און האָבען קיין קריזיס ניט דורכגעמאַכט.

נאָך דעם אַלעמען וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרען קלינגט עס ממש וואונדערליך ווען מען באַטאָנט, אַז רענעי איז, אין

ריין רעאַקציאָנערע און קאַטוילישע אינטערעסען, איינגעוויקעלט געוואָרען אין דעם „גייסט פון קריסטענטום”, אום צו באַווייזען ווי נויטיג עס איז דער טרויסט פון דער קריסטליכער רעליגיאָן פאַר געוויסע ליידען און ווי נויטיג עס איז צוריק איינצופירען די נאָנען־קלויסטערס, וואָרום נור דער קלויסטער קען געבען רעטונג און שוץ פאַר געוויסע פאַראירונגען. רענעי'ס הויפּט־אומגליק איז נעמליך, ווי געזאָגט, די ליידענשאַפטליכע ליבע פון זיין שוועסטער צו אים, וועלכע, כדי איר ליידענשאַפט בייצוקומען, טוט אָן דעם שלייער און שטאַרבט אין קלויסטער. ווי שעהן דאָס קלינגט! אָבער פיהלט מען ניט די ביטרעקייט? אזוי פאַרפירעריש, אזוי אונווידערשטעהליך איז יענער רענעי, אז ער רוהט ניט זאָגאַר, אָדער בעסער, דער דיכטער רוהט ניט ביז ער האָט רענעי'ס איי־גענער שוועסטער איינגעפלאָסען אַן אוננאַטירליכע ליבע צו איר ברודער. ווידער צייגט זיך דאָ ווי די רעאַקציאָנערע טענדענץ ווערט אריינגעוויבעלט אין דעם שטראָם פון דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג, וואָרום אויב עס איז געווען עפּיס, אויף וואָס די אזוי גערופענע „סאַטאַנישע שולע” האָט שפּעטער געשיינט צו האָבען אַ טראַדיציאָנעלען רעכט, איז עס געווען דאָס, וואָס נאָכ־דעם ווי זי האָט די ליידענשאַפט פאַרהערליכט אַלס נאַטור, זאָל זי זי שילדערען מיט סימפּאַטיע אפילו דאָרט וואו זי לויפט געגען דער נאַטור. איך וויל אָנווייזען אויף אַ פּאָר שטריכען וואָס האָבען אַ שייכות דערצו.

ביי דער יונגער רעוואָלוציאָנערער שולע איז עס געווען אַ באַ־ליבטע טעמע, אז דער אָבשיי פאַר דעם געשלעכטליכען פאַרקער צווישען ברודער און שוועסטער בארוהט נאָר אויף פאָראורטייל. דאָס איז געווען אַ ליבלינגס־אויסדרוק ביי מערימעי און זיין יוגענד. מען האָט זיך אויסערדעם געשטעלט אויף דער אויטאָריטעט פון דער ביבעל, וואו די מענשהייט האָט זיך לויט דער ביבלישער טראַדיציע פון אָנפאַנג פאַרמערט דורך בלוט־שאַנדע. בייראָנ'ס קין איז דער מאַן פון זיין אייגענער שוועסטער. אויסערדעם איז עס דעמאָלט געווען אין דער מאָדע זיך צו שילדערען אביסעל אַלס טייפעל. שאַטאָבריאַן, וועלכער האָט אין רענעי געשילדערט זיך אליין און וועמעס פאַרהעלטניש צו זיין שוועסטער איז אויסערליך

געווען ענליך צו רענעי׳ס, איז אין אמת׳ן געליבט געוואָרען פון איר בשום אופן ניט אנדערש ווי נאָר אַלס ברודער, און עס איז מער ווי ווארשיינליך, אַז דאָ ליגט אויך דער שליסעל צו דער אויפ־קלערונג פון איינער פון די אונהיימליכסטע און פיינליכסטע ליטעראַרישע געשעהעענישען פון דער אינגסטער צייט. אַלע גע־דענקען נאָך די שווערע אנקלאַגע, דורך וועלכער מרס. ביטשער־סטאָו האָט מיט איינינגע יאָר צוריק באַשימפּפט דעם אָנדענקען פון בייראָן. אַ פאַרברעכערישע פאַרהעלטניש צווישען אים און זיין שטיף־שוועסטער זאָל האָבען געווען די אורזאַכע פון דער שיידונג צווישען אים און זיין פרוי. צו דערגעהן דעם אמת אין דיזער זאַך איז אונמעגליך; טהאָמאַס מור האָט בייראָנ׳ס נאָ־טיצען פאַרברענט. אָבער אפילו ווען מען הערט אויס מרס. סטאָו מיט פאָלקאָמענער רוה, און ווען מען נעהמט שוין אָן אַז זי אַזוי גוט ווי ליידי בייראָן ריידען דעם ריינעם אמת, וואָס האָבען מיר דאַן פאַר אונז? אַן אויסדרוק פון בייראָנ׳ען צו זיין פרוי, אַז אַזאַ פאַרהעלטניש איז געווען. נון, ווי עס איז אַלעמען באַוואוסט, איז ליידי בייראָן געווען אַ העכסט פרומע און איינפאַכע פּורי־טאַנערין, וואָס האָט געזעהן איר מאַן באַגעהן אַלץ וואָס איז נאָך איר מיינונג געווען דאָס ערגסטע אויף דער וועלט. זי האָט גע־וואוסט אַז ער האָט געטרונקען און פלעגט זיך באַטייליגען אין הוליאַנקעס, אַז ער פלעגט גאַנצע נעכט פאַרברענגען ערגיץ אין דרויסען, אַז ער האָט ניט געשוינט ניט זיין נאָמען און ניט זיין ראַנג, אַז ער האָט געמוזט געהן אין פּאַרלאַמענט אַליין, ווייל ער האָט ניט געקענט באַוועגען אַן איינציגען פון זיינע שטאַנד־קאָ־לעגען אים אהין צו פירען, אַז ער האָט באַשפּאָט אין זיינע שריפטען די איין הייליגע אנגליקאַנישע קירכע, און געשילדערט די שוואַר־צעסטע פאַרברעכען אין דער שעהנסטער באַלייכטונג. יאָ, איר מאַן האָט עס געבראַכט אַזוי ווייט, אַז אָפטמאָל האָט מען ביי דעם יונגען פּאָר געלענט אַן ארעסט אויפ׳ן הויזליכען פאַרמעגען, אפילו אויף איר חתונה־בעט. וואָס איז דעריבער דער וואונדער וואָס זי האָט איר מאַן גענומען אויפ׳ן וואָרט ווען ער האָט איינמאָל, זייענדיג מער ווי געוויינליך אויפגערעגט דורך איר פּראָסטקייט און אירע דרשות, אויסגעבראָכען מיט צאָרן: יע, איך בין דער

טייפעל, מיין קרומע פוס איז ווירקליך א געשפאלטענע פוס און איך לעב אין שענדליכסטער פארהעלטניש מיט מיין אייגענער שוועסטער!

מיר זעהען אז שאטאבריאן האט אין רענעי געגעבען ביי־ראנ׳ען דעם ביישפיל. מיר זעהען ווי דיזער פראדוקט פון דער רעוואלוציאנס־פאעזיע שפראצט ארויס אין דעם רעאקציאנערען ווערק, אין וועלכען ער געפינט זיך, און איז פארמישט אין דיזעביידע גרויסע שטרעמונגען. אבער עס איז כדאי צו באמערקען, אז דער אונטערשטראם איז ניט קריסטליך און ניט רעליגיעז. דער גרונד־געפיהל איז איבעראל א מאדנער ווילדער עגאאיזמוס, א מין תאוה פון אונהיימליכסטען סארט, וועלכע באשטעהט אין דעם, צו פארבינדען דעם געדאנק פון טויט און פארניכטונג, א געוויסען סאטאנישען צארן מיט דעם זאנסט אזוי זאנפטען און נאטירליכען געפיהל פון לוסט און גליק. רענעי שרייבט צו סעלוטא: „איך האב דיר אין מיטען פון דער וויסטעניש צו מיין הארצען געדריקט, איך וואלט דיך אין יענעם אויגענבליק גערן גע־ווען דורכשטעכען מיט א שווערד אום צו באפעסטיגען דאס גליק אין דיין בוזים און זיך אליין צו שטראפען דערפאר וואס איך האב דיר אזא גליק געשענקט”.

.5

# דער נייער זעלען-צושטאַנד.

פונקט ווי אין דער קערפערליכער וועלט אנטשטעהען צו געוויסע צייטען קראַנקהייטען וואָס זיינען ביז אהער געווען אונבאַקאַנט, אַזוי איז אויך אין דעם גייסטיגען לעבען. וואָס איך וויל דאָ שילדערען איז דער טראַגישער און אומגעזונטער גייסטיגער צושטאַנד, דער אָריגינעלער אויפשויאונג און די אָריגינעלע געמיטס־קראַנקהייט וואָס באַצייכענען דעם אָנפאַנג פון 19טען יאָרהונדערט. דער גרונד־שטריך פון דיזען זעלען־צושטאַנד איז געקומען פון דער גרויסער רעוואָלוציאָן פון דעם מענשליכען גייסט. אַלע געמיטס־קראַנקהייטען וועלכע ברעכען אויס אַלס רעזולטאַט דערפון, לאָזען זיך אויפפאַסען אַלס סימפּטאָמען פון צוויי גרויסע געשעהענישען: פון דער עמאַנציפּאַציאָן פון דעם אינדיווידיאום און פון דער באַפרייאונג פון דעם גייסט.

דאָס אינדיווידואום ווערט עמאַנציפּירט. ניט מער צופרידען צו בלייבען אויף דעם פּלאַץ וואָס ווערט אים אָנגעוויזען אָדער וואו ער איז געבאָרען, ניט באַנוגענדיג זיך מער מיט אַקערען דעם פאָטער'ס פעלד, נאָך מער, באַפרייט פון אַמאָליגער קנעכטשאַפט, פיהלט דער מענש צום ערשטען מאָל אין בוכשטעבליכען זין פון וואָרט די וועלט ליגען אָפען פאַר אים. וואָס פאַר אַ פאָרשריט אין פאַרגלייך מיט אַלע פריהערע צייטען! עס דוכט אים מיט איין מאָל אַזוי ווי אַלץ איז מעגליך געוואָרען און אַזוי ווי דאָס וואָרט אונמעגליך וואָלט פאַרלאָרען זיין זין, אַזוי ווי עס וואָלט געקענט, צ. ב. דער פויק־שטעקעל אין דער האַנד פון סאָלדאַט דורך אַ רייהע שנעלע מעטאַמאָרפאָזען זיך פאַרוואַנדלען אין דעם שטאַב פון דעם מאַרשאַל אָדער אין אַ צעפּטער, אָבער צו דער־

זעלבער צייט, דאָרט וואו ס'איז געוואָרען אַזאַ מעגליכקייט איז די קראַפט בשום אופן ניט אויסגעוואַקסען אין דערזעלבער מאָס, און צו ווענינסטען פון אַלץ די קראַפט פון זעלבסט־באַהערשונג. פון די הונדערטע טויזענדע פאַר וועלכע דער וועג איז געעפענט געוואָרען, קען נאָר איינער דאָס געווינשטע ציל דערגרייכען, און וואו נעהמט דער אינדיווידיאום די זיכערקייט אַז ער וועט גראַדע זיין דער איינער? און דערפון קומט דער אונגעצאַמטער פאַרלאַנג און די אונגעצאַמטע מעלאַנכאָליע. און צום גרויסען רעש'יגען וועלט־לויף האָט אויך ניט יעדערער אָהן אויסנאַם קיין צוטריט. אַלע יענע, וועלכע פיהלען זיך, צוליב אַזאַ אָדער אַנדער אורזאַכע געקניפּט צו דער אַלטער אָרדנונג פון זאַכען, ווי אויך די פיינערע, ווייניגער גראָב־הויטיגע נאַטורען, וועלכע טרוימען ליבער איידער האַנדלען, פיהלען זיך ארויסגעשפּארט, טרעטען אָב אָן א זייט אָדער וואַנדערען אויס, און אַזוי ווי זיי ווערען אָנגעוויזען אויף זיך אַליין ערוואַכט אין זיי מיט דער זעלבסט־פּארטיפונג א שטאַרקערער זעלבסטבאַוואוסטזיין, און דערמיט א גרעסערע פעהיגקייט צו ליידען. דער העכסט ענטוויקעלטער אָרגאַניזם ליידט אימער אַם מערסטען.

דערצו קומט נאָך אויך צו דאָס, וואָס בשעת די אַלטע אָרדנונג צופאַלט אין שטיקער, ווערט אויך אָבגעשוואַכט דער נוצליכער דרוק אויפ'ן אינדיווידואום, וואָס האַלט אים אין געוויסע סאָציאַלע צאַמען און לאָזט אים ניט צושרייבען זיך אונבאַגרענ־ניצטען ווערט און אונבאַגרעניצטע באַדייטונג. אויף אַזאַ אופן ווערט די זעלבסט־פאַרגעטערונג מעגליך איבעראַל וואו די קראַפט פון זעלבסט־באַהערשונג איז ניט אַזוי שטאַרק ווי עס איז געווען פריהער די רעגולירענדע מאַכט פון דער געזעלשאַפט.

און אין דערזעלבער צייט ווען אַלץ איז מעגליך געוואָרען, דוכט זיך אַזוי ווי אַלץ וואָלט אויך ערלויבט געוואָרען. יעדע מאַכט, וועלכע דער אינדיווידיאום האָט פריהער ארויסגעלאָזען פון די הענד און פרייוויליג איבערגעגעבען צו זיינע געטער און זיינע קעניגע, נעהמט ער יעצט צוריק. פּונקט אַזוי ווי ער נעהמט מער ניט אַראָב דאָס היטעל פאַר'ן באַגילדעטען וואָגען, פאַר וועמעס באַגילדונג ער האָט אַליין באַצאָלט, אַזוי בויגט ער זיך

אויך מער ניט פּאָר קיינע פּארבאָטען, וועמעס ריין מענשליכען אורשפּרונג ער קען יעצט באטראכטען. אויף יעדען פּארבאָט האָט ער גרייט אַן ענטפער, אַן ענטפער וואָס איז אַ פראגע, אַ שרעקליכע פראגע, דער אָנהויב פון יעדער מענשליכער קענטניש און יעדער מענשליכער פרייהייט, די פראגע: „וואָרום". און אזוי זיינען יענע פּארבלאָנדזשענישען פון דער פאַנטאזיע, פון וועלכע עס איז דאָ אויבען געוועזען די רייד, די צו שטארקע אויפמערקזאם וואָס איז געווענדט געוואָרען אויף דעם פּארברעכען אפילו וואָס איז אונגאטירליך, בלויז איין שטריך, נאָר איין פּארבלענדונג פון יענעם אזוי גוואלטיגען און אזוי באדייטונספולען אריינטרעטען פון דעם אינדיווידואום אין זיין רעכט.

און דער געדאַנק ווערט באפרייט. דער עמאַנציפּירטער יחיד פיהלט זיך ניט אלס גליד אָדער טייל פון אַ גרעסערען גאַנצען, נאָר אלס מיקראָקאָסמוס, ד. ה. אלס אַ וועזען, וואָס, אָבוואָל עס איז איינציג, באגרייפט דאָך אין זיך אַ קליינע וועלט, וואָס שפּיגעלט אין זיך אָב אין אַ קליינעם מאסשטאב די גאַנצע גרויסע. וויפיעל אינדיווידוען אזוי פיעל שפּיגלען וואָס כאַפּען־אויף דעם וועלט־אל. אָבער אין דער זעלבער צייט ווען דער געדאַנק האָט געפּאסט דעם מוט צו ערקענען ניט שטיקלעכווייז, נאָר אויף אַן אל־אומפאסענדען אופן, איז די מעגליכקייט ניט געוואָקסען אין דערזעלבער מאָס מיט'ן מוט, און יעצט פּונקט אזוי ווי פריהער טאפּט די מענשהייט אין אונענדליכען טונקעל און באגרייפט גאָרניט פון די געהיימניסען פון איר עקזיסטענץ. פארוואָס ווערען מיר געבאָרען, צו וואָס לעבען מיר, וואָס איז דער צוועק פון אלץ? דער ענטפער אויף די אלטע פראגען איז ניט נעהנטער ווי געווען, און אויף אזוי ווייט ווי מען פּארטיפט זיך אין אים, שיינט ער צו זיין אונבאפרידיגענד, נידערשלאָגענד, פּעסימיסטיש. פריהער איז דער מענש געבאָרען געוואָרען אין אַ באַשטימטען אונבארירבארען גלויבען, וועלכער האָט אים געגעבען באַשטימטע, אויף אַן איבערנאטירליכען אופן ערוואָרבענע, טרייסטענדע און האָפנונגספולע אנטוואָרטען. אין 18טען יאָרהונדערט ווען די אמונות האָבען פּארלאָרען זייער באדייטונג, זיינען די גייסטער געבאָרען געוואָרען אין פּונקט אזא דאָגמאטי־

שען און יעדענפאַלס פונקט אזא באַגייסטערענדען גלויבען אין די דעמאָלט הערשענדע אידעען פון דער ציוויליזאַציאָן, אין דער באַפרייענדער מאַכט פון דער אויפקלערונג, און מען האָט געלעבט אין ערוואַרטונג פון דעם גליק און דער האַרמאָניע, וועלכע וועלען זיך אויסברייטען איבער דער ערד, אַזוי שנעל ווי זי וועט דורכגע־דרונגען ווערען פון די פילאָזאָפישע אידעען. יעצט, אין אָנפאַנג פון 19טען יאָרהונדערט, איז דיזער גלויבען אויך געוועזן אונטער־געגראָבען; די געשיכטע האָט געשיינט צו לערנען אַז אויך דער וועג פירט צו נישט, און די צומישונג פון די געמיטער איז געוועזן פונקט אַזוי גרויס ווי אין אַ מחנה וועלכע אין מיטען פון דער שלאַכט ערהאַלט פּלוצלינג די קאָמאַנדע צוריקצוטרעטען. די יע־ניגע גייסטער וועלכע האָבען אַוועקגעפירט די באַוועגונג אין דעם אַלטען רעליגיעזען וועג, זיינען אַלע מער ניט געשטאַנען אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון דער אַלטער גלויבענס־געזעלשאַפט, זיי זיינען אַליין מיט ווענינע יאָרען צוריק געוועזן וואָלטעריאַנער אָדער אָנ־הענגער פון רוסאָ'ס דעאיזם; ביי זיי אַלע איז די נייע רעליגיע־זיטעט ענטוועדער אויסגעקעמפפט געוואָרען אָדער דערטראַכט גע־וואָרען מיט'ן פאַרשטאַנד. דערין ליגט די אורזאַכע וואָס די גייסטיגע באַוועגונג ביי יענע שריפטשטעלער, וועלכע האָבען איינ־געלייטעט דאָס נייע יאָרהונדערט, איז געוועזן אַזוי שטאַרק געצוואונ־גען און געדריקט. נאָר דאָס געפיהל פון דעם פאַרלוסט, נאָר די אונ־געדולד איבער דער באַגרעניצטקייט פון אונזער וויסען איז גע־שטיגען. מען פיהלט דעריבער וויפיעל אמת עס ליגט אין פאָלגענ־דען בילד פון מוססע: „די אייביגקייט איז גלייך צו אַן אָדלער־נעסט, פון וועלכען אַלע יאָרהונדערטען פליהען אַרויס ווי יונגע אָדלער אום אַרומצופליהען דעם אוניווערזום. איצט איז דער אונ־זעריגער געקומען צום ראַנד פון דעם נעסט; ער בליקט אַרויס, אָבער מען האָט אים זיינע פליגעל אַרומגעשניטען, ער ערוואַרטעט דעם טויט, אַראָבקוקענדיג אין דעם אונענדליכען רוים, אין וועל־כען ער איז ניט אומשטאַנד זיך אַרויסצושווינגען.“

.6

# סעינאַנקור׳ס „אָבערמאַן.״

אין שאַרפסטען קאָנטראַסט צו רענעי, וועלכער איז זאָגאַר אין דער פאַרצווייפלונג און דעם עקעל פאַר׳ן לעבען אַזוי שטאָלץ און נעביטעריש, שטעהט די נעכסטע וויכטיגע וואַריאַציאָן פון דעם טיפּוס פון דער צייט, אָ ב ע ר מ אַ ן.

„אָבערמאַן״, אַ ווערק וואָס איז געשריבען געוואָרען אין זעלבען יאָר ווי רענעי, איז פּונקט אַזוי ווי דיזעס בוך פאַרפאַסט געוואָרען אין גלות, אין איינזאַמקייט, פון אַ ליידענשאַפטליכען אַטעאיסט, אַ טיף־פיהלענדען סטאָיקער, עטיענן דע סעינאַנקור Senancourt )

עטיענן פיערר דע סעינאַנקור איז געבאָרען געוואָרען אין פּאַריז אין יאָר 1770, אָבער נאָך די ערשטע טעג פון דער רעוואָ־לוציאָן, האָט ער אויסגעוואַנדערט אין דער שווייץ, וואו אַ פאַר־צווינגענע קראַנקהייט און פאַרשיידענע אומשטענדען האָבען אים געצוואונגען צו בלייבען. אַלס עמיגראַנט איז ער געווען אויסגע־וויזען פון פראַנקרייך און בלויז אין געהיים פלעגט ער וואַגען אריבערצוגעהן די גרעניץ אום צו באַזוכען זיין מוטער. אונטער׳ן קאָנסולאַט האָט ער זיך דאָך, אָהן ערלויבניש, אומגעקערט צוריק, און האָט די ערשטע דריי יאָר געלעבט ווי אַ פאַלשטענדיגער נזיר אין פּאַריז אום ניט צו ציהען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער רעגירונג. שפּעטער האָט ער געפונען אַ מעסיגע פּרנסה אַלס מיטאַרבייטער פון ליבעראַלע צייטונגען און אַלס אַרויסגעבער פון היסטאָרישע האַנד ביכער. זיין לעבען איז געווען איינזאַם און אָהן גלאַנץ — דאָס לעבען פון אַ טיף־עמפּפינדליכען סטאָיקער.

סעינאַנקור׳ס ערשטע שריפט, „טרוימערייען איבער דער

אורשפּרינגליכער נאַטור פון דעם מענשען", וועמעס טיטעל אַליין פּאַררּאַט שוין דעם תּלמיד פון רוסאָ, איז ערשינען אין 1799. אין אָנפאַנג פון יאָר 1804 האָט ער אַרויסגעגעבען זיין פּסיכאָלאָגישען ראָמאַן „אָבערמאַן", וועלכער האָט ביי זיין ערשיינען קיין באַזונדערען אויפזעהן ניט געמאַכט. פונדעסטוועגען איז שפּעטער דאָס דאָזיגע ווערק אַרויסגעגעבען געוואָרען אין אימער נייע אויפלאַגען; דער נעכסטער דור האָט זיך אימער אויף דאָס ניי געקערט צו אים, און זיין נאָמען איז אין פראַנקרייך אַ לאַנגע צייט געגאַנגען צוזאַמען מיט די נעמען פון אָססיאַן און ווערטהער. נאָדיע און באַלאַנש האָבען עס פריה שטודירט. סעינט־בעוו האָט עס אויסגעקליבען פאַר זיין ליבלינגס־בוך, און ער און זשאָרזש סאַנד האָבען פיעל ביינעטראָגען צו ציהען די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט אויף אים.

מען קען „אָבערמאַן" אָנרופען דער פראַנצויזישער „ווערטהער". וואָס אַנבאַטרעפט דער זעלבסטמאָרד־עפּידעמיע האָט ער געשפּילט אין פראַנקרייך דיזעלבע ראָלע וואָס „ווערטהער" אין דייטשלאַנד; אָבער דער אויסדרוק איז ניט אינגאַנצען ריכטיג, וואָרום „אָבערמאַן" אַנטהאַלט ניט קיין ליבעס־געשיכטע. דאָס ווערק איז געוועזען אין די הענד פון דעם אומגליקליכען ראַבבע, וויקטאָר הוגאָ'ס פריינד, באַקאַנט דורך דעם לעצטענס ביאָגראַפיע און געדיכטע, און איז שטאַרק פאַרעהרט געוועזען פון אַ גרופּע יונגע לייט, ווי סאָטלע, באַסטיד, אַמפּער, שטאַפּפער, פון וועלכע דער ערשטער האָט זיך אַליין דאָס לעבען גענומען. אויב רענעי איז דער אויסדערוועלטער, איז אָבערמאַן דער פאַרוואָרפענער. זיין גייסט איז פונקט אַזוי פיעלזייטיג, זיין געמיט פונקט אַזוי טיף ווי רענעי'ס, אָבער דער מלאך וואָס האָט דיזען לעצטען זיין באַרוף געגעבען איז אים פאַרביי־געגאַנגען. אין רענעי האָט אַ ט י י ל פון די הערשענדע גייסטער פון דעם יאָרהונדערט דערקענט זיך זעלבסט, אָבערמאַן איז די געשיכטע פון דער מערהייט, ד. ה. ניט דער וואולגאַרער, נאָר דער פיין־פיהלענדער און באַגאַבטער מחנה, וואָס בילדען צוזאַמען דעם כאָר פון די אויסדערוועהלטע גייסטער. דאָס בוך הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „אין דיזע בריף וועט מען געפינען דעם אויסדרוק פון אַ גייסט וואָס

פיהלט, ניט פון אַ גייסט וואָס ארבייט." דערין ליגט אַלץ. פאַר־וואָס ארבייט ער ניט? דאָס איז שווער צו ערקלערען. דער קירצסטער ענטפער איז: ווייל ער איז אומגליקליך. וואָרום איז ער אומגליקליך? ווייל ער איז צו עמפּפינדליך, צו אָפען פאַר שטימונגען און איינדריקען. ער איז לויטער הארץ, און דאָס הארץ ארבייט נימ. עס איז געווען די צייט פון רעגעלען, דיסציפּלין, פון מיליטערישען דעספּאָטיזם. עס איז געווען יענע עפּאָכע ווען די מאטעמאטיק איז געשטאַנען אין העכסטען אַנזעהן צווישען די וויסענשאַפטען, און ענערגיע, צוזאַמען מיט דער פעהיגקייט זיך אַבסאָלוט צו אונטערוואַרפען, איז געווען די העכסטע צווישען די טוגענדען. אָבערמאַן געהערט ניט מיט אַן איינציגען פיבר פון זיין הארצען צו דער דאָזיגער צייט, וואָרום ער האָט פאַראַכטעט סיי די דיסציפּלין סיי די מאַטעמאַטיק אַזוי שטאַרק ווי וועלכער עס איז שפּעטערער ראָמאַנטיקער האָט עס געקענט. ער שפּאָט איבער די קליינבירגער וועלכע מאַכען יעדען טאָג דעמזועלבען אָב־געמאָסטענעם שפּאַציר און קערען זיך אום אימער פון דעמזועלבען אָרט. אים קימערט ניט צו וויסען פאָראויס פון וואָס זיין געפיהל וועט באַאיינפלוסט ווערען. זאָל דער גייסט, זאָגט ער, שטרעבען דערצו, צו געבען זיינע שעפּפונגען אַ געוויסע סימעטריע; דאָס הארץ ארבייט ניט און קען נאָר דעמאָלט עטוואָס שאַפען ווען מען „בילדעט" עס נימ. מען געפינט דיזען קולטור־פיינדליכען פּרינ־ציפּ אין זיינע בריף: זיי שטעלען מיט זיך פאָר אַ שווערן, ברייטען, ערנסטען, שלעכט־געשריבענעם בוך, וואָס מאַכט דעם איינ־דרוק פון אַ רייהע אימפּראָוויזאַציעס, צו וועלכע דער פאַרפאַסער, באַטראַכטענדיג זיי אַלס די קינדער פון זיין הארצען, האָט ניט געוואָלט אָדער ניט געקענט צוגעבען אַן אָנציהענדערע פאָרמע. געוויס געפינט מען אַרום דעם שווערען ערץ פון דעם ווערק גאָלד־קערנער, אָבער מען מוז זיי מיט פיינליכער מיה אויפזוכען.

דער העלד פון דעם בוך געהערט צו יענע אומגליקליכע וועל־כע שיינען צו זיין באַשאַפען פאַר דער שאָטענדיגער זייט פון לעבען און דערגרייכען קיינמאָל ניט דערצו, צו וואוינען אין זיין זונען־ליכט. דאָס גליק געהט זיי פאַרביי, און דעם פאַרגעסליכען פּאַמאַ, וועמעס זכרון איז אַזוי איבערפילט מיט נעמען, קומט עס

אימער אָן אזוי שווער זייער נאָמען אויסצורײדען, אז זיי שיינען צו זיין טויט נאָך ביי זייער לעבען. מייסטענס דערנרייכען זיי אפילו גאָרניט צו דער סצענע פון דער עפענטליכקייט. עס איז ביי זיי פאראַן, ווי האמלעט זאָגט, צוזאמען מיט א סך גלענצענ־דע מעלות עפּיס אַן איינציגער פ ע ל ע ר אין זייער נאַטור, וועל־כער שטערט דעם הארמאָנישען צוזאמענשפיל פון די באזונדערע טיילען. אין דעם אזוי פיין־קאָמפּליצירטען זייגער ברעכט דאָ א פעדער, דאָ א קליין רעדעל און די מאשינעריע שטעהט א לאַנגע צייט שטיל. אָבערמאַן האָט ניט קיין פעסטע באשעפטיגונג, קיין ווירקונגס־קרייז, קיין פאַך, און ערשט אויף די לעצטע זייטען פון דעם בוך קומט ער צום פּארלאַנג אויפצוטרעטען אלס שריפט־שטעלער. אָבער דער לעזער גלויבט ניט שטארק אז דאָס גליק ער וואַרט אים אויף דיזען וועג. דער וואָס האָט אפילו דאָס קלענסטע ווערק אויף דער וועלט געבראַכט ווייס, ווען ער לאָזט זיינע גע־דאנקען געהן אויף צוריק, וואָס פאַר א כמעט אונגלויבליכע רייהע פון גינסטיגע אומשטענדען זיינען אים בייגעשטאַנען, וואָס פאַר אַן אונגלויבליכע צאָל פון קליינע און גרויסע שטערונגען ער האָט געמוזט בייקומען, ווי געגוי ער האָט געדאַרפט היטען די צייט, ווי אייפריג ער האָט אָנגעכאַפּט די געלעגענהייט און דעם אויגענ־בליק, ווי אָפט ער האָט געהאַלטען ביי אויפגעבען איננאַנצען, ווי־פיעל אָנפאַלען פון האָפנונגסלאָזיקייט און ענטמוטיגונג ער האָט באזיגט, נאָר כדי דאָס נישטיגע ציל צו דערגרייכען. דאָס קלענס־טע ווערק וואָס ווערט געבאָרען לעבעדיג זאָגט עדות אויף טויזענד טריאומפען. און וואָס פאַר א קאָמבינאַציאָן פון אומשטענדען פאָדערט זיך כדי עס זאָל דאַן גלייך נאָך דער געבורט ניט שטאַר־בען! פונקט אזוי פיעל ווי פאַר א לעבעדיגען אָרגאַניזם. דאָס ווערק מוז באלד א ליידיגען פּלאַץ, אַן עפענונג געפינען, אין וועלכען עס זאָל זיך אריינפאַסען. דער אינטערעס פאַר אים דאַרף ניט דורכגעקרייצט ווערען פון אַן אנדער שטאַרקערען אינטע־רעס, דער שטראָם דאַרף ניט געהן אין דער פאַרקערטער ריכטונג, דער טאַלאַנט דאַרף ניט איבערגעשטראַלט ווערען פון א גרע־סערען. עס דאַרף ניט עראינערען אָן קיין שום פריהערען ווערק, עס דאַרף ניט צופעליגערוויז זיין ענליך צו אַן אנדערען, אָבער צו

דערזעלבער צייט מוז עס אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן זיך אָנקניפּען אָן עטוואָס שוין באַקאַנטעס און געהן אין אַ וועג, וואָס איז שוין אויסגעלעגט. ענדליך מוז עס קומען אין דער רעכטער באַלייכטונג. עס זיינען פאַראַן ווערק וואָס זיינען דוקא ניט שוואַך, אָבער אין דער באַלייכטונג וואָס זיי קריגען צוליב עפּיס אַ גלייכצייטיגער פּאַסירונג אָדער אַ גלייכצייטיגען ליטעראַטור־פּראָדוקט, ערשיינען זיי שוואַך. עס זיינען פאַראַן ווערק וואָס גיבען זיך אויס אַלטמאָדיש, אָרים, פאַרבלאַסט.

מען קען זאָגען אַז דאָס געהיימניס פון ליטעראַרישען ער־פאָלג איז כאַראַקטעריסטיש צו געוויסע נאַטורען ווי אַ כשוף.

מען זעהט צ. ב. צוויי גלייכע נאַטורען; עכטע זילבער־נאַטורען קען מען זיי אָנרופען, און יעדער פון זיי האָט אויסער־דעם אַלס צוגאָב זיין קליינעם קערנדל גאָלד. אָבער איינער פאַר־באָרגט זיין גאָלד־קערן אַלס אַן אונזיכטבאַרע פּינטעל אין דער זילבער־מאַסע, דער אַנדערער ציט איבער דערמיט די גאַנצע זיל־בער־קויל. צו פאַרשטעהן ווי עס צו באַנוצען הייסט טאַלאַנט, און טאַלאַנט איז אַן אַנדער וואָרט פאַר גליק.

אָדער מען באַגעגענט צוויי נאַטורען פון כמעט גלייך איי־דעלע מעטאַלען. אָבער איינע ווי עס שיינט, געהערט צו די אויס־דערוועהלטע אין די אויגען פון דער וועלט, די אַנדערע — צו דער מאַסע, און אַז מען קוקט זיך צו גענויער דאַן אַנטדעקט מען מיט פאַרוואונדערונג, אַז די ריינערע, די איידעלערע פון די צוויי נאַטורען איז די יעניגע וועלכע מוז שטעהן אין שאָטען און ווערט נעשטויסען אָן דער זייט. אָבער אַז מען פאַרטראַכט זיך טיפער באַגרייפט מען אַז אביסעל פּראָסטערער מעטאַל, אביסעל קופּער אָדער ערץ, אַנשטאַט צו שאַדען דער ריינער זילבער־מינץ אָדער איר גלאַנץ אָבצושוואַכען, גיט איר גאָר צו פעסטקייט און האַפטיג־קייט, און מאַכט איר אומגאַנג מעגליך. דאָס ריינע זילבער איז טאַקע דורך דער ריינקייט און ווייכקייט אונבאַנוצבאַר.

מען וועט אַלזאָ לייכט באַגרייפען אַז די אויבענאַנגעוויזענע וואַריאַציעס פון דער מענשליכער נאַטור — דאָ אַ צו־צאַרטער און צוזאַמענגעזעצטער כאַראַקטער, דאָ אַ צו איינפאָרמיגער; דאָ איינער וואָס צוברעכט זיך אַליין, און דאָ איינער וואָס ווערט פון

זיין אומרינגלענדער וועלט צובראָכען — בילדען אַ גרופּע פאַר זיך זעלבסט. דאָ זיינען עס זייערע חסרונות, דאָ זיינען עס זייערע מעלות וואָס ווערען פאַר זיי פאַרדערבליך. קען מען זיך פאָרשטעלען נאָך עטוואָס אומגליקליכערעס דערפון? און דאָך קען מען אין אמת'ן זאָגען אַז אפילו דיזע צוריקגעשטויסענע האָבען זייער גליק.

זיי פאָרען אוועק, מיט זיך אליין, צו זיין זיי זעלבסט, און אין דיזער איינזאַמקייט אויפצוהאַלטען זייער גאַנצען אינטערעס. קיין וויהרויך שטייגט ניט אויף צו באַטויבען זייער קאָפּ, קיין רוהם דענערווירט זיי ניט. אויב זייער בליהונגס־צייט פעלען די קרעפטיגע, די גליהענדע פארבען, וועלכע נאָר דער שמייכלענדער שטראַל פון דער זון רופט ארויס, באַהאַלט דערפאַר דער שטאָם לענגער זיין פרישקייט און זיינע זאַנפטען. די רויהע שטרענגקייט פון דעם לעבען שטאַרקט זייער נאַטור. זיי געניסען דאָס גליק צו לעבען אונבאַקאַנט. זיי האָבען די באַרוהיגונג קיינמאָל ניט צו ווערען איבערשעצט, נאַריש פאַרגעטערט און דאַן גלייך נאָכער, ווי עס פּאַסירט דאָס רוב, צו ווערען פאַרלאָזען און גאָר פאַרשפּאָט. וואָרום אזוי רעכענען זיך די מענשען אָב מיט דעם, וואָס האָט ארויסגעצוואונגען פון דער וועלט אַן אויגענבליק פון באַוואונדערונג. זיי דאַרפען קיינמאָל ניט שמייכלען צו די קאָמפּלימענטען פון אַ נארישען המון, זיך קיינמאָל ניט לאָזען באַשפּייען פון אַ אינגעל, ווי די יעניגע וועלכע שטעהען אימער אלס ציל־ברעט פאַר דער אנערקענונג און דעם האַס. עס בלייבט זיי זאָגאָר דאָס רעכט צו פיהלען זיך אלס די אויסדערוועהלטע, און צו זיין שטאָלץ אויף דעם אונטערשייד צווישען זייער ווערט און דער אָנערקענונג, וואָס זיי קריגען. אַ שעהנער שיקזאַל איז זיי באַשערט אויב זיי פאַרשטעהען צו ציהען נוצען פון זייער לאַגע, און דאָס וואָס סטראַשעט זיי נידערצושלאָגען — צו פאַרוואַנדלען אין אַן אַנקער פון קראַפט און ערמוטיגונג. אונטערשעצונג איז אַ ביטערער אָבער שטאַרקענדער טראַנק. פון דער אַנדערער זייט ליגט דאָ אויך דער יסוד פון אַלע יענע אָפּפער פון ניט־אַנערקענונג וועלכע זיינען אונז אַלעמען באַקאַנט — די גאַנצע ארמיי פון קאַליקעס און בעלי־קנאה, די גרויסע מחנה פון נאַראָנים אויס

אונבאפרידיגטען שטאָלץ, פונקט אזוי אונערטרעגליך ווי די וואָס שווימען אין זאטען שטאָלץ.

אָבער ווער קען, טראָץ די אַלע קאריקאטורען, באטראכטען אָהן טיפען געפיהל יענע שארען איידעלע גייסטער, וועלכע האָבען געלעבט אָן א זייט פון דער וועלט און האָבען קיינמאָל ניט געגלענצט,ליבענדע הערצער וועלכע זיינען קיינמאָל צוריק ניט געליבט געוואָרען, יענע ערוועהלטע, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט באזוכט געוואָרען פון די געטינס פון געלעגענהייט, גליק און רוהם; אָבערמאן וועט אַלס שריפשטעלער געהערען קוים צו אַן אַנדער קלאס ווי סעינאנקור, צו יענע נעמליך פאר וועלכע דאָס געהיימנים פון ערפאָלג איז א מין כשוף. זיינע בריף אנטהאלטען אַן אַלזייטיגע שילדערונג פון זיין זעלען-לעבען און זיין זעלען־געשיכטע. די לעצטע איז אין דיזע ווערטער אריינגעפרעסט: „אַך, ווי גרויס איז דער מענש אזוי לאַנג ווי ער איז אונערפאָרען, ווי רייך און פרוכטבאר וואָלט ער געווען ווען דער קאַלטער בליק פון זיינע חברים און דער טרוקענער ווינד פון דער אונגערעכטיגקייט וואָלט אונזער הארץ ניט אויפגעקאָרטשעט! איך האָב באַדארפט גליק, בין איך געבארען געוואָרען צו ליידען. ווער קען ניט יענע דונקעלע טעג אין דער קאַלטסטער צייט פון יאָר ווען אפילו דער פרימאָרגען ברענגט נאָר געדיכטע נעבעל און דאָס ליכט הויבט זיך אָן צו פאברייטען נאָר דורך א פאָר דונקעלע שטרייפען פון ברענענדער פארב אויף דעם צוזאמענגעוויקעלטען וואָלקען? דערמאָנט אייך יענע נעבעל־שלייער, יענע בייזע ווינדען, יענעם בלייכען שימער, דאָס פייפען אין די בוימער וועלכע בויגען זיך ציטערענד, יענעם שניידיגען געהייל וואָס איז ענליך צו פורכטבארע קלאָגען; דאָס איז געוועזן מיין לעבענס־פרימאָרגען. צו מיטאָג צייט נאָך קעלטערע, באשטענדיגערע שטורמען, געגען אָוונד געדיכטערע פינסטערניש און דעם מענשענ׳ס טאָג איז צו ענדע."

פאר אזא מעלאנכאָלישער נאטור איז דאָס גאנצע איינגעאָרדענטע לעבען אונערטרעגליך. דעם שווערסטען און פיינליכסטען מאָמענט, ווען דער יונגער מענש מוז זיך אויסקלייבען זיין לעבענס־בארוף, קען ער ניט בייקומען. דען אויסקלייבען זיך

א שטעלונג אין לעבען הייסט אָבזאָגען זיך פון דער אונענדליכער פרייהייט, פון דער גאַנצער מענשהייט און זיך איינשפּאַרען אין א שטאַל אַזוי ווי א חיה. דער שטעמפּעל פון א שטאַנד איז א באַשרענקונג, אַן ענדליכקייט, א לעבערליכקייט. א טייל פון זייער שעהנקייט און פון דער פּאָעזיע פון זייער געשלעכט האָבען די פרויען צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט וואָס זיי זיינען פריי פון יעדען שטעמפּעל פון א פּראָפעסיאָן. ווי אַזוי אַלזאָ קען אַזא נאַטור ווי אָבערמאַנ׳ס זיך אויסקלייבען א פּראָפעסיאָן? גלייכצייטיג צו טיף און צו שוואַך פאַר דער ווירקליכקייט, האָסט ער קיין זאַך ניט אַזוי שטאַרק ווי די אָבהענגיגקייט. „אַזוי פיעל איז זיכער, זאָגט ער, איך וועל זיך ניט שלעפּען אין דער הויך פון איין שטאַפּעל צום אַנדערען איינצונעהמען זיך א פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט, האָבען עלטסטע און זיין געצוואונגען זיי אַרויסצעווייזען רעספּעקט פאַר דער פּריווילעגיע צו האָבען אונטערגעוואָרפענע, וועלכע איך מעג פאַראַכטען. קיין זאַך איז ניט אַזוי נאַריש ווי דיזער שטופּען-לייטער פון גרינגשעצונג וועלכער שטרעקט זיך דורך דער גאַנצער געזעלשאַפט, פון דעם פירסט, וועלכער זאָגט אַז ער איז נאָר צו גאָט אונטערוואָרפען, ביז צום אָרימסטען שמאַטע-קלייבער וועלכער מוז אונטערוואָרפען זיין צום יעניגען וואָס פאַר-דינגט אים א שטרויענעם מאַטראַץ אויף איבער נאַכט.” ער וויל זיך ניט קויפען דאָס רעכט צו באַפעלען פאַר דער פליכט צו געהאָרכען. די קווינט-עסענץ פון גאָר דעם ליידען אויף דער ערד איז פאַר אים סימבאָליזירט אין דעם זייגער. צו דאַרפען צורייסען זיינע שטימונגען לויט דעם שלאָגען פון דעם זייגער, ווי עס מוז דער אַרבייטער, דער געשעפטסמאַן, דער בעאַמטער, הייסט צו באַרויבען זיך פון דעם איינציגען גוט וואָס דאָס לעבען פאַרמאָגט: די אונאָבהענגיגקייט, די פרייהייט. ער פיהלט זיך פרעמד צווישען זיינע מיטמענשען, זיי פיהלען ניט ווי ער און ער גלויבט ניט ווי זיי. זיי זעהען אים אויס צו זיין שטאַרק אָנ-געשטעקט פון אָבערגלויבען, פאָראורטיילען, צביעות און סאָציאַ-לער פאַלשקייט אַז ער שוידערט אַריינצוטרעטען מיט זיי אין גע-זעלשאַפטליכע באַציהונגען. דאָס 18טע יאָרהונדערט האָט ניט געבראַכט צו רעליגיעזיטעט, אָבער עס האָט זיך אין פראַנקרייך

ניט באַפרייט פון אַ געטליכער רעליגיעזיטעט אין פאַרבינדונג מיט דעם גלויבען אין אַ לעבען נאָכ׳ן טויט. סעינאַנקור טיילט ניט דיזען גלויבען, ער איז אַ גאַנץ אַנדער גייסט; מען געפינט שוין ביי אים די וויסענשאַפטליכע וועלט־אַנשויאונג פון דעם 19טען יאָרהונדערט. ער איז אַ וואַרימער איבערצייגטער הומאַ־ניסט און גלויבט פונקט אַזוי וועניג אין אַ שפּעטערער בעסערער עקזיסטענץ ווי אין אַ פּערזענליכען גאָט.

דאָס רעליגיעזע פּראָבלעם ווערט אין זיינע בריף באַטראַכט פון פאַרשיידענע זייטען. מען געפינט שוין דאָ דאָס ביטערע באַקעמפּפען פון דער טעאָריע אַז דער אַטעאיזם שפּרינגט אַרויס פון פאַרדאָרבענקייט און שלעכטע ליידענשאַפטען, אַ טעאָריע וועל־כע ווערט שפּעטער אין דער אויפוואַקסענדער ליטעראַטור פון דעם יאָרהונדערט וואַריאירט אויף אַזוי פיעל פאַרשיידענע אופנים. ער ערקלערט שאַרף אַז מיט דעמזעלבען רעכט מיט וועלכען די אָר־טאָדאָקסען באַהויפּטען, אַז נאָר די שלעכטע ליידענשאַפטען שטערען צו זיין אַ קריסט, קענען די אַטעאיסטען באַהויפּטען אַז נאָר דער שלעכטער איז אַ קריסט, ווייל ער מוז אימער האַלטען פאַר די אויגען שרעקליכע בילדער כדי ניט צו גנב׳ענען, צו פעלשען אָדער מאָרדען, און ווען ער זאָל נאָר קענען גלויבען אַז עס איז קיין גיהנם ניטאָ וואָלט ער ניט געהאַלטען פאַר כדאַי צו זיין אַן ערליכער מענש. ער פּרובט צו ערקלערען פּסיכאָלאָגיש דעם גלויבען אין דער אונשטערבליכקייט פון דעם אינדיווידואום. אונרוהיג און אומגליקליך ווי די מייסטע מענשען זיינען, האָפען זיי שטענדיג אַז די נעכסטע שטונדע, דער פאָלגענדער טאָג און ענדליך דאָס צוקונפטיגע לעבען וועט זיי ברענגען דאָס גליק און די זעלינקייט צו וועלכע זיי שטרעבען, אָבער, ווענדט ער אַליין איין אין זיין אייגענעם געדאַנק, דיזער גלויבען איז דאָך פאָרט אַ טרייסט פאַר׳ן מענשען, און ער ענטפערט דאַרויף, אויב דאָס איז יאָ אַ טרויסט פאַר׳ן אומגליקליכען דאַן איז פאַר מיר נאָך איין אורזאַכע מער וואָרום דיזע וואַרהייט זאָל באַטראַכט ווערען מיט׳ן גרעסטען פאַרדאַכט. די מענשען גלויבען אַזוי גערן דאָס וואָס זיי ווינשען. ווען אַ סאָפיסט פון אַלטערטום זאָל געוועז איינבילדען אַ מענשען אַז ווען ער וועט צעהן טעג אָבהיטען זיין

לערע וועט ער ווערען אונפארוואונדבאר, און דאס גלייכען, וואלט דיזער געדאנק אויך געוויס געשמייכעלט דער איינבילדונגס־קראפט פון דעם באטרעפענדען, אבער ער וואלט דערפאר ניט גע־ווארען אמת׳ער. מען טענה׳ט: אבער וואו בלייבט די באווע־גונג, דער גייסט, די זעלע, וועלכע קענען דאך ניט צופוילט ווערען? און ער ענטפערט: ווען דיין פייער אין דיין קאמין געהט אויס פארלאזט אים זיין ליכט, זיין ווארימקייט, זיין באוועגונג און געהט איבער אין אן אנדער וועלט, וואו ער וועט אייביג באלוינט זיין אויב ער האט דיינע פיס אנגעווארימט, און אייביג באשטראפט אויב ער האט דיינע פאנטאפעל פארברענט.

שליסליך קומט ער צו דער טענה, וועלכע ווערט שפעטער אויך אזוי אפט באהאנדעלט, אז דער וועלכער גלויבט ניט אין די דאגמען פון דער רעליגיאן מוז שווייגען כדי ניט אוועקצורויבען ביים אנדערן זיין אנהאלט אין לעבען. מיט היץ און ליידענ־שאפט ענטפערט ער דערויף אז וואס אנבאלאנגט די געבילדעטע קלאסען פון די שטעדט געפינט זיך דא מער קיינער ניט וואס גלויבט אין דאגמען — עס איז צו באמערקען אז ער האט דאס געשריבען אין 1801 ביז 1802 — און וואס אנבאלאנגט די ניד־ריגע קלאסען שטעלט ער די זאך אזוי: אנגענומען אפילו אז די גרויסע מאסע וועט און דארף קיינמאל פון אירע טעות׳ן ניט ארויסגעצויגען ווערען, דאן מוז צוערשט ענשידען ווערען אויב די אויסזיכט אויף געזעלשאפטליכער ניצליכקייט גיט דאס רעכט צו נארען, און אויב עס איז א פֿערברעכען צו זאגען די ווארהייט ווען אפילו עס קען ווירקליך ארויסקומען א רעה דערפון וואס די וואר־הייט ווערט געזאגט. אבער עס צייגט זיך יעצט גראד פארקערט, אז דאס פאלק הויבט אן איבעראל צו וועלען לערנען די ווירק־ליכקייט און אז דער גלויבען איז איבעראל אונטערגעגראבען. עס האנדעלט זיך אלזא אום דעם וואס אם שנעלסטען צו באווייזען די מענשען ווי די פליכט צו טאן רעכט איז אונאבהענגיג פון דעם גלויבען אין א צוקונפטיגען לעבען, און צו צייגען זיי אז די מא־ראלישע געזעצען זיינען איבערהויפט נאטירליכע און ניט קיין איבערנאטירליכע געזעצען, און זיי בלייבען אונבארירט אפילו ווען די רעליגיאן ברעכט צוזאמען.

ער ווייזט ווייטער אָן אין אַ סך שטעלען די שלעכטע רעזול־טאַטען פון דיזער סיסטעם פון שווייגען אין רעליגיעזע אַנגעלעגענ־הייטען. דאָס דאָזיגע שווייגען, זאָגט ער, איז שולדיג אין דעם וואָס די ערציהונג פון דער פרוי נעהט אויפ'ן אַלטען שטייגער, און די פרוי ווערט געהאַלטען אין אונוויסענהייט, און דאָס מאַכט זי פאַר דעם פיינד פון יעדען פּראָגרעס און גיט זי אַזוי אָפּט איבער, פיזיש און מאָראַליש, אין דער מאַכט פון דעם בייך־ פּאָ־טער. אַ פאַרגלייך צווישען דער ליבע אַלס גליק־געבענדע קראַפט מיט דער ראָלע וואָס זי שפּילט אין דער הייראַט ברענגט אים אויסצודריקען מאַנכע זעהר ווייטגעהענדע, געדאַנקען געגען דער הערשענדער עפענטליכער מיינונג בנוגע די באַציהונגען צווישען די געשלעכטער און געגען דער ריכטס־שנור לויט וועלכער די אויפפירונג פון אַ, פרוי אין דער ציוויליזירטע געזעלשאַפט ווערט געלויבט אָדער געטאַדעלט.

אין דיזע פּונקטען איז אָבערמאַן גאַנץ מאָדערן. ער פאָלגט נאָך אין גראַדער ליניע דעם געדאַנקען־גאַנג וואָס דאָס פאָריגע יאָרהונדערט האָט געגעבען. דאַנעגען, אין זיין געפיהלס־לעבען שטעהט ער ווייט פון דער מאָדערנער גייסטיגער ריכטונג, אָבוואָל אפילו דאָ זאָגט ער שוין אָן מאַנכעס נייעס און קומענדעס; אין זיין געפיהלס־לעבען איז ער גאַנץ ר אָ מ אַ נ ט י ש. ער באַשעפטיגט זיך זאָגאַר מיט דעם באַגריף פון ראָמאַנטיזמוס. אַ טייל פון דעם בוך טראָגט די באַדייטונגספולע איבערשריפט: „איבער דעם ראָמאַנטישען אויסדרוק און די קוהרייגען (אָן אַל־פּישע מעלאָדיע אויף אַ האָרן) פון די שווייצער.” ער פאַסט אויף דיזען באַגריף אונגעפער ווי די דייטשע ראָמאַנטיקער פון יענער צייט, אָבוואָל ער איז ווייט פון אויפצושטעלען, ווי זיי, זיינע אַנשויאונגען אין אַ סיסטעם. דאָס ראָמאַנטישע איז פאַר אים „דאָס איינציגע וואָס שטימט מיט די טיפע נשמות, מיט דער אמת'ער עמפּפינדליכקייט.” אין אַלע לאַנד־שטרעקען, וואָס זיינען אונבאַרירט פון קולטור, ווי די שווייץ, איז די נאַטור פול מיט ראָמאַנטיק; אָבער די ראָמאַנטיק ווערט איבעראַל פאַרטריבען וואו מען דערשפּירט דעם מענשענ'ס האַנד. די ראָמאַנטישע וויר־קונגען זיינען ווי אויסגעריסענע ווערטער פון דער אורשפּרונג־

ליכער שפּראַך פון דעם מענשען, וואָס קיינער געדענקט זיי מער ניט, א. ז. וו. די נאַטור איז ראָמאַנטישער אין אירע קלאַנגען און טענער ווי אין אירע בילדער; דאָס ראָמאַנטישע ווענדט זיך מער אָן דעם אויער ווי אָן דעם אויג. די שטימע פון דער געליב־טער פרוי ווירקט ראָמאַנטישער ווי איר געזיכט, די מעלאָדיען פון דעם אַלפּען־האָרן גיבען אַ קרעפּטיגערען איינדרוק פון דער ראָ־מאַנטיק פון די אַלפּען ווי וועלכער עס איז געמעל; וואָרום מען באַוואונדערט וואָס מען זעהט, אָבער מען פיהלט וואָס מען הערט.

עס איז אינטערעסאַנט צו באָאָבאַכטען ווי סעינאַנקור טרעפט זיך ניט־ווילענדיג צוזאַמען מיט די דייטשע ראָמאַנטיקער, וועל־כע ער האָט קיינמאָל ניט געלעזען. אויך זיי שעצען שטענדיג די מוזיק אַלס די קונסט פון אַלע קונסטען. ערגעץ רופט סעינאַנ־קור זאָגאַר אויס, אַז ער האָט פונקט אַזוי ליב די לידער, וועמעס טעקסט ער פאַרשטעהט ניט, ווי די אין וועלכע ער קען אי די ווערטער אי די מעלאָדיע נאָכפאָלגען. ער זאָגט עס בנוגע די דייטשע לידער, וועלכע ער האָט געהערט אין דער שווייץ און ניט נאָך צו: „אויסערדעם האָט די דייטשע באַטאָנונג עטוואָס ראָ־מאַנטישערעס.” עס איז איבערראַשענד, אַז אפילו דיזער שטריך: אויפצופאַסען די שפּראַך אויסשליסליך אַלס קלאַנגען־מוזיק, אַ שטריך וועלכער איז ביי די דייטשע ראָמאַנטיקער אַזוי שאַרף אַרויסגעטראָטען, איז שוין אָנגעדייט ביי סעינאַנקור. אָבער ער באַזיצט פונדעסטוועגען אַ צו פאַרפיינערטע עמפּפינדליכקייט אום צו בלייבען שטעהן ביי דער מוזיק אַלס דעם בעסטען פאַרמיטלער צווישען דעם איינצעלנעם מענשען און דער נאַטור. אין צוויי פאַרשיידענע שטעלען אין זיין בוך ערקלערט ער, אַז אַ רייהע פאַרשיידענאַרטיגע געשמאַקע ריחות אַנטהאַלטען פונקט אַזאַ ריי־כע מעלאָדיע ווי אירגענד וועלכע רייהע טענער, און קענען, ווי די מוזיק, אַרויסרופען בילדער פון אויסערגעוויינליכע געגענדען און געגענשטאַנדען. מען מוז זיכער אין דער פראַנצויזישער ראָמאַנטיק געהן אַזש ביז באָדלעיר איידער מען געפינט אַזאַ פאַרפיינערטען חוש הריח. בשעת ביי באָדלעיר איז דיזע פאַרפיינערונג אַ סימפּ־טאָם פון אַ פאַרפיינערטער עמפּפינדליכקייט איז זי ביי סעינאַנ־קור נאָר דער סימפּטאָם פון דעם ריין ראָמאַנטישען סוביעקטיוויזם.

זי איז איין עלעמענט אין דער געפיהלס־טרוימעריי; וואָרום דורך דעם חוש־הריח און דעם חוש־השמיעה מיינט סעינאַנקור אז מען קען אויפכאַפּען די פאַרבאָרגענע האַרמאָניען פון דער עקזיסטענץ; זי באַצייכענט ווייטער דעם שרעק פאַר דער ווירקליכקייט און אַן ענטשפּרעכענדע פאַרטיפונג אין זיך זעלבסט; וואָרום דורך טע־נער און ריחות פאַרנעהמט מען נאָר די אויסגעוועבטע עסענץ פון דער ווירקליכקייט.

אין זיין שרעק פאַר דער ווירקליכקייט קען אָבערמאַן ניט לעבען געגוג איינזאַם. ער וואוינט אליין, ער מיידט אויס די שטאָדט אַזוי גוט ווי דעם דאָרף. עס לעבט אין איהם דאָס וואונ־דערליכע געמיש פון אַלגעמיינער מענשענליבע און פאַלשטענדיגער גלייכגילטיגקייט צו אַלע ווירקליכע לעבענס־פאַרהעלטנישען. ער איז אַזוי עמפּפינדליך אז, ליבענדיג טיי מער פון יעדען אַנדער געטראַנק, מאַכט ער זיך פאָרווירפע פאַר זיין נייגונג צו טיי־טרינ־קען אַלס אַ מיטעל אויפצואוועקען שטימונגען. ער באַגרייפט אַז דער טיי באַרוהיגט זיין שלעכטע שטימונג אָבער ער פאַראַכטעט יעדען אויסערליכען רייץ־מיטעל. ער ווייס אליין אַז ער איז אין דיזען פּונקט זעהר ווענינ פראַנצויזיש: „וואָרום — זאָגט ער זעהר טרעפליך — ווען די פראַנצויזען זאָלען באַזיצען נעאַפּעל, וואָלטען זיי אויסגעבויט אַ בעלער־זאַל אין דעם קראַטער פון וועזוּאוויוס. ער לעבט פאָלקאָמען נאָר ווען ער איז איינער אליין אין נעבעל־פאַרהילטע וועלדער, וואו עס דערמאָנט זיך איהם אָן דעם דעמאָלט אונפאַרמיידליכען אָססיאַן, אָדער אין דער טונקעלקייט פון דער נאַכט, ביי אַ שטילען אָזערע אין דער שווייץ. ער פיהלט, ווי זיין צייט־גענאָסע נאָוואַליס, אַז די טונקעלקייט, פאַרבאָרגענדיג די זיכטבאַרע נאַטור פאַר דעם מענשען, צווינגט איהם זיך צו פאַרטיפען אין זיך אַליין.

ער דערצעהלט פון אַ נאַכט, וועלכע ער האָט פאַרבראַכט אליין אין דער נאַטור. „אין דיזער איין נאַכט, זאָגט ער, האָב איך דורכגעפיהלט און דורכגעלעבט אַלץ וואָס אַ שטערבליך האַרץ קען אַנטהאַלטען פון טיפען בענקען און טיפען טרויער. איך האָב אין דיזער נאַכט פאַרצערט צעהן יאָר פון מיין לעבען.” דאָך נאָך טיפער ווי אין טונקעל דערקענט ער זיך אַליין אין די אייז־

געגענדען פון די אַלפּען, וואו דאָס לעבען ארום אים איז ניט נאָר, ווי ביי נאַכט, פאַרשלייערט, נאָר אויך פאַרגליווערט און שיינט אינגאַנצען שטיל צו שטעהן.

אינגאַנצען ער אַליין איז ער נאָר ווען ער פאַרלאָזט דעם שוויי־צאַרישען טאָל אין וועלכען ער וואוינט און שטייגט ארויף אַליין, אָהן פירער, אויף די העכסטע בערג, צו די „שפּיצען", און פאַר־געסט מענשען און צייט.

ווילען מיר אים זעהן אין דיזער אומגעבונג?

„דער טאָג איז געווען הייס, דער האָריזאָנט נעבעלדיג און די טאָלען פול מיט פאַרע. דאָס פינקלען פון די גלעטשער האָט אָנגעפילט די נידריגערע אַטמאָספערע מיט לייכטענדען אָבשיין, אָבער עפּיס אַן אומבאַקאַנטע ריינקייט האָט געשיינט צו זיין אין דער לופט, וועלכע איך האָב איינגעאַטעמט. אין דיזער הויכ־קייט האָט קיין פאַרע פון די נידריגערע ערטער, קיין פונק ליכט ניט געשטערט אָדער אונטערבראָכען די אונענדליכע און טונ־קעלע טיפקייט פון דעם הימעל. די פאַרב פון דעם הימעל איז ניט געווען מער דאָס בלאַסע און העלע בלוי, דער זאַנפטער גע־וועלב וועלכער זעהט זיך פון טאָל, ניין, דער עטהער האָט ער־לויבט דעם בליק זיך צו פאַרלירען אין אַן אונענדליכקייט אָהן אַ גרעניץ און אינמיטען דעם גלאַנץ פון דער זון און די גלעטשער צו זוכען אנדערע וועלטען און אַנדערע זונען אַזוי ווי ביינאַכט. אונבאַמערקט האָבען די פאַרעס פון די גלעטשער אויפגעשטיגען און האָבען געבילדעט וואָלקען צו מיינע פיס. דער גלאַנץ פון דעם שניי האָט מער ניט געבלענדט מיינע אויגען און דער הי־מעל איז געוואָרען טונקעלער און טיפער. די שניי־קופּע פון מאָנטבלאַן האָט דערהויבען איר אונבאַוועגליכע מאַסע איבער דיזען גרויסען און שטעהענדיגען ים, איבער דיזע צונויפגעקנויל־טע נעבעלען, אין וועלכע דער ווינד פלעגט זיך איינרייסען און אויפהויבען אין פאָרמלאָזע וועלען. אַ שוואַרצע פינטעל האָט זיך באַוויזען אין דיזען תהום; זי האָט זיך שנעל געהויבען און איז נעגאַנגען גראַדע אויף מיר. דאָס איז געווען דער מעכ־טיגער אָדלער פון די אַלפּען. זיינע גוואַלדיגע פליגעל זיינען גע־ווען פייכט און זיינע אויגען ווילד; ער האָט געזוכט רויב, אָבער

ביים אַנבליק פון אַ מענשען איז ער אַנטלאָפען מיט אַן אונ־
היימליכען געשריי און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין די וואָלקען.
דיזער געשריי האָט זיך ווידערהאָלט צוואַנציג מאָל, אָבער מיט
אַ טרוקענעם קלאַנג, אָהן אַ ווידער־קול, פונקט אַזוי ווי אַ גאַנצע
רייהע באַזונדערע געשרייען אין דער אַלגעמיינער שטילקייט.
דערנאָך איז אַלץ צוריק פאַרזונקען אין אַבסאָלוטען שווייגען,
אַזוי ווי דער קלאַנג זעלבסט וואָלט אויפגעהערט צו עקזיסטירען
און אַזוי ווי די איינגעשאַפט פון די קערפּער ארויסצוגעבען
טענער און קלאַנגען וואָלט פון דעם אוניווערזום פאַרטילינט גע־
וואָרען. מען קען קיינמאָל די שטילקייט ניט קענען אין די
ליאַרמדיגע טאָלען; בלויז אויף די קאַלטע הויכען הערשט די
רעגונגסלאָזיגקייט, יענעם דויערענדע פּייערליכע שווייגען וואָס
קיין צונג פאַרמאָגט ניט אויסצודריקען און קיין פאַנטאַזיע —
זיך פאָרצושטעלען. אָהן די עראינערונגען וואָס דער מענש
ברענגט־מיט פון די טאָלען וואָלט ער דאָ אויבען ניט געקענט
גלויבען אַז ערגיץ ארום אים אין דער נאַטור איז פאַראַן באַוועג־
גונג; אפילו די באַוועגונג פון די וואָלקען דוכט זיך אים צו
זיין אונערקלערליך; אפילו די פאַרענדערונגען פון די פאַרעס
זעהען אים אויס אין מיטען דער פאַרענדערונג זעלבסט ווי
שטעהענדיג. אַזוי ווי יעדער געגענווערטיגער מאָמענט שיידט
זיך מיט גאָרניט אָב פון דעם פאָריגען, האָט ער נאָר די זיכער־
קייט, אָבער דורכאויס ניט דאָס געפיהל, אַז אַלע זאַכען פאַלגען
איינע די אַנדערע. אַלץ זעהט אים אויס אויף אייביג פאַרגלי־
ווערט. איך וואָלט געוואָלט אויפבאַוואָרען אין מיין זכרון זי־
בערערע שפּורען פון מיינע געפיהלען אין יענע שטומע ספערען;
אָבער אין אַזעלכע ענערגישע מאָמענטען איז מען ניט אומשטאַנד
זיך צו באַשעפטיגען מיט דער צוקונפט אָדער מיט אַנדערע מענ־
שען און אויפצוצייכענען נאָטיצען פאַר דער און פאַר יענע. מען
דענקט ניט וועגען דער עהרע וואָס מען וועט זיך איינשאַפען פאַר
די געדאַנקען, און אפילו ניט וועגען דעם אַלגעמיינעם וואויל־
זיין. מען איז נאַטירליכער, מען דענקט ניט וועגען אויסנוצען
דעם געגענווערטיגען אויגענבליק, מען באַפעלט ניט די אידעען,
מען פאַרלאַנגט ניט פון דעם גייסט ער זאָל זיך פאַרטיפען, פאַר־

באַרנענע זאַכען אנפּלעקען, ער זאָל זאָגען עטוואָס וואָס איז נאָך ביז אהער ניט געזאָגט געוואָרען. דער געדאַנק איז ניט מער אַק־טיוו און געבונדען אַן רעגעלען, נאָר פּאַסיוו און פריי. מען טרוימט, מען גיט זיך אָב, מען איז טיף אָהן אַ שאַרפזין, גרויס אָהן באַגייסטערונג, ענערגיש אָהן ווילען.״

אַזוי זיצט ער, דיזער תלמיד פון זשאַן זשאַק, דיזער „ענער־גישער אָהן ווילען״, (וואָרום דאָס וואָרט פּאַסט אויף אָבערמאַן), איינזאַם אין זשאַן זשאַק׳ס נאַטור. „רענעי״ האָט דעם קרייז פון נאַטור־איינדריקען ברייטער געמאַכט. אַנשטאָט אַן אָזערע צווי־שען די שווייצאַרישע בערג, איינגע וועלדלעך און בוקעטען פון וואַלד־בלומען מיט וועלכע מיר האָבען אָנגעהויבען אין דער „נייער העלאָיז״ האָבען „רענעי״ און „אַטאַלאַ״ אונז געגעבען די אונגעהויערע אור־וועלדער, דעם ריזען־טייך מיסיסיפּי און זיינע צווייגען, די טראָפּישע נאַטור אין איר גאַנצער לויכטענדער און העלער פאַרבען־שפּראַך, איר גאַנצער בלענדענדער און דופּטענדער רייכקייט. דיזע נאַטור שטימט צו אַ געשטאַלט ווי רענעי. אין דיזער נאַטור האָט שאַטאָבריאַן געוואַנדערט אַלס עמיגראַנט און איר אָבדרוק האָט ער גענומען מיט זיך. אין דער מדבר־שטילקייט פון דער בערג־נאַטור איז אָבערמאַן אין זיין פּלאַץ. אויסער־האַלב דאָס לעבען, דאָ וואו דאָס לעבען הערט אויף, פיהלט ער זיך היימיש. נאָר קען ער דאָס לעבען פאַרטראָגען? אָדער וועט עס אים דערגעהן ווי ווערטהער׳ן, און ער וועט עס איין שעהנעם טאָג אוועקוואַרפען?

ער טוט דאָס ניט, ער זוכט זיין קראַפט אין אַ גרויסען אַנט־שלום: איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך אָבצוזאָגען פון גענוס און גליק. „לאָמיר, זאָגט ער, באַטראַכטען פאַר אונוויכטיג אַלץ וואָס פאַרשווינדט און פאַרגעהט, לאָמיר אין דער גרויסער דראַמאַ פון דער וועלט זוכען אַ בעסערע ראָלע. פון אונזער קרעפטיגען אַנטשליסען אַליין וועט פיליכט אַזאַ אָדער אַן אַנדער רעזולטאַט אַרויסקומען.״ ער וויל אַלזאָ לעבען, אָבער ווען ער באַשליסט ניט צו לעגען אויף זיך אַליין די האַנד איז עס ניט פון אונטערגעע־וואָרפענקייט, נאָר פון נאָך אַ העכערער טראַציגקייט.

„דער מענש, זאָגט ער, איז פאַרגענגליך, דאָס קען זיין, אָבער

לאָמיר געהן צו גרונד מיט ווידערשטאַנד. און אויב דאָס גרויסע נישט איז אונז באַשערט, דאַן לאָמיר ניט האַנדלען אַזוי אַז דאָס זאָל נאָך קענען ערשיינען ווי אַ גערעכטיגקייט."

אָבער עס דויערט דאָך לאַנג איידער אָבערמאַן דערגרייכט צו דיזער רוהיגקייט. פיעל און פייערליך זיינען זיינע אַרגומענטען פאַר זעלבסטמאָרד, און מען דאַרף זיך ניט וואונדערען איבער דעם, וואָרום די זעלבסטמאָרד־עפּידעמיע אין דער ליטעראַטור שטעלט מיט זיך פאָר איינעם פון די סימפּטאָמען פון דער עמאַנציפּאַציאָן פון דער אינדיווידואַליטעט. עס איז איינע פון די פאָרמען, די נעגאַטיווסטע און ראַדיקאַלסטע, פאַר דער באַפרייאונג און דער לויזרייסונג פון דעם אינדיווידואום פון דער גאַנצער געזעלשאַפט־ליכער אָרדנונג, אין וועלכער ער ווערט אַרויסגעשטעלט פון געבורט אָן. און ווי אַזוי האָבען יענע צייטען, אין וועלכע נאַפּאָלעאָן האָט יעדען יאָר געבראַכט טויזענדע בלוט־אָפּפער אויפ'ן מזבח פון זיין אַמביציע, געקענט דערוועקען אַכטונג פאַר דאָס מענש־ליכע לעבען?

„איך הער איבעראַל — זאָגט אָבערמאַן — אַז עס איז אַ פאַרברעכען זיך צו שיידען פון דעם לעבען; אָבער דיזעלבע סאָפיסטען, וועלכע פאַרווערען מיר דעם טויט, שטעלען מיך אַרויס צום טויט אָדער שיקען מיך צו אים. עס איז אַ כבוד זיך אָבצוזאָגען פון דעם לעבען ווען דאָס לעבען איז שעהן, עס איז רעכט און ערלויבט צו טויטען דעם וועלכער וויל לעבען; און דעמזעלבען טויט, וועלכען עס איז אַ פליכט צו זוכען ווען מען האָט מורא פאַר אים, איז אַ פאַרברעכען צו נעהמען ווען מען ווינשט אים! אונטער טויזענד אויסריידען, אַמאָל קלו־גע אַמאָל לעכערליכע, שפּילט איר זיך מיט מיין עקזיסטענץ, און איך אַליין זאָל איבער זיך קיין רעכט ניט האָבען! ווען איך ליב דאָס לעבען — זאָל איך עס פאַראַכטען; ווען איך בין גליקליך שיקט איר מיך צום טויט, און ווען איך וויל שטאַר־בען פאַרבאָט איר עס מיר און באַלעסטיגט מיך מיט אַ לעבען וואָס איך פאַראַכט.

„אויב איך טאָר זיך ניט באַרויבען פון לעבען, דאַן טאָר

איך זיך ניט אויסזועצען צו אַ מעגליכען טויט, און אויב אַזוי, דאַן זיינען אַלע אייערע העלדען נאַר פאַרברעכער. דער באַפעל וואַס איר גיט זיי רעכטפערטיגט זיי ניט. איר האָט ניט קיין רעכט זיי צום טויט צו שיקען אויב זיי האָבען ניט געהאַט קיין רעכט צו געבען דאַרויף זייער הסכמה. אויב איך האָב ניט דאָס רעכט אויפ'ן טויט איבער מיר אַליין, דאַן ווער האָט עס דער געזעלשאַפט געגעבען? וואָס פאַר אַ משונענעם געזעלשאַפטליכען פרינציפּ האָט איר ערפונדען לויט וועלכען איך האָב אָבגעטראָטען דער געזעלשאַפט פאַר מיין איינענער אונטערדריקונג, אַ רעכט, וואָס איך האָב ניט געהאַט, אום צו אַנטלויפען פון אונטערדריקונג?"

איך האָב מיט יאָרען צוריק אין אַן אָבהאַנדלונג איבער דעם טראַגישען שיקזאַל אריינגעלעגט ענליכע ווערטער אין מויל פון דעם זעלבסט-מערדער: „דער וואָס זיפצט אונטער דער לאַסט פון לעבען מעג זיך שטעלען געגען זיין שיקזאַל מיט אַ קלאַגע און זאָגען: וואָרום בין איך געבאָרען געוואָרען, מיט וועלכען רעכט, וואָרום בין איך ניט געפרעגט געוואָרען? ווען איך וואָלט געפרעגט געוואָרען, און ווען איך וואָלט געוואוסט וואָס עס מיינט צו לעבען וואָלט איך קיינמאָל מיין צושטימונג דערצו ניט געגעבען. מיר זיינען אַלע ווי מענשען וועלכע זיינען געגען זייער ווילען געצוואונגען געוואָרען צו זיין מאַטראָזען; אָבער דער מאַטראָז, וועלכער איז געגען זיין ווילען אַרויפגעשלעפּט געוואָרען אויפ'ן שיף האַלט זיך ניט פאַרפליכטעט אויף אים צו בלייבען. ווען ער קען קריגען די געגעלעגענהייט וועט ער דעזערטירען. אויב מען וועט ענטפערען אַז איך האָב גענאָסען דאָס גוטע פון לעבען און דעריבער מוז איך איצט אַריבערטראָגען דאָס שלעכטע, ענטפער איך: די גיטער פון לעבען, דאָס קינדהייטס-גליק, צ. ב., וועלכע איך האָב גענאָסען און דורך דאָס אָננעהמען פון וועלכע איך זאָל האָבען אויסגעדריקט מיין צושטימונג צו לעבען, — דיזע גיטער האָב איך אָנגענומען ניט האָבענדיג די מינדסטע אהנונג אַז דאָס איז געוועזען האַנדעלט; דעריבער בינדט מיך ניט דאָס דאָזיגע האַנדעלט. איך וויל ניט צושטערען די דיסציפּלין פון דעם שיף, ערמאָרדען מיינע קאַמעראַדען אָדער דאָסגלייכען, איך וויל נאָר

דאָס איינע, אויף וואָס איך האָב רעכט — די פרייהייט, וואָרום איך האָב זיך קיינמאָל ניט פארפליכטעט צו לעבען.״

עס פארשטעהט זיך אז דאָ איז קיין פּלאַץ ניט זיך אריינ־צולאָזען אין די איינצעלהייטען פון דער פראגע. אָבוואָל איך גלויב ניט, אז מען קען געגען דער בארעכטיגונג פון זעלבסטמאָרד ארויסשטעלען עטוואָס אנדערש ווי די פליכטען צו אנדערע מענ־שען, דאָך צווייפעל איך ניט אז דיזער ארגומענט איז פאַלשטענדיג צופרידענשטעלענד. איבריגענס לאָז איך איבער די פארענטפער־רונג פון דיזער פראגע צו די מאָראליסטען. איך שילדער דאָ נאָר ריין היסטאָריש און נאטור־וויסענשאפטליך א זעלען־צושטאנד וועלכער האָט זיך געשיכטליך געצייגט און האָט אוועקגעלעגט אין דער ליטעראטור זיינע דאָקומענטען. וואָרום „אָבערמאַן״ און „ווערטהער״ זיינען ניט די איינציגע ביכער פון יענער צייט אין וועלכע דער זעלבסטמאָרד ווערט גערעכטפערטיגט. אַטאַלאַ טויט זיך אליין. אויך רענעי, וועלכער ווערט נאָר פון זיין שוועסטער אמעליע אָבגעהאלטען דערפון, שרייבט צו זיין פרוי: „סעלוטא, עס זיינען פאראן ליידען, וואָס זיינען אזוי שווער, אז זיי זיינען אן אנקלאגע געגען דער השגחה און זיי היילען פון דער מאניע צו וועלען לעבען.״ סעינט־בעוו באמערקט דערצו: „ מען דאַרף באמערקען אז דיזער אונגלויבליכער אויסדרוק: „ די מאניע צו וועלען לעבען״, ווערט געברויכט אום די ליבע אין טיפסטען האר־צען צו באליידיגען.״ אויפ׳ן זעלבען אופן ערקלערט שפּעטער ארטהור שאָפּענהויער אלס העכסטע טוגענד דאָס באזיגען פון דאָס וואָס ער רופט אָן דעם „ווילען צו לעבען״.

דער פארפאסער פון „אָבערמאַן״ האָט באשאפען זיין טיפּ נאָך זיך זעלבסט און נאָך זיין טאלאנט, זיין העלד ענדיגט מיט דעם באשלוס צו ווערען א שריפשטעלער. „וועלכע אויסזיכט אויף ערפאָלג האָב איך? — פרעגט ער. — ווען צו זאָגען דעם אמת און זיך באמיהען אום ארויסצוזאָגען אויף אן איבערצייי־גענדען אופן איז ניט גענוג, ראָן וויים איך געוויס אז איך וועל קיין ערפאָלג ניט האָבען. געהט פאָראויס — רופט ער אויס — איר וועלכע פארלאנגט דעם רוהם פון מאָמענט, די באוואונדערונג פון דער געזעלשאפט, געהט פאָראויס, איר אלע, וועלכע זייט רייך

אין אידעען וואס דויערען א טאג, אין ביכער וואס דינען א פארטיי, אין קונסט־שטיק וואס מאכען עפעקט. גענוג פאראויס, איר פארפירערישע און פארפירטע מענשען, ווארום עס קימערט מיך קיין זאך ניט, איר לויפט שנעל פאראיבער, און עס איז גוט וואס איר האט אייער צייט. איך פון מיין זייט גלויב ניט אז עס איז נויטיג ביים לעבען אנערקענט צו ווערען.״

סעינאנקור האט מיט דיזע ווערטער זיין ליטעראַרישען אני־מאמין אויסגעדריקט אין זיין אייגענעם שיקזאל פאראויס געזאגט. זיין אייגענער דור האט אים פאלשטענדיג פארקוקט און ער איז אין זיין לעבענס־צייט ניט געווירדיגט געווארען, אבוואל ער איז, צו זיין אומגליק, געצוואונגען געווען צו לעבען איינציג און אליין פון זיין פעדער. ווען אבער די ראמאנטישע שולע אין פראנקרייך איז אויפגעטראטען איז ער גלייך דערהויבען געווארען. זיינע איינפאכע פעלד־בלומען זיינען פון דער ראמאנטישער קריטיק צוזאמען געבונדען געווארען אין איין בוקעט מיט די ליידען־בלומען און רויזען פון שאטאבריאן און מאדאם דע סטאל. און ער האט פארדינט די אויפמערקזאמקייט וועלכע ער האט יעצט ארויסגערופען. דען ער איז איינער פון די אריגי־נעלסטע גייסטער פון דער עמיגראנטען־ליטעראטור, א נאטור־פארעהרער אלס אמת׳ער תלמיד פון רוסא, א מעלאנכאליקער אלס אמת׳ער באוואונדערער פון אססיאן, פול מיט לעבענס־אי־בערדריסיגקייט אלס אמת׳ער צייטגענאסע פון שאטאבריאן. ער איז גאנץ מאדערן אין אלע זיינע אנשויאונגען איבער רעליגיאן, מאראל, ערציהונג און דער געזעשאפטליכער שטעלונג פון דער פרוי, ער איז דייטש־ראמאנטיש אין זיין סענטימענטאליטעט, זיין אונטעטיגקייט און זיין אונבאשרייבליכער מורא צו קומען אין בארירונג מיט דער ווירקליכקייט, אזוי ווי ער וואלט זיך דארויף אבגעברענט. ער איז ענדליך פראנצויזיש־ראמאנטיש דורכ׳ן זעל־בען געמיש פון פרייזיניגקייט און העכסטער געפיהלפולקייט, טרוימעריי און פארפיינערטען סענסואליזם, וועלכען מען געפינט מיט צוואנציג יאר שפעטער אין דער פראנצויזישער ליטעראטור ביי סעינט־בעוו אונטער׳ן פסעוודאנים „זשאזעף דעלארם״. ער איז אין זיין גאנצען וועזען א פארלויפער פון דער לאנגער רייהע

גרעסערע גייסטער, וועלכע הויבען אָן, פון דעם מאָמענט פון זיין אויפטריט, זייער צוג דורכ'ן יאָרהונדערט, וועלכע ער זאָגט אָן מיט זיין שוואכער שטימע, און פאר וועלכע ער לעגט אוים דעם וועג.

.7

# נאָדיע.

אין איין צייט מיט „אָבערמאַן" איז אויפ'ן פראַנצויזישען ביכערמאַרק ערשינען אַ קליינער ראָמאַן, וואָס האָט געהאַט זיין אורשפּרונג אין אַ גייסטיגער טענדענץ וואָס איז געווען פארוואַנדט מיט סעינאַנקור, און וואָס זיין פאָרפאַסער איז אויך געווען אַ פאָרלויפער פון גרעסערע גייסטער ווי ער אליין. ער האָט באַזעסען אַרייכען, בויגזאַמען טאַלאַנט, אַ נייגונג צום פאַנטאַסטישען אין דער פּאָעזיע אין אַ גראַד וואָס איז העכסט אונגעוויינליך אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, און אַ מוט נייע וועגען אויסצוטרעטען, אַזוי אַז ער איז ניט נאָר אַ פאָרלויפער נאָר אויך אַ פּיאָנער. דיזער שריפטשטעלער איז געווען שאַרל נאָדיע (Nodier) און דער נאָמען פון דעם קליינעם ביכעל „דער מאַלער פון זאַלצבורג".

שאַרל נאָדיע, וועלכער געהערט צו דער עמיגראַנטען־ליטעראַטור בלויז מיט אַ פּאָר פון זיינע יוגענד־שריפטען און זאָנסט האָט ער זיין פּלאַץ אין דער ראָמאַנטישער שולע אין פראַנקרייך, איז געבאָרען געוואָרען אין בעזאַנסאָן אין 1780. זיין פאָטער איז געװען אַ באַגאַבטער און ערליכער מענש, שטרענג אַלס רעגירונגס־בעאַמטער ליבליך אין דערהיים, אַן אָפענער אָנהענגער פון דער פילאָזאָפיע פון 18טען יאָרהונדערט, וועלכער האָט ערצויגען זיין זוהן נאָך די פּרינציפּען פון רוסאָ'ס „עמיל". שאַרל האָט פריה אַרויסגעוויזען אַן ערשטוינליכע באַגאַבטקייט צום לערנען, און פילזייטיגע אויסערגעוויינליכע פעהיגקייטען. שוין צו זיין 17טען יאָר איז ער געווען אַזאַ טיכטיגער פילאָלאָג, אַז האָט אָנגע־

שריבען „אַ לעקסיקאָן איבער די פראַנצויזישע אַנאַמאַטאָפּעאישע ווערטער", וועלכען דאָס בילדונגס־מיניסטעריום האָט אַנערקענט פאַר ווירדיג אַריינגענומען צו ווערען אין די שול־ביבליאָטעקען, און צו 18 יאָר איז ער געווען אַזאַ טיכטיגער נאַטור־פאָרשער, אַז ער האָט אַרויסגעבראַכט אַ ווערק איבער די פיהל־הערנער און די געהער־אָרגאַנען פון אינזעקטען. אין דער אייגענער צייט איז זיין ערשטער ראָמאַן געווען אין דרוק.

זיין קינדהייט און ערשטע יוגענד זיינען געווען זעהר שטיר־מישע. צו דרייצען יאָר האָט ער איבערגעלעבט די טעראָר־הערשאַפט און האָט געזעהן די שרעקען פון דער נאָהנט, דען זיין פאָטער איז געווען פּרעזידענט פון דעם רעוואָלוציאָנערען גע־ריכט אין בעזאַנסאָן. אין 1793 האָט דער קליינער, הייס־פיהלענדער און ענערגישער אינגעל געדעטעט אַ פרויען־לעבען. אַ דאַמע אין דער שטאָדט איז פאַרקלאָגט געוואָרען אין שיקען געלט־שטיצע צו אַ קרוב, אַן עמיגראַנט ביי דער רהיין־אַרמיי. איר שולד איז געווען קלאָר, די ווערטער פון געזעץ גאַנץ דייטליך, קיין רעטונג האָט זיך ניט געזעהן. אָבער ווען אַ פריינד פון דער פאַמיליע און דער דאַמע האָט די אַנגעלעגענהייט ערקלערט צו שאַרל נאָדיע און דיזער האָט אומזיסט געבעטען ביי זיין פאָטער פאַר'ן לעבען פון דער אַנגעקלאָגטער, איז ער געפאַלען אויפ'ן פּלאַן צו שרעקען זיין פאָטער אַז ער וועט זיך אַליין טויטען אויב דער טויט־אורטייל אויף דער דאַמע וועט אויסגעפירט ווערען. ער האָט אין זיין סטראַשונעק אַזוי פיל ערנסט אַריינגעלעגט און אַרויסגעוויזען אַזאַ פעסטען אַנטשלוס, אַז דער פאָטער האָט אין דעם אַנטשיידענדען מאָמענט נאָכגעגעבען. פאַר מורא צו פאַר־לירען זיין זוהן האָט ער דערשטיקט זיין רוימישע טוגענד און האָט די שולדיגע פריינעשפּראָכען.

אין זעלבען יאָר איז ער אַוועקגעשיקט געוואָרען קיין שטראַס־בורג, וואָרום דער אונטעררריכט אין בעזאַנסאָן איז ניט מער גענוג געווען פאַר אים, און דער צופאַל האָט געוואָלט ער זאָל אַריינגע־בראַכט ווערען אין דעם הויז פון דעם טרויעריג־באַרימטען יולאָזשיוס שניידער, דער תליון־רעגענט פון אַלזאַס, וועלכער האָט באַלד דערויף געענדיגט זיין לעבען אויפ'ן עשאַפאָט אין פּאַריז.

די סצענען וועלכע ער האט איבערגעלעבט אין שטראסבורג זיינען געווען אזוי ווי געשאפען אום צו באפרוכטען די איינבילדונגס־קראפט פון דעם צוקונפטיגען ראמאן־שרייבער. אלס יונגער אינ־גען איז ער דאן באלד אין פאריז געווארען א צושויער פון דער לייכטזיניגקייט און פארגעניגענס־געיעג וואס האט געהערשט אונטער דעם דירעקטאריום און ווען ער האט אין 1798 זיך אומגע־קערט קיין בעזאנסאן האט ער זיך שטארק אינטערעסירט מיט די פאליטישע געפאנגענע און פארדעכטיגטע אין דער שטאדט. ער איז אנגעקלאגט געווארען אלס געפערליך פאר דער געזעלשאפט; איין נאכט איז זיין טיר אויפגעבראכען און זיינע פאפירען אונ־טערזוכט געווארען; מען האט בלויז געפונען זיינע ארבייטען איבער די ווארצלען פון ווערטער און די פיהל־הערנערדיגע פלי־געלעך. אבער דאס רייצענדע אין דער סיטואציאן האט אויפגע־וועקט זיין פאעטישע ליבע צו אוואנטורען; עס איז אים געפעלען אריינצוטרעטען אין קריג מיט די מאכט־באזיצער, זיך שטעלען אין געפארען, צו פיהלען זיך פארפאלגט. ער האט ניט געהאט און האט אויך שפעטער ניט ערווארבען קיין פאליטישע איבער־צייגונגען, אבער ער האט געקעמפפט פאר דער פרייהייט, און אונ־טער אלע זיך וועקסלענדע רעגירונגען אין פראנקרייך האט ער שטענדיג געהערט צו דער אפאזיציאן, איז געווען רעליגיעז אונ־טער דער רעפובליק, פרייזיניג אונטער דער אימפעריע, א. א. וו. דער דעספאטיזם פון דעם ערשטען קאנסול האט אים אזוי אויפ־געבראכט אז אין עלטער פון צוואנציג יאר האט ער ארויסגעלאזט געגען אים זיין אדע „לא נאפאלעאן". אזוי ווי אין דעם געיעג צו אנטדעקען דעם פארפאסער זיינען ארעסטירט געווארען א מאסע אונשולדיגע פערזאנען, דארונטער אויך דער דרוקער, האט נאדיע זיך אליין ארויסגעגעבען אלס דער פארפאסער און האט פארבראכט עטליכע מאנאטען אין געפענגניס אין פאריז און שפע־טער איז ער ארויסגעשיקט געווארען אין זיין געבורטס־שטאדט, וואו ער איז געשטאנען אונטער דער אויפזיכט פון דער פאליציי.

פון דיזען אויגענבליק האט זיך פאר נאדיע אנגעפאנגען א לאנגע רייהע פון פארפאלגונגען און אונטערדריקונגען מצד דער רעגירונג, וועלכע זיינען דעם יונגען פאעט אפט געוויס העכסט

פיינדליך געווען, אָבער וועלכע זיינען אויך געווים פון זיין לע־בעדיגער און אימער טעטיגער פאַנטאַזיע איבערטריבען געוואָ־רען. זיכער איז עס יעדענפאַל, אַז אום פון די פאַרפאָלגונגען צו אנטלויפען פלעגט ער פליהען פון איין באַהעלטניש אין די יוראַ־בערג אין דער אַנדערער, האָט געלעבט און געשריבען אין אונבאַ־זוכטע און איינזאַמע דערפער און איז קיינמאָל ניט געבליבען אויף איין אָרט לאַנג גענוג אום דאָס אָנגעהויבענע מאַנוסקריפּט צו ענדיגען. אזוי האָט ער, אין זעהר יונגען עלטער, אויסער די איינדריקע פון דער עפּאָכע וואָס ער האָט שוין פריהער ערהאַל־טען, קענען געלערנט פאָלשטענדיג די געפיהלען און שטימונגען פון די פאַרטריבענע און עמיגראַנטען. און דיזע געפיהלען און שטימונגען בילדען דעם הינטערגרונד פון זיין ערשטען דיכטע־רישען פאַרזוך. „דער מאַלער פון זאַלצבורג“ איז געשריבען גע־וואָרען אין די בערג אין שטענדיגען בייטען פון פּלאַץ.

„דער מאַלער פון זאַלצבערג, טאַגעבוך פון די געפיהלען פון א ליידענדען הארצען, מיט א ביילאַגע פון מאָנאַסטיר געדאַנקען“ — אָט דאָס איז דער טיטעל פון דער ערשטער אויסגאַבע, פּאַריז 1803. די מאָנאַסטיר־געדאַנקען, וועלכע זיינען דאָ דער צוגאָב צום ראָמאַן, האָבען א געוויסען אינטערעס אַלס אויסדרוק פון דער שטימונג וואָס האָט דעמאָלט געהערשט ביים יונגען דור. זיי האָבען דעם זעלבען צוועק ווי ביי רענעי — צו זאָגען א קרעפטיג וואָרט פאַר דער ווידער־איינפירונג פון די מאָנאַסטירען. דאָס גאַנצע איז א מאָנאָלאָג, געהאַלטען פון איינעם וואָס איז נאָך זיין מיינונג העכסט אונגליקליך, און ער קלאָגט דארויף וואָס עס איז ניטאָ קיין מאָנאַסטיר וואו ער וואָלט געקענט געפינען אנטרינונג; אין יאָמערנדע ווערטער וויל ער, ווי עס שיינט, רעכטפערטיגען זיין ארייטריט אין דעם טראַפּיסטען־אָרדען.*)

„איך, נאָך אזוי יונג און שוין אומגליקליך: א דאַנק מיי־

*) טראַפּיסטען — אַן אַסקעטישער מאָנאַכען־אָרדען וועלכער האָט זיך געגרינדעט אין פראַנקרייך און זיך פאַרשפּרייט אין אַנדערע לענ־דער. די טראַפּיסטען פלעגען געהן אָהן העמדער, פלעגען זיך ערנערען בלויז מיט רייז און קאַרטאָפעל און פלעגען שטענדיג אָבהיטען דעם נדר פון שווייגען.

נע פריהע ערפאַרונגען האָב איך פאַראַכטעט דאָס לעבען און די געזעלשאַפט, און איצט בין איך פאָלשטענדיג פאַרפרעמדט פון די מענשען וואָס האָבען פאַרוואונדעט מיין הארץ. יעדע האָפ־נונג פאַרלאָרען, אין לעבען ענטוישט, זוך איך אין מיין אומ־ליק אַ רעטונג און געפין עס אין ערגיץ ניט.”

דאַן פאָלגט אַ לאַנגע לויב־רעדע אויף מאָנאַכען און מאָנאַש־קעס, „דיזע מלאכים פון פרידען, וועלכע אימער נאָר בעטען, טריים־טען, ערציהען, פפלעגען קראַנקע, טוען צדקה, באַגלייטען פאַר־אורטיילטע צום עשאַפאָט און בינדען די וואונדען פון העלדען”, ווי אזוי האָבען עס אזעלכע געטליכע מענער און פרויען געקענט ברעננען אויף זיך פאַרפאָלגונגען וואָס האָבען קיין גלייכען צו זיך אין דער געשיכטע פון פאַנאַטיזמוס? ווי אזוי האָבען עס די געזעצגעבער פון 18טען יאָהרהונדערט געקענט וויסען אזוי שלעכט דאָס מענשליכע האַרץ, אז זיי האָבען ענטוועדער ניט פאַר־שטאַנען אָדער ניט געפיהלט קיין איינציגען פון די אומשטענדען, צוליב וועלכע די רעליגיאָן האָט באַשאַפען דעם מאָנאַסטיר!

„דאָ שטעהט פאַר אייך אַ גאַנצער דור, ווען די פאָ־ליטישע געשעהענישען האָבען געגעבען אַן ערציהונג ווי די וואָס אַכילעס האָט אמאָל געקראָגען. מען האָט אונז גענערט מיט לויבען־מאַרך און לויבען־בלוט; און יעצט ווען אַ רעגי־רונג וועלכע לאָזט קיין זאַך ניט פאַר'ן צופאַל און וועלכע באַ־שטימט זאָגאר די צוקונפט (דאָס מיינט ער נאַפּאָלעאָנ'ס רע־גירונג, געגען וועלכער אזעלכע אויסדריקען זיינען געוואגט) שטעלט אַ צאַם צו דער געפערליכער אנטוויקלונג פון די יוגענד־קרעפטען און זאָגט צו זיי: ביז דאַנען און ווייטער ניט! — פאַרשטעהען זיי יעצט וועלכע טרויעריגע פאָלגען קענען ארויס־קומען פון אזוי פיעל אונטערדריקטער ליידענשאַפט און אונבאַ־נוצטער קראַפט, וויפיעל נסיונות צו זינד עס עקזיסטירען אין אַ ליידענשאַפטליכען, מעלאַנכאָלישען, וועלט־מידען הארצען? מיט ביטערקייט, מיט שרעק ערקלער איך: ווערטהער'ס רע־וואָלווער און דעם תליונ'ס האַק האָבען שוין שיטער געמאַכט אונזערע רייהען. דיזער דור הויבט זיך אויף און פאָדערט מאָ־נאַסטירען פון אייך!”

גאַנץ געוויס אַ באַשיידענער און סענטימענטאַלער פאַרלאַנג פון אַ דור וואָס ערקלערט זיך אַלס ערצויגען אויף לויבען־מאַרך! אָבער מען פיהלט צו געוויסע טראַציגקייט הינטער דיזער באַשיידענער, דאָך ניט בוכשטעבליך געמיינטער פאָדערונג. די אונגעדולדיגע מעלאַנכאָליע כאַפּט זיך אָן אבי־וואָס אַלס מיטעל צו שטילען דעם שמערץ.

אין אַ פאָררעדע וואָס נאָדיע האָט אין 1840 צוגעגעבען צו אַ נייער אויפלאַגע פון דעם בוך שפּרעכט ער זיך אויס איבער די צייט־אומשטענדען וואָס האָבען עס ארויסגערופען: די רעגירונג פון דעם דירעקטאָריום, זאָגט ער, איז געוועזן אַלץ אין דער וועלט, אָבער ניט סענטימענטאַל. די שפּראַך פון טרוימעריי און ליידענשאַפט, פיר וועלכער רוסאָ האָט מיט דרייסיג יאָר פריהער באַשאַפען אַ פאַראיבערגעהענדע מאָדע, איז צום שלוס פון יאָרהונדערט באַטראַכט געוואָרען אַלס לעכערליך. אנדערש אָבער איז עס געווען אין דייטשלאַנד, „דיזען וואונדערבאַרען דייטשלאַנד, דאָס לעצטע פאַטערלאַנד פון דער אייראָפּעאישער דיכטונג, די צוקונפטיגע וויג פון אַ קומענדער קרעפטיגער געזעלשאַפט, אויב אַ געזעלשאַפט איז נאָך איבערהויפּט מעגליך אין אייראָפּאַ, און דייטשלאַנד׳ס איינפלוס האָט דעמאָלט אָנגעהויבען ביי אונז צו גילטען. — מיר האָבען געלעזען ווערטהער, געץ פאָן בערליכינגען און די רויבער״...

דער העלד אין נאָדיע׳ס בוך איז געשאַפען נאָך דעם טיפּ פון ווערטהער, ער איז צוואַנציג יאָר אַלט, אַ מאַלער, אַ פּאָעט, און פריהער פון אַלץ אַ דייטש — אָבער ער איז אַ בלאַסע, מאַטע נאָכאַהמונג וועלכע שטעהט אונענדליך ווייט הינטער דעם אָריגינאַל. שאַרל — ער טראָגט נאָדיע׳ס אייגענעם נאָמען — איז אַן עמיגראַנט. צוליעב פּאָליטישע אורזאַכען איז ער אויסגעוויזען פון ביירען. צוויי יאָר לאַנג האָט ער זיך געוואַלגערט איבער אייראָפּאַ אַלס אַ פליכטלינג וואָס קען קיין רוה ניט געפינען, צוויי יאָר לאַנג האָט ער נאָדיע׳ס אייגענעם לעבען געלעבט. בלויז איין געפיהל האָט אים אויפגעהאַלטען, די ליבע צו אַ מיידעל, וועלכע טראָגט דעם פּאָעטישען נאָמען יולאַליאַ; ער קומט צוריק און —

אַ, הערט איר הימלען! — יולאַליאַ איז אומטריי, יולאַליאַ האָט און אנדערען געהייראַט.

דער פאררעטענער ליבהאָבער קען ניט ביישטעהן דעם פאַר־לאַנג אומצוטרייבען זיך אַרום דעם אָרט וואו זי וואוינט. איינ־מאָל באַגעגענט ער זי און — אָה, הימעל! — יולאַליאַ, וועלכע האָט די גאַנצע צייט פון אים גאָרניט געהערט און האָט ערהאַלטען אַ פאַלשע נאַכריכט אַז ער איז טויט, האָט נאָר מיט טרערען, נאָר אויס געהאָרזאַמקייט צו איר מוטער, און ענדליך צוליב אַ שוואַכער ענליכקייט פון דעם יונגענמאַן צו שאַרל'ן, געהייראַט מיט איינעם אַ הער שפּרנק, וועלכער, ווי עס צייגט זיך, איז איינער פון די אידעלסטע מענשען. דאַן קומען ווערטהער־קלאַגען, ווערטהער־שטימונגען א. ז. וו. דאָס אַלץ אָבער אין זעהר אַן אָבגעשוואַכ־טען טאָן אין פאַרגלייך צו ווערטהער. שאַרל לאָזט זיך אריין אין וועהמוטיגע שטימונגען: דאָ האָט ער זי געזעהן צום ערשטען מאָל, דאָרט האָט ער געפּיהלט די ערשטע טונקעלע פאָרגעפּיהלען איבער דער צוקונפט; דאָ, אין ענטציקונג פון איר, האָט ער פאַר־געסען זיין פּאַפּיר, זיינע בליישטיפטען, זיי אָססיאַן; דאָרט, וואו די בוימער זיינען שוין איצט אויסגעהאַקט, האָט ער באַשלאָסען צו באַגראָבען זיין באַליבטען ווערטהער, און יעצט שפּירט ער לוסט זיין איינגענעם קבר צו גראָבען. ווערטהער איז געוועזן שאַרל'ס פריינד, און מען זעהט אַז ער האָט אים גענומען פאַר אַ מוסטער. נאָר אין איין פונקט איז שאַרל קרעפטיגער און מענשליכער ווי ווערטהער, נעמליך אין זיין צאָרן־אויסברוך איבער די שטערונגען וואָס שטעלען זיך צווישען אים און זיין געליבטער:

„וואַרום האָב איך ניט געוואַגט צו שליסען זי אין מיינע אָרעמס, צו כאַפּען זי אַזוי ווי מיין רויב, אַוועקפירען זי ווייט פון מענשען און אין אָנגעזיכט פון דעם הימעל ערקלערען זי אַלס מיין ווייב! אָבער אויב אַפילו נאָר אַזאַ פאַרלאַנג איז שוין אַ פאַרברעכען, טאָ וואַרום איז עס אַזוי טיף פאַרבונדען מיט מיין וועזען און זיין, אַז איך קען עס ניט אויפגעבען און ניט שטאַרבען? אַ פאַרברעכען האָב איך געזאָגט! אין די צייי־טען פון באַרבאַריי, אין די טעג פון אונוויסענהייט און קנעכט־שאַפט איז איינעם אָדער אַנאַנדערען פון דער סטאַדע איינגע־

פאַלען זיינע פּאַראָורטיילען ארונטערצושרייבען און האָט דאַן געזאָגט: „דאָ האָט איר געזעצען.“ וואָס פאַר אַ פאַרבלענדעניש פון דער מענשהייט! וואָס פאַר אַ פאַרעכטליכער שפּיל עס איז צו זעהן אַזוי פיעל דורות געלייטעט פון די פּאַראָורטיילען און קאַפּריזען פון אַ לאַנג פאַרשטאָרבענעם דור!“

העכסט קאָמיש קלינגט גלייך נאָכדעם אַ פייערליכער לויבגעזאַנג אויף קלאָפּשטאָק'ס „משיח“, ארויסגערופען, ווי עס איז קלאָר, פון אנדערע, אָבער זעהר פאַרשיידענאַרטיגע עראינערונגען וועגען ווערטהער.

„אָה, געטליכער קלאָפּשטאָק! — ברעכט שאַרל אויס — מט וואָס פאַר אַ פּראַכט דו פירסט־פאָר פאַר אונזערע אויגען אַלע וואונדער פון דער פּאָעזיע און די ברענגסט אונז אריין אין דער געטליכער פאַרזאַמלונג וואו די ערשטגעבאָרענע פון צווישען די מלאכים זינגען די מיסטעריען פון די הימלען, אָדער וואו די כרובים אין היילינען ציטער פאַרדעקען זייערע געזיכטער מיט גאָלדענע פליגעל!“

דיזער שפּרונג איז אביסעל צו גרויס; אָבער גראַדע דיזער געמיש פון רעוואָלוציאָנערע אינסטינקטען און ראָמאַנטישען עקסטאַז, וועלכער וואָלט אויסגעזעהן נאַריש אין יעדער אַנדער צייט, איז ווייט פון איבעראַשענד אין דער עמיגראַנטען־ליטעראַטור; ער באַגעגענט זיך ביי אַלע שרייבער. ביי שאַטאָבריאַן טרעט ער אויף אַלס סאַטאַנישער קאַטאָליציזם, ביי סעינאַנקור אַלס סענטימענטאַלער און ראָמאַנטישער אַטעאיזם, ביי נאָדיע אַלס פּראָטעסט געגען דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, וואָס פאַראייניגט זיך מיט דער משיח־טרוימעריי. דער כאַראַקטער פון דעם געמיש איז פאַרשיידען, אָבער דער גרונד־שטריך איז איבעראַל דערזעלבער.

עס ווייזט זיך ארויס אין דעם ראָמאַן אַז יולאַליאַ'ס מאַן איז ניט ווועניגער אומגליקליך ווי איר אומגליקליכער ליבהאָבער. ער האָט זיין יוגענד־געליבטע פאַרלאָרען דורכ'ן טויט און קען דיזען פאַרלוסט קיינמאָל ניט פאַרגעסען, אַפילו ניט ביי יולאַליאַ'ס זייט; ער זעהט יולאַליאַ'ס און שאַרל'ס ליבע, און אום זיי ניט צו שטעהן אין וועג נעהמט ער איין גיפט און שטאַרבט, נאָכדעם ווי ער בעט ביי די ליבענדע פאַרצייהונג פאַר די ליידען וואָס ער

האָט זיי, ניט ווילענדיג, „דורך זיין אונגליקליכען לעבען", פאַר־שאַפט. עס איז אונמעגליך זיך פאָרצושטעלען אַ מער סימפּאַטי־שען מאַן. אָבער די ליבענדע ציייגען זיך ארויס ניט ווענינער איידעל ווי ער; איבערהויפּט איז יולאַליאַ צו הויכמוטיג אום צו ציהען נוצען פון אַזאַ טרויעריגען טויט. זי געהט אין מאָנאַסטיר און שאַרל דערטרינקט זיך אין דער דאַניי. צוויי זעלבסטמאָרדען און איין פרייוויליגע איינשפּאַרונג אין אַ נאָנען־קלויסטער — דאָס איז צו יענער צייט געווען די געוויינליכע ענדע פון ראָמאַנען.

ווי ווענינ באַדייטענד דיזער ראָמאַן איז אַלס גייסטיגער פּראָ־דוקט, אַזוי אינטערעסאַנט איז ער אַלס היסטאָרישער דאָקומענט. עס האָט געדויערט בלויז 10 קורצע יאָר און נאָריע האָט זיך דערהויבען איבער דיזער אָנפאַנגס־שטופע פון זיין אנטוויקלונג און מיר ווערען אים, ווי שוין אָנגעדייטעט, ווידער באַגעגענען אויף אַ העכערער אנטוויקלונגס־מדרגה פון דער פראַנצויזישער ליטעראַ־טור*); קיינער האָט אַזוי אָפט ניט געביטען זיין געשטאַלט ווי ער — און דער שמעטערלינג איז שעהנער ווי די לאַרווא.**)

---

*) זעה, באַנד, „די ראָמאַנטישע שולע אין פראַנקרייך", נאָדיע.
**) דאָס ווערימעל פון וועלכען עס קומט אַרויס אַ פליגעלע אָדער אַ זשוק.

.8

## קאָנסטאַן.

דער ליטעראַטור־היסטאָריקער װעלכער געהט איבער פון איין װאַריאַציע פון אַ טיפּ פון אַ באַשטימטער צייט צו אַ צװייטער, איז אין אַ געװיסען זין גלייך צום נאַטור־פאָרשער װעלכער פאַר־פאָלגט די ענדערונגען פון איינער און דערזעלבער גרונד־פאָרם, צ. ב. די האַנד, די פוס, די לאַפּע, דאָס פליגעל און די פלים־פעדע־רען, דורך דעם גאַנצען טיער־רייך. די נעכסטע װאַריאַציע פון דעם גרונד טיפּוס, אויף װעלכען איך װיל אויפמערקזאַם מאַכען איז „אַדאָלף", פון בענדזשאַמין קאָנסטאַן (Constant) דער העלד פון דעם איינציגען פּאָעטישען װערק פון דיזען באַריהמטען פּאָלי־טישען שרייבער. אַדאָלף איז װעניגער גלענצענד װי רענעי, װע־ניגער זעלבסט־פאַרניכטענד װי אָבערמאַן, אָבער ער שטעלט מיט זיך פאָר דעם זעלבען אונענטשלאָסענעם דור. אויך ער איז אַ שפּראָצונג פון דער װערטהער־פאַמיליע, אָבער ער איז אַ קינד פון דער עפּאָכע פון ענטװישונג, אַזױ װי רענעי.

„אַדאָלף" איז ערשינען ערשט נאָך דעם פאַלען פון דער אימ־פּעריע, אָבער ער איז שוין געשריבען געװען, אָדער צום מינדסטען פאַרטראַכט געװאָרען אין די ערשטע יאָרען פון דעם יאָרהונדערט. ער שטעהט אין שאַרפסטען געגענזאַץ צום הערשענדען גייסט אין פראַנקרייך, אַזױ װי די אַלע ביכער װאָס געהען אין דער געפיהלס־ריכטונג אין די שפּורען פון רוסאָ. װאָס אין פּאַריז הערשט איז די שפּראַכען און דער שװערד, אין דער ליטעראַטור — דער קלאַסי־שער אָרדען־סטיל און די עקזאַקטע װיסענשאַפטליכקייט. דאָ פאַר־

קערט, זעהען מיר געפיהלען און באַטראַכטונגען וועגען געפיהלס־לעבען.

בענדזשאַמין קאָנסטאַן דע רעבעק איז געבאָרען געוואָרען אין יאָר 1767 אין לאָזאַן ביי פּראָטעסטאַנטישע עלטערען. זיין געבורט האָט געקאָסט דער מוטער דאָס לעבען; זיין פאָטער איז געווען א קאַלטער און וועלטליכער מענש, פון דעמזעלבען מין וואָס דער פאָטער אין „אַדאָלף". ער איז פון קינדהייט אָן געווען גאַנץ אונגעוויינליך באַגאַבט. אויב אין „אַדאָלף" פאַרשטעהען מיר ניט גאַנץ גוט די אונגעוויינליכע אַנציהונגס־קראַפט וואָס דער העלד איבט אויס, דאַן קומט עס דערפון וואָס קאָנסטאַן, וועלכער האָט דאָס בוך פאַרפאַסט אויפ'ן גרונד פון אייגענע עראינערונגען, איז פון א געוויסער שעמעוודיגקייט אָבגעהאַלטען געוואָרען פון אַרויס־צוברענגען צו שטאַרק די אַנציהענדע איינגענשאַפטען פון זיין העלד. אָבער אַדאָלף איז אין אַזאַ הויכען גראַד קאָנסטאַן אַליין, אַז מען באַגרייפט אייגענטליך ערשט רעכט די אַנטשטעהונג פון דיזען טיפּ ווען מען שטודירט די יוגענד־געשיכטע פון דעם פאַר־פאַסער. עס איז מיט אַדאָלף ווי מיט רענעי, צו דער פאַרשטענד־ניש פון וועלכען, שאַטאָבריאַנ'ס שילדערונגען פון זיך אַליין ני־בען אונז דעם שליסעל.

קאָנסטאַן איז באַזעסען חן און שעהנקייט, א פריה־אַנטוויקעלטע, שלאַגענדע זעלבסט־איראָניע, ווי אויך א שטירמיש־פּולסי־רענדע עמפּפינדליכקייט פאַר איינדריקען, אַן עמפּפינדליכקייט וועלכע איז נאָך מערקווירדיגער, דערפאַר ווייל זי איז ביי איהם געווען פאַראייניגט מיט אַן אָנפאַנג פון איבערזעטיגונג. א בענק־שאַפט נאָך שטאַרקע געמיטס־באַוועגונגען האָט זיך ביי אים פאַר־איינינגט מיט דער פעהיגקייט זיך צו שטעלען אויסערהאַלב זיי. נאָך אַלס אינגעל האָט ער אַנטוויקעלט די פעהיגקייט זיך צו שפּאַל־טען אין טיילען, זיך צו פאַרדאָפּלען און צו שפּאָטען איבער זיך אַליין. ער האָט געקענט אויסרופען: „איך אַמוזיר זיך איבער די אַלע פאַרלעגענהייטען אין וועלכע איך געפין זיך, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען אַן אַנדערענ'ס", און ווען ער פלעגט זיין אויפגע־בראַכט פלעגען זיינע ליבלינגס־פראַזען זיין: איך בין אין כעס,

איך פאַרליר דעם פאַרשטאַנד פאַר כעס, אָבער אין גרונד איז מיר די גאַנצע זאַך העכסט גלייכגילטיג."

עס איז קיין מיה ניט געשפּאָרט געוואָרען צו געבען דיזען גייסטרייכען און אויפגעוועקטען אינגעל אַן ערציהונג לויט זיינע נייגונגען און פעהיגקייטען. ער איז צוערשט געשיקט געוואָרען אין דער עדינבורגער אוניווערזיטעט, וואו ער האָט אָנגעקניפּט פריינדשאַפטס־באַציהונגען מיט אַ קרייז יונגע אָנגעזעהענע ענגלענדער און סקאָטלענדער, אַלע פון וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרען באַריהמטע אָדער באַוואוסטע מענער. פון דאָרט איז ער אַריבער אין דער שטילער און פרידליכער אוניווערזיטעט פון ערלאַנגען, וואו ער האָט געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר זיינע קענטנישען אין דייטשע אַנגעלעגענהייטען און דייטשער ליטעראַטור און וואו ער האָט פאַרפאָלקאָמט זיין קלאַסישע בילדונג. די שטאַטליכע אָנגעלעגענהייטען פון די אַלטע גריכישע רעפּובליקען האָבען אים דאָ, ווי אין עדינבורג, נאָך מער אינטערעסירט ווי זייער פּאָעזיע.

די בעסטע קוועלע פאַר אַ באַקאַנטשאַפט מיט דעם גאַנג פון זיין אַנטוויקלונג און זיינע שטימונגען אין דער ערשטער יוגענד געפינט זיך אין זיינע בריעף צו מאַדאַם דע שאַרריער, אַ פריזינגע, פיין באַגאַבטע שווייצאַרישע שריפטשטעלערין פון האָלענדישער געבורט, אָבער פאָלשטענדיג פראַנצויזיפיצירט, וועלכע איז איבער פערציג יאָר אַלט געוועזען ווען דער צוואַנציג־יאָריגער קאָנסטאַן איז אַריינגעטראָטען מיט איר אין אַ פאַרהעלטניש.

אין איר הויז, ביים זעלבען טיש אויף וועלכען זי האָט געשריבען, האָט ער אָנגעפאַנגען זיין גרויס ווערק איבער רעליגיאָן, וועלכעס האָט געדאַרפט ווידער איינפירען אין פראַנקרייך דעם רעליגיעזען גייסט. כמעט זיין גאַנץ לעבען לאַנג האָט ער זיך באַשעפטיגט מיט דיזען ווערק, וועלכעס ער האָט, נאָכדעם ווי זיינע אנשויאונגען האָבען זיך געביטען און אָנגענומען אַ באַשטימטערע פאָרם, אונאויפהערליך באַאַרבייט. דרייסיג יאָר שפּעטער האָט ער עס געענדיגט אין דער קאַרגער צייט וואָס די רעדנער־בינע אין פּאַרלאַמענט און די שפּיל־הייזער פון פּאַריז האָבען אים איבערגעלאָזט פאַר אַנדערע אַרבייטען. אָבער אָנגעהויבען געוואָרען איז

דאָס ווערק ביי מאדאם שאררער. און סימבאָליש און כאראקטע־ריסטיש איז, וואָס דעם ערשטען טייל האָט ער אָנגעשריבען אויף דער לינקער זייט פון אַ פּעשיל קאָרטען, און אַזוי שנעל ווי ער פלעגט פארשרייבען אַ קאָרט, פלעגט ער זי אַוועקשארען צו זיין ראטגעבערין.

אין זיינע בריף צו דיזער געטרייער און איבערגעבענער פריינ־דין שפּרעכט זיך דער יונגער קאָנסטאַן אויס מיט פאָלשטענדיגער אָפענקייט און מען קען דאָ זיך באַקאָנען מיט זיין געפיהלס־און געדאנקען־לעבען אין זייער ערשטער פאָרמע און מיט זייער ערש־טען שטעמפּעל. דיזער שטעמפּעל איז דער שטעמפּעל פון אַב־צענטען יאָרהונדערט, נאָר אָהן דער באַגייסטערונג פאר געוויסע אידעען, און מיט אַ רעכטער ביסעל צוגעקומענעם סקעפּטיציזם. ער שרייבט:

„איך פיהל מער ווי אימער די נישטיגקייט פון אַלע זאַ־כען, ווי אַלץ זאָגט זיך צו און קיין זאַך גיט זיך ניט, איך פיהל ווי פיעל העכער אונזערע קרעפטען שטעהען איבער אונזערע מעגליכקייטען, און ווי אונגליקליך דיזער דיסאָנאַנס מוז אונז מאכען. איז עס מעגליך אַז גאָט, דער באַשעפער פון אונז אליין און אונזערע אומשטענדען, איז געשטאָרבען איידער ער האָט זיין ווערק געענדיגט, אַזוי אַז די וועלט איז אייגענטליך אַן opus posthumum? ער האָט געהאַט די שעהנסטע און גרעסטע וועלט־פּראָיעקטען און די גרעסטע מיטעל זיי אויסצו־פירען. ער האָט שוין מערערע פון דיזע מיטעל געזעצט אין באַ־וועגונג, פונקט ווי מען מאכט אַ געשטעל צו בויען, און אין מי־טען פון דיזער ארבייט איז ער געשטאָרבען. יעצט געהט אָן די ארבייט פון בויען, אָבער פאר אַ צוועק וואָס עקזיסטירט מער ניט, און מיר פיהלען זיך צו עטוואָס באַשטימט, אָבער מיר קענען זיך דערפון קיין שום באַגריף ניט מאכען. מיר זיינען ווי זייגער, וועמען עס פעהלט די ציפערבלאַט אָדער דער ווייזער, און וועמעס רעדער, וועלכע זיינען ניט באַרויבט פון פארשטאַנד, דרעהען זיך ביז זיי ווערען אָבגענוצט, ניט וויסענדיג צו־וואָס אָבער אימער זאָגענדיג: „איך דרעה זיך, פאָלגליך האָב איך אַ צוועק. אדיע, ליבער און גייסטרייכער ראָד, וואָס האָסט דאָס

אומגליק צו שטעהן אַזוי הויך איבערן זייגער־מעכאַניזם, פון וועלכען דו ביסט אַ טייל און וועלכען דו ברעננסט נאָר צוזו־דערונג. ניט צו לויבען זיך אליין — דאָס איז אויך מיין שיק־זאַל."

אויף אַן אַנדער אָרט זאָגט ער:

„אַה, ווי איידעל און ברייטהערציג די פירשטען זיינען: זיי האָבען ווידער געגעבען אַן אַמנעסטיע, פון וועלכער קיינער איז ניט אויסגעשלאָסען אויסער די וואָס האָבען רעבעלירט געגען זיי. דאָס דערמאָנט מיר אַ קאַפּיטעל תהלים, וועלכער פאַר־הערליכט די מעשים פון אידישען גאָט. ער האָט געטויט דעם און דעם, דען זיין גנאָד דויערט אייביג; ער האָט דערטרונ־קען פּרעה און זיין נאַנצען חיל, דען זיין גנאָד דויערט אייביג; ער האָט אַלע בכורים פון מצרים דערשלאָגען, דען זיין גנאָד דויערט אייביג, א. ז. וו., א. ז. וו.

„איר ווייזט מיר נישט אויס צו זיין דעמאָקראַטיש. איך גלויב, ווי איר, אַז אויפ׳ן גרונד פון דער נשמה פון די רעוואָ־לוציאָנען לויערט פאַלשקייט און משוגעת. אָבער איך וויל בע־סער די פאַלשקייט און משוגעת, וועלכע רייסט אַרונטער פעס־טונגען און שאַפט אָב טיטלען און אַנדערע אַזעלכע דומהייטען, און וועלכע שטעלט אַלע רעליגיעזע טרוימערייען אויף אַ גליי־כען פוס, איידער יענע פאַלשקייט און משוגעת, וועלכע וויל אויפהאַלטען און פאַרהייליגען יענע עלענדע פאַרזעהעניש: די באַרבאַרישע דומהייט פון די אידען אַרויפגעפלאַנצט אויף דער באַרבאַרישער אונוויסענהייט פון די וואַנדאַלען."

„וואָס מער מען דענקט דערפון אַלץ מער הערט מען אויף צו פאַרשטעהן דעם cui bono? („און צו וועלכע נוצען") אין דיזער דומהייט, וואָס רופט זיך וועלט. איך פאַרשטעה ניט, ניט דעם צוועק, ניט דעם אַרכיטעקט, ניט דעם מאַלער, ניט די פיגורען אין דיזען צויבער־לאַמטערן, פון וועלכען איך האָב די עהרע צו זיין אַ טייל. וועל איך עס בעסער פאַרשטעהן ווען איך וועל פאַרשווינדען פון דיזען ענגען און פינסטערן סור־געל, אויף וועלכען איך וויים ניט וועלכע אונזיכטבאַרע מאַכט האָט זיך דעם שפּאַס פאַרגונען מיך, מיט אָדער געגען מיין ווי־

לען, צו לאָזען טאַנצען? דאָס ווייס איך ניט. אָבער איך האָב מורא אז מיט דיזער געהיימנים איז דאָסזעלבע וואָס מיט דער געהיימנים פון די פריימויערער: עס האָט אַ ווערט בלויז אין די אויגען פון דעם ניט־אריינגענומענעם.״

ווען מען לייענט דיזע אויסצוגען וואונדערט מען זיך ניט וואָס דאָס בוך „וועגען רעליגיאָן״, וועלכעס איז אָנגעהויבען געוואָרען ביים ווענדפונקט פון דעם יאָרהונדערט און וועלכעס האָט געדאַרפט פון דעם פּראָטעסטאַנטישען שטאַנדפונקט דערגרייכען דעמזעלבען צוועק וואָס שאַטאָבריאַן פון דעם קאַטוילישען, נעמ־ליך, ווידער איינצופירען אין פראַנקרייך דעם רעליגיעזען גייסט, האָט לכתחילה געהאַט אַ גאַנץ אַנדער שטעמפּעל ווי עס האָט שפּעטער געטראָגען. דער ערשטער טייל, געשריבען אין גייסט פון 18טען יאָרהונדערט, ווען ער וואָלט געוועזען אָבגעדרוקט ווערען, וואָלט באַצייכענט אין קאָנסטאַנ׳ס לעבען גענוי דיזעלבע אנטוויק־לונגס־שטופע, וואָס דאָס בוך איבער די רעוואָלוציאָנען אין דעם לעבען פון שאַטאָבריאַן. אָבער אין יענער פאַרענדיגטער געשטאַלט אין וועלכער דאָס בוך האָט ענדליך פאַרנומען זיין פּלאַץ אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, צייכענט עס זיך אויס מיט אַ רוהי־גען,ליידענשאַפטסלאָזען סטיל, מיט אַ בליק פריי פון פּאַראור־טיילען, און מיט אַ געלערזאַמקייט וואָס איז אונגעוויינליך פאַר יענער צייט. נאָר דערפאַר ליידט דאָס ווערק פון אַ פאָלשטענדי־גען מאַנגעל אין וואַרימקייט און פון אַן איבערראַשענדער געשפּאָל־טענקייט אין זיינע פּרינציפּען.

זיין גרונד־געדאַנק איז פאָלגענדער: אַלע פריהעריגע אויפ־פאַסונגען וועגען דעם וועזען פון רעליגיאָן זיינען ניט געוועזען פאָל־קאָם. איין שולע פון שרייבער, וועלכע באַטראַכט די רעליגיאָן אַלס אונצוגענגליך פאַר׳ן מענשען דורכ׳ן וועג פון פאַרשטאַנד, נאָר האַלט אַז זי איז מיטגעטיילט געוואָרען איין מאָל פאַר אַלע מאָל דורך דער געטליכער אַנטפּלעקונג, זוכט נאָר צוריקצופירען די רעליגיאָן צו איר ערשטער פאָרם. אַן אַנדער שולע, וועלכע איז אויפגעבראַכט, און מיט רעכט, געגען די איבעל וואָס אונטאָ־לעראַנץ און פאַנאַטיזם ברענגען מיט זיך, זעהט אין דער רעלי־גיאָן בלויז אַ פאַרפירונג, און שטרעבט צו באַגרינדען די מאָראַל

אויף ריין ערדישע יסודות. א דריטע שולע גלויבט אז ס'איז מעג־ליך צו געפינען א מיטעלוועג, דורך אָננעהמען אן אזוי־גערופענע נאטירליכע אָדער פארנינפטיגע רעליגיאָן, וועלכע זאָל באשטעהן נאָר פון די ריינסטע דאָגמען און איינפאכסטע גרונד־באגריפען. נאָר אויך די שולע, אזוי ווי די צוויי אנדערע, האָט געגלויבט, אז דער מענש קען דערגרייכען דעם אבסאָלוטען אמת, און אז עס איז, פאָלגליך, פאראן נאָר איינער און אונפארענדערליכער אמת; ווער עס האָט געגלויבט וועניגער, האָט דיזע שולע געשטעמפעלט אלס אטעאיסטיש; ווער עס האָט געגלויבט מער האָט זי גע־שטעמפעלט אלס אָרטאָדאָקס און אבערגלויביגער. קאָנסטאַן, להיפך צו דיזע דריי שולען, באטראכט רעליגיאָן אלס א וואקסענ־דע זאך, און ער געהט ארויס פון דעם שטאנדפונקט, אז דאָס רע־ליגיעזע געפיהל איז איינגעוואָרצעלט אין דער מענשליכער נשמה און נאָר זיינע פאָרמען זיינען פארשיידען און זיינען פעהיג צו אלץ גרעסערער און גרעסערער פאָלקאָמענהייט. מען מערקט, אז ער האָט געלעזען לעסינג'ס „ערציהונג דעם מענשענגעשלעכטעס"; נאָר נאָך נעהנטער ווי מיט לעסינג פיהלט ער זיך פארוואנדט מיט זיינע צייטגענאָסען קרויצער און גאָררעס. ער פארשטעהט ניט אָדער נעהמט ניט דורך לעסינג'ס פיינע און דאָך אזוי טיפע אי־ראָניע. דאנעגען, די ראָמאנטיש פראָטעסטאנטישע שטרעבונגען אויפצולעבען די רעליגיאָן פאנגען זיין געדאנק מיט דער גאנצער מאכט פון דער לעבעדיגער צייט און ער נעהמט זיך פון זיי אלץ וואָס ער קען געברויכען אלס ליבעראלער פראנצויזישער פאָליטי־קער און באקערטער וואָלטעריאנער. ער וויל אבסאָלוט ניט ווי־סען פון דער אונטאָלעראַנץ און פארפאָלגונגס־ליידענשאפט, וועלכע ברעכען אזוי גוואלטזאם ארויס ביי לאמעננעי (אין זיין אָבהאנדלונג איבער „גלייכגילטיגקייט אין פראגען פון רעליגיאָן"); ער וויל ניט הערען פון א וועלטליכער פאפסט־מאכט, און פון קיין שום פאראייניגונג פון גייסטליכער און וועלטליכער אויטאָריטעט (ווי דע־מאיסטרע אָדער שאטאָבריאן), נאָר אים דוכט, אז אין דעם „רעליגיעזען געפיהל" האָט ער געפונען א מין גייסטיג־פסי־כאָלאָגישען גרונד־עלעמענט, וואָס לאָזט זיך ניט מער פאנאנדער־לעזען, ער מיינט, וואָס איז אונפארענדערליך און אוניווערזאל,

ד. ה. פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער ערד און דערהויבען איבער אַלע פאַרענדערונגען פון צייט — אַן אַנשויאונג וואָס איז שווער צו ברענגען אין איינקלאַנג מיט די טיפערע שטודיען אין דער פּסיכאָלאָגיע — און אויף דיזען געפיהל בויט ער זיין גאַנצע קאָנסערוואַטיווע סיסטעם.

די קיצעלדינע פראַגען געהט ער, ווי ווייט ס'איז אים מעגליך, פאַרביי. ער וויל, צום ביישפּיעל, ניט פאַרענטפערען די פראַגע צי די מענשהייט האָט אָנגעפאַנגען מיט אַ ווילדען אָדער פאָלקאָמענעם גן־עדן צושטאַנד, און ער ערקלערט אויסדריקליך, אַז אויב ער האָט אָנגעהויבען זיין ווערק מיט דער שילדערונג פון דעם נידריגסטען פעטישיזם איז עס נאָר פון אָרדנונג וועגען, און ער וויל דאַדורך ניט לייקענען אַז דיזע אונפאָלקאָמענע מדרגה קען זיין דער רעזולטאַט פון דעם מענשענ'ס „פאַלען." פאַרקערט, אַזאַ השערה קומט אים פאָר גאַנץ וואַרשיינליך. וועניגער ביכער זיינען שנעלער פאַרעלטערט געוואָרען ווי דיעזע שריפט, וועלכע באַזיצט איצט נאָר אַ היסטאָרישען אינטערעס דורך דער ניט־זיכערקייט און האַלבקייט וואָס איז טיפּיש פאַר איר צייט.

אין די ערשטע יאָרען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז קאָנסטאַן אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס קאַמער־יונקער פון דער רעגירענדער הערצאָגין אין בראָנשווייג. דאָ פלעגט ער הערען רייד פון דער רעוואָלוציאָן מיט יענעם געמיש פון שרעק און אָבשיי, וועלכער ווערט אויסגעדריקט, צום ביישפּיעל, אין געטהע'ס אונגעלונגענער דראַמע „דער בירגער־גענעראַל"; דאָך איז אים ניט שווער געווען אויסצואַרבייטען זיך אַ זעלבסטשטענדיגע מיינונג, פריי פון פאָראורטיילען, וועגען דער באַדייטונג פון דער רעוואָלוציאָן. איבריגענס זעהט עס אויס אַז זיין צייט דאָ, אַזוי ווי שפּעטער, איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט ליבעס־פאַרהעלטנישען, וועלכע פלעגען זיך שנעל בייטען. ער האָט געקראָגען פון די דאַמען דעם נאָמען „ל'אינקאָנסטאַן" (דער אונבאַשטענדיגער) און ער אַליין האָט אין שפּאַס אָנגענומען אַלס זיין מאָטאָ „סאָלאַ אינקאָנסטאַנטאַ קאָנסטאַנס (באַשטענדיג איז בלויז די אונבאַשטענדיגקייט). ער האָט חתונה געהאַט — מער ווי אַלץ פון לאַנגווייל — טאַקע דאָרט, אין בראָנשווייג, און האָט זיך גליך נאָכ'ן

האָניג־מאָנאַט געשיידט מיט זיין ווייב. באַלד נאָכדעם האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ דאַמע, וועלכע איז געווען געשיידט פון איר מאַן און ער האָט זיך שפּעטער צוליעב איר אומגעקערט קיין בראַנ־שווייג. איר מיידעלשער נאָמען איז געווען שאַרלאָטע פאָן האַר־דענבערג און אַ סך יאָרען שפּעטער איז זי געוואָרען קאָנסטאַנ׳ס צווייטע ווייב. אין בריף פון דער צייט צו פרוי פאָן שאַרריער ציינט ער זיך אַרויס פּונקט אַזוי לעבענס־מיד און צוועקלאָז ווי שאַרפזיניג און גייסטרייך. ער מאַכט זיך לוסטיג איבער זיין דו־מער און קליינליכער אומגעבונג, איבער זיך זעלבסט, אַ צייט לאַנג אַפילו איבער דעם געפיהל פאַר זיין געליבטער דאַמע, ביז אין איין שעהנעם טאָג טיילט ער מיט, אַז ער וויל אויפהערען זיינע שפּאָטערייען איבער דעם, ווייל ער האַלט אַזאַ מין שפּאָטעריי פאַר ניט אַרטיג. אַן אָנהאַלטס־פּונקט, אַ צענטער פון לעבען האָט ער נאָך ביז דיזער צייט ניט געפונען.

אָבער צו ענדע פון יאָר 1794 איז אין קאָנסטאַנ׳ס לעבען געקומען אַן אַנטשיידענדע ווענדונג. ער האָט זיך באַקאַנט מיט מאַדאַם דע סטאַל און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז קיין איי־נער פון דיביידע גייסטער איז ניט געווען אימשטאַנד אַרויסצו־ברענגען זיין העכסטעס אָהן דער באַפרוכטונג פון דעם אַנדערען. בענזשאַמין קאָנסטאַן איז דאַן זיבען־און־צוואַנציג יאָר אַלט גע־ווען, פרוי פאָן סטאַל אַכט־און־צוואַנציג. ער איז געווען נאָר וואָס אָנגעקומען קיין פּאַריז, וואוהין זיין אַמביציע האָט אים שוין לאַנג געצויגען אָבער וועלכעס ער האָט איצט געזעהן צום ערשטען מאָל און וואו ער איז באַלד אַריינגעפירט געוואָרען אין די העכסטע קרייזען, ביי מאַדאַם טאַליען, מאַדאַם באָהאַרנע און מאַדאַם סטאַל. ער האָט שנעל געצווינגען אויף זיך אויפמערקזאַמקייט סיי מיט זיין פּערזענליכער שעהנקייט, סיי מיט זיינע גרויסע פעהיגקייטען. מיט דער פרישער פאַרב פון זיין הויט און זיינע לאַנגע בלאָנדע האָר האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ יונגער נאָרדלענדער. אָבער אין פאַר־שטאַנד איז ער געווען עכט פראַנצויזיש און אין זיין בילדונג — קאָסמאָפּאָליטיש. אויף דער באַנאַבטעסטער פרוי אין יענער צייט אין פראַנקרייך האָט ער געמאַכט אַן איינדרוק, וואָס איז קיינמאָל ניט פאַרווישט געוואָרען, אַפילו דעמאָלט ווען די לעבענס־באַדינ־

גונגען האָבען זיי דערוווייטערט פון איינאנדער, און באלד איז עס מער קיין געהיימנים ניט געוועו אז מאדאם דע סטאל'ס באוואונ־דערונג האט זיך פארוואנדעלט אין א ליידענשאפטליכער ליבע. זי האט אריינגעפלאָסען אין דעם יונגען צוקונפטיגען שטאטסמאן איר גלויבען אין פּאָליטישער פרייהייט, איר באגייסטערונג פאר די רעכט פון דעם אינדיווידואום און פאר א קאָנסטיטוציאָן וואָס זאָל די דאָזיגע רעכט פארזיכערען, און דורך א פלאַמענדיגען הויך פון איר פייערדיגער נשמה איז ער באזעלט געוואָרען פון איר אונטערנעהמונגס־גייסט און איר גלויבען אין דער מאכט פון וואָרט און טאט, אין דער מעגליכקייט צו להכעים אלע פאטאלישע טעאָריען אָנצוגרייפען דיווירקליכקייט און זי אומגעשטאלטען. וואָס אָנבאלאנגט מאדאם דע סטאל, האט איר די באציהונג צו קאָנסטאן געגעבען דאָס, וואָס האט זי געבראכט אין קאמפף מיט דער געזעלשאפט, און האט זי באנייכערט מיט יענעם סכום פון ליידענשאפטליכע געפיהלען און רעוואָלוציאָנערע געדאנקען, וועלכע בילדען דעם קערן אין אירע דיכטערישע שעפּפונגען.

אין הויז פון מאדאם דע סטאל האט קאָנסטאן זיך באקענט מיט א גאנצער ארמיי אויסלענדישע דיפּלאָמאטען, אונצופרידענע זשורנאליסטען און אינטריגירענדע פרויען וועלכע האָבען אים אין ערשטען אויגענבליק באאיינפלוסט געגען דעם קאָנווענט. באלד אָבער האט ער זיך אויסגעבילדעט זיין אייגענע איבערצייגונג ווע־גען דעם, האט אליין אָבגערופען זיינע ערשטע צייטונגס־ארטיקלען און, נאָך מער ראדיקאל ווי זיין פריינדין, האט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער פארטיי פון די „פּאטריאָטען", געגען די זאָגענאנטע „גע־מעסיגטע", ביי וועלכע, לויט זיין מיינונג, עס איז קיין געמע־סיגטקייט ניט געוועו. דאָס יאָר 1795 האט ער פארבראכט, אויף דער איינלאדונג פון מאדאם דע סטאל, אין איר שלאָס אין קאָפּפּע אין דער שווייץ; מיט א יאָר שפּעטער האט זי זיך געשיידט פון איר מאן.

ווען אין 1799 האט באָנאפּארט אלס ערשטער קאָנסול געגע־בען פראנקרייך א קאָנסטיטוציע, אין וועלכער א שוואכער שיין פון פרייהייט האט געדארפט פארדעקען די אליינהערשאפט, האט ער באשטימט קאָנסטאן, וועלכער האט פריהער געהערט צו זיינע

וואָרימסטע באַוואונדערער, אַלס מיטגליד פון טריבונאַט. אין דעם דאָזיגען אַמט האָט קאָנסטאַן מיט עטליכע געצעהלטע געזינונגס־גענאָסען געפירט יענעם עהרענהאַפטען קאַמפף געגען באָנאַפּאַרט׳ס אַבסאָלוטיסטישע פּלענער, וועלכער האָט געצווינגען די אויגען פון גאַנץ אייראָפּאַ אויף אים און דערוועקט די שטאַרקסטע ביטערקייט ביים ערשטען קאָנסול. אין 1802 האָט דיזער געזאָגט וועגען קאָנ־סטאַן און זיינע פריינד דאָס באַריהמטע וואָרט וועגען די פינף אָדער זעקס מעטאַפיזיקער אין דעם טריבונאַט, וועלכע האָבען פאַר־דינט אריינגעוואָרפען צו ווערען אין וואַסער, און קורץ נאָכדעם האָט ער דאָך אָן אונטערטעניגער מאַיאָריטעטס־אָבשטימונג זיי דערוויטערט פון טריבונאַט. ווען מאַדאַם דע סטאַל האָט אין דער־זעלבער צייט אָנגעהויבען איר קאַמפף געגען באָנאַפּאַרט׳ס שטרע־בונג צו אַליינהערשאַפט, און איר פאָטער, דער באַריהמטער נעקער האָט אָנגעהויבען שטאַרק וואָרנען געגען זיין פּאָליטיק, האָט ער זי אויסגעוויזען פון פראַנקרייך. ווען קאָנסטאַן איז נעגאַנגען מיט איר נאָך קאָפּפּע האָט ער אים אויך פאַרבאָטען זיך צוריקצוקערען אין פראַנקרייך.

אין מאַי 1802 איז מאַדאַם דע סטאַל געוואָרען אַן אַלמנה. צו־זאַמען מיט קאָנסטאַן האָט זי אין די יאָרען 1803 און 1804 באַ־רייזט דייטשלאַנד און עס שיינט אַז זי האָט אין איר טרוימערישער ליבע געהאָפט אַז קאָנסטאַן וועט מיט איר הייראַטען. ער האָט אָבער ווי עס שיינט אירע געפיהלען ניט געטיילט, אוים מיטלייד און שוואַכקייט האָט ער זי גענאַרט און האָט פאַרבאָרגען פון איר אַז ער איז געשטאַנען אין באַשטענדיגען בריף־וועקסעל מיט שאַר־לאָטע פאָן האַרדענבערג. אונטער אַן אויסרייד מסתמא האָט ער זי פאַרלאָזען און איז אַליין אַוועק נאָך ווייכאַר, וואו ער האָט אין 1804 איבערזעצט שילער׳ס „וואַלענשטיין” אין פראַנצויזיש. עס איז געוועזען ניט קאָנסטאַן, נאָר א. וו. שלעגעל, וועלכער האָט אַלס הויזלערער פון אירע קינדער, באַגלייט מאַדאַם דע סטאַל אויף יענער רייזע קיין איטאַליען, אין 1805, וועלכע איז באַריהמט גע־וואָרען דורך איר ווערק „קאָריננאַ.” אין זומער פון 1808 האָט קאָנסטאַן אין געהיים חתונה געהאַט מיט זיין שאַרלאָטע, נאָר מאַ־דאַם דע סטאַל האָט אַפילו ניט געטראַכט פון אויפגעבען אים,

אזוי אז עס איז געקומען צו שטאַרקע סצענען ווען זי האָט איינמאָל אומגעריכט באַגעגענט דאָס נײ־פאַרהייראַטע פּאָר אין דער אומגע־געגנד פון זשענעווא. זי האָט איר אײפערזוכט אויסגעדריקט מיט אזוי פיעל שטורם, אז שאַרלאָטע האָט איינמאָל, אין פאַרצווייפ־לונג, געמאַכט, גליקליכערווייז אַן אומגעלונגענעם פאַרזוך זיך צו פאַרגיפטען.

יעצט זיינען געקומען איינ:גע יאָר וואָס קאָנסטאַן האָט פאַר־בראַכט אין שטילער צוריקגעצויגענקייט אין געטינגען, פאַרנעה־מענדיג זיך מיט אויספאָרשונגען פאַר זיין ווערק איבער דער אנט־שטעהונג און אנטוויקלונג פון רעליגיאָן. דאַן האָבען נאַפּאָ־לעאָנ׳ס מפּלות אים ווידער צוזאַמענגעבראַכט מיט מאַדאַם דע סטאַל אין דעם פּאָליטישען געדאַנקען־שטרייט, און דורך אירע פאַרבינדונגען אין דעם רוסישען, פּרייסישען און שוועדישען הויף האָט ער געקראָגען אַ שטימע אין דער פּראָצעדורע געגען דעם באַ־זיגטען דעספּאָט. ער איז געקומען קיין פּאַריז אין בערנאַדאָטע׳ס קאָמפּאַניע, און אָבוואָל ער איז געשטאַנען פאַר דער צוריק־אויפ־ריכטונג פון דעם קעניגטום, האָט ער דאָך געאַרבייט מיט אַלע קרעפטען צו רעטען וואָס איז נאָר מעגליך געווען פון די קאָנסטי־טוציאָנעלע פּרייהייטען. ער האָט געדרוקט מייסטערהאַפטע בראָ־שורען איבער פּרעס־פרייהייט, פאַראַנטוואָרטליכקייט פון מיניס־טאָרען א. ז. וו. און איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס פאָלקס־פאַר־טרעטער. עס איז באַוואוסט, ווי גלייך נאָכדעם האָט זיין בלינדע פאַרליבטקייט אין מאַדאַם רעקאַמיע אים געצוואונגען אַרויסצוטרע־טען מיט אַזאַ שאַרפקייט געגען נאַפּאָלעאָנ׳ען נאָך זיין צוריקקער פון עלבא, אז זיין באַשטימונג אין די הונדערט טעג אַלס מיטגליד פון קייזערליכען ראַט און די שטיצע וואָס ער האָט געגעבען דעם לעצטען פאַרזוך פון דעם אימפּעראַטאָר צו געבען פראַנקרייך אַ נאָכאַמונג פון אַ קאָנסטיטוציע, האָבען אויפגעוועקט אין דעם פאָלק אַ חשד פון פאַררעט. דאָך דאַרף מען קאָנסטאַן אַלס פּאָ־ליטיקער ניט פאַראורטיילען אויפ׳ן גרונד פון דעם דאָזיגען אומ־גליקליכען עפּיזאָד. אונטער דער הערשאַפט פון די בורבאָנען, און אפילו אין די ערשטע יאָרען פון דער יולי־מאָנאַרכיע, איז ער געווען, ווי באַוואוסט, דער פאַר׳עקשנ׳טער פירער פון דער פריי־

זינינער פּאַרלאַמענטאַרישער אָפּאָזיציע. ער האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעצייכענט מיט כאַראַקטער־ריינקייט, אָבער ער האָט גע־האַט נאָבעלע אימפּולסען. ווען ער האָט אין 1830 דערהאַלטען אַ בריעף פון איינעם פון זיינע פריינד, אין וועלכען עס איז גע־שטאַנען: „דאָ געהט אָן אַ שרעקליכע שפּיל, אונזערע קעפּ זיי־נען אין געפאַר, קומט און ברענגט אויך אייערן", האָט ער קיין אויגענבליק ניט געצעגערט, נאָר איז געקומען און האָט זיך מוטיג געשטעלט אויף דער זייט פון דער פּאַרטיי פון דער יולי־רעוואָלו־ציאָן. און איינינע מאָנאַטען אַרום, ווען ער איז שוין געווען פי־רער פון דער אָפּאָזיציע, האָט ער אָנגענומען 100,000 פראַנק פון לואי פיליפּ, אום צו דעקען זיינע קאָרטען חובות. קאָנסטאַן איז געווען אַ גרויסער דיאַלעקטיקער; קיין וואַרהייט, פלעגט ער זאָ־גען, איז פאָלקאָמען סיידען זי נעהמט אין זיך אַריין איר היפּך. עס האָט אים געגליקט איינינע וואַרהייטעןווירקליך צו פאַרפאָל־קאָמען. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרלאָרען דעם שטעמפּעל, וואָס זיין דור, אין וועלכען זיין פריהע יוגענד איז אויסגעפאַלען, האָט אויף אים אַרויפגעדריקט. דיזעלבע דאָפּעלקייט, וואָס האָט זיך געפונען ביי דיזער גאַנצער גענעראַציאָן, נאָר וואָס ביי אַנדערע איז זי געווען בלויז אָן אייגענשאַפט, האָט זיין כאַראַקטער צוגעגע־בען אָן איינענאַרטיגען גרונדשטריך, וואָס האָט איבעראָל אַריינ־געטראָגען אַ צעשפּאָלטענקייט.

דאָס באַדייטענדסטע יוגענד־ווערק פון דיזען מענשען פאַר־דינט באַטראַכט צו ווערען. אין „אַדאָלף" געפינען מיר פאָלגענדען געדאַנק אַנטוויקעלט:

„וואָס מיך איבעראַשט, איז ניט וואָס דער מענש דאַרף אַ רעליגיאָן; מיך וואונדערט, פאַרקערט, וואָס ער פיהלט זיך אַמאָל אַזוי שטאַרק און אַזוי געשיצט געגען אומגליק, אַז ער וואַגט זיך אָבצוזאָגען פון איר גענד וועלכער רעלי־גיאָן; מיר דוכט אַז אין זיין שוואַכקייט האָט ער געדאַרפט זיין געניינט צו רופען די הילף פון אַלע רעליגיאָנען. וואָרום איז דען פאַראַן אין דער געדיכטער פינסטערניש איין ליכט־שטראַל וועלכען מיר קענען צוריקשטויסען? איז אין מיטען פון דעם

וואסער־שטראָם, וואָס טראָגט אונז מיט, פאַראַן איין צווייג וואָס מיר זאָלען וואגען צו צעגערען אַנצוכאפּען?״

מען פיהלט אז דער פּראָפעסער איז דאָ שטאַרקער איבערצייגט אז דער שטראָם איז פאַראַן איידער דער צווייג. די פאָרמע אין וועלכער די רעליגיאָן ווערט דאָ רעקאָמענדירט איז אזא, אונטער וועלכער מען זעהט ארויסשיינען די רעליגיאָנסלאָזינקייט, און הינ־טער איר אַן אָבגרונד פון מעלאנכאָליע.

די ערקלערונג ליגט אויבען אויף. אין יענער צייט האָט זיך געטראָגען אין דער לופט א רעאקציע געגען וואָלטעיר׳ן, א רע־אקציע וואָס איז נאָך אָנגעפאנגען געוואָרען פון רוסאָ — אַן אָב־שלאָג פון דעם אייביג פאַרשטיקטען, קיינמאָל ניט געפּרעגטען, אימער איגנאָרירטען געפיהל. עס האָט זיך געשפּירט אין די מוחות א האלב־באוואוסטזיניגע שטרעבונג איינצושטעלען צוריק דעם גלייכגעוויכט צווישען די פאָדערונגען און די מענליכ־קייטען פון דער מענשליכער נשמה, וואָס איז צעשטערט געוואָרען דורך דער אבסאָלוטער אליינהערשאפט פון דעם קריטישען פאר־שטאנד. און די דאָזיגע האלב־אונבאוואוסטע טענדענץ שפּירט מען אלס אינוועניגסטע טרייב־קראפט אפילו ביי אזעלכע נא־טורען, וואָס זיינען לויט אלע זייערע איינענשאפטען איינגענטליך ענליך געוועזען צו וואָלטעיר׳ן, און וועלכע, ווען זיי וואָלטען געוועזען געבאָרען ווערען מיט דרייסיג יאָר פריהער, וואָלטען געוועזען זיינע אונבאדינגטעסטע אָנהענגער און ארבייטס־חברים. וואָרום וואָלטעיר איז ניט געוועזען בלויז קריטיש, נאָר, געצוואונגען דורך די אונגינסטיגע באדינגונגען פון דער צייט און דורך זיין אונבאַ־הערשבארען וויץ, אויך אָנגרייפענד. ער האָט געוואָלט, באנוצענ־דיג אלע וואפען, אפילו פאַרגיפטעטע, פאַרניכטען די ריין אויסער־ליכע, ריין ברוטאלע אויטאָריטעט, וועלכע האָט צו יענער צייט גע־שטערט דעם גייסטיגען און מאטעריעלען פאָרשריט, ניין, האָט אים אינגאנצען אונמעגליך געמאכט. איצט זיינען יענע אלע אוי־טאָריטעטען געוועזען אומגעוואָרפען, און דער דור האָט געבענקט נאָך אַן אויטאָריטעט. עס זיינען פאַראַן אינערע אויטאָריטעטען. דאָס אמת׳ע, דאָס רעכטע, דאָס גוטע זיינען אזעלכע אויטאָרי־טעטען. אָבער די באַגייסטערטע פאַרזוכען צו שאפען און באַ־

פעסטינגען אַזעלכע פרייע אינסטיטוציאָנען וואָס זאָלען די דאָזיגע אידעאַלען פאַרווירקליכען, ניט באַרופענדיג זיך אויף אַ מאַכט וואָס איז דעם פאַרשטאַנד ניט קלאָר, האָבען זיך אויסגעלאָזט מיט די ברוטאַליטעטען פון אַנאַרכיע. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס ניט נאָר מאַנכע איינצעלנע פון דער מאַסע האָבען אויס־געשטרעקט די האַנד טאַפּענדיג נאָך אַ פּלאַנק צווישען די רואי־נען פון דעם אַמאָל אַזוי קרעפטיגען פּאָליטישען און רעליגיעזען בנין, נאָר אויך די מערסטע פון די גייסטרייכסטע זיינען אויפגעטראָ־טען אַלס פאַרקעמפּפער פאַר אויטאָריטעטען, טיילווייז גייסטליכע, טיילווייז וועלטליכע, וועלכע זיי אַליין האָבען אונטערשטיצט בלויז אויס פּרינציפּ, אָבער מיט האַלבען אָדער גאָר אָהן שום גלויבען און מיט אייביג וואַקלדיגען צוטרוי.

וואַקלדיג איז געוועזען דער צוטרוי צוליב דעם איינפאַכען גרונד, וואָס פאַר זיי, די עלטערע און פעהיגערע זיהן פון דעם יונגען 19טען יאָרהונדערט, איז געוועזען אונמעגליך מיט אויפריכטיגען גלויבען זיך אָנצושפּאַרען אָן אַ שטאַם, וואָס זייערע פאָטערס האָ־בען אונטערגעזעגט. פון דאַנען קומט עס וואָס שאַטאָבריאַן׳ס גלויבען אין דער לעגיטימיטעט איז געוועזען פּונקט אַזוי וואַקלדיג ווי קאָנסטאַנ׳ס גלויבען אין רעליגיאָן אין אַלגעמיין. די מענשען האָבען זיך געפיהלט שלעכט צו מוט. דאָס אַלטע הויז איז געוועזען פאַרברענט. דאָס נייע האָט מען נאָך ניט אָנגעהויבען. דער פעלער איז געוועזען וואָס אַנשטאַט זיך צו נעהמען צו בויען ניי, איז מען געפלוינגען אין די חורבות פון דעם אַלטען בנין, צונויפגעשאַרט דאָס שלעכטע האַלב פאַרברענטע מאַטעריאַל און זיך גענומען דאָס צוריק אויפצובויען. ביי דער דאָזיגער ארבייט האָט מען זיך די גאַנצע צייט געפיהלט געלאָקט צו מאַכען עקספּערימענטען, וועלכע זיינען געלעגען איננאַנצען אויסערהאַלב דעם פּלאַן. וואָרום אָט האָט מען זיך געכאַפּט צו גאַנץ נייעם מאַטעריאַל, וועלכען מען האָט צונעמישט צום אַלטען כדי צוצוגעבען דעם בנין מער שטאַר־קייט, און אָט האָט מען ברעה געהאַט די אונדאַנקבאַרע ארבייט איננאַנצען אויפצוגעבען, און אין פאַרצווייפלונג געגעבען די שאָ־קעלדיגע ווענד אַזאַ שטויס אַז די שטיינער זיינען זיך צופלויגען אין אַלע זייטען. קיינמאָל האָט אַ גרופּע פון קאָנסערוואַטיווע

שריפטשטעלער ניט געפירט א מער ליידענשאפטליכע פּאָלעמיק געגען דער געזעלשאפט ווי זיי האָבן זי איבערגענומען פון זייערע פּאָטערס, ווי די שריפטשטעלער פון דער עמיגראנטן־ליטעראטור. אָט אזא סאָרט קאמפּף, אזא מין אָנקלאגע געגען דער געזעלשאפט איז אויך די לעבענס־אנשויאונג וואָס איז פארקערפּערט אין קאָנסטאנ׳ס ראָמאן „אדאָלף״.

„אדאָלף״ איז א ליבעס־געשיכטע, וואָס מיט איר שילדערונג פון דער באַציהונג צווישען דער געזעלשאפט און דעם אינדיווידו־אום, שטעלט זי מיט זיך פּאָר דעם פּאָלשטענדיגען היפּך פון „ווערטהער״. אין „ווערטהער״ שטעלען זיך אויסערליכע און דא־דורך אויך אינערליכע שטערונגען געגען דער פאראייניגונג פון א פּאָר וואָס געהערען צוזאמען. אין „אדאָלף״ צווינגען אויסערליכע און דאדורך אויך אינערליכע סבות צוויי וועזענס, וועלכע זיינען פאראייניגט, זיך פאנאנדערצוגעהן. „ווערטהער״ ווייזט ווי אזוי די מאכט פון דער געזעלשאפט און פון די געזעלשאפטליכע פליכ־טען שטערען א ליבעס־פאראייניגונג. „אדאָלף״ שילדערט ווי די מאכט פון דער געזעלשאפט און דער געזעלשאפטליכער מיינונג ליי־זען אויף פערזענליכע פארפליכטונגען און צורייסען א ליבעס־פארהעלטניש וואָס האָט לאנג עקזיסטירט. ביידע ביכער צוזאמען גיבען א דאָפּעל־זייטיגעס בילד פון דער פאפסטליכער מאכט פון דער געזעלשאפט צו בינדען און צו שיידען. - אָבער בשעת „ווערטהער״ איז טיפּיש פאר יענעם פּאָר־רעוואָלוציאָנערען, קרעפּ־טיגען און שטורמישען דור צו וועלכען ער געהער, איז „אדאָלף״ כאראקטעריסטיש פאר דעם ערשטען פראנצויזישען דור פון דעם נייעם יאָרהונדערט.

„אדאָלף״ שילדערט ניט, ווי פריהערע ליבעס־געשיכטען, די ליבע נאָר אין איר ערשטען ערוואכען אין דעם מאָרגען־שיין פון אילוזיעס, נאָר ער גיט, אזוי צו זאָגען, איהר גאנצע ביאָגראפיע, ער מאָלט איר וואקסען, איר וועלקען, איר טויט, יע, ער פאָלגט זי נאָך אפילו אויף יענער זייט קבר און צייגט אין וואָס פאר א גע־פיהלען זי פארוואנדעלט זיך.

אויף אזא אופן איז „אדאָלף״, נאָך מער ווי „רענעי״, די גע־שיכטע פון די אנטוישונגען און זעלבסט־נארעריי פון דעם אינדי־

ווידואום. עס איז די סאַמע בלום פון לעבען וואָס ווערט דאָ פון אירע בלעטער, איינע נאָך דער אַנדערער, באַרויבט און אויפ׳ן זאַרגפעלטיגסטען אופן אַנאַליזירט. אין דעם פּרט איז דאָס בוך דער שאַרפסטער קאָנטראַסט צו „ווערטהער". אין פאַרגלייך מיט „אַדאָלף" זעהט „ווערטהער" אויס איננאַנצען נאַאיוו. יענע בלום, וואָס איר דופט ווערט פאַר ווערטהער׳ן אַ טויטליכער גיפט, פליקט אַדאָלף גלייכגילטיג פאַנאַנדער.

דאָס קאָסטום ווערט נאָך אַמאָל געביטען; דער בלויער ראָק און די געלבע וועסט פאַרשווינדען און מאַכען פּלאַץ פאַר דער אומעטיגער, פאַרבלאָזער שוואַרצער קליידונג מיט איר קאָליר פון טרויער.

אָבער דער פּלאַס, וואָס דאָ פאַרלאָזט דעם מאַן, בלייבט ביי דער פרוי. „ „אַדאָלף" איז דער „ווערטהער" פון די פרויען. די קראַנקהייט פון דעם יאָרהונדערט, די מעלאַנכאָליע, האָט דאָ אַ נייעם שריט געמאַכט. זי האָט זיך אויסגעבורייט פון דעם מאַן אויף דער פרוי. אין „ווערטהער" אין דער מאַן דעריעניגער, וואָס ליבט, פיהלט, ווערט אויפגעבראַכט און פאַרצווייפעלט. אָבער זי, שאַרלאָטע, שטעהט געזונד, פעסט און אונבאַשעדיגט, פיליכט עט־וואָס קאַלט און אונבאַרייטענד. יעצט איז די רייה צו איר געקור־מען, יעצט איז זי דיעניגע וואָס ליידט און פאַרצווייפעלט. דער זעלבער קאַמפף וואָס ווערטהער פירט נעגען דער געזעלשאַפט אין נאָמען פון זיין ליבע, ווערט דאָ אין „אַדאָלף" געקעמפפט פון עלעאָנאָר. און דער רעזולטאַט איז פונקט אַזוי טראַגיש.

מען קען אַלזאָ דיזען ראָמאַן אָהן איבערטרייבונג באַצייי־כענען אַלס דער ערשטער ביישפּיל פון אַ גאַנצער ליטעראַטור פון פּסיכאָלאָגישע שטודיען, וואָס איז גלייך נאָך אים געקומען. ניי איז דאָ איינענטליך די אַרט ווי עס ווערט באַהאַנדעלט דער עלע־מענט פון ליבע. ווייט הינטער אונז ליגט איצט די צייט ווען אַמאָל פלעגט, ווי אין וואָלטעיר׳ס דיכטונגען, פאַרגעשטעלט ווע־רען ווי אַ ליבענסווירדיג קינד, וואָס מיר אַלע קענען פון טהאָר־וואַלדסען׳ס באַרעליעפען. פאַר וואָלטעיר איז אַמאָל געווען דער נאָמ פון פאַרגעניגען; זיינע באַגלייטער זיינען געווען "le ris, les jeux et les plaisirs" (די געלעכטער, די פריידען

און די פארגעניגענס). פאר רוסא איז ער געוועזן דער גאט פון ליבע. ביי געטהע ווערט ער געשילדערט נאך פיל וועניגער ווי א גוטער טייפעל. ווען מען לעזט געטהע פארשטעהט מען ערשט גוט וואס שאפענהויער האט געמיינט ווען ער האט געשרייבען, אז אמאר פאלגט אויס איבעראל זיין איינענעם ווילען, און רעכענט זיך נארניט מיט'ן אומגליק פון דעם אינדיווידואום. אין „פאוסט", דאס ערשטע געדיכט פון דער נייער צייט, איז אמאר פארוואנדעלט פון א שטיפערישען קינד אין א גרויסען פארברעכער. פאוסט און מארגארעטע ליבען זיך, דאס הייסט: פאוסט פארפירט מארגארעטע'ן און נאכער פארלאזט ער זי; גרעטכענ'ס ליבעס-געשיכטע ברענגט איר מוטער, איר ברודער, איר קינד און זי אליין צום טויט. ווארום זי, דאס אונשולדיגע און ליבענסווירדיגע מיידעל, טויט איר מוטער דורך דעם שלאף-טרונק וואס זי גיט איר איין, כדי פאוסט זאל זי קענען באזוכען ביינאכט; פאוסט און מעפיסטאפעל צוזאמען הרג'ענען איר ברודער ווען ער וויל נקמה נעהמען פאר דער עהרע פון זיין שוועסטער. אויס מורא פאר דער חרפה טויט גרעטכען איר נייגעבארען קינד, דאן ווערט זי ארייגעווארפען אין געפענגניס און הינגעריכטעט.

געטהע'ס ליבשאפט צום אמת האט אים געפירט צו געבען אן אנדער בילד פון אמאר ווי דאס יעניגע וואס שטעלט אים פאר אלס אינגעל אין א רויזען-קראנץ. און ניט נאר אין אירע פאלגען, נאר אויך אין איר וועזען איז די ליבע ביי געטהע פאטאל. אין די „וואהל פארוואנדשאפטען" האט ער שטודירט די געהיימניספולע און אונבאהערשבארע סימפאטיען און אנטיפאטיען, פון וועלכע עס ווערט באשטימט די געגענזייטיגע אנציהונג פון זעלע צו זעלע, אזוי ווי די שטאפען אין כעמיע. דאס דאזיגע בוך אנטהאלט א מין נאטור-פילאזאפישע באטראכטונג פון דער ליבע; געטהע ווייזט איר אנטשטעהונג, איר צויבערליכע געוואלד אלס דונקעלע נאטורקראפט, איר יסוד אין דער אונבאוואוסטזיניגער טיפעניש פון אונזער נשמה.

געטהע האט אלזא געמאכט די פראגע צו פארשטעהן די צוציהונג וואס מיר רופען ליבע, אלס ענליכעס צו דער צוציהונגסקראפט וואס מיר געפינען אויסערהאלב דער מענשליכער וועלט;

אָבער נאָך איין שריט האָט געדאַרפט געמאַכט ווערען. מען האָט די ליבע ביז איצט געזעהן נאָר אַלס גראַנדיעזע, גאַנצע איינהייט; דער נעכסטער שריט איז געווען, זי צו אַנאַליזירען. די דאָזיגע אויפגאַבע איז אויסגעפאַלען אויפ'ן חלק פון דעם גריבלענדען, אונרוהיגען, אין אַלע זייטען זוכענדען דור. ווי פאַרשיידען מען האָט ניט ביז אהער אויפגעפאַסט די ליבע, אירע אורזאַכען און אירע פאָלגען — אין איינס זיינען אַלע איינינג געווען, אַז ליבע איז עטוואָס קאָנקרעטעס, ד. ה. עטוואָס וואָס איז באַקאַנט, איינפאַך. ערשט יעצט האָט מען זי אָנגעהויבען צו באַטראַכטען אַלס עטוואָס צוזאַמענגעזעצטעס, און מען האָט גענומען מאַכען דעם פאַרזוך זי פאַרנאַנדערצוגעהמען אויף אירע באַזונדערע עלעמענטען.

אין „אראַלף", און אין דער גאַנצער ליטעראַטור וואָס האָט זיך אין דיזען בוך אָנגעשלאָסען, ווערט געננוי אויסגערעכענט וויפיל טייל, וויפיל גראַן פריינדשאַפט, איבערגעבענהייט, גאווה, אַמביציע, באַוואונדערונג, אַכטונג, ליידענשאַפטליכע צוציהונג, אילוזיע, איינבילדונג, טוישונג, האַס, איבערדרוס, ענטהוזיאַזמוס, פאַרשטענדיגע אויסרעכענונג עס איז אַנטהאַלטען, א. ז. וו. ביי יעדען פון די באַטרעפענדע אין דעם **mixtum compositum**, וואָס זיי רופען ליבע. דורך אַזא אַנאַליז האָט זי פאַרלאָרען איר איבערנאַטירליכען כאַראַקטער און האָט אויפגעהערט פאַרגעטערט צו ווערען. אַנשטאַט איר פּאָעזיע האָט מען דאָ געקראָגען איר פּסיכאָלאָגיע. עס איז דאָ געשעהן דאָס וואָס פּאַסירט ווען מען קוקט דורך אַ טעלעסקאָפּ אויף אַ שטערן: זיינע שטראַלען פאַרשווינדען און מען זעהט נאָר דעם אַסטראָנאָמישען קערפּער; אָבער וואו פריהער האָט מען אין דער לבנה־ליכט געזעהן נאָ אַ העלען און גלענצענדען דיסק מיט אַן אייביג אונפאַרענדעליכער פּלעכע, האָט מען איצט דערזעהן אַ גאַנצע רייהע בערג און טאָלען. אין דעם מאָמענט ווען עס איז געקומען דער פאַרלאַנג דאָס געפיהל פון ליבע צו פאַרשטעהן, איז די אויפמערקזאַמקייט נאַטירליכערווייז געריכט געוואָרען פיעל וועניגער אויף איר ערשטען ערוואַכען, וואָס אַלע דיכטער פון דער וועלט פון די עלטסטע צייטען אָן האָבען אַזוי באַזונגען און פאַרהערליכט, ווי אויף דאָס וואָס עס געשעהט שפּעטער, איר דויער, איר אויפהערען. אין די טראַגעדיעס, וואָס ביי

די פארשיידענע פעלקער זיינען זיי צו דער זעלבער צייט אויך די הימנען אויף דער ליבע, קומט דער טויט פון די ליבענדע שנעל נאָך דאָס ערשטע אויפבליהען פון דער ליבע. ראָמעאָ דערזעהט יוליאַ'ן, זיי פארגעטערען איינס דאָס אנדערע, און נאָכדעם ווי זיי האָבען איינינע טעג און נעכט אָן פארבראַכט אָני זיבעטען הימעל, ליגען זייביידע טויט. די פראַגע פון באַשטענדינער טריישאפט אין דער ליבע טרעט נאָך ניט ארויס אָפען. אין דער דענישער ליבעס־טראַגעדיע „אַקסעל און וואַלבאָרג" שיינט אפילו אז די רייד געהט דאָ פון קיין אנדער זאַך נאָר פון טריישאַפט. דאָס שטיק איז געבויט אויף דער לאַנגער פארלאָבונג פון די ליבענדע, און איז דאַדורך עכט נאַציאָנאַל. אָבער אָהלענשלעגער'ס „אַקסעל און וואַלבאָרג" באהאנדעלט די טריישאַפט אין דער צייט פון צושיי־דונג, ניט די טריישאַפט אין דעם צוזאַמענלעבען. די טריישאַפט איז דאָ אַן אויסערע, דאָס קלעפּען פון דעם ליבענדען הארצען אָן זיין געגענשטאַנד; אָבער וועגען דאָס אינערע, וועגען דעם קלע־פּען פון דעם הארצען אָן דער ליבע, ווערט נאָרניט פארהאַנדעלט. די ערשטע איז פאַר'ן הארצען נאַטירליך, ניין, זאָגאַר נויטיג, אָבער די אַנדערע איז דאָס הארץ ניט אימשטאַנד אויפצוהיטען דורך אַ באַשלוס; זי ווערט אָהן דעם ווילען אויפגעהערט און אויפגעגע־בען. אין „אַקסעל און וואַרבאָרג" ווערט די טריישאַפט פארהער־ליכט אַלס אַ טוגענד, ניט ערקלערט אַלס פּראָדוקט; וואָרום די דראַמע איז אַ לירישע טראַגעדיע, ניט קיין פּסיכאָלאָגישע אונ־טערזוכונג.

און אָט דיזע פראַגע, די פראַגע וועגען די באַדינגונגען פון טריישאַפט, ווערט עס אין „אַראָלף" באהאנדעלט, די פראַגע אונ־טער וועלכע באַדינגונגען איז די ליידענשאַפט דויערהאַפט און אונטער וועלכע ניט. און דאָ איז דער ענטפער פאָרמולירט ווי אַן אנקלאַגע געגען דער געזעלשאַפט; די געזעלשאַפט, וועלכע ביל־דעט די עפענטליכע מיינונג, און שטיצט די אומשטענדען וואָס זי אַליין באַשאַפט, ארבייט אָבער אין דערזעלבער צייט מיט די ערגס־טע מיטעל צו צושטערען די באַדינגונגען פון דער טריישאַפט אין יעדער פארבינדונג וואָס זי האָט ניט סאַנקציאָנירט, מעג אפילו אַזאַ פארבינדונג זיין פונקט אַזוי איידעל, פונקט אַזוי אונעגאָאיס־

טיש, און נעטראַגען פון פּונקט אַזעלכע ערהאַבענע נאַטורען, ווי די וואָס די געזעלשאַפט באַהיט און באַשיצט אויף אַלערליי אופנים.

קאָנסטאַן האָט דיזען ענטפער געגעבען דורך אַ ראָמאַן, וואָס קען ניט זיין מער באַשיידען. ער האָט איינגאַנצען צוויי פּערזאָנען, מאַכט ניט דעם מינדסטען פּאַרזוך אויף סצענעריי און האָט ניט קיין איינציגען צופאַל אין דעם גאַנג פון דער האַנדלונג. אַלץ קומט פאַר לויט אינערליכע געזעצען, און דער לעזער באַאָבאַכטעט דיזע געשיכטע פון צוויי זעלען ביז צו איר ענדע אויף דעמזעלבען אופן ווי דער צושויער ביי אַ נאַטור־וויסענשאַפטליכען עקספּערימענט פאַרפאָלגט די איהרונג פון די שטאָפען וואָס זיינען איינגעשלאָסען אין דער כלי און די רעזולטאַטען פון דיזער איהרונג.

ווער זיינען, נון, דיזעביידע פּערזאָנען?

צוערשט ווער איז ע ר? ער איז נאָך זעהר יונג, אין די ערשטע יוגענד־יאָרען; נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט אַ קליינעם דייטשען אוניווערזיטעט האָט מען אים (ווי דעם אויטאָר פון ראָמאַן אליין) אָנגעשטעלט אין אַ קליינעם דייטשען הויף. ער האָט דורכגעלעבט אַ רייהע פון צערשטרייאונגען אָבער האָט אויך דורכגעמאַכט אַ קורס פון אָנגעשטרענגטער און ערנסטער גייסטיגער אַרבייט. די באַציהונג צו זיין פאָטער, אַ קאַלטער און איראָנישער מאַן וועלכער שטעלט מיט זיך פאַר די בילדונג פון אַכצענטען יאָרהונדערט, האָט אויפגעוועקט אין זיין נשמה די ליבשאַפט פון דער יוגענד צו שטאַרקע, ליידענשאַפטליכע איינדריקען, ווי אויך די נייגונג צו זוכען דאָס אויסערגעוויינליכע, דאָס איבערנאַטירליכע, דער צוואַנג, אין וועלכען זיין פאָטער האָט אים געהאַלטען, האָט אין אים געבאָרען אַן אונגעדולדיגע בענקשאַפט נאָך באַפרייאונג פון די דריקענדע בענדער, ווי אויך אַ גרויסע מורא אַרויפצולעגען אויף זיך נייע קייטען.

אַזוי ענטוויקעלט, קומט ער אָן אין אַ הויף, וואו אַלץ האָט געאַטעמט מיט איינפאָרמיגקייט און שטרענגע רעגעלען פון עטיקעט. ער ליידט אונטער די אַלע פּלאַכקייטען וואָס ער מוז אויסהערען, ער, וועלכער האָט פון זיין פריסטער יוגענד געהאַט אַ שרעקליכען אָבשיי צו אַלע דאָגמאַטישע פראַזען און פאָרמאַליטעטען:

„ווען איך פלעג הערען ווי די זעלבסט־צופרידענע מיטעל־

מעסיגקייט פארברייט זיך וועגען אבסאָלוט אונצווייפעלהאפטע, אונצוטרייסעלבארע פרינציפען פון מאָראל, פון מנהגים אָדער רעליגיאָן, פלעג איך פיהלען א שטארקען דראנג צו ווידער־שפרעכען, ניט אזוי דערפאר ווייל איך בין געווען פון א פאר־קערטער מיינונג, נאָר דערפאר ווייל איך פלעג די געדולד פאר־לירען צו זיין געצוואונגען צו הערען אזא מאסיווע און פלאטשיגע חכמה. ניט ווילענדיג האָב איך זיך געשטעלט געגען אזעלכע אלגעמיינע כללים, וועלכע מוזען גילטען אָהן שום באַ־שרענקונג, אָהן שום פאָדערונג. די דומקעפ האָבען זייער מאָ־ראל אויסגעקנאָטען אין א פעסטער, אונטיילבארער מאסע, אזוי אז זי איז אינגאנצען ניט אימשטאנד דורכצודרינגען זייערע האנדלונגען אין אלגעמיין, און ניט זיי פולע פרייהייט אין באזונדערע פעלען."

פאר דיזער לאנגווייליגקייט וואָס ער ליידט נעהמט ער נקמה דאדורך וואָס ער מאכט זיך לוסטיג איבער זיין אומגעבונג און אירע רעגעלען, און קריגט דערפאר שנעל דעם נאָמען פון א לייכט־זיניגען, בייזען שפאָטער. דעם ערצעהלער אליין איז ניט ליב דיזע לוסט צו שפאָט און צו טראציגקייט.

„אָבער — זאָגט ער — איך קען פאר מיין ענטשולדיגונג טענה'ן, אז עס נעהמט צייט ביז מען געוויינט זיך צו צו מענשען ווי זיי זיינען, און צו דאָס וואָס עגאָאיזמוס, געמאכטקייט, גאווה און פייגהייט האָבען פון זיי געמאכט. די פארוואונדערונג וואָס מען פיהלט אין דער ערשטער יוגענד איבער אזא קינסטליכער און ווילקירליך איינגעאָרדענטער געזעלשאפט, ווייזט ניכער אויף א נאַ־טירליכען געדאנקען־גאנג, איידער אויף א בייזען געמיט. אויסער־דעם, האָט די געזעלשאפט גאָרניט וואָס מורא צו האָבען פון אונז: זי דריקט אויף אונז אזוי שטארק, איר טעמפער איינפלוס איז אזוי מעכטיג, אז עס דארף ניט נעהמען לאנג אונז אומצור־שאפען לויט דעם אלגעמיינעם שניט. מיר וואונדערען זיך דאן נאָר איבער אונזער ערשטער פארוואונדערונג, פונקט ווי מען הויבט סוף כל סוף אָן צו אָטעמען פריי אין א צימער געפיהלט מיט מענ־שען, וואָס צוערשט האָט זיך געדוכט אז די לופט קען מען קוים ציהען."

אָבער די ד͏ָאזינע קליינע צוזאמענשטויסען מיט א באשרענקטער אומגעבונג קענען דאָך ניט אויספילען די צייט פון דעם באנאבטען יונגענמאַן.

עס דריקט אויף אים אַן אונצופרידענקייט, וועלכע ער שלעפּט נאָך זיך ווי א קויל אויף די פיס. ווי רענעי און אָבערמאַן געהערט ער צו יענעם סאָרט זיהן, וועמען די פאָטערס האָבען, ווי עס שיינט, קיין שום ארבייט ניט איבערגעלאָזט צו טאָן. אָבוואָל ער איז קיינמאָל גייסטיג ניט געזעטיגט געוואָרען, איז ער דאָך ניט הונגעריג. דאָס צוקונפטיגע האָט פאַר אים קיין אינטערעס ניט, דען ער האָט מיט זיין פאנטאזיע ווייט אהין אריינגעדרונגען, און דאָס פארגאנגענע האָט אים אלט געמאכט, דען ער האָט אין זיינע געדאנקען מערערע יאָרהונדערטען דורכגעלעבט. ער האָט אלעס מעגליכע באגערט, אָבער ער האָט קיין זאך ערנסט ניט געוואָלט; וואָס אָהנמעכטינער ער פיהלט זיך, אלץ ברייטער צעוואקסט זיך זיין גאווה, וואָרום גאווה איז שטענדיג דאָס מאטעריאל, מיט וועלכען די שוואכע און ווילענסלאָזע זוכען אומזיסט אויסצופילען די שפּאלטען אין זייער ווילען אָדער טאלאנט. ער וויל ליבען און געליבט ווערען, וואָרום ער וויל די ליבע באנוצען אלס א שטארקונגס־טראנק פאַר זיין זעלבסט־באוואוסטזיין. ער וויל קריגען א מער אינטענסיווען געפיהל פון זיין אייגענעם ווערט. ער וויל שטייגען אין זיינע אייגענע אויגען און אין די אויגען פון אנדערע. ער שטרעבט ניט נאָך א פארבאָרגענעם אָדער פארשטעלטען גליק; ער זוכט צו מאכען זיך אזא עראָבערונג, אז ער זאָל אָנגערופען ווערען דער גליקליכער, אויפצעוועקען אויפזעהן און רייד דורך א טריאומף אָדער סקאנדאל וואָס זאָל אויפרייסען די אויגען. אויף אזא אופן קריגט ער צום ערשטען מאָל א פארווענדונג פאַר זיינע קרעפטען, און דאָס גליק פון דער ליבע ווערט פאַר אים דאָס גליק פון צו פיהלען ענדליך איינמאָל זיין ווילען, דערמיט וואָס ער בויגט אַן אנדער ווילען אונטער זיינעם. ער איז פון דער נאַטור ניט מער אומטריי ווי אנדערע מענער. ער וועט קענען ליבען נאָך צערטליכער, האנדלען נאָך אויפאָפּפערענדער ווי א סך אנדערע. אָבער כדי צו קענען ליבען טריי, מוזען א סך אומשטענדען אנדערש זיין. ער איז צו יונג ניט צו פיהלען צו א פרוי מער

ניינעריגקייט און אוואנטוריזם ווי ליבע, ער איז צו שוואך און אונמענליך צו קענען, אפילו ווען ער ליבט טיף, דיזען געפיהל אויפהיטען אונבאשעדיגט אין פאל די געזעלשאפט קוקט אונגינס־טיג דארויף, און, וואס נאך מער, טראץ זיין גאנצער פארשיידענ־קייט פון זיין פאטער, איז ער צו פיעל זיין זוהן צו שטעלען, אהן זעלבסט־צושפאלטענקייט אדער זעלבסט־איראניע, זיין גאנץ לע־בען אויף איין קארט. ער איז אונענליך און ענליך צו זיין פאטער, פונקט ווי דער 19טער יארהונדערט איז געווען דער געגנער און דער זוהן פון דעם 18טען.

און ווער איז ז י ? זי איז פון דעם דיכטער בכיוון אזוי געצייכענט, אז אדאלפ׳ס ליבע צו איר, ווי שטארק זי זאל ניט זיין, מוז סוף כל סוף זיך אונטערגעבען צו די אומשטענדען און דער געזעלשאפט. ערשטענס איז אדאלף ניט דער ערשטער מאן וואס זי האט געליבט, און דער אורטייל פון דער וועלט האט זי שוין געבראנדמארקט נאך איידער זי באקענט זיך מיט אים ; אין גע־זעלשאפטליכער שטעלונג איז זי ניט זיין גלייכען, אבוואל זי איז עם לויט איר געבורט. צווייטענס איז זי באדייטענד עלטער פון אים, אלזא אויך אין יארען ניט גלייך. דריטענס באזיצט זי א ליידענשאפטליכען, ענערגיש ליבענדען כאראקטער וועלכער וואלט געקענט זיך פארשמעלצען מיט זיינעם ווען די געזעלשאפט זאל צו דיזער פארשמעלצונג מיטווירקען, אבער וועלכער מוז אי אים, אי איר, אומגליקליך מאכען, ווען די געזעלשאפט פארהאר־טעוועט אים געגען איר.

עלעאנאר איז אין דעם אויגענבליק, ווען אדאלף דערקענט זי, ניט קיין יונג און אונערפארען מיידעל, וואס ווערט פון דער ערשטער ליבע ערגריפען. זי איז א פרוי, ביי וועלכער יעדער אויפ־קומענדער געפיהל צייכענט זיך אב אויף א הינטערגרונד פון ער־פארונג, פון ערנסטער און שמערצליכער ערפארונג, וואס האט איר זעלע שטארק צופליקט. דיזער סכום פון ערפארונגען איז דער ערשטער נייער שטריך אין איר פערזענליכקייט. עלעאנאר האט זיך אבגעזאגט פון אלע גיטער און פריידען פון א רוהיגען, באשיצטען לעבען. געבארען פון הויכער אבשטאמונג און רייכטום, האט זי דאך פאמיליע און היים פארלאזען, אום צו געהן אלס געליבטע מיט

דעם וועמען זי האָט אויסגעוועהלט. זי האָט אויסגעקליבען צווי־
שען דער גאַנצער וועלט און אים; זי האָט איר אויפפירונג ער־
האָבען געמאַכט דאדורך וואָס זי האָט זיך פאָלשטענדיג אָבגעזאָגט
פון אַלץ און אַלעמען אום צו קענען זיך איינגאַנצען אָפּפערען פון
זיינעטוועגען און זי האָט אָנגעהויבען דערמיט, וואָס זי האָט גע־
רעטעט זיין פאַרמעגען. זי האָט באַלד געזעהן די גאַנצע וועלט
טייטלען אויף איר ווי אויף עפּיס אַ פאַרעכטליכע זאַך, ביי יעדען
שריט וואָס זי האָט געטאָן האָט זי זיך געזעהן באַגלייט פון באַליי־
דיגענדע, אונפאַרשעמטע בליקען. איין פרוי האָט דער אַנדערער
אויף איר מיט די פינגער געוויזען. יעדער, אַפילו דער אומוויר־
דיגסטער, האָט זיך געפיהלט באַרעכטיגט מיט אַ בליק אָדער וואָרט
אָבצודריקען דעם צייכען פון שאַנדע אויף איר שטערען. איין הויז
נאָך דעם אַנדערען, אין דעם אָרט וואו זי האָט געוואוינט, האָט זיך
פאַר איר פאַרשלאָסען; אין גיכען האָט זי זיך געפונען צוריקגע־
וואָרפען אויסשליסליך אויף דער געזעלשאַפט פון מענער, די
פריינד פון איר געליבטען, און דער טאָן פון דיזע, ווי עהרווירדיג
ער איז ניט געווען, פלעגט איר דאָך אָפּטמאָל קלינגען צווייפעל־
האַפט. אָבער זי, וועלכע האָט איין מאָל פאַר אַלע מאָל איר לע־
בען אויף אַן אייינציגער קאָרט געשטעלט, האָט פון ערשטען טאָג
צונויפגעזאַמעלט אַלע קרעפטען פון איר נשמה צום ווידערשטאַנד;
זי האָט געזאָגט צו זיך אַליין: „אויב איך האָב געמאַכט אַ פעלער
וואָס איך האָב זיך צו דיזען מאַן צוגעבונדען ,דאַן וויל איך זיך
דערהויבען און מיט דער שטרענגסטער טרייקייט דעם פעלער גוט־
מאַכען. זאָל אַ גליהענדע באַגייסטערונג, אַן איבערגעבענקייט
וואָס ווייס קיין גרעניץ ניט אין איר אויפאָפּפערונג, ניט געגוג זיין
אויפצוהאַלטען דעם, וועלכער שיינט צו מוזען צוזאַמענברעכען
אונטער דער פאַראַכטונג פון דער וועלט? מעגען זיי זיך שפּאָטען
און ווייזען מיט די פינגער אויף מיר, אַז די פאַרב זאָל מיר קומען
אין געזיכט, איך וועל מיין נאַקען ניט בויגען און מיינע אויגען
ניט אַראָבלאָזען. מעג איך אַפילו אַלץ פאַרלירען, זייער נאָסט־
פריינדליכקייט און זייערע פעסטליכקייטען, זייער אַכטונג און די
חניפה מיט וועלכער די געזעלשאַפט איז צוזאַמענגעקלעפּט —
מיין לעבען האָט אין איין איינציגען געפיהל אַ גרעסערען רייכטום

ווי דאָס זייערינגע אין זיין גאַנצען פאַלשען גלאַנץ.״ דיזער עלע־מענט פון ווילען איז דער צווייטער גייער שטריך.

אויף דיזען פונקט האָט זי זיך צוזאַמענגעהאַלטען פיעל יאָרען, אַזוי שטאַרק האָט זי געגלויבט אין אים און אין דער ליבע. דאַן כאַפּט זי אַרום דער ערשטער צווייפעל אין זיין באַשטענדינקייט, און איר גאַנצער געביי פאַלט צוזאַמען. שעצט ער נאָך אַלץ אַזוי פיעל איבערגעבענהייט, פאַרשטעהט ער וואָס זי ליידט, און וועט ער זי דערפאַר ניט באַ'עולה'ן? ליבט ער זי אָדער ער האַנדעלט נאָר ווי אַן עהרענמאַן? איז ער טריי אָדער איז ער נאָר צו שטאָלץ און וואויל־ערצויגען זיך אַרויסצעווייזען אונדאַנקבאַר און גלייכגיל־טיג?

ניט אָהן טרערען שטעלט זי זיך די דאָזינע פראַגען, און ניט אָהן טיפען שמערץ גיט זי זיך אַליין דעם ענטפער. פון יעצט אָן איז עס אויס מיט איר, זי איז צומאָלען און פאַרניכטעט; וואָרום דער גלויבען אין דער ליבע, וואָס איז איר איינצינע שטיצע געווען, איז מיט'ן ווינד אוועק, און די טרייקייט, אין וועלכער זי האָט איר עהרע אַריינגעשטעלט, איז אַ פּוסטעס וואָרט געוואָרען. אויב זי זאָל ניט יונגערהייד פאַרעלטערט און פאַרוועלקט אין קבר געהן, מוז זי דאָס לעבען צוריקגעווינען, צוריקגעווינענדיג איר גלויבען אין דער אַלמעכטיגקייט פון דער ליבע אַזוי, אַז די אַלגעמיינע וועלט־קלונשאַפט און דער עגאָאיזם, וועלכע שטעלען זיך אַרויס אַלס טוגענד אין רעליגיאָן, זאָלען ניט זיין די שטאַרקסטע און בלייבען די גערעכטע. און אין דיזען אויגענבליק באַגעגענט איר אַדאָלף. ער טרעט צו צו איר מיט אַ פאַרלאַנגען, אין וועלכען עס איז קאָנצענטריט דער גאַנצער דורשט צום לעבען און זיין אינ־האַלט, ער ווערט צו איר געצווינגען ווי צו אַ וועזען, אין וועלכען, ווי ער פיהלט, אוצרות פון ליידענשאַפט, פון צערטליכקייט און באַ־גייסטערונג זיינען איינגעזאַמעלט און צו דערזועלבער צייט באַגראָ־בען. און זיין בענקשאַפט און איר באַדערפניש, זיין שטאָלץ און איר פאַרצווייפלונג, זיין יוגענד און אירע ענטוישונגען גרייפען איינס אין אַנדערען, ווי צוויי רעדער אין איינעם און דעמ־זעלבען זייגער־מעכאַניזם.

עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלען דעם ענטהוזיאַזמוס מיט

וועלכען די ליידענשאַפט וועט אויפפלאַקערען אין דעם ערשטען אויגענבליק, דעם פולען און מעכטיגען אַקאָרד, וואָס וועט אויפקלינגען, די יובעלנדע סימפּאַטיע, וואָס וועט ערשאַלען, אַזוי ווי רעטונג און זיג וואָלטען אויף אימער פאַרביידען געוואונען געוואָרען. ווען מיר אַנאַליזירען עלעאָנאָר'ס געפיהל געפינען מיר אין אים א נייע און גאַנץ אייגענאַרטיגע מישונג: א באַגייסטערונג וואָס איז כמעט פאַנטאַסטיש, וואָרום זי מוז אין יעדען אויגענבליק טויטען די צוריקבליקענדע אויפערזוכט וואָס ברעכט אויס אימער אויף דאָס ניי; א גלויבען וואָס איז כמעט קאָנוואולסיוו, וואָרום ער איז ניט באַגרינדעט אויף דעם געזונדען נאַטירליכען צוטרוי, נאָר אויף דעם ו ו י ל ע ן צו גלויבען, צו גלויבען טראָץ אַלעמען, טראָץ דעם באַוואוסטזיין אַז זי איז שוין איינמאָל אָבגענאַרט געוואָרען; א טרייקייט, ענדליך, וואָס שמאַכט אונטער דער נויטווענדיגקייט צו דאַרפען שטענדיג באַווייזען איר עקזיסטענץ, וואָרום זי איז ארויסגעקומען פון אַן אונטרייקייט אין דער פאַרגאַנגענהייט. דיזע פאַרשטאַרקטע ליידענשאַפטליכקייט איז עלעאָנאָר'ס דריטער מערקבאַרער כאַראַקטער־שטריך. „מען פלעגט זי באַטראַכטען — זאָגט אַדאָלף — מיט דעמזעלבען אינטערעס און דערזעלבער באַוואונדערונג ווי א שעהנעם שטורם."

מיט דיזע נייע שטריכען טרעט דאָ אויף אין דער ליטעראַטור א גאַנץ נייער ווייבליכער טיפּוס, א טיפּוס וועלכען דער גרויסער ראָמאַניסט באַלזאַק מאַכט שפּעטער פאַר זיין אייגענען און וואַריירט אים מיט אַזאַ באַוואוסטזיין פון זיין אָריגינאַליטעט און מיט אַזאַ געניאַליטעט, דאָס ער קען אָנגערופען ווערען זיין שעפּפער — א טיפּוס, וועלכער ווערט אַם בעסטען אָנגערופען מיט דעם נאָמען וואָס ער האָט געקראָגען ביי באַלזאַק: „די דרייסיג־יעריגע פרוי."

אין איין צייט מיט אים דריקט זשאָרזש סאַנד אויך אויס דיזען טיפּ און אידעאַליזירט אים אין א גאַנצער רייהע פון אירע ראָמאַנען. אונטער דער פעדער פון דיזע צוויי שריפטשטעלער האָט ער זיך ארויסגעוויזען פאַר א וועלט וואָס איז ביז דאַן גאַנץ אונבאַקאַנט געוועזען, א וועלט אין וועלכער אַלע געפיהלען, ליידענשאַפטען און געדאַנקען טראָגען א קרעפטיגען כאַראַקטער ווי אין דעם גאַנץ יונגען האַרצען. פון דעם ראָמאַן געהט דיזער טיפּ ארי־

בער אין דער דראַמאַטישער פּאָעזיע און באהערשט לאַנג דאָס פראַנצויזישע טעאַטער — עס איז אַ טיפּ, אין וועלכען, קורץ געזאָגט, די באַגינענדע ליטעראַטור פון דעם יאָרהונדערט האָט געפונען איר קעניגין, אַזוי ווי זי האָט אין רענעי געפונען איר קעניג.

איך האָב ליב ביי יעדען טיפּוס צו שילדערען צוגלייך זיין קאַריקאַטור. איך האָב אָנגעוויזען די נאָכגעקרימטע פאָרם פון דער זעלבסט־פאַרגעטערונג ביי רענעי, פון דער געפיהלפולקייט ביי „ווערטהער”, פון דער פאַרוואָרפענקייט ביי „אָבערמאַן”. די קאַריקאַטור פון דער דרייסיג יעריגער פרוי ביי באַלזאַק איז די פערציג יעריגע פרוי ביי זיינע נאָכאַהמער. עס איז געקומען אַ טאָג ווען די קריטיק האָט זיך ביטער באַקלאָגט וואָס די ליבע און שעהנקייט זיינען אין דער ליטעראַטור אראָבגעזעצט געוואָרען פון טראָן. זשול זשאַנען דריקט אויס אויף זיין לייכטען שטייגער דיזע קלאַגע אין דער פאָרם פון אַן אנקלאַגע געגען באַלזאַק, ווע־מען ער באַשולדיגט אז ער איז דער ערפינדער פון יענע אַלע ליידענשאַפטען אין וועלכע די פרויען פאַלען אריין נאָך זייער דרייסיגסטען יאָר. ער רופט אים אָן דער קריסטאָפער קאָלומבוס פון דער פערציג־יעריגער פרוי. „די פרוי פון דרייסיג ביז פערציג יאָר — זאָגט ער — איז פריהער געווען אַ געביט וואָס איז געווען פאַרלאָרען פאַר דער ליבע, ד. ה. פאַר'ן ראָמאַן און דער דראַמע. אָבער היינט צו טאָג, אַ דאַנק דער אנטדעקונג פון דיזען שמייכ־לענדען פעלד, הערשט די פערציג־יעריגע פרוי אַליין אין דראַמע און ראָמאַן. דיזען מאָל האָט די נייע וועלט איינגאַנצען אונטערדריקט די אַלטע, און די פרוי פון פערציג יאָר האָט באַזיגט דאָס יונגע מיידעל פון זעכצען.

„ווער קלאַפּט ? ” רופט אויס די דראַמע מיט איר טיפער שטימע. „ווער איז ? ” שרייט דער ראָמאַן מיט זיין דינעם קול. „איך בין עס”, ענטפערט ציטערענדיג דאָס זעכצענטע יאָר מיט זיינע פערלדיגע ציין, זיין בוזים פון שניי, מיט זיינע ווייכע ליניען, זיין פרישען שמייכעל, און זיין זאַנפטען בליק. „איך בין עס, איך אין דעמזעלבען עלטער וואָס יוליאַ ביי ראַסין, דעסדע־מאָנאַ ביי שעקספּיער, אַגנעס ביי מאָליער, זאַירע ביי וואָלטעיר, מאַנאָ לעסקאָ ביי אַבבעי פּרעוואָ, ווירזשיני ביי סעינט־פּיער. איך

בין עס, איך האָב רעמזועלבען ליבליכען, פליהענדען, באַצויבע־רענדען עלטער ווי אַלע יונגע מיידלעך ביי אַריאָסטאָ, לעסאַזש, בייראָן און וואָלטער סקאָט. איך בין עס, איך בין די יוגענד, וועלכע האָפט, וועלכע איז אונשולדיג, וועלכע וואַרפט איר הימעל־שעהנעם בליק אין דער צוקונפט אָהן מורא. איך בין דער אַלטער פון אַלע ריינע פאַרלאַנגען, אַלע איידעלע אינסטינקטען, דער אַל־טער פון שטאָלץ און אונשולד. ווייזט מיר אָן מיין פּלאַץ, ליבער הער! אַזוי רעדט דער זעכצען־יעריגער אַלטער צו די ראָמאַ־ניסטען און דראַמאַטורגען. אָבער דיזע ענטפּערען: מיר זיינען באַשעפטיגט מיט דיין מוטער, קינד; קום ווידער אין צוואַנציג יאָר אַרום און מיר וועלען זעהן אויב מיר קענען עפּיס פון דיר מאַכען.

„אין דער דראַמע און דעם ראָמאַן איז יעצט קיין אַנדער זאַך ניטאָ ווי נאָר די פרוי פון דרייסיג יאָר, וועלכע וועט מאָרגען פער־ציג יאָר אַלט ווערען. בלויז זי קען ליבען, בלויז זי קען ליידען. זי איז שוין דערמיט אַליין מער דראַמאַטיש, ווייל זי האָט מער קיין צייט ניט צו וואַרטען. וואָס קענען מיר מאַכען פון אַ קליין מיידעל וואָס ווייס ניט קיין אַנדער זאַך ווי נאָר וויינען, לי־בען, זיפצען, שמייכלען, האָפען און ציטערען? די פרוי פון דריי־סיג יאָר וויינט ניט, זי שלוכצט; זי שמייכעלט ניט, זי לאַכט אויפ׳ן קול; זי טרוימט ניט, זי טוט! דאָס איז די דראַמע, דאָס איז דער ראָמאַן, דאָס איז דאָס לעבען.״ אַזוי ריידען, האַנדלען און ענטפערען אונזערע גרויסע דראַמאַטיקער און אונ־זערע באַריהמטע נאָוועליסטען.

איינע פון די באַגאַבטעסטע און גייסטרייכסטע פרויען פון דער נייער צייט, מאַדאַם עמיל דע זשיראַרדען, האָט פאַרטיידיגט באַלזאַק און געזאָגט זעהר ריכטיג: „איז עס באַלזאַק׳ס שולד וואָס דער אַלטער פון דרייסיג יאָר איז היינט צו טאָג דער אַלטער פון ליבע? באַלזאַק איז געצוואונגען צו מאָלען די ליבע אַזוי ווי ער געפינט זי, און היינט צו טאָג געפינט מען זי ניט אין אַ זעכ־צען־יעריגען הארצען.״

דער קרעפטיגער פּראָמעטעאישער דור, צו וועלכען געטהע האָט געהערט, האָט זיין קרעפטיגען טיפּוס אַרויסגעבראַכט אין

„פאַוסט,” דעם אַנטוויקעלטען מאַן, דעם הויך־באַגאַבטען גייסט, דער, וואָס נאָכדעם ווי ער האָט אַלע שטודיען אויסגעשעפּט, אַלע וויסענשאַפטען דורכגעפאָרשט האָט אויף דער הויך פון דעם מענ־ליכען אַלטער דערפיהלט אַ פוסטקייט אין זיין האַרצען, אַ דורשט נאָך יוגענד, פרישקייט און נאַאיוויטעט, און ער האָט זיך אַריינ־געוואָרפען אין לעבען און זיך פאַרליבט אין אַ קינד. עס איז איר איינפאַכקייט און אונשולד וואָס באַזינגט און באַרוישט אים, און וואָס ער וויל ציהען נאָך זיך.

דער אומגליקליכער דור פון פאַרבלאָנדזשעטע און פאַרטרי־בענע, היימאַטסלאָזע און עמיגראַנטען, צו וועלכען קאָנסטאַן גע־הערט, פאַרקערפּערט זיין אידעאַלע פּערזענליכקייט אין אַ טיפ ווי אַדאָלף, וועלכער, זייענדיג אַלט פון דער וויג אָן, מיט אַ קאַל־טען און טרוקענעם האַרצען, ביי זיין גאַנצער פאַרצווייפלונג — באַגערליך און שטאָלץ, אין יאָרען און ערפאַרונג ניט מער ווי אַ קינד, זוכט ער אין דער ליבע שטאַרקע סענסועלע אויפרעגונ־גען און אויפטרייסלענדע איינדריקען, לעבענס־קענטניש, די קענט־ניש פון ליידענשאַפטען און פון דעם פרויען־האַרץ, פון קעמפּפען און גענפאַרען, מיט איין וואָרט — ער זוכט העכערקייט, סופּיריאָ־ריטעט אין דער פרוי. אַזאַ העכערקייט אָבער געפינט מען ניט ביי דער גאַנץ יונגער מיידעל, וואָס איז אויסגעוואַקסען אונטער די אויגען פון איר מוטער אין אַ קליין־בירגערליכען הויז. דער טריאומף זי צו באַזיגען פאַרשאַפט ניט קיין באַפרידיגונג. אָבער מיט דער העכערקייט פון דער פרוי אין אַלטער און ערפאַרונג ענדערט זיך דער כאַראַקטער פון דעם גאַנצען געפיהל און פון דער גאַנצער פאַרהעלטניש. אין דער פריהעריגער שילדערונג פלעגט עס אימער אָנגענומען ווערען, אַז די פרוי איז מיט אייניגע יאָר אינגער ווי דער מאַן. די קינדישע און נאַאיווע אויפפאַסונג איז געווען, אַז די ליבע האָט נאָר פאַראייניגט צוויי וועזענס וועל־כע זיי־עַן אין ־פאָראויס געווען אַזוי באַשטימט איינס פאַר׳ן אַנ־דערן, אַז ער האָט דערפיהלט די ליבע גלייך ווי ער האָט זי דער־זעהן, און זי, גלייך ווי זי האָט אים דערזעהן. ווען דיזער אויגענ־בליק איז נאָר ערשינען, דאַן האָבען זיי זיך געליבט גליקליך און אונגעשטערט דאָס גאַנצע לעבען. און עס האָט זיך פאַרשטאַנען

פון זיך זעלבסט אז די השגחה, וועלכע האָט זיי געשאַפען אויס־שליסליך איינס פאר'ן אנדערן און געזאָרגט אז זיי זאָלען זיך באַגעגנען אין דער רעכטער שעה, האָט געזאָרגט אויך דערפאר, אז די אַלע קליינע זייטיגע אומשטענדען זאָלען אויך זיין זיין עססעטיש און אין אָרדנונג, ווי צום ביישפיל, דער אַלטער זאָל זיין גוט און הארמאָניש, ד. ה. די כלה א פּאָר יאָר אינגער ווי דער חתן, קורץ, אַלץ איז געווען געגנוי לויט דער פאָרשריפט. פון דעם אויגענ־בליק אָן ווען איינער פון די הויפּט טיפּען אין דער ליטעראטור ווערט א ליבהאָבערין וואָס איז מיט איניגע יאָר עלטער פון איר ליבהאָבער, הויבט זיך אָן א רעוואָלוציאָן אין דער גאַנצער אויפפאַסונג פון דעם געפיהל. מיר געפינען דעם גרויסען קאָנטראַסט איבעראל: אין באַלזאַק'ס ראָמאַנען, צ. ב. „לא פאם דע טראַנט אַן," אין „לא פאם אבאנדאָנע," אין „לע מעזאַרדזש," ביי זשאָרזש סאַנד אין אַזעלכע פארשיידעי׳ע ווערק ווי „פראַנסואַ לע שאַמפּי," און „לוקרעסיא פלאָריאַני," און די פארהעלטניש פון אַלטער איז געווען אויפ'ן זעלבען שטייגער ביי דער בארימטסטער שריפט־שטעלער־פּאָר אין דער נייערער פראַנצויזישער ליטעראַטור, זשאָרזש סאַנד און אַלפרעד דע מוססע. דער דאָזיגער אונטערשייד אין אַלטער צווישען די צוויי געליבטע ווארפט אום די אויפפאסונג פון דער ליבע אַלס געזעלשאַפטליכע מאַכט. וואָרום ווען די ליבע פאַרקניפּט צוויי ווענען וועלכע זיינען אַזוי ניט גלייך איינס צום אנדערען, דאַן שיינט זי צו זיין עטוואָס וועניגער שטאַנד־האַפטיגעס, וועניגער רעגעלמעסיגעס און וועניגער גליקליכעס, נאָר שנעלער פאָראיבערגעהענדעס, ווי די ליבע וואָלט נעדאַרפט זיין אום צו זיין א געזעלשאַפטליכע מאַכט. עס ווערט קלאָר אַז זי איז ניט דאָסזעלבע וואָס דער פאָרשפּיל צו א בירגערליכער חתונה. זי איז א גאַנץ אַנדער זאַך. זי שיינט צו אַנשטעהן אונ־טער געוויסע באַדינגונגען, ווען די וועגען פון צוויי וועזענס פון א געוויסען כאַראַקטער קרייצען אָדער שניידען זיך דורך, און זי זעהט ניט אויס צו זיין א בילד פון גרויסער האַרמאָניע אין לע־בען.

וויבאַלד, נון, פון דיזען מאָמענט הויבט די פרוי אָן געשיל־דערט צו ווערען אין קאַמפּף געגען דער עקזיסטירענדער געזעל־

שאַפט, און ווייבאַלד זי קען דיזען קאַמפּף אין גאַנץ יונגע יאָרען ניט פירען, דעריבער ווערט, ווי געזאָגט, די יונגע מיידעל אַלס העלדין אָבגערוקט אין אַ זייט דורך דער אַנטוויקעלטער פרוי. מיט'ן פולען ערנסט נעהמט די ליטעראַטור אויף דיזען ווייבליכען טיפּ ערשט ביי באַלזאַק. דריי גרויסע פּאַסירונגען האָבען פריהער גע־מוזט געשעהן: דער סעינט־סימאָניזמוס מיט זיינע עמאַנציפּאַ־טאָרישע און הומאַניסטישע טענדענצען, די יולי־רעוואָלוציע, וועל־כע האָט אויף שטענדיג צוטרייסעלט אַ געוויסע עטיקעטע אין דער לאַגע און שטעלונג פון די פרויען, און זשאָרזש סאַנד'ס אויפטריט; וואָרום די געשיכטליכע ראָלע פון זשאָרזש סאַנד באַשטעהט דע־רין, וואָס זי האָט איינע אַליין געשטרעבט צו פירען פאַר דער פרוי דעמזעלבען פרייהייטס־קאַמפּף, צו וועלכען די רעוואָלוציע פון 1789 האָט געגעבען דעם אָנשטויס דעם מאַן. די רעוואָלוציע האָט געשאַפען אַ געזעץ־בוך, וועמעס ערשטער פּאַראַגראַף לויטעט: „אַלע פראַנצויזען זיינען גלייך פאַר'ן געזעץ.״ אָבער דיזער פּאַראַ־גראַף פאַרגעסט אינגאַנצען די פראַנצויזינס. דער קאַמפּף פון די פרויען איז געקומען צום וואָרט אין דער ליטעראַטור. אויב אָבער דיזער פרויען־טיפּוס, און מיט אים דער קאַמפּף פון דער פרוי גע־גען דער געזעלשאַפטליכער מיינונג, האָט דאָ אויפגעטויכט אין דער ליטעראַטור אַזוי לאַנג פאַר זשאָרזש סאַנד, איז עס דערפאַר, וואָס לעאָנאָר איז געשילדערט נאָך דער באַדייטענדסטער פרויען־געשטאַלט פון יענער צייט, יע, נאָך אַ פרוי, וואָס האָט זאָגאַר גע־גען אַ נאַפּאָלעאָן געוואַגט אַרויסצוטרעטען אַלס געגנערין.

דיזער נייער פרויען־טיפּ שטעהט אין שאַרפען קאָנטראַסט צו די פרויען־געשטאַלטען, אין וועלכע די דייטשע פּאָעזיע אונ־טער געטהע דערגרייכט איהר העכסטע פּאָקאָמענהייט און אין וועל־כע דאָס אייגענאַרטיגע גערמאַנישע געמיטס־לעבען האָט זיך אַם ריינסטען אויסגעדריקט. לאָמיר נאָר איין אויגענבליק באַטראַכ־טען גרעטכען און קלאַרכען. דאָס זיינען צוויי קאָנטראַסטען, איי־נע אַ זאַנפטערע און פרימערע נאַטור, די אַנדערע אַ מוטיגערע און פייערדיגערע. אָבער דער גרונד־שטעמפּעל פון זייערע נשמות איז דערזעלבער. דאָס זיינען צוויי קינדער. ביידע גיבען זיך פאָל־שטענדיג איבער צו איינציגען געפיהל, זייער כאַראַקטער איז איינ־

גאַנצען ניט קיין אויפגעלעגטער, איינפאַך, ריין־הערציג, נאַאיוו. זיי ליבעןביידע צום ערשטען מאָל, און נאָר דאָס איינע מאָל. זיי גיבען זיך ביידע אָב, אָהן חתונה, מיט פולען פארטרויען, אָהן שום ווידערשטאַנד, ניין, אָהן דעם מינדסטען ווילען צו ווידערשטעהן דעם געליבטען, איינע אויס טיפער ווייבליכער צוגעבונדענקייט, די אנדערע אויס הויכער ווייבליכער באגייסטערונג. זיי פאַלט גאָרניט איין אז זיי טוען אַן אומרעכט, זיי דענקען ניט. זייער גאַנ־צער וועזען, זייער ווילען און זייערע געדאַנקען שטראָמען ניט ווי־לענדיג פון זיי אוועק, זיי ווייסען אליין ניט ווי אזוי זייערע הער־צער נעהמען אויף אַן איינדרוק אזוי ווייך ווי וואַקס, אָבער איינ־מאָל אויפגענומען, ווערט דער איינדרוק מער ניט אויסגעלאָשען און בלייבט שטעהן אויסגעקריצט ווי אין גאָלד. קיין זאַך קען זיך ניט פארגלייכען צו דער ריינקייט, אונשולד און ערליכקייט פון זייערע נשמות. זיי זיינען טריי פון אינסטינקט, זיי באַגרייפען ניט אז מען קען אַנדערש זיין. זיי האָבען ניט קיין מאָראַל אָבער זיי האָבען אַלע טוגענדען; וואָרום מאָראַליש איז מען מיט באַ־וואוסטזיין, אָבער גוט איז מען פון נאַטור. זיי באַטראַכטען זיך ניט אַלס גלייכען צו זייער געליבטען. זיי קוקען צו אים ארויף. פאַר זיי איז עס, אזוי ווי עס וואָלט פארווירקליכט געוואָרען די אַלטע לעגענדע, אַז די זיהן פו די געטער זיינען אראָבגעשטיגען צו די טעכטער פון די מענשען. גרעטכען איז ערשטוינט איבער פאוסט'ס טיפען וויסען, און קלאַרכען שטעלט זיך אויף די קניה פאַר עגמאָנט'ן ווען ער ערשיינט אין זיין פולער פראַכט! זיי פארלירען זיך אינגאַנצען אין דעם געליבטען, געהען אין אים אויף און פארשווינדען אין אים. דאָס זיינען ניט קיין צוויי גלייכע פערזענליכקייטען, וועלכע גיבען איינער דעם אַנדערען די האַנד און פארפליכטען זיך צו אייניאַנדער, עס איז אַ פארווירטעס, באַ־וואונדערנדעס קינד, וואָס קלאַמערט זיך אָן אַ מאַן. ער איז איר גאַנץ לעבען, אָבער אין זיין לעבען איז זי נאָר אַן עפּיזאָד. זיין בליק כאַפּט ארום און דרינגט דורך איר גאַנצען וועזען, אָבער זי קען אים פון קיין זייט ניט ארומכאַפּען, און נאָך וועניגער אים דורכדרינגען און באַאורטיילען, זי איז ניט אימשטאַנד צו באַנעה־מען, ניט זיינע באַגרענצונגען ניט זיינע חסרונות. וואוהין זי

קוקט זעהט זי אים אלס עטוואָס קאָלאָסאַלעס און גיגאַנטישעס, וואָס רוקט זיך איר אַנטקעגען פון אַלע זייטען. דאריבער איז אין דיזער ליבע ניטאָ קיין קריטיק, קיין באַפרייאונג פאַר דעם גייסט, קיין געברויך פון דעם פאַרשטאַנד. ער איז דער גרויסער, דער הערליכער, וואָס, קען פון אַלץ ריידען און האָט אַן ענטפער אויף אַלע פראַגען, אַזוי ווי פאוסט, אָדער זיין נאָמען איז אויף אַלע ליפּען אַלס העלד און באַפרייער און ווען די גאַנצע שטאָדט קען, אַזוי ווי ענמאָנט. דאָ, זאָג איך, איז ניטאָ קיין באַפרייאונג פון דעם גייסט; וואָרום דיזע יונגע מיידעל האָט ניט קיין גייסט אין דעם זין פון פאַרשטאַנד, זי איז לויטער נשמה. ווען זי טוט עטוואָס וואָס פאָדערט ווילענס־קראַפט אָדער אַ געוויסע מענליכע אַנטשלאָסענהייט, ווען, צום ביישפּיל, קלאַרכען — ערשטווינט און אויפגעבראַכט איבער דעם וואָס די ברוסעלער בירגער קוקען צו אַזוי קאַלט און שרעקעדיג ווי מען שלעפּט איר העלד ענמאָנט אין תפיסה און פיליכט צום טויט — טרעט־אויף אויפ'ן מאַרק־פּלאַץ און זוכט אומזיסט אויפצורייצען זייערע טעמפּע זעלען מיט פייער־דיגע ווערטער, איז עס דערפאַר וואָס הינטער דיזער האַנדלונג ליגט דער נאַאיווער גלויבען פון דער יונגער מיידעל אַז דאָס לעבען פון איר געליבטען מוז פאַר די אַנדערע זיין פּונקט אַזוי וויכטיג ווי פאַר איר אַליין; אַזוי ווי אין דער גאַנצער וועלט זעהט זי נאָר אים איינעם, באַגרייפט זי קוים, אַז אַנדערע קענען דענקען וועגען עפּים אַנדערש. דיזע יונגע מיידלעך זיינען עכטע פּראָדוקטען פון זייער מין אין דערזעלבער גרויסער פאַמיליע, צו וועלכע עס געהער־ען אָפעליא און דעסדעמאָנאַ.

אין שאַרפען היפך צו זיי שטעהט נון דער נייער פראַנצויזישער פרויען־טיפּ. דער קערן פון דעם וועזען איז דאָ — אינערליכקייט, געמיט, נ א ט ו ר. ביי דיזען מין פרויען איז אַלעס באַוואוסט־זיין, ג י י ס ט, ליידענשאַפט און ווילען, אַקטיווער כאַראַקטער. אָט אין דער צייט איז עס געווען וואָס די גייסטרייכסטע און באַדיי־טענדסטע פרוי אין פראַנקרייך האָט ליבער אויסגעקליבען צו פאַר־לאָזען איר פאָטערלאַנד, רוהע און וואוילזיין, איידער צו אונטער־וואַרפען זיך צו די קוואַלען וואָס באָנאַפּאַרט'ס ברוטאַלער דעס־

פּאַטיזמוס האָט אָנגעווענדט געגען זיינע געגנער, און איר האָט עס קאָנסטאַן גענומען אַלס טיפּ פון דער נייער פרוי.

דאָס אויפטרעטען פון דער פרוי אין דער ליטעראַטור אַלס גייסט, אַלס באַוואוסטזיין, איז נאָר דער ערשטער שריט צו איר אויפטרעטען אַלס זשעני. שוין זעהט מען דעם טורבאַן פון מאַדאַם דע סטאַל זיך באַווייזען אויפ'ן האָריזאָנט. דיזעלבע פרוי וועלכע נעהמט צוערשט אַנטייל אין דעם מאַנ'ס ליבעס און קעמפּ־פען, הויבט באַלד אָן טיילצונעהמען אויך אין זיין געניוס און רוהם. נאָך איין קורצע ווײַלע, און נאָכ'ן קאַמפּף קומט דער טריאומף, און יענע זעלבע פרוי, וועלכע גיט זיך אונטער אַלס עלעאָנאָר, וועט געקרוינט ווערען אין דעם קאַפּיטאָל אַלס קאָריננאַ.

עס בלייבט אונז בלויז נאָך צו ריידען וועגען דער פיינקייט פון דעם פּסיכאָלאָגישען אַנאַליז אין „אַדאָלף" און צו ווייזען צו וועלכען רעזולטאַט ער פירט. אַדאָלף הויבט אָן, ווי מיר האָבען שוין אָנגעדייט, מיט פאָלגענדען איינדרוק פון עלעאָנאָר: דאָס איז אַן ערוֹבערונג, פאַר וועלכער עס איז כדאַי זיך צו פאַרמעסטען, און ער רעדט זיך איין, אַז ער קען ווי אַ קאַלטער באַאָבאַכטער שטודירען עלעאָנאָר'ס כאַראַקטער און דערנאָך אויסאַרבייטען זיין שלאַכט־פּלאַן. אָבער ער, וועמעס געפיהלפולקייט איז פּונקט אַזוי שטאַרק ווי זיין עגאָאיזמוס, פאַלט באַלד אַרונטער אונטער אַ צווייבער וואָס נעהמט אים אינגאַנצען געפאַנגען, און זיין נאַטירליכע שעהמעוודיגקייט ווערט אַזוי פאַרשטאַרקט אַז עס איז אים אוממעגליך צו געפינען גענוג מוט צו מאַכען איר די ליבעס־ערקלערונג וואָס זיין שטאָלץ האָט אים איינגערעדט אַז ער וועט קענען אַזוי לייכט טאָן. ער שרייבט צו איר. אָבער עלעאָנאָר אַנטזאָגט אים און מיידט אים אויס. איר ווידערשטאַנד און איר קאַלטקייט רופען ביי אים אַרויס אַן אונטערטעניגקייט און איבערגעבענקייט וועלכע נעהען באַלד אַריבער אין אַ מין פאַרגעטערונג. אַזוי איז עלאַנאָר קיינמאָל ניט געליבט געוואָרען, וואָרום וויפיעל אמת'ע איבערגעבענקייט איר פריהעריגער באַשיצער האָט איר ניט אַרויסגעוויזען, דאָך איז געוועזען צו מערקען עפּיס אַ מין ניואַנס פון העכערקייט אין זיין האַלטונג צו איר. ער וואָלט געקענט אַן אָנגעזעהענערען שידוך טאָן. ער זאָגט עס אפילו ניט, אָבער דאָס וואָס ווערט

ניט אַרויסגעזאָגט, עקזיסטירט ניט דעריבער ווייניגער. אין אַדאָלפ'ן אָבער באַצויבערט איר די עהרפורכט וואָס ער טראָגט צו איר. זי גיט זיך אים איבער, און ער ווערט ווי פאַר'שכור'ט פון ענטציקען און גליק. די ערשטע שטערונג פון דיזען ענטציקען ווערט פאַראורזאַכט דאַדורך, וואָס ווען דער גראַף פאַרלאָזט די שטאָדט אויף אַ שטיקעל צייט, לאָזט אים עלעאָנאָר ניט אָב פון זיך אַפילו אויף איינינגע שטונדען. וויל ער אַוועקגעהן זוכט זי אים צוריק־צוהאַלטען; גערט ער אַוועק, פרעגט זי ווען וועט ער קומען צו־ריק. צוערשט פיהלט ער זיך געשמייכעלט און גליקליך פון אַזאַ גרעניצלאָזער איבערגעבענקייט, אָבער באַלד זעהט ער זיך אַרום אַז ער קען קיין פרייע שטונדע פאַר זיך אַליין ניט האָבען. ער מוז זיך אָבזאָגען פון אַלע געזעלשאַפטליכע איינלאַדונגען, ער מוז אַלע זיינע באַקאַנטשאַפטען אָבברעכען. ער פיהלט אַפילו אין דעם קיין פאַרלוסט ניט, אָבער ער וואָלט פונדעסטוועגען בעסער געוואָלט ער זאָל ניט מוזען ערשיינען פונקט צום שלאָגען פון זייגער, נאָר קענען קומען ווען די צייט און לוסט וועלען אים ברענגען. זי, וועלכע איז פריהער געווען אַ ציל, איז איצט געוואָרען אַ קייט.

וואו זייט איר אַהינגעקומען, איר אַלע שעהנע ראָמאַנען, אין וועלכע דער ליבהאָבער האָט קיין אַנדער זאַך ניט צו טהאָן גע־האַט ווי נאָר צו ליבען, אין וועלכע ער האָט געליבט פון פרימאָר־גען ביז אָוועגד, פלעגט אויפשטעהן אין דער פריה אום צו ליבען, געליבט דעם גאַנצען טאָג, און פאַרבראַכט אַ שלאָפלאָזע נאַכט פון ליבע! עס איז אַ קרעפטיגער און רעאַליסטישער שטריך אין „אַדאָלף", וואָס דער ליבהאָבער פיהלט דעם פאַרלוסט פון צייט אַלס — פאַרלוסט.

און עס העלפט ניט וואָס ער קעמפּפט אויס צוריק זיין פרייע צייט, ווען ער פאַרלירט דאָך זיין געמיטס־רוהיגקייט אויס מיט־געפיהל פאַר איר. וואָרום דער געדאַנק אַז זי ליידט שמערצען ווען ער איז מיט איר ניטאָ פאַרשטערט אים די צייט וואָס ער האָט גע־וואונען פאַר זיך, און אין דערזעלבער צייט ערגערט אים דער גע־דאַנק צו זיין אַזוי אונטערוואָרפען צו דער הערשאַפט פון אַן אַנ־דער מענשען. און ווען ער קומט דאַן צו איר, געקוועלט פון דעם באַוואוסטזיין אַז ער איז צוריקגעקומען פיל שנעלער ווי עס איז

געוועזן פאַרנינפטיג פאַר איר נאָמען אָדער פאַר זיינע באַשעפטי־גונגען, געפינט ער זי אומגליקליך דערפאַר וואָס ער איז אַזוי לאַנג געוועזן אַוועק. ער האָט געליטען צוויי שעה זיך פאָרשטעלענדיג איר אונגעדולדיגען וואַרטען, איצט מוז ער נאָך צוויי שעה ליידען ביז ער קען זי בארוהיגען. פונדעסטוועגען פיהלט ער זיך גליק־ליך, זאָגט זיך אַליין אַז ס'איז זיס אַזוי געליבט צו ווערען, אָבער אין גרונד גענומען טרייסט ער זיך דאָך אונבאַוואוסט מיט דעם געפיהל, אַז די אונגלייכהייט אין זייער לאַגע מוז סוף כל סוף מאַ־כען אַן ענדע צו זייער פאַרהעלטניש.

צוערשט דערשפירט ער דעם שמערץ וואָס ער קען ניט זיין ערליך; וואָרום דער גראַף קומט צוריק, און ער איז געצוואונגען אים צו נאַרען. דערנאָך הויבט ער אָן ליידען צוזעהענדיג ווי עלאַנאָר אָפּפּערט אַלץ פון זיינטוועגען און זאָגט זיך אָב סיי פון איר היים, סיי פון איר פאַרמעגען. און דיזער שמערץ איז אַ דאָפּעלטער: טיילווייז עגאָאיסטיש, וואָרום מיט פאַרצווייפלונג קוקט ער צו ווי זיין פרייהייט ווער געליימט דורך די אָפּפער וואָס זי ברענגט אים מיט אַזא טיפער פרייד, טיילווייז סימפּאַטיש, וואָרום ער זעהט ווי די געזעלשאַפט פאַלט ארויף אויף איר רעפּוטאַציע און צורייסט זי ווי אַ הונגעריגע היענע. אַלץ וואָס זי האָט געוואונען דורך יאָרען פון ריינער אויפפירונג פאַרלירט זי אין איין איינציגען טאָג. איר שטאָלץ ליידט שרעקליך, און זיין איבערגעבענקייט ווערט אַ פליכט. פון יעצט אָן עקזיסטירט צווישען זיי אַ געהיימער וועה, וואָס זיי וואַגען ניט צו פאַרטרויען איינער דעם אַנדערען. אַדאָלפ'ס כאַ־ראַקטער הויבט אָן פאַרדאָרבען צו ווערען. אין דער צייט וואָס ער דועלירט מיט עמיצען, וואָס האָט גערעדט שלעכטס אויף עלעאָ־נאָר'ן, שאַדט ער אַליין ניט ווילענדיג איהר נאָמען; וואָרום ער זוכט אַ מין טרייסט פאַר דער אָבהענגיגקייט אין וועלכער ער לעבט דאדורך וואָס ער וואַרפט איבעראַל שפּאָט אויף די פרויען און אויף די יעניגע וואָס וואַרפען זיך אונטער צו זייער דעספּאָטיע, און דיזע אויסדריקען זיינע ווערען שלעכט אויסגעטייטשט. ער, וועלכער קען קיין טרער ניט ביישטעהן, האַלט דאָך פאַר געגוג עהרווירדיג פאַר אים, איבעראַל צו ריידען מיט שפּאָט און פאַראַכ־טונג וועגען דער פרוי.

אנדערע האָבען געהאַט דאָס אומגליק צו ליבען, ניט געפינענ־דיג קיין געגענ־ליבע; ער ליידט דאָס פאַרקערטע, צו ווערען גע־ליבט, ווען ער ליבט ניט מער. ווי שטאַרק ער באַמיהט זיך ניט אויסצוזעהן פריינדליך יעדען מאָל ווען ער דערזעהט עלעאָנאָר, בליקט זי דאָך אים דורך, און עס קומט ענדליך צו איינער פון יענע שרעק־ליכע סצענעס, וואָס מאַדאַם דע סטאַל האָט קאָנסטאַנ׳ען אליין אזוי פיעל מאָל פאַרשאַפט, אין וועלכע עלעאָנאָר׳ס שטירמישע זע־לע רעדט זיך אויס מיט אזא ביטערקייט, וואָס גרעניצט זיך מיט האָס. אָבער די דרויסענדיגע וועלט זוכט דאָך עלעאָנאָר׳ן פון אים צו דערווייטערען. אדאָלפ׳ס פאָטער וויל ניט אז זיין זוהן זאָל פאַרשווענדען זיין יוגענד אויף אזא פאַרבינדונג, און אן איינפאַ־כעס געפיהל פון ריטערליכקייט טרייבט אדאָלפ׳ן ער זאָל מיט איר אנטלויפען. זיי פאַרברענגען א געוויסע צייט אין א פריינדליכען געמיטס־צושטאַנד וואָס זעהט אויס ווי ליבע. עלעאָנאָר ברענגט נייע קרבנות וועלכע זיינען פאַר אדאָלפ׳ן א פיין אָנצונעהמען. אָט ליידט זי דערפון וואָס זי ווערט ניט געליבט, ווי ער דערפון וואָס ער ליבט ניט, אָט ווערט זי אזוי באַרוישט אין איר ליבע, אז זי זעהט זי דאָפּעלט שטאַרק און זי נעהמט זי אָן פאַר א געגענזייטי־גער. זיי לעבען ביידע אין דער עראינערונג פון זייער פריהעריגען גליק, וועלכע איז גענוג שטאַרק צו מאַכען א שיידונג פאַר זיי צו שמערצליך, ניין, אפילו אונדענקבאַר, אָבער צו שוואַך צו מאַכען זייער צוזאַמענלעבען א פרייד. די צערטליכע אָבער דאָך מאַטע ווערטער, מיט וועלכע אדאָלף צייגט יעצט אַרויס זיין ליבע צו עלעאָנאָר, זיינען גלייך צו די דאַרע, פאַרבלאַזע בלעטער וועלכע בלייבען ביז׳ן ווינטער הענגען דאָ און דאָרט אויף א לאַנג אָבגע־האַקטען צווייג.

אויף אזא אופן מאַכט ער ניט יענע גליקליך, וועלכע מאַכט אים אזוי אומגליקליך. יעדען מאָל ווען זי דענקט אז זי האָט זיך ערוואָרבען נייע רעכט, פיהלט ער זיך געשמידט אין נייע קייטען. איר ליידענשאַפטליכקייט מאַכט זייער צוזאַמענלעבען פאַר א שטענדיגען שטורם. איך דערמאָן זיך פאָלגענדע ווערטער אין א ביאָגראַפיע פון קאָנסטאַן: אין דיזען יאָר האָט זיך קאָנסטאַנ׳ען געלעבט גוט: „מאַדאַם דע סטאַל איז געווען אין רוסלאַנד.״

עלאַנאָר ירש'עט איר פאָטער און דאַרף מער ניט אדאָלפ'ס שוץ. די וועלט באַשולדיגט אים דאָן זאָגאַר, אַז ער ציהט זיך נו־צען פון איר פריינדשאַפט, און מען האַסט אים דערפאַר וואָס ער רואינירט איר רעפּוטאַציע, ווייל ער געפינט זיך שטענדיג אין איר געגענוואַרט, בשעת ער קען, זעלבסט פאַרשטענדליך, ניט ערקלע־רען, אַז דאָס קען זי אָהן אים ניט לעבען.

זיין לעבען ווערט אים צורונען צווישען די פינגער, ער דער־פילט ניט קיינע פון די פאַרשפּרעכונגען וואָס זיין יוגענד האָט גע־געבען, וואָרום ווי עס ווערט אים געזאָגט פון אַלע זייטען, שטעהט צווישען אים און יעדער מעגליכער צוקונפט אַן אונאיבערשטייגליכע וואַנד, און דיזע וואַנד איז עלעאָנאָר. ער באַשליסט ענדליך אָבצוברעכען מיט איר; אָבער דיזער באַשלוס אליין ווערט אַ נייע צרה פאַר אים, וואָרום פון דעם אויגענבליק אָן וואָס ער לאָזט איבער איר פאַלען דעם טויט־אורטייל, וועלכען ער איז אָבער צו שוואַך אויסצופירען באַלד, פאַרשווינדט יעדע ביטערקייט פון זיין האַרצען, און ער ווייזט איר אַרויס אַזעלכע צערטליכע געפיהלען אַז זי מיספאַרשטעהט אים און באַטראַכט זיך ווידער אַלס גערע־טעט.

מיט אַ לעצטער אָנשטרענגונג זוכט זי אים צו געווינען, אויפ־וועקענדיג אין אים אייפערזוכט. אָבער אַלץ איז יעצט אומזיסט; פון אַלע זייטען דריקען די אַרומיגע אויף אדאָלפ'ן און שטעלען אים פאָר די אָבברעכונג אַלס די נאַטירליכסטע זאַך אין דער וועלט, אַלס אַ פליכט צו זיין פאָטער, צו זיין צוקונפט, זאָגאַר צו דער אומגליקליכער פרוי, צו וועלכער ער איז געשמידט און וועלכע ער מוטשעט. מען שטעקט עלעאָנאָר אַריין אַ בריף אין האַנד, דורך וועלכען זי דערוויסט זיך אדאָלפ'ס אַבזיכטען. זי פאַלט אַריין אין אַ שטאַרקען פיבער און שטאַרבט, אָבער זי היט־אויף איר ליבע צו אדאָלפ'ן ביז'ן לעצטען אָטעם־צוג.

אַזוי שנעל ווי אדאָלף קריגט זיין פרייהייט דערפיהלט ער אַ שרעקליכע פּוסטקייט אין זיין נשמה, ער ווייסט ניט מער וואָס ער זאָל מיט איר אָנפאַנגען צו טאָן, און ער בענקט צוריק נאָך זיינע אַלטע קייטען.

דעם מוסר השכל פון דעם בוך האָט קאָנסטאַן אויסגעדריקט

אויף פאָלגענדען אופן: דאָס ליבעס־געפיהל האָט ניט בכח צו קעמפפען געגען דער אָרדנונג; די געזעלשאַפט איז צו שטאַרק. די ליבע וואָס זי באַשטעטיגט ניט און הייליגט ניט פאַרביטערט זי. וועה דעריבער דער פרוי, וועלכע זוכט איר שטיצע אין אַ געפיהל, וועלכען אַלע פאַרבינדען זיך צו פאַרגיפטען און געגען וועלכען די געזעלשאַפט, ווען זי באַטראַכט אים ניט פאַר געזעצליך, באַוואפענט זיך מיט אַלץ וואָס איז בייז אין דעם מענשליכען האַרצען אום צו פאַרניכטען אַלץ וואָס איז גוט אין אים."

.9

# מאַדאַם דע סטאַל.

בייראָן שרייבט וועגען „אַראָלף״ אין איינעם פון זיינע בריף: „איך שיק אייך דאָ „אַדאָלף,״ ער אנטהאַלט פינסטערע וואַרהייטען, אָבער נאָך מיין מיינונג איז עס אַ צו טרויעריגעס ווערק עס זאָל קענען ווערן עס איז פּאָפּולער ווערען. איך האָב אים צום ערשטען מאָל געלעזען אין דער שווייץ אויף דער איופּפּאָדערונג פון מאַדאַם דע סטאַל.״ זי אליין באַמערקט ערגיץ־וואו וועגען בוך: „איך גלויב ניט אַז אַלע מענער זיינען ווי אַדאָלף, נאָר בלויז די שטאָלצע מענער.״ ווי איינפאַך עס ניט דיזער אויסדרוק פיהלט מען דאָך דערין די זעלבסט־פּאַרטיידיגונג פון דער פרוי; וואָרום „אַדאָלף״ האָט נעקער׳ס טאָכטער פּערזענליך געטראָפען, אירע טיפסטע וואונדען פון הארצען אַנטבלויזט.

ע נ ן מ א ר י ז ש ע ר מ ע י ן נ ע ק ע ר איז געבאָרען געוואָרען אין פּאַריז אין יאָר 1766. איר פאָטער, דער גרויסער זשענעוועער פינאַנסיסט איז, ווי באַוואוסט, קורץ פאַר׳ן אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָן, געוואָרען פראַנקרייך׳ס ערשטער מיניסטער און זיין נאָמען איז דעמאָלט געווען דער סימבאָל פון פרייזיניגען פראַנקרייך. איר מוטער איז געווען זעהר אַ באַגאַבטע פרוי, אַ מוסטער פון פליכט ערפילונג, אָבער שטייף און געצוואונגען, פאַר וועלכער די ערציהונג איז געווען אַלץ און די נאַטור האָט ווייניג באַדייטונג געהאַט. זי פלעגט לעגען פּעדאַנטישען געוויכט אויף קליינינקייטען, וואָרום אין מאָראַלישער הינזיכט איז, נאָך איר מיינונג, קיין אונבאַדייטענדעס נישטאָ. זעלבסט פאַרשטענדליך אַז רוסאָ׳ס ערציהונגס־מעטאָדע איז איר געווען אין העכסטען גראַד צו־ווידער, און דוקא דערפאַר איז רוסאָ מיט זיין גלויבען אין דער נאַטור און די איינגעבאָרענע טוגענדען געוואָרען דער אידעאַל פון

איר יונגער טאָכטער. זי איז אויפגעוואַקסען אַ מונטער און מוטיג קינד, וועלכעס האָט זיך באַלד אַנטוויקעלט אין אַ לעבהאַפטער, גייסטרייכער ברונעטקע, מיט שוואַרצע אויגען וואָס האָבען גע־לויכטען פון קלוגשאַפט און גוטסקייט. אין דער צייט וואָס די מו־טער האָט געשעצט דעם פאַרשטאַנד און די זעלבסט־קריטיק, האָט די טאָכטער, וועלכע האָט געליטען פון דער שטענדיגער הויזליכער אויפזיכט און פון דער מוטער'ס אייפערזיכט אויף אירע רייכע פעהיגקייטען, אָנגעהויבען צו ליבען גראַד יענע איינגעשאַפטען וועלכע שפּראָצען־אויף אַליין, אָהן קינסטליכער פּפלעגע, פון דער נעזונטער, רייכער און שעהנער נאַטור. שוין אַלס קינד איז זי אין פאָטער'ס הויז געווען אַרומגערינגעלט פון די באַריהמטעסטע מענער פון יענער צייט, וועלכע פלעגען זיך אונטערהאַלטען און צוגעצוי־גען ווערען פון אירע שנעלע אַנטוואָרטען און איבעראַשענדע איינ־פאַלען.

דאָס גייסטרייכע און פייערדיגע וואונדער־קינד איז געווען דעם טאַטענס שטאָלץ, און זי האָט באַצאָלט זיין צערטליכקייט מיט אַזאַ גרעניצלאָזער ליבע און באַוואונדערונג וואָס האָט זי באַגלייט איר גאַנץ לעבען און וואָס מען שפּירט כמעט אין אַלע אירע ווערק.

אין איר פופצענטען יאָר האָט זי אָנגעהויבען צו שרייבען אָב־האַנדלונגען, נאָוועלען און דראַמען, דאַרונטער איינע מיט דעם טי־טעל „מאָנמאָרענסי,“ וועלכע, מיט דער אויסוואַל פון דעם שטאָף, פאַרראַט די צייט ווען זי האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען צוגעצויגען צום יונגען וויקאָנט מאַטיע דע מאָנמאָרענסי, וועלכער האָט מיט אויסצייכנונג געקעמפּפט אין דעם אַמעריקאַנישען באַפרייאונגס־קריג, אָבער ווען האַנד זי האָט געמוזט אַנטזאַגען, ווייל אירע עלטערען זיינען געווען געגען אַ קאַטוילישער הייראַט. אָבער אַנ־שטאַט דעם האָט אַ געטרייע פריינדשאַפט זיי פאַראייניגט דאָס גאַנצע לעבען. אויף איר מוטער'ס פאַרלאַנג האָט זשערמעין נעקער אין יאָר 1786 חתונה געהאַט מיט דעם שוועדישען אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז, באַראָן עריק מאַגנוס סטאַל־האָלסטיין, אַ ליבלינג פון גוסטאַוו דעם 3טען, וועמען דער קעניג, כדי אים צו פאַרהעלפען צו אַזאַ אַנגעזעהענעם און רייכען שידוך, האָט פאַרשפּראָכען דעם אַמט פון אַמבאַסאַדאָר אויף אַ לאַנגער רייהע יאָרען, און ער אַליין

האָט זיינע שוויגער־עלטערען צוגעזאָגט קיינמאָל ניט אַוועקצופּי־רען זיין פרוי קיין שווערען געגען איר ווילען. ווי עס שיינט איז ער געווען איינער פון די געוויינליכע סקאַנדינאַווישע אַדעליגע פון יענער צייט, אַן אַדעלמאַן מיט גוטע מאַניערען, האַלב־געבילדעט, פאַרשווענדעריש און אַ קאָרטען שפּילער. ער איז געווען צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי זיין כלה.

קורץ פאַר דער רעוואָלוציע האָט מאַדאַם דע סטאַל אַרויסגע־לאָזט איר ערשטעס ווערק, „בריף איבער רוסאָ'ס שריפטען.” דאָס ווערק איז אַ לויב־געזאַנג און אַ וואַרים־האַרציגע פאַרטיידיגונג. צו ענדע פון דעם דריטען בריף זוכט זי צוזאַמענצופלעכטען דעם רוהם פון רוסאָ מיט דעם רוהם פון איר פאָטער, וועלכער איז גראַד דעמאָלט גערופען געוואָרען צו שטהן אַן דער שפּיץ פון פראַנקרייך. צו ענדע פון פערטען בריף באַגריסט זי מיט באַגייסטערטע ווער־טער די צוזאַמענרופונג פון די גענעראַל־שטאַטען, און מיט יוגענד־ליכער בארעדזאַמקייט דריקט זי אויס די האָפנונג אַז עס וועט דער גרויסער פראַנצויזישער נאַציאָן גליקען צו דערגרייכען דורך רוהי־גער אויפקלערונג, פאַרשטאַנד און שלום יענע גיטער, וועלכע אַנ־דערע פעלקער האָבען נאָר דורך שטראָמען בלוט ערוואָרבען. זי רופט צום פאָלק צו שטעלען עס זיך פאַר אַן עהרען־פליכט ניט איבערצוטרעטען דעם ציל, וואָס אַלע זיינען איינינג צו דערגריי־כען, און זי פאַרענדיגט מיט אַ רוף צו רוסאָ, אין וועלכען זי באַ־קלאָגט וואָס ער האָט ניט דערלעבט צו זעהן דעם אָנקומענדען, עהרפורכטיגען שוישפּיל, וואָס ער האָט ניט געלעבט לאַנג גענוג צו קענען אויפמונטערען מיט ראַט און טאַט נעקער'ן, „וועלכער פאַרדינט צו האָבען אַ ריכטער, אַ באַוואונדערער, אַ מיטבירגער ווי ער.”

די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען, און זי האָט זיך ניט גע־לאָזט האַלטען אָדער באַגרעניצען אויף דעם וועג פון מאַדאַם דע סטאַל'ס האָפנונגען און וואונשען, נעמליך, אַ קאָנסטיטוציע נאָכ'ן ענגלישען מוסטער. שנעל איז נעקער פאַרטריבען געוואָרען, אָבער זיין טאָכטער, געשיצט דורך דעם איינפלוסרייכען שטאַנד פון איר מאַן, איז געבליבען אונטער דער טעראָר־הערשאַפט אין פאַריז און האָט מער ווי איין אונשולדיגען אָפּפער געראַטעוועט. מיט דער הילף

פון דעם מוטיגען דייטשען יוסטוס עריך באָללמאַן, האָט זי גערע־טעט דאָס לעבען פון דעם מאַן וואָס איז דעמאָלט געווען איר גע־ליבטער. דאָס איז געווען נארבאָן, געוועזענער קריגס־מיניסטער, וועלכען באָללמאַן האָט אין סעפּטעמבער 1792 אונגעשטערט אריי־בערגעפירט קיין לאָנדאָן. זי האָט אפילו אויסגעארבייט א פּלאַן ווי אזוי די קעניגליכע פאמיליע זאָל אנטלויפען. דאַן האָט זיך דער האס פון די הערשענדע געווענדט געגען איר. מיט מיה און נויט איז זי אין סעפּטעמבער פון 1792 אנטרונען פון דער ראכע־דורשטיגער מאסע. זי איז אנטלאָפען נאָך קאָפּעי, באגלייט פון איר פריינד מאָנמאָרענסי, וועלכער איז אלס אריסטאָקראט פאר־פאָלגט געוואָרען און האָט זיך פארשטעלט אלס איר לאקיי. דאַן איז זי אוועק קיין ענגלאנד, וואו זי האָט אָבגעדרוקט איר פארטיי־דיגונג פאר מארי־אנטואנעט,וועלכער זי האָט אפילו פערזענליך ניט געקענט, אָבער וועמעס שיקזאל האָט איר טיף גערירט. באלד נאָכדעם איז ערשינען איר ווערק „וועגען דעם איינפלוס פון די ליידענשאפטען אויפ'ן גליק פון יחידים און פעלקער,״ א ווערק וואָס איז ארויסגערופען געוואָרען דורך די פארהעלטנישען פון דער צייט.

ווען שווערען האָט נאָך ראבעספּיער'ס פאלען אנערקענט די פראנצויזישע רעפּובליק איז מאדאם דע סטאל געקומען צוריק קיין פאריז און האָט אונטער דעם דירעקטאָריום אָנגעהויבען א פּאָלי־טישע טעטיגקייט, וועמעס ציל עס איז געווען — א פארלאמענ־טארישע קאָנסטיטוציע און פרידען מיט אייראָפּא. בלויז דורך איר איינפלוס איז טאלעיראַן געוואָרען אויסערן־מיניסטער. איר סאלאָן איז געווען דער מיטעלפּונקט פאר דער „געמעסיגטער״ פארטיי, אָבער אין דערזעלבער צייט איז ער געווען א פּאָליטישער זאמעלפּונקט פון ערשטען ראנג, און דאָ איז עס געווען וואו בענזשאמין קאָנסטאַן איז שנעל געוואָרען די הויפּט־פיגור אין די פּאָליטישע אינטריגען, אָבער אויך אין דער גנעדיגקייט פון דער ווירטין פון הויז.

אין יאָר 1800 האָט זי פארעפענטליכט איר ערשטע גרע־סערע ארבייט: „די ליטעראטור באטראכט אין איר פארהעלט־ניש צו דער געזעלשאפטליכער אָרדנונג,״ א ווערק וואָס לויט זיין

אַלגעמיינעם אינהאַלט דאַרף צונערעכענט ווערען צו יענער גרויסער גרופּע פון שריפטען, וועלכע האָבען אין אַלע לענדער פון אייראָפּאַ זייט דער רענעסאַנס באַהאַנדעלט די פראַגע: וואָס שטעהט העכער, די אַלטע אָדער די מאָדערנע ליטעראַטור? עס איז דאָס זעלבע פּראָבלעם וואָס טויכט־אויף שנעל נאָכדעם אין שאַטאָבריאַנ'ס בוך: „דער גייסט פון קריסטענטום.*) מאַדאַם דע סטאַל ערקלערט זיך, ווי שפּעטער שאַטאָבריאַן, פאַר די מאָדערנע ליטעראַטורען. אָבער דער גרונד איז פאַרשיידען: ער דרינגט אַרויס די העכערקייט פון די מאָדערנע ליטעראַטורען פון דעם פאַקט, וואָס זיי באַהאַנדלען קריסטליכען שטאָף, פון וועלכען די שריפטשטעלער פון אַלטערטום האָבען גאָרניט געוואוסט; זי שטיצט די העכערקייט פון די נייערע ליטעראַטורען אויף דער פּראָגרעסירענדער ציוויליזאַציאָן. זי גלויבט אַז די מענשהייט ווערט אויסגעאַיידעלט, אַז די געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען ווערען לאַנגזאַם פאַרפאָלקאָמט, און זי בויט דערויף איר איבערצייגונג, אַז די ליטעראַטורען וועלען אימער אַנטהאַלטען אַלץ אַ גרעסערען אוצר פון ערפאַרונג און לעבענס־קענטניש. פון אַ גרינדליכער און פּלאַנמעסיגער ליטעראַטור־פּסיכאָלאָגיע איז אויף דיזער שטופע פון איר אַנטוויקלונג נאָך קיין רייד ניט. זי נעהמט, צום ביישפּיל, די איינבילדונגס־קראַפט אָהן שום צערעמאָניע אַרויס פון יענע פעהיגקייטען וועלכע קענען פאַראײדעלט ווערען, ווייל טראָץ איר גאַנצער באַגייסטערונג פאַר „אָססיאַן" וויל זי דאָך ניט לייקענען אַז האָמער אַנטהאַלט אַ ווייט רייכערע פּאָעזיע ווי יענער. אָבער דער פאַרדינסט פון דעם בוך באַרוהט ניט דאַרויף וואָס ער באַווייזט, נאָר דאַרויף פאַר וואָס ער קעמפּפט און וואָס ער פּראָפּעצייהעט: די נויטווענדיגקייט פון אַ נייער פּאָעזיע, פון אַ נייער פילאָזאָפיע און פון אַ נייער רעליגיאָן. זי ציהט די אויפמערקזאַמקייט אויף די נאָרדישע ליטעראַטורען, די ענגלישע, די דייטשע, די אויסלענדישע זאַגען און די אַלט־סקאַנדינאַווישע העלדען־געדיכטען. אָססיאַן איז פאַר איר דאָך דער הויפּט־טיפּוס פון דאָס פּאָעטיש־גרויסאַרטיגע אין דער נאָרדישער דיכטונג. זי

*) „די רעאַקציע אין פראַנקרייך."

האָט ליב זיין ערנסט און אומעט; וואָרום, זאָגט זי, „די מעלאַנ־כאָלישע פּאָעזיע איז דיעניגע וואָס פּאַסט אַם מייסטען צו דער פילאָזאָפיע.״ וואָס אָנבאַלאַנגט די דייטשען שרייבט זי: „דאָס באַרייטענדסטע בוך וואָס די דייטשען באַזיצען, און דאָס איינ־ציגע וואָס זיי האָבען אַרויסצושטעלען געגען די מייסטערווערק פון אַנדערע שפּראַכען, איז „ווערטהער.״ דערפאַר וואָס מען רופט עס אַ ראָמאַן ווייסען פיעל מענשען ניט אַז עס איז אַ גאַנץ ווערק. מען האָט דעם פאַרפאַסער פון „ווערטהער״ געוואָלט מאַכען דעם פאָרוואורף אַז ער מאַכט דעם העלד ליידען אַנדערע שמערצען ווי די וואָס שפּראָצען אַרויס פון זיין ליבע, אַז ער מאַכט אים צופיעל צו קוועלען זיך איבער אַ באַליידיגונג, און אַזוי אויפגעבראַכט איבער דער געזעלשאַפטליכער אונגלייכהייט וואָס האָט געפירט צו דיזער באַליידיגונג; אָבער נאָך מיין מיינונג איז דאָס איינער פון די געניאַלסטע שטריכען פון דעם ווערק.״

דער גרונד־געדאַנק פון „די ליטעראַטור באַטראַכט אין איר פאַרהעלטניש צו דער געזעלשאַפט״ איז, אַז די סאָציאַלע פרייהייט מוז נויטווענדיגערוויז פירען צו אַ ליטעראַרישער רעפאָרמע, און אַז עס וואָלט געווען אַן אונזין ווען די געזעלשאַפט וועלכע האָט זיך עראָבערט פּאָליטישע פרייהייט, זאָל באַזיצען אַ ליטעראַטור וואָס איז געפּענטעט דורך רעגעלען. „אָה, רופט זי אויס מיט גליהענדען פייער, ווען מיר זאָלען געפינען אַ פילאָזאָפישע סיס־טעם, אַ באַגייסטערונג פאַר דאָס גוטע, אַ שטאַרקע און גערעכטע געזעצגעבונג, וואָס זאָל קענען זיין פאַר אונז דאָס וואָס די קריסט־ליכע רעליגיאָן איז געווען פאַר דער פאַרגאַנגענהייט!״

אייפערזיכטיג אויף איר אויפשטייגענדען רוהם און וואַכזאַם אַלס ריטער פון רעליגיאָן, איז שאַטאָבריאַן גלייך אַרויסגעטראָטען מיט אַ קריטיק געגען איר בוך. מאַנכע קריטיקער האָבען פאַר־שפּאָט איר מעלאַנכאָליע און צווישען אַנדערע זאַכען איר געזוכט צו שלאָגען מיט די גריכען, וועלכע זיינען דאָך ניט געווען קיין מעלאַנכאָליקער. שאַטאָבריאַן האָט באַנוצט די געלעגענהייט צו געבען אַ שלאַכט פאַר דער פּאָזיטיווער רעליגיאָן. „מאַדאַם דע סטאַל, — זאָג ער, — שרייבט־צו דער פילאָזאָפיע דאָס וואָס איך שרייב־צו דער רעליגיאָן. און ווענדענדיג זיך צו איר אַליין

זאָגט ער: "אייער טאַלאַנט איז נאָר האַלב אַנטוויקעלט, ער ווערט דערשטיקט פון דער פילאָזאָפיע. איר שיינט צו זיין ניט גליק־ליך, אָבער ווי קען די פילאָזאָפיע היילען דעם טרויער פון אייער נשמה? קען מען אַ וויסטע פרוכטבאַר מאַכען מיט אַן אַנדער וויסטע?" און ער באַנוצט נאָך פיעל אַזעלכע פראַזען, וועלכע פאַרראַטען שוין אַזוי פריה זיין מורא פאַרדונקעלט צו ווערען פון מאַדאַם דע סטאַל, אַ מורא, וואָס פאַרלאָזט אים ניט, און מיט גוטען גרונד, זיין גאַנץ לעבען.

אין דיזער צייט פאַלט אויך אויס דער אָנהויב פון איר אָפּאָזיציאָן צו באָנאַפּאַרט, וועלכער האָט געהאַלטען אַ צווייטען מאָל ביי פאַרשיקען זי פון פראַנקרייך, דאָס מאָל אויף צען יאָר. נאָך דער איטאַליענישער קאַמפּאַניע האָט זי געמיינט אַז זי האָט געפונען אין אים אַ באַשיצער פון פרייהייט, האָט אים געשריבען באַגייסטערטע בריף און האָט אים באַוואָגען אויסצושטרייכען איר פאָטער'ס נאָמען פון דער עמיגראַנטען־ליסטע. ווען ער איז אָבער געוואָרען ערשטער קאָנסול האָט זי אין אים איינגעזעהן בלויז "אַ ראָבעספּיער רייטענדיג", און מיט רעכט קלאָגט זיך באָנאַפּאַרט אַז זי האָט אויפגערייצט די גייסטער געגען אים. אַלע פרעמדע דיפּלאָמאַטען פלעגען פאַרברענגען, לויט אירע אייגענע ווערטער, "זייער לעבען ביי איר", זי פלעגט ריידען יעדען טאָג מיט אַ גרויסער צאָל איינפלוסרייכע פערזאָנען, וואָרום געשפּרעך איז פאַר איר געווען דער גרעסטער גענוס, און מען זאָגט אַז באָנאַפּאַרט האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט אַז יעדערער וואָס האָט גערעדט מיט מאַדאַם דע סטאַל האָט אָנגעהויבען האַלטען ווייניגער פון אים. ער האָט זי געלאָזט פרעגען וואָס אייגענטליך זי וויל, אויב זי וואָלט צופרידען געווען ווען ער זאָל איר אויסליפערען די צוויי מיליאָן, וואָס איר פאָטער האָט אַריינגעלעגט אין דער שטאַטס־קאַסע און וואָס מען האָט מיט אונרעכט פאַרהאַלטען. זי האָט נאָר געענטפערט אַז עס איז ניט אַזוי וויכטיג וואָס זי וויל ווי וואָס זי טראַכט. פון דעם אויגענבליק אָן ווען בענזשאַמין קאָנסטאַן האָט צום ערשטען מאָל גערעדט אין טריבונאַט געגען אַ פאָרשלאַג פון באָנאַפּאַרט, איז איר הויז אין פאַריז געוואָרען לעדיג, און אַלע איינלאַדונגען זיינען געענטפערט געוואָרען מיט אָבזאָגען. ענדליך,

נאָכדעם ווי עס איז ערשינען איר פאָטער'ס בוך **"Les dernieres vues de politique et de finances"** איז זי אויפ'ן אויסדריקליכען באַפעל פון באָנאַפּאַרט אויסגעוויזען געוואָרען פון פּאַריז.

קיין קלאַפּ האָט ניט געקענט זיין פאַר איר שווערער! זי האָט עס פאַרגליכען צו אַ טויט־אורטייל. זי, וואָס האָט נאָר אין דער הויפּטשטאָדט געלעבט, וועלכע האָט אַזוי שלעכט געקענט אויסקומען אָהן אירע פריינד, אָהן גייסטרייכע און באַלערענדע גע־שפּרעכען, אָהן באַטייליגונג אין גרויסע פּאַסירונגען, האָט באַזונ־דערס שטאַרק געליטען אין דעם געצוואונגענעם גלות פון איר פאָטערלאַנד און היים. „יעדער שריט וואָס די פּאָסט־פערד האָבען געמאַכט פאָרווערטס, האָט שמערצליך אָבגעקלונגען אין מיין נשמה, און ווען די טרייבער האָבען זיך געפרעגט אויב זיי זיינען געפאָרען שנעל גענוג, האָב איך זיך ניט געקענט איינהאַלטען פון טרערען איבער דער טרויעריגער געפעלינקייט וואָס זיי האָבען מיר אַרויסגעוויזען."

בענזשאַמין קאָנסטאַן האָט זי באַגלייט אויף דיזער רייזע; אָבער ווען זי האָט געהערט אַז איר מאַן איז קראַנק איז זי אָוועקגע־פאָרען צו אים און איז אַרומגעגאַנגען אַרום אים ביז זיין טויט.

אין 1803 האָט זי אַרויסגעגעבען „דעלפין", אַ ראָמאַן אין פינף טיילען אין דער פאָרמע פון בריף, נאָכ'ן מוסטער פון דער „נייער העלאָיז." מען קען גאַנץ לייכט נאָכפאָלגען די איינדרי־קען און עראינערונגען פון איר אייגענעם לעבען, וועלכע ליגען אין פונדאַמענט פון איר ראָמאַן. דאָס בוך באַהאַנדעלט די טהאַט פון אַ פרוי, וועלכע פאָלגט נאָך דעם געפיהל פון אַ פליכט און אַנטזאַגט זיך פון אַ גליקליכער הייראַט אַזוי, אַז די עראינערונג וועגען דער יוגענד פון דער שרייבערין ווען זי האָט אַנטזאַגט די האַנט פון מאָנמאָרענסי, שטעלט דאָ פאָר דעם רעאַלען הינטער־גרונד פון דעם ראָמאַן. אָבער דער ווירקליכער אינהאַלט פון דעם בוך באַשטעהט ווידער אין דעם קאַמפּף פון אַ ליבענדער פרוי פאַר איר גליק נעגען דער געזעלשאַפט, און אין דער ברוטאַלער פאַרניכטונג פון גליק און פרידען פון דעם יחיד דורך די געזעל־שאַפטליכע פאָראורטיילען. און דאָ שפּילען אַ גרויסע ראָלע די פרישע איינדריקען פון דער פאַרפאַסערינס לעצטע יאָרען, איר

באַציהונג צו איר מאַן און צו בענזשאַמין קאָנסטאַן. די שיידונג מיט דעם באַראָן סטאַל־האָלסטיין האָט באַפלעקט איר רעפּוטאַציע, איר באַציהונג צו קאָנסטאַן איז געווען אַלעמען באַוואוסט און ער איז אָהן צווייפעל געווען דער פאָטער פון איר טאָכטער אַלבערטין, געבאָרען אין 1797 און שפּעטער די הערצאָגין פון בראָגליע. מאַדאַם דע סטאַל האָט אויף איין אויגענבליק ניט געצווייפעלט, ווען זי האָט געשריבען „דעלפין", אַז קאָנסטאַן וועט געזעצליך מאַכען זיין טאָכטער דורך שנעלער הייראַט מיט דער מוטער. אָבער רייך און אָנגעזעהן ווי זי איז ניט געווען, און טראָץ דעם גרויסען אָבשיי וואָס די געזעלשאַפטליכע מיינונג האָט געוויינליך פאַר רייכטום און סאָציאַלער אונאַבהענגיגקייט, האָט זי דאָך ביטער געפיהלט די פאַרשטעלטע פאַרפאָלגונגען פון די פאַרלוימדער און די גוט־אויסגעאַרבייטע אַטאַקען פון די היפּאָקריטען אויף איר נאָמען.

„דעלפין" טראָגט אַ מאָטאָ וואָס דערמאָנט אָן דער פאַרפאַסערינס מוטער: „אַ מאַן דאַרף קענען זיך שטעלען געגען דער עפענטליכער מיינונג, אַ פרוי זיך אונטערוואַרפען צו איר." — אַ מאָטאָ וואָס שטימט מיט'ן אינהאַלט פון בוך, אָבער זיין גייסט און דער פאַקט גופא וואָס עס איז פאַרעפענטליך געוואָרען ווידערשפּרעכען עס. וואָרום דאָס בוך איז געשריבען געוואָרען צו באַרעכטיגען גט און איז ערשינען אין דעמזעלבען יאָר אין וועלכען נאַפּאָלעאָן האָט געשלאָסען דעם קאָנקאָרדאַט מיט'ן פּאַפּסט. דאָס ווערק אַטאַקירט די אונצושיידבאַרע הייראַט און דעם קירכליכען נדר אין דעמזעלבען אויגענבליק ווען די חתונה־געזעצען זיינען פאַרשאַרפט געוואָרען און די קירכע האָט גרעסטענטיילס צוריק געוואונען איר אַלטע מאַכט.

דאָס בוך שטימט מיט זיין מאָטאָ אויף אַזוי ווייט ווי עס לערנט דורך דעם שיקזאַל פון זיין העלדין, אַז די פרוי וועלכע רירט אָן די פאָדערונגען פון דער געזעלשאַפט, מעג עס זיין אַפילו נאָך אַ לאַנגען און איידעלמוטיגען אויפּאָפּפערען פון איר אייגענעם וואוילזיין, און נאָר כדי צו פאַרהיטען איר געליבטען פון אונטערגאַנג, מוז געהן צו גרונד. עס ווידערשפּרעכט די מאָטאָ אויף אַזוי ווייט ווי די שרייענדע אונגערעכטיגקייט פון אַזאַ שיקזאַל רעדט פיל מעכטיגער ווי יעדע דעקלאַמאַציאָן געגען דער שלעכטסקייט

פון דער געזעלשאפט און געגען דער אונזיניגער מאכט צו אונטער־דריקען און אומגליקליך צו מאכען, וואס די מענשליכע קורצזיכטיג־קייט און פיינהייט האט איבערגעגעבען צו אבגעלעבטע אינסטי־טוציאנען, אונטערן דרוק פון וועלכער דעלפין ווערט צומאלען. זי ווערט גלייך פון אנפאנג אן געשילדערט אלס העכערעס וועזען, ריין, גוטהערציג, פול מיט לעבען, און דערהויבען דורך איר ריינ־קייט אליין, איבער דער היפאקריטישער מאראל פון דער געזעל־שאפט. קיין סצענע מאלט ניט שעהנער דעלפינ'ס כאראקטער ווי די, אין וועלכער די אונגליקליכע, פארלוימדעטע פרוי קומט אריין אין דעם טולערין־זאל און אלע דאמען הויבען זיך גלייך אויף פון זייערע פלעצער און געהען אריבער אויף דער אנדער זייט, לאזענדיג א גרויסען אפענעם רוים ארום דער באשימפפטער, נאר דעלפין אליין געהט דורך דעם זאל און זעצט זיך אליין אוועק נעבען דעריעניגער, אויף וועלכער אלע איבעריגע פרויען האבען געזוכט איבערצוויאגען איינע די אנדערע אין ווארפען דעם ערשטען שטיין.

דורך א רייה פון כמעט טיפעלשע ערפינדונגען און אינטרי־גען געלינגט איינער פון די הויפט פערזאנען פון דעם בוך, א מין ווייבליכער טאלעיראן, צו דערווייטערען דעלפין פון איר געליבטען און אים פארבינדען מיט א וועזען וואס איז פונקט דער היפך פון דעלפין, מיט דער קאלטער און פרומער מאטילדא, וועלכע נעהמט נאך דערצו ביי דער באטראגענער, קיינער זאל ניט וויסען, דעם גרויסען נדן, מיט דער הילף פון וועלכען די חתונה קען צו־שטאנד קומען. ווען די געגאנעריי ווערט אנטדעקט און אלע אינ־טריגען ווערען אויפגעלעזט זיינען מאטילדא און לעאנס שוין פאר־אייניגט, און פאראייניגט אין דער אוננאטירליכסטער פאר וואס עס קען נאר געבען אין דער ווירקליכקייט אדער אין ראמאן. ארום דיזער פאר גרופירען זיך אנדערע פונקט אזעלכע אבשייליכע היי־ראטען און פונקט אזעלכע אומגליקליכע ליבעס־געשיכטען, כדי שארפער ארויסצוברענגען דעם הויפט־געדאנק: אנרי דע לע־בענסעי, וועלכער איז אן אידעאליזירטער פארטרעט פון קאנ־סטאן, קען זיך ניט פאראייניגען מיט זיין געליבטער איידער זי שיידט זיך פון א מאן, מיט וועלכען, ווי זי זאגט, זי קען ניט לעבען

צוזאמען זיך ניט אָבזאָגענדיג פון אלע גוטע און איידעלע אייגענ־שאפטען פון איר נשמה, און מ. דע סערבעלאָן שטעהט פונקט אין אזא האָפנונגסלאָזער פארהעלטניש צו טערעז ד׳ערוועון ווי דעלפין צו מאטילדא׳ס מאַן.

דעלפין ווערט געשילדערט אַזוי ריין און אויפאָפפערענד, אז ניט נאָר ווייזט זי ענערגיש צוריק יעדען געדאנק פון א מענ־ליכער פארבינדונג מיט לעאָנס, וועלכע וואָלט נאטירליך פאר־אורזאכט דאָס אומגליק פון זיין ווייב, נאָר זי וויל אפילו ניט ליידען ער זאָל טראַכטען דערפון. פארקערט, זי בארוהיגט אים, זי ווייזט אים אָן אויף א העכערער מאָראל און רעליגיאָן ווי די, אין וועלכער ער, אלס קינד פון דעם נאָר־וואָס פארלאָפענעם אכ־צענטען יאָרהונדערט, לעבט: „לעאָנס, איך האָב ניט ערווארט צו געפינען ביי אייך אזא גלייכגילטיגקייט צו די רעליגיעזע אי־דעען. איך האָב די העזה אייך עס פאָרצוווארפען. אייער מאָראל איז באַגרינדעט נאָר אויף עהרע; איר וואָלט א סך גליקליכער געווען ווען איר וואָלט אָנגענומען יענע אמת׳ע און איינפאַכע פּרינציפען, וועלכע אונטערוואַרפען אונזערע האנדלונגען צו אונ־זער געוויסען און באפרייען אונז פון יעדען אנדערען יאָך. איר ווייסט אז מיין ערציהונג האָט ניט נאָר ניט פארשקלאָפּט מיין געדאנק, נאָר האָט אים גיכער געמאכט פיליכט אביסעל צו אונ־אבהענגיג. עס קען זיין אז אָבערגלויבישע באַגריפען און פאָר־שטעלונגען פּאסען בעסער פאר א פרוי ווי גייסטיגע פרייהייט; מיר שוואכע און וואקעלדיגע באַשעפענישען נויטיגען זיך פון אלע זייטען אין שטיצע, און ליבע איז א מין לייכטגלויביגקייט וואָס איז פיליכט גענוג צו פּארבינדען זיך מיט אלע אנדערע מינים פון לייכטגלויביגקייט און אָבערגלויבען; אָבער דער איידלער באַשי־צער פון מיין יוגענד האָט געהאט גענוג אכטונג פאר מיין כאראק־טער אום צו אַנטוויקלען מיין פארשטאַנד, און ער האָט פון מיר קיינמאָל ניט פארלאַנגט אַז איך זאָל אָננעהמען אַן אידעע ניט זייענדיג דורכגעדרונגען פון איר, אָדער וואָס איך האָב ניט באַקו־מען מיט מיין שכל. איך קען דאריבער רעדען מיט אייך איבער רעליגיאָן, וועלכע איך ליב ווי איבער יעדער אנדער זאַך, וואָס מיין הארץ און מיין פארשטאַנד האָבען פריי געפּרובט, און

דאָס וואָס איך וועל אייך זאָגען קענט איר ניט צושרייבען צו די ארויפגעצוואונגענע געוואוינהייטען אָדער ניט דורכגעטראכטע איינפלוסען פון מיין קינדהייט. דעריבער, לעאָנס, ווייזט ניט צוריק די טרייסט וואָס די נאטירליכע רעליגיאָן שענקט אונז." הערען מיר ניט א ווידערקול פון רוסאָ, די רעאקציע געגען וואָלטעיר אין דיזע ווערטער, וועלכע נעקער'ס טאָכטער לעגט אריין אין דעם מויל פון איר אנדרערען איך?

אָבער די האנדלונג אנטוויקעלט זיך, און עס ווערט גיך אונמעגליך אויפצוהאלטען די אוננאטירליכע פאראייניגונג, אריבערצוטראָגען די אוננאטירליכע ליידען. אנרי דע לעבענסעי שרייבט יענעם בריף וועגען גט, וואָס איז פאר'ן ראָמאן אזוי אומגליקליך געוועזען און וועלכער איז אריינגעפאלען אין קלעריקאלען לאגער אזוי ווי א ברענענדיגער פאקעל. ער שרייבט צו דעלפין: „דער, וועמען איר ליבט, איז אייך נאָך אימער ווערט, מאדאם. ניט זיין און ניט אייער געפיהל איז אומשטאנד עפּיס צו טהאָן געגען דער לאגע אין וועלכער א בייזער שיקזאל האָט אייך ביידע אריינגעזעצט. עס בלייבט נאָר איבער איין מיטעל אויפצושטעלען צוריק אייער גוטען נאָמען און דאָס גליק ווידער צו געווינען: נעהמט צוזאמען אלע אייערע קרעפטען אום מיך אויסצוהערען. לעאָנס איז ניט אויף אייביג געקניפּט צו מאטילדא'ן. לעאָנס קען נאָך ווערען אייער מאן; אין פארלויף פון א מאָנאט וועט די קאָנסטיטואירענדע פארזאמלונג מאכען גט פאר געזעצליך." מען דארף געדענקען אז דער ראָמאן איז ערשינען אין א צייט ווען די קאטוילישע הערשאפט איז צוריק איינגעפירט געוואָרען אין פראנקרייך. איך גיב דאָ נאָך אייניגע שטעלען פון זיין בריף:

„די וואָס פארדאמען דעם גט באהויפּטען, אז זייער אנשויאונג איז די מאָראלישסטע; אויב דאָס וואָלט ווירקליך אזוי געוועזען וואָלטען אלע עדליכע דענקער געדארפט מיט זיי איינשטימען וואָרום דער ערשטער צוועק פון דעם געדאנק איז צו לערנען אונז דערקענען אונזערע פליכטען אין זייער גאנצען אומפאנג. אָבער איך וויל צוזאמען מיט אייך אונטערזוכען אויב די פּרינציפּען וועלכע פירען מיך גוטצוהייסען דעם גט, שטימען ניט בעסער מיט דער נאטור פון דעם מענשען און מיט די מענשען-פריינדלי-

כע אַבזיכטען, וועלכע מיר מוזען צושרייבען דער גאָטהייט. די אונצושיידבארקייט פון אונהארמאָנישע חתונות מאכט דאָס לעבען איין לאַנגע רייהע פון האָפנונגסלאָזע ליידען. יאָ, מען זאָגט אז דאָס העלפט צו אונטערדריקען יוגענדליכע נייגונגען, אָבער מען פארגעסט אז די אונטערדריקטע נייגונגען פון דער יוגענד ווערען דער אייביגער קומער פון אלטער. איך לייקען ניט די אלע חסרונות וואָס זיינען פארבונדען מיט גט, אָדער די אלע אונפּאַלקאָמענ־קייטען פון דער מענשליכער נאטור וואָס מאכען דעם גט נויטיג; אָבער אין מיטען פון א ציוויליזירטער געזעלשאפט, וועלכע האָט גאָרנישט אייַנצואווענדען געגען „באקוועמע חתונות" אָדער חתונות וועלכע ווערען געשלאָסען אין אן עלטער ווען עס איז אונמעגליך פאָראויסצוזעהן די צוקונפט — א געזעלשאפט וועמעס געזעצען קענען ניט באשטראָפען, ניט די עלטערען וואָס מיסברויכען זייער אויטאָריטעט, ניט די פארהייראטע וואָס פירען זיך אויף שלעכט איינס געגען אנדערען — אין אזא געזעלשאפט איז דאָס געזעץ געגען גט נאָר שווער אויף די קרבנות, וועמעס קייטען עס שמידט פעסטער צוזאמען, אָבער קען ניט ווירקען אויף די אומ־שטענדען וואָס מאכען דיזע קייטען לייכט אָדער שווער צו טראָ־גען. עס איז ווי די געזעלשאפט וואָלט געזאָגט: „איך קען אייער גליק ניט זיכערען, אָבער איך וועל וועניגסטענס גאראנטירען די דיוערהאפטיגקייט פון אייער אומגליק."

אין אזעלכע שווערע זאצען און שעהנע פראזען פאָרמולירט דיזער ראָמאן דאָס וואָס מען האָט דעמאָלט און אין שפּעטערע צייטען גערופען מאדאם דע סטאל'ס אנגריף אויף דער הייראט. אין דער אמת'ן איז עס אָבער ווי מיר זעהען, נאָר אן אטאקע אויף דער דריקענדער און שטיקענדער מאכט וואָס די געזעלשאפט — וואָס איז לכתחילה טאקע ציוויליזירט געוואָרען דורך דער גייסט־ליכקייט אין א צייט ווען יעדע גייסטיגע מאכט איז געוועזן קירכען־מאכט — האָט געגעבען צו די ערשטע יוגענדליכע געפיהלס־איינ־דריקען, אין די קאטוילישע לענדער דורך דער געזעצגעבונג און אין די פּראָטעסטאַנטישע לענדער דורך דער עפענטליכער מיי־נונג, וועמעס שטרענגע יוסטיץ שפּילט דאָ דיזעלבע ראָלע וואָס דאָרט די חתונה־געזעצען. דער פּראָטעסט געהט ארויס פון דעם

שטאנדפונקט, אז די חתונה איז נאָר דעמאָלט א מענשליכער איר־דעאַל, ווען די צוויי מענשען וועלכע האָבען א באשטימטען אויגענבליק פון זייער לעבען צוגעזאָגט איינער דעם אנדערען טריי־הייט און אונאונטערבראָכענעם צוזאמענלעבען פאַר דעם רעשט פון זייערע טעג, קענען און ליבען ווירקליך איינס דאָס אנדערע, און עס ווערט אָנגעוויזען ווי אונגעהויער שווער עס איז פאר'ן מענ־שען גרונטליך קענען צו לערנען זיך זעלבסט און אן אנדער מענשען. ווען די חתונה מוז האָבען אַלס איר יסוד די געגענזייטיגע קענטניש, דאן עקזיסטירט זי ניט דאָרט וואו אזאַ קענטניש איז ניטאָ, צי דאַרף ניט יעדע הייראַט זיין א סימבאָל פון לעבען, ניט א מצבה איבער א טויטען? צי קען א גאַנץ לעבען געבויט זיין אויף א פאר'־שכור'טקייט פון דער יוגענד אָדער אויף א מיט גוואַלד געצוואונ־גענעם יאָ? אין יענע פעלען, וואו די חתונה האָט ניט קיין בע־סערען פונדאַמענט, איז איר הייליגקייט אן איינגעבילדעטע זאַך און באַרוהט נאָר דאַרויף וואָס מען פארמישט אן אידעאַל מיט דער ווירקליכקייט.

אָבער דעלפין לאָזט זיך פונדעסטוועגען ניט איבעררייַדען. געטריי צום לאָזונג פון בוך, אז א פרוי מוז זיך אונטערוואַרפען צו דער עפענטליכער מיינונג באַשליסט זי צו לעגען צווישען זיך און לעאָנס נאָך א שטערונג, אבגעזעהן פון לעאָנס'עס חתונה. ווען זיין פרוי שטאַרבט טוט דעלפין אָן דעם שלייער פון א נאָנע. און עס צופאַלאקערט זיך ווידער דערזעלבער קאַמפף געגען א פאר־הייליגטען נדר, נאָר אין אן אנדער געשטאַלט. און דאָס מאָל איז עס ווידער אנרי וואָס טרעט ארוים פאר דער אָפּאָזיציע, נאָר יעצט ווענדט ער זיך צו לעאָנס'ן:

„זייט איר אימשטאַנד צו הערען א מוטיגע, נוצליכע, ענערגישע עצה, אן עצה וואָס קען אייך רעטען פון דעם אָב־גרונד פון עלענד? האָט איר דעם כח אָנצונעהמען א באַשלוס, וואָס געהט, אמת, להיפך צו אַלץ וואָס איר האָט ביז איצט אין אייער לעבען געשעצט, צו דער עפנטליכער מיינונג און צו די אָנגענומענע זיטען, אָבער וואָס שטימט מיט מאָראַל, פאַר־שטאַנד און מענשליכקייט? איך בין א געבאָרענער פראָטעס־טאַנט, און, איך בין מודה, איך בין ניט ערצויגען געוואָרען

אין עהרפורכט פאַר די אונזיניגע און באַרבאַרישע אינסטיטו־
ציאָנען, וועלכע פּאַרערען ביי אַזוי פיעל אונשולדיגע באַשעפּע־
נישען די אויפאָפּפערונג פון אַלע נאַטירליכע נייגונגען; אָבער
מוז מען וועניגער צוטרוי צו מיין מיינונג האָבען, ווייל זי איז
ניט באַאיינפלוסט פון פּאָראורטיילען? דער שטאָלצער, דער
איידלער מענש דאַרף נאָר פאָלגען די אוניווערזאַלע מאָראַל.
וואָס באַדייטען דיזע פּליכטען, וואָס שטראָמען ארוים פון צו־
פעליגע אומשטענדען, וואָס העגנגען אָב אָן די קאַפּריזען פון
געזעץ אָדער דעם ווילען פון די פּריסטער, און וואָס אונטער־
ווארפען דאָס געוויסען פון דעם מענשען צו דעם אורטייל פון
אַנדערע מענשען, וועלכע האָבען שוין לאַנג געבויגען זייער
נאַקען אונטערן יאָך פון די געמיינשאַפטליכע פּאָראורטיילען
און זאָגאַר געמיינשאַפטליכע אינטערעסען? פראַנקרייך'ס גע־
זעצען באַפרייען דעלפין פון דעם נדר, וואָס טרויעריגע אומ־
שטענדען האָבען ביי איר אַרויסגעפּרעסט; קומט און לעבט
מיט איר אויף דער פּאַטערליכער ערד. וואָס צושיידט אייך?
א נדר וואָס זי האָט געטהאָן צו גאָט? גלויבט מיר אַז גאָט
קען צו גוט אונזער נאַטור אום אָנצונעהמען פון אונז
באַשלוסען וואָס קענען ניט צוריקגערופען ווערען. פּיליכט
איז פאַראַן עטוואָס אין אייער הארצען וואָס דערלאָזט אייך ניט
זיך באַנוצען מיט פראַנקרייך'ס געזעצען, ווייל זיי זיינען ארוים־
געקומען פון א רעוואָלוציע, וואָס איז אייך ניט ליב? מיין
פריינד, דיזע רעוואָלוציע, וועלכע איז ליידער באַפלעקט גע־
וואָרען פון גוואַלדטאַטען, וועט טייער געשעצט ווערען פון די
קומענדע דורות פאַר דער פרייהייט וואָס זי האָט פראַנקרייך גע־
שענקט; ווען עס זאָלען נאָר קומען נאָך איר פאַרשיידענע
פאָרמען פון שקלאַפעריי, דאַן וועט די הערשאַפט פון דיזע פאָר־
מען זיין די שענדליכסטע פּעריאָדע אין דער וועלט־געשיכטע.
אָבער ווען פרייהייט וועט זיין איר רעזולטאַט, דאַן איז גליק,
עהרע, טוגענד, אַלץ וואָס איז איידעל אין דעם מענשען, אַזוי
ענג פאַרקניפּט מיט דער פרייהייט, אַז די צוקונפטיגע יאָרהונ־
דערטען וועלען אָהן שטרענגקייט אורטיילען די געשעהענישען,
וועלכע האָבען געפירט צו איר.”

אויף אזוי ווייט קעמפפט דאס בוך נעגען באשטימטע אינסטיטוציאנען. אבער אויסערדעם קעמפפט עס אויף יעדער זייט נעגען דעם ווייט־פארצווייגטען געוועב פון די אנגענומענע און פעסטע מיינונגען און פאראורטיילען, מיט וועלכען די מייסטע מענשען זיינען געפאנצערט פון קאפ ביז די פיס, מיינונגען וועלכע טארען ניט אנגערירט ווערען נאר דערפאר וואס זיי ווערען געהאלטען פאר הייליג אויף א שטח פון אזוי פיעל און אזוי פיעל קוואדראט מייל. אין דיזען פונקט מוז אפען געזאגט ווערען, איז דאס בוך באדייטענד און קרעפטיג ווי ווייניגע ווערק אין דער עמיגראנטען־ליטעראטור. ווארום א פאלק באזיצט א ליטעראטור אום זיין האריזאנט זאל אויסגעברייט ווערען און זיינע אנשויאונגען זאלען געשטעלט ווערען פנים אל פנים מיט'ן לעבען. פון דער פריהסטער יוגענד געפינט יעדער איינער אין דער מארערנער געזעלשאפט א העכסט קאמפליצירטען קאסטום פון פאראורטיילען וואס ער מוז אנטאן. „ווארום — פרעגט דער מענש — מוז איך דיזען צעלעכערטען מאנטעל אנטאן אויף זיך? קען איך ניט אויסקומען אהן די אלטע שמאטעס? איז עס אבסאלוט נויטיג, אז איך זאל מיר דאס פנים ענטוועדער פארשווארצען אדער באהאלטען אונטער דיזער פרומער שאפענער מאסקע? מוז איך זיך פארפליכטען צו גלויבען אז פאלישינעל האט ניט קיין הויקער, מוז איך פיערא פאר עהרווירדיג האלטען, און הארלעקען פאר אן ערנסטען מאן באטראכטען? טאר איך אבסאלוט קיינעם פון זיי אין געזיכט ניט קוקען און אויפ'ן האנד אנשרייבען: „איך קען דיך, שעהנע מאסקע!?" איז גאר קיין חסד ניטא? עס איז ניטא פאר דיר קיין גנאד אויב דו ווילסט ניט אז פאלישינעל זאל דיך שלאגען, פיערא זאל דיך מיט די פיס שטויסען און הארלעקען זאל דיך מיט זיין שטעקען די ביינער צוקלאפען. אבער די ליטעראטור איז, אדער דארף זיין, דער פלאץ וואו יעדע אפיציאליטעט הערט־אויף, דאס קאנווענציאנעלע ווערט אבגעשאפט, די מאסקען ארונטערגעריסען, און יענעם שרעקליכעם, אונערהערטעם, — די ווארהייט, — ווערט אפען ארויסגעזאגט.

„דעלפין" האט ארויסגערופען א שטארקע אפאזיציאן. דער באקאנטסטער קריטיקער פון יענער צייט האט געשריבען: „עס

קען ניט זיין קיין געפערליכערעס און אונמאָראַלישערעס ווי די פּרינ־ציפּען וואָס ווערען אנטוויקעלט אין דיזען ווערק. די פּאַרפּאַסערין האָט אפנים פאַרגעסען די אנשויאונגען אין וועלכע זי, נעקער'ס טאָכטער, איז ערצויגען געוואָרען. ניט קוקענדיג אויף דער פּראָ־טעסטאַנטישער לערע פון איר פאַמיליע רעדט זי דאָך מיט פאַר־אכטונג וועגען דער רעליגיעזער אנטפּלעקונג, און אין דיזען שלעכטען בוך, וואָס, עס מוז צוגעגעבען ווערען, איז געשריבען מיט פיעל טאַלאַנט, ברענגט זי פּאָר א לאַנגע פאַרטיידיגונג פאַר'ן גט. דעלפין רעדט פון ליבע ווי א באַכאַנטין*), פון גאָט ווי א קוויי־קער, פון טויט ווי א גרענאַדיר, און פון מאָראַל ווי א סאָפיסט." הויך־קלינגענדיגע ווערטער, אָבער דיזעלבע הויך־קלינגענדיגע ווערטער וואָס די צוקונפט מוז שטענדיג הערען פון דער פאַרגאַנ־גענהייט וואָס האָט שוין ניט קיין ציין, וועמעס שווערע ארטילעריע איז אָנגעלאָדען ביז'ן מויל מיט דעם נאַסען פּולווער פון דער אָרטאָדאָקסיע און מיט די פּאַפּירענע קוילען פון דער קליין־קעפּיג־קייט! זיי טויטען ניט דאָס ווערק, אָבער פון דעם פאַרפאַסער קענען זיי לייכט א סוף מאַכען.

בשעת די קריטיקער פון יענער צייט ריידען אין די העכסטע טענער וועגען דער פאָרמע פון דעם בוך און די דיכטערישע פע־היגקייטען פון דער פאַרפאַסערין, אום צו קענען בעסער ארונטער־רייסען די לעבענס־אנשויאונג און דעם אידעאַלען צוועק פון דעם ווערק, האָט א מאָדערנער קריטיקער וועניג גוטס צו זאָגען איבער דער לויזער און ברייטער קונסט־פאָרם, וואָס דאָס בוך האָט, אזוי ווי די מייסטע ראָמאַנען וואָס זיינען געשריבען אין בריף־פאָרם. פאַרקערט, די אידעען, זיינע נאָך היינט אויך שטאַרק, יאָ, זיינען נאָך אפילו ניט דורכגעדרונגען אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער, אָבוואָל דער ניינצענטער יאָרהונדערט האָט זיך באַמיהט זיי אַלץ מער און מער צו פאַרווירקליכען.

דער ברוך צווישען דעם אינדיווידואום און דער געזעלשאַפט, ווי ער ווערט פאָרגעשטעלט אין „דעלפין", איז אינגאַנצען אין

---

*) אַ פּריסטערין פון דעם גריכישען לוסטיגען ווייז־גאָט באַכוס. — איבערז.

גייסט פון דער עמיגראנטען־ליטעראטור. דער מוטיגער אויפ־שוואונג, אזוי גוט ווי די אבהענגיגקייט, מיט וועלכער דער קאמפף פון דעם אינדיווידואום ווערט געשילדערט אלס פראכטלאז, געפינט זיך איבעראל אין דיזער גרופע שריפטען. דער אויפ־שוואונג איז אין דיזען פאל א באגייסטערטער און פארצווייפעל־טער פארזוך פעסטצוהאלטען איינעם פון די געווינסען פון דער רעוואלוציע, אין דעם מאמענט, ווען די רעוואלוציע רייסט אים ארויס ביי דער נייער צייט. די אבהענגיגקייט קומט, ווייל אלע זעלען פיהלען מיט שמערץ, אז קיינע פראטעסטען קענען דא נים העלפען, און אז די אנקומענדע רעאקציאנערע באוועגונג מוז דערגרייכען איר ציל און אריבערגעהן איר גרעניץ איידער מען קען ערווארטען א בעסערע לאגע. וואס פאר א באטרעף האט דער ראמאן פון א פרוי נעגען דעם בונד פון א זעלבסטהערשער מיט א פאפסט!

דער „קאמפף געגען דער געזעלשאפט" וואס זי שילדערט איז א סך ווייניגער א קאמפף געגען דער עקזיסטירענדער רעגירונג אדער ארדנונג ווי געגען דער צומישונג פון מנהגים און מיינונגען, אלטע און נייע, קינסטליכע און נאטירליכע, אונזיניגע און פאר־נינפטיגע, שעדליכע און נוצליכע, וועלכע, זייענדיג צונויפגעשמאל־צען אין א צוזאמענהענגענדער און, דוכט זיך, איינארטיגער מאסע, בילדען דאס שטאף, פון וועלכען עס באשטעהט די עפענטליכע מיי־נונג. פונקט אזוי ווי דער זאגענאנטער „געזונטער מענשען־פאר־שטאנד", וועלכער שטעלט זיך גערן געגען יעדער נייער פילאזא־פיע, איז שטענדיג צום גרעסטען טייל נאר א פארגליווערטער רעשט פון דער פילאזאפיע פון פריהערע צייטען, אזוי זיינען די רעגעלען פון דער געזעלשאפט און איהר מיינונג, וועלכע באגעגנען אימער נייע אנשויאונגען מיט פיינדשאפט, צום גרעסטען טייל נאר באגרינדעט אויף אנזיכטען וואס האבען אין פריהערע צייטען גע־מוזט שטארק קעמפפען זיך דורכצושלאגען א וועג געגען דעם ווי־דערשטאנד פון דער דעמאלדיגער עפענטליכער מיינונג. דאס וואס איז צוערשט געווען א שווער־ערווארבענע, לעבעדיגע אידעע ווערט מיט דער צייט פארגליווערט אין א געדאנקען־מת.

די געזעלשאפטליכע געזעצען זיינען אלגעמיין, ד. ה. איינע

און דיזעלבע פאַר אַלע; אָבער ווי אַלץ וואָס איז אַלגעמיין פאַר־דערען זיי אונצעהליגע אָפּפער. די הערשענדע רעגעלען זיינען אַ סדום־בעטעל, אויף וועלכער דער אינדיווידואום ווערט געצויגען און געשטרעקט, צוגעשטוקעוועט און ארומגעשניטען, ביז ער פּאַסט. אַזוי, צום ביישפּיעל, איז די שפּראַך אַן אַלגעמיינע זאַך. מיר באַ־נוצען זיך אַלע מיט איינער און דערזעלבער. דערפון קומט, אַז יע־דער וואָס וויל זיך אויסדריקען אין דער שפּראַך און באַזיצט אָרי־גינאַליטעט, איז שטענדיג געצוואונגען צו אָפּפערען. ווייל ער קען אַליין זיין אויסדרוק ניט באַשאַפען, נאָר ער געפינט אים פאַר־טיג, מוז ער דאָ אָבשוואַכען, דאָ איבערטרייבען, דאָרטען גרייזען. ניט איין מאָל אין טויזענד פאַלען פאַרמאָגט די שפּראַך אַן אויס־דרוק פאַר די שאַטירונגען פון געפיהל, פאַר'ן באַזונדערען טריב, די טיף אָריגינעלע שטימונג, וועלכע ער וויל אויסשפּרעכען. אונזער גאַנצעס ריידען איז נאָר אַ דערנעהנטערונג צו דאָס וואָס מיר מיי־נען, ניט גענוי, מאַט און פלאַך. דאריבער האָבען אַזוי פיעל גרוי־סע שריפטשטעלער די נייגונג צו געבען זייער שפּראַך אַ וויינינגער אַלגעמיינעם כאַראַקטער דורך קינסטליכע וואָרט־בילדונגען, דורך פאַנטאַסטישע ווענדונגען אָדער פאַרגלייכען.

אין דער געזעלשאַפט ווערט די דאָזיגע הערשאַפט פון דעם אַלגעמיינעם אַ טיראַניי. ווי אָריגינעל דער אינדיווידואום זאָל ניט זיין געשאַפען ווערט ער באַהאַנדעלט ווי אַלע אַנדערע. דער געניאַלער מענש איז אין דער זעלבער לאַגע וואָס דער ערשטער תלמיד אין אַ שלעכטען קלאַס. דער אָרימער מוז נעביך שטענדיג ווידער הערען די אַלטע לעקציע ווידערהאָלט; דאָס איז נויטיג פאַר די שלעכטע שילער, וועלכע האָבען זי נאָך ניט אויסגעלערנט און קענען נאָך וויינינגער זיך באַגעהן אָהן איר.

ווייטער איז די געזעלשאַפטליכע מיינונג אונפאַראַנטוואָרט־ליך: אין דער צייט וואָס דער אורטייל פון דעם איינצעלנעם מוז אימער ביז אַ געוויסען גראַד זיין אַ נאַטירליכער פּראָדוקט, איז דער געזעלשאַפטליכער אורטייל אין אַ סך פאַלען אַ פאַבריקאַציע, אַ מאַסען־פאַבריקאַציע, געליפערט פון יענע, וועמעס אויפגאַבע עס איז צו שאַפען עפענטליכע מיינונג, און דער איינצעלנער פיהלט קיין פאַראַנטוואָרטליכקייט ווען ער שטימט איין דערצו.

בשעת דער נאַטירליכער גאַנג וואָלט געדאַרפט זיין, אַז דער יחיד זאָל זיך אויסבילדען זיינע אייגענע אַנשויאונגען און פּרינציפּען בנוגע די העכסטע זאַכען, געבען זיך אַליין געזעצען פון אויפפירונג און ווי ווייט מעגליך מיט זיין אייגענעם מאַרך זוכען די וואַרהייט, נעפינט ער גאָר גלייך ביי זיין געבורט אַ פאַרטיגע רעליגיאָן, אין יעדען לאַנד אַן אַנדערע, די רעליגיאָן פון זיינע עלטערען, וועלכע ווערט אַרויפגעדריקט אויף אים לאַנג איידער ער אַליין פיהלט רע־ליגיעז. אויף אַזאַ אופן ווערט יעדע רעליגיעזע פּראָדוקטיוויטעט נאָך אין דער קנאָספּע דערשטיקט, אָדער ווען זי ווערט ניט דער־שטיקט, דאַן וועה איז דעם אינדיווידואום! דאָס איז די הענדשקע געוואָרפען דער געזעלשאַפט אין געזיכט. אַזוי אויך געפינט דער יחיד אַ פאַרטיגע עפענטליכע מאָראַל, און דיזע מאָראַל ווערט גע־שטיצט פון אַ פאַרטיגער עפענטליכער מיינונג. דער געזעלשאַפט־ליכער אורטייל, אַלזאָ, וועלכער איז דער סך־הכל פון אָט די אַלע אונזעלבסטשטענדיג פרומע, מאָראַלישע און געזעלשאַפטליכע איינ־דריקען, איז נויטיגערווייז העכסט אונפאָלקאָמען, אָפט העכסט באַ־שרענקט, ניט זעלטען גרויזאַם.

מאַדאַם דע סטאַל האָט געמוזט מער ווי אַנדערע שריפטשטע־לער באַגעגנען די פאָראורטיילען אויף איר וועג און אויפמערקזאַם ווערען אויף זיי: זי איז געווען אַ פּראָטעסטאַנטקע אין אַ קאַ־טוילישען לאַנד; זי האָט געהאַט סימפּאַטיען פאַר די קאַטאָלי־קען, אָבוואָל זי איז ערצויגען געוואָרען אין שויס פון אַ פּראָ־טעסטאַנטישער פאַמיליע; זי איז געווען אין פראַנקרייך די טאָכ־טער פון אַ שווייצאַרישען בירגער, און אין דער שווייץ האָט זי זיך געפיהלט אַלס פאַריזערין; אַלס פיהלענדע און ליידענשאַפט־ליכע פרוי איז זי געווען אויסגעזעצט צו שטענדיגע צוזאַמענשטוי־סען מיט דער מיינונג פון דער געזעלשאַפט, און אַלס פרויען־זשעני איז זי גלייך פון אָנפאַנג געשטעלט געוואָרען אין אַ לאַגע פון פאַר־טיידיגונג און אָנגריף נעגען אַ געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, וואָס באַשטימט די פרוי צום פּריוואַט־לעבען. אָבער דאָס וואָס זי האָט געקענט מער ווי אַנדערע שריפטשטעלער פון איר צייט דורכבלי־קען די דאָזיגע פאָראורטיילען איז צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט וואָס, אַלס פּאָליטישע אימיגראַנטקע, איז זי געצוואונגען געווען דורכצור־

רייזען איין פרעמד לאַנד נאָכ'ן אַנדערען; דאָס האָט געגעבען איר וואַכזאַמען און דורשטיגען גייסט די געלעגענהייט צו פאַרגלייכען די פאַרשיידענע פעלקער כאַראַקטערען און זייערע פאַרשיידענע אידעאַלען.

ווען מען האָט איר געבראַכט דעם באַפעל דורך וועלכען נאַפּאָלעאָן האָט זי דעם ערשטען מאָל אויסגעוויזען פון פּאַריז האָט זי אים געלאָזט פרעגען דורך זשאָרזש נאַפּאָלעאָן, וועלכער האָט געהערט צו אירע פריינד, אויב זי קען באַקומען אַ פּאַס קיין פּרייסען אָדער מען וועט זי פון דאָרט אויך אַרויסשיקען. נאָך לאַנגען וואַרטען האָט מען איר דעם פּאַס באַוויליגט און זי איז אַוועק צוערשט נאָך ווייאַמאַר. דאָ האָט זי זיך באַקאַנט מיט דער הערצאָגישער פאַמיליע, האָט געהאַט לענגערע געשפּרעכען מיט שילער איבער די באַציהונגען צווישען דער דייטשער און פראַנצויזישער ליטעראַטור, און געפּלאַנט געטהעע'ן מיט פראַגען ווענגען לעבען און טויט, גאָט און די וועלט, — צו אונטערהאַלטען זיך איבער פראַגען וואָס קענען ניט פאַרענטפערט ווערען, האָט ער געזאָגט, איז געווען איר באַזונדערע ליידענשאַפט; און מייסטענס פלעגט זי אים אַזוי ווי די אַנדערע דייטשע גדולים איבעררראַשען דערמיט, וואָס זי האָט ניט נאָר געוואָלט זיין מיט זיי באַקאַנט, נאָר אויך ווירקען אויף זיי, און זי פלעגט אימער ריידען אַזוי ווי עס וואָלט גלייך אין זעלבען אויגענבליק נויטיג געווען צו טאָן, צו האַנדלען. זי איז געקומען קיין בערלין, האָט געשלאָסען באַקאַנטשאַפט מיט פּרינץ לואיס פערדינאַנד, איז אויפגענומען געוואָרען אין די קרייזען פון פיכטע, יאַקאָבי, הענריעטאַ הערץ, און האָט אַוועקגעפירט אַ. וו. שלעגעל אַלס ערציהער פון אירע קינדער.

דעם נעקסטען יאָר האָט זי געררייזט איבער איטאַליען, האָט שטודירט די דענקמעלער פון אַלטערטום, די קונסט, די פעלקסזיטען אין די דרום-לענדער, האָט מיט איר גאַנצען וועזען איינגעזויגען די איינדרוקען פון איטאַליען'ס נאַטור, דאַן זיך אומגעקערט קיין קאָפּפּעי און אָנגעשריבען "Corrinne ou l'Italie".

אָבער די בענקשאַפט נאָך פראַנקרייך האָט זי ניט געלאָזט רוהען. זי האָט זיך דערנעהנטערט צו פּאַריז ביז אַ שטרעקע

פון פערציג מייל, און ווייטער האָט זי ניט געטאָרט געהן. זי האָט געוואוינט אין קליינע שטעדט, צוערשט אין אָגזער און דאַן אין רוען, וועמעס פרעפעקט איז ארונטערגעזעצט געוואָרען דערפאַר וואָס ער האָט איר ארויסגעוויזען פריינדליכקייט. דאַן האָט זי געקראָגען פון פאָליציימיניסטער די ערלויבניש צו באַזאָרגען די ארויסגאַבע פון „קאָריננא” אין א ווילאַ צוועלף מייל פון פאַריז. אָבער אזוי שנעל ווי „קאָריננא” איז ערשינען האָט א נייער רע־גירונגס־באַפעל זי פאַרטריבען פון פראַנקרייך. „קאָריננא” האָט געהאַט א גרויסען ערפאָלג, און נאַפּאָלעאָן האָט ניט געקענט פאַר־טראָגען קיין רוהם אי וועלכען ער האָט קיין חלק ניט געהאַט. זי האָט זיך דאַן צוריקגעקערט נאָך קאָפּפּעי און האָט, ווי דער אימ־פעראַטאָר, אָהן אויפהער אויסגעברייט איר קעניגרייך, א קעניג־רייך פון אימער וואַקסענדע הויכע אידעען, געזונטע און טיפע גע־פיהלען און ווערטפולע פריינדשאַפטס־פאַרבינדונגען.

אין קאָפּפּעי האָט זי געפירט א הויף אין בוכשטעבליכען זין פון וואָרט. פון אַלע לענדער האָט זיך א גאַנצע מחנה פון די גרעס־טע גייסטער פאַרזאַמעלט ארום איר. דאָרט האָט מען געקענט, ווען מען האָט געהאַט גליק, טרעפען אין איין צייט קאָנסטאַן, וועמען זי האָט אין איר פאַרליבטקייט אָנגערופען „דער ערשטער גייסט אין דער וועלט”, א. וו. שלעגעל, דעם גרינדער פון דער ראָמאַנטישער שולע אין דייטשלאַנד, דעם באַקאַנטען היסטאָריקער סיסמאָנדי, וועמעס שריפטשטעלערישע טעטיגקייט ווערט געטראָגען פון דיזעל־בע אידעען, פאַר וועלכע די ראָמאַנטישע שולע אין פראַנקרייך האָט שפּעטער געקעמפּפט, דעם דייטשען דיכטער זאַכאַריאַס ווערנער, דעם דענישען דיכטער אָהלענשלעגער, פּרייסישע פּרינצען, פּוילישע פירשטען און פירשטינס, מיט איין וואָרט, די בלום פון דער איירא־פּעאישער גייסטיגער און געבורטס־אַריסטאָקראַטיע.

פון דער צייט אָן וואָס זי איז געוועזען אין דייטשלאַנד האָט זי ניט אויפגעהערט צו שטודירען די דייטשע שפּראַך און ליטעראַטור, אָבער זי האָט זיך גענויטיגט אין א צווייטער רייזע אין דיזען לאַנד אום צו קענען פאַנאַנדערוויקלען פאַר אירע לאַנדסלייט אַן אַלזיי־טיגעס בילד פון דער נייער וועלט, וואָס האָט זיך פאַר איר גע־עפענט. זי איז שוין געוועזען באַקאַנט מיט נאָרד־דייטשלאַנד, יעצט

האָט זי פאַרבראַכט אַ יאָר אין ווינן און נאָך איר צוריקקער אין דער שווייץ האָט זי זיך גענומען צו דער אויסאַרבייטונג פון איר גרויסען דריי־בענדיגען ווערק איבער דייטשלאַנד. דאָס דאָזיגע ווערק איז געענדיגט געוואָרען אין 1810. די פראַגע איז יעצט געווען ווי אַזוי עס אָבצודרוקען אין פאַריז. אין פראַנקרייך איז געווען ער־שינען אַ דעקרעט וועגען פרעס־פרייהייט, וואָס האָט באַשטימט אַז קיין ווערק האָט ניט געטאָרט געדרוקט ווערען אָהן דער הסכמה פון דעם צענזאָר. אָבער נאָכדעם איז געקומען אַ צווייטער דעקרעט, וואָס איז הויפּטזעכליך געצילט געוואָרען געגען מאַדאַם דע סטאַל און וואָס האָט געלויטעט, אַז ווען דער צענזאָר האָט ערלויבט צו פאַרעפענטליכען אַ ווערק קען דער פּאָליציימיניסטער עס אונטער־דריקען, ווען ער געפינט עס פאַר גוט, אַ געזעץ וואָס שאַפט אָב יעדעם געזעץ. ווען דאָס בוך „איבער דייטשלאַנד" האָט יעצט גע־דאַרפט געדרוקט ווערען האָט מאַדאַם דע סטאַל ווידער געקראָגען די ערלויבניש צוצוקומען צו פאַריז ביז אַ שטרעקע פון פערציג מייל אום אכטונג צו געבען אויפ׳ן דרוקען. זי איז געקומען קיין בלוא, האָט געוואוינט צוערשט אין שלאָס „שאָומאָן סיר לואַר," דאַן אויפ׳ן גוט פאָססע, ווי אויך אויף אַנדערע גיטער ביי פריינד אַרום בלוא. זי האָט אַרומגעפלאַטערט אַרום איר געליבטען פאַריז אין דעם פּאָר־געשריבענעם קרייז אַזוי ווי אַ מאָט פלאַטערט אַרום דער ליכט. איינמאָל האָט זי זאָגאַר געוואגט מיט לעבענס־געפאַר אַריינצו־טרעטען אַהין. דערווייל האָבען די צענזאָרען דורכגעלעזען דאָס ווערק, האָבען געבעסערט און געשטריכען און האָבען דעם צוקאַ־לעטשעטען ווערק געגעבען זייער „אימפּרימאַטור". צען טויזענד קאָפּיעס זיינען אָבגעדרוקט געוואָרען. פונקט אין דעם אויגענבליק ווען דאָס ווערק האָט געזאָלט ערשיינען האָט דער פּאָליציימיניס־טער געשיקט זיינע זשאַנדאַרמען אין דער בוכהאַנדלונג, נאָכדעם ווי ער האָט אוועקגעשטעלט אַ וואַך ביי יעדען אַרויסגאַנג, און האָט אויף נאַפּאָלעאָנ׳ס באַפעל באַוויזען די העלדענטאַט צו צוהאַקען די צען טויזענד עקזאַמפּלאַרען אין שטיקלעך. דאַן האָט מען די מאַסע איינגעקנאָטען אין אַ טייג און דעם בוכהענדלער געגעבען צוואַנציג לואי ד׳אָר אַלס פאַרגיטיגונג. גלייכצייטיג האָט מאַדאַם דע סטאַל געקראָגען אַ באַפעל אויסצוליפערען דעם מאַנוסקריפּט,

ד. ה. די שטודיען און האָפנונגען פון פולע זעקס יאָר, און צו פאַרלאָזען פראַנקרייך אין פיר־און־צוואַנציג שעה. אין דעם בריף, וואָס דער פּאָליציי־מיניסטער האָט איר ביי דיזער געלעגענהייט געשיקט, איז געשטאַנען: „איר דאַרפט ניט זוכען די אורזאַכע פון דעם באַפעל, וואָס איך האָב אייך מיטגעטיילט, אין דעם פאַקט וואָס איר האָט פאַרפעלט דורכאויס צו דערמאָנען דעם קייזער אין אייער לעצטען ווערק; דאָס וואָלט געוועזן אַ טעות; ער האָט ניט געקענט געפינען קיין פּלאַץ דערין וואָס וואָלט געווען ווירדיג פאַר אים. אייער אַרויסשיקונג איז אַ נאַטירליכער רעזולטאַט פון דער ריכטונג וואָס איר האָט אָהן אויפהער נאָכגעפאָלגט זייט איינציגע יאָר. מיר דאַכט אַז די לופט פון דיזען לאַנד פּאַסט ניט פאַר אייך, און מיר זיינען, גאָט צו דאַנקען, נאָך ניט אַרונטערגעקומען דערצו צו זוכען מאָדעלען פאַר זיך ביי דעם פאָלק, מיט וועלכען איר ענטציקט זיך. אייער לעצטעס ווערק איז ניט פראַנצויזיש."

דאָ האָבען מיר דאָס וואָרט וואָס איז געוואָרען איר אומגליק, „ניט פראַנצויזיש". עס איז דאָס דאָזיגע ווערק, דאָס בוך „איבער דייטשלאַנד", פון וועלכען עס קען דאַטירט ווערען די גאַנצע נייע עפּאָכע פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, דאָס בוך, וואָס ברעכט אָב צום ערשטען מאָל, פּרינציפּיעל און ניט בלויז צופעליג, מיט דער אַלטער טראַדיציע פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור און ווייזט אָן ביי יעדען פּונקט נייע לעבענס־קוואַלען, דיזעס ווערק איז עס, וואָס דער גייסטער פּאָליציי־דינער פון לאַנד האָט זיך דערוועגט צו רופען „ניט פראַנצויזיש". און דאַן דער איראָנישער פאַרזוך פון דער גרויזאַמקייט נאָך צו זיין גאַלאַנט! „די לופט פון דיזען לאַנד פּאַסט אייך ניט — טאָ זייט אַזוי גוט און פאָרט פון דאַנען. עס איז אַזוי ווי מען וואָלט געהערט דעם פאַר'שכור'טען פראַנצויזישען נאַציאָנאַלען שטאָלץ אַליין ריידען: ווייל דו האָסט געוואַגט צו ליבען די פרייהייט, דאַן ווען מיר זיינען גליקליך אונטער דער דעספּאָטיע פון אַ וועלט־הערשער; ווייל דו האָסט זיך דערוואַגט, בשעת מיר וואַרימען זיך אין דעם זונען־שיין פון נאַפּאָלעאָנ'ס רוהם, צו שילדערען אין „קאָרינגאַ" די אונאַבהענגיגקייט פון דעם געניוס, און זייענדיג פאַרטריבען פון

פּאַריז האָסטו געהאַט דעם מוט צו לאָזען קרוינען דיין אידעאַל אויפ'ן קאַפּיטאָל, און, ענדליך, ווייל דו, דו, אַ שוואַכע באַשעפעניש, אַ פרוי, האָסט געהאַט די העזה, אין דער צייט ווען פראַנקרייך'ס נאָמען פּילט אָן די גאַנצע וועלט, ווען זיינע אַדלער גלאַנצען אין דעם שיין פון טויזענד זיגען און די נאַציאָנען ליגען געבונדען צו זיינע פיס, — האָסטו געהאַט די העזה צו ערקלערען אונז אין געזיכט, אַז אונזער גייסטיג לעבען איז אויסגעטריקענט, אַז אונזער פּאָעזיע איז שלעכט און אונזער פילאָזאָפיע איז פאַרוועלקט, ווייל דו, אויס גליהענדער ליבע צו דיין פאָטערלאַנד, אויס ברענענדיגען פאַרלאַנג אויפצוהייבען עס פון גייסטיגער געפאַלענקייט ווייזט אים אויף דאָס טיף־פאַראַכטעטע דייטשלאַנד אַלס אַ לאַנד וועמעס פּאָעזיע שטייגט ווייט אַריבער זיין אייגענע, אויף דאָס פאַרהאַסטע ענגלאַנד, דאָס „אונטרייע אַלביאָן" אַלס אַ לאַנד, וואו די ליבשאַפט צו פרייהייט איז אַ סך געזינטער און שטאַרקער ווי אין פראַנקרייך, און אויף דאָס שטאַרבענדע איטאַליען, די אונטערטעניגע פראַנצויזישע פּראָווינץ, אַלס אַ לאַנד וועמעס נאַטירליכקייט אין זיטען און העכערקייט אין קונסט זיינען מוסטער, וועלכע שטעלען דער אַנטוויקלונג נייערע און איידעלערע צילען — דעריבער זאָלסטו געשטעמפּעלט ווערען אַלס אונגאַציאָנאַל, די קאָקאַרדע פון דיין פאָטערלאַנד זאָל דיר אַרונטערגעריסען ווערען פון שטערען, דיינע ביכער זאָלען פאַרניכטעט ווערען, יאָגאַר דיינע מאַנוסקריפּטען זאָלען פאַרברענט ווערען, און דו אַליין, מיט אַ מחנה שפּיאָנען און פאַררעטער אין דיינע טריט, זאָלסט ווי אַ ווילדע חיה געיאָגט ווערען איבער'ן גרעניץ און אין פאַרלויף פון פיר־און־צוואַנציג שעה אַוועק פון אונזערע אויגען."

דער פּרעפעקט פון דעם דעפּאַרטמענט איז געקומען צו פאָדערען דעם מאַנוסקריפּט. עס איז געלונגען דאָס שריפט צו רעטען דורך אַן ערשטער קאָפּיע וואָס מאַדאַם דע סטאַל האָט אים געגעבען. אָבער איר זאָרג וועגען דעם מאַנוסקריפּט איז אין דעם מאָמענט געווען די קלענסטע. זי האָט געהאָפט צו קענען זיך זעצען אויף אַ שיף קיין ענגלאַנד. אָבער גראַדע דאָס צו פאַרמיידען האָט דער פּאָליציימיניסטער, אין אַ צושריפט אין בריף, פאַרבאָטען איר צו קומען אין אַלע נאָרד־פראַנצויזישע האַ־

פענס. אַ צייט לאַנג האָט זי געהאַט בדעה צו פאָרען אויף אַ פראנצויזישען שיף קיין אַמעריקע, האָפענדיג אַז די שיף וועט אויפ'ן וועג גענומען ווערען געפאַנגען פון די ענגלענדער. אָבער דער פּלאַן איז געווען צו פאַנטאַסטיש, און, אַ דערשלאָגענע און טרויעריגע, איז זי ווידער אוועק נאָך קאָפּפּעי.

דאָ האָבען זי ערוואַרטעט אַלערליי נייע פאַרפאָלגונגען. אויפ'ן סמך פון דעם ערשטען באַפעל, וואָס דער פּרעפעקט פון זשענעוואַ האָט געקראָגען, האָט ער אירע צוויי זיהן געגעבען צו פאַרשטעהן אַז זיי איז אויך פאַרבאָטען ווען עס איז זיך אומצו־קערען קיין פראַנקרייך, און דאָס אַלץ נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבען געמאַכט אַ פּרוכטלאָזען פאַרזוך צו בעטען ביי נאַפּאָלע־אָנ'ען אַן אוידיענץ וועגען זייער מוטער. איינציגע טעג שפּעטער האָט מאַדאַם דע סטאַל געקראָגען אַ בריף פון דעם פּרעפעקט אין וועלכען ער האָט ביי איר געפאָדערט, אין נאָמען פון פּאָליציי־מיניסטער, דעם קאָרעקטור־בויגען פון דעם ווערק „איבער דייטש־לאַנד”,וואָרום מען האָט דורך שפּיאָנען ערפאַרען, אַז איין קאָרעק־טור איז ביי איר געבליבען, און מען האָט ניט געוואָלט זיך באַ־נוגנען בלויז מיט דעם האַלבען מיטעל צו פאַרניכטען דאָס שוין נעדרוקטע, מען האָט געוואָלט דאָס ווערק איינגאַנצען אָהן אַ שום שפּור פאַרטיליגען. די פאַרפאַסערין האָט געענטפערט, אַז די קאָ־רעקטור איז שוין אָבגעשיקט קיין אויסלאַנד, נאָר אַז זי וועט גערן פאַרשפּרעכען קיין זאַך מער ניט צו דרוקען אויפ'ן אייראָ־פּעאישען קאָנטינענט. „עס איז קיין גרויסע הנחה אין דעם פאַר־שפּרעכען ניט געווען — שרייבט זי אין איר בוך, „צען יאָר גלות” — וואָרום זעלבסט פאַרשטענדליך וואָלט קיין רעגירונג אויפ'ן קאָנטינענט ניט ערלויבט אָבצודרוקען אין איר לאַנד אַ ווערק, וואָס איז פאַרבאָטען געוואָרען פון דעם קייזער.” קורץ נאָכדעם איז דער זעשענעווער פּרעפעקט, באַראָנט, דער פאָטער פון דעם באַקאַנטען ליטעראַטור־היסטאָריקער, ארונטערגעזעצט געוואָרען דערפאַר וואָס ער האָט מאַדאַם דע סטאַל צו מילד באַהאַנדעלט. איר זוהן איז קראַנק געוואָרען, און אויפ'ן ראַט פון דאָקטאָר, האָט זי איר באַגלייט אין די בעדער פון עיקס און סאַוואָי, וואָס ליגט אַרום צוואַנציג מייל פון קאָפּפּעי. ווי נאָר זי איז אָנגעקומען

אהין האָט א ספּעציעלער שליח פון דעם פּרעפעקט דעפּארטמענט מאַן־בלאַן זי אַנגעיאָגט און איר פארבאָטען ניט נאָר צו באַזוכען אונטער קיין שום אויסרייד די נאכבאר לענדער, נאָר אפילו אומ־צורייזען אין דער שווייץ גופא, און איבערהויפּט ניט זיך צו דער־ווייטערען מער ווי צוויי מייל פון קאָפּפּעי. און ניט גענוג וואָס מען האָט איר וואוינען אין איר שלאָס פארוואנדעלט אין אן ארעסט, האָט מען נאָך אויך געזאָגט אז זי זאָל ליידען ניט נאָר אונטער דעם פארלוסט פון דער פרייהייט, נאָר אויך אונטער דער ערגסטער קוואַל פון דעם געפענגנים־לעבען : די איינזאמקייט, וועלכע איז פאר אזא געזעליגער נאטור דאָפּעלט פּייניך געוועזן. שלעגעל, וועלכער האָט אכט יאָר געלעבט אין איר הויז אלס ער־ציהער פון אירע קינדער, האָט געקראָגען דעם באפעל צו פארלאָ־זען קאָפּפּעי אונטערען לעכערליכען אויסרייד אז ער באאיינפלוסט זי געגען פראַנקרייך. אויף דער פראגע, ווי אזוי האָט ער עס געטאָן ? איז דער ענטפער געוועזן, אז ער האָט געשריבען א פארגלייך צווישען „פעררא" פון יוריפּידעס און „פעדרא" פון ראסין, און האָט ערקלערט דאָס גריכישע ווערק אלס גרעסער ווי דאָס פראַנ־צויזישע. מאָנמאָרענסי איז פארשיקט געוואָרען דערפאר וואָס ער האָט פארבראכט איייניג טעג אין קאָפּפּעי; מאדאם רע־קאמיער, ווייל מען מאדאם דע סטאל האָט קיין צייט ניט געהאט צו וויסען לאָזען וועגען דער שטראָף וואָס ווערט גענעבען אפילו פאר דעם קירצעסטען באזוך ביי דער פארפאסערין פון „קאָרינגא", איז פארווערט געוואָרען זיך אומצוקערען צוריק קיין פראַנקרייך, דערפאר וואָס אויף איר רייזע דורך דער שווייץ האָט זי געוואָלט אויפמונטערען אביסעל איר פריינדין מיט א געשפּרעך. יע, אפילו אן אכט־און־זיבעציג יעריגער גרייז, סט. פּריסט, איר פאָטער'ס געוועזענער מיניסטער־קאָלעגע, איז פארשיקט געוואָרען דערפאר וואָס ער האָט אָבגעשטאט אן איינציגען העפליכקייטס־באזוך אין קאָפּפּעי.

די פארלאָזענקייט, וועלכע איז דער שיקזאַל פון די וואָס שטעלען זיך געגען א צו מעכטיגער גוואלט, איז פאר איר ניט ניי געוועזן. שוין לאנג אז קיין מענש פון הויכען ראנג, פון גרויסער פּאָליטישער באדייטונג, וואָס האָט געוואָלט שטעהן אויף א גוטען

פוס מיט דער רעגירונג, האט ניט געוואגט צו באזוכען זי אין קאפפעי. יעדער איינער איז געווען געשטערט פון געשעפטען אדער פון קראנקהייט. „אך — האט זי איינמאל געזאגט — ווי מיד איך בין שוין פון דער פייגהייט, וואס פארשטעלט זיך פאר שווינדזוכט!" אבער יעצט איז צו די לײדען צו זעהן זיך פארווארפען פון אזוי פיעל געוועזענע פריינד צוגעקומען נאך די פיין צו זעהן ווי יעדער פון אירעווירקליכע פריינד, וואס ווייזט איר ארויס די מינדסטע אויפמערקזאמקייט, ווערט באשטראפט מיט פארשיקונג. פונקט אזוי ווי א מגפה אזוי פארשפרייט זי ארום זיך אומגליק, פלעגט זי זאגען.

עס איז געלעגען אין איר אייגענער מאכט, יעצט נאך אזעלכע לאנגע יאר פון פארפאלגונג, געפענגענשאפט און גלות, צו ערווערבען זיך פרייהייט און די ערלויבניש צו שרייבען און צו דרוקען; פריינדליכע מענשען האבען איר געגעבען צו פארשטעהן אז די מינדסטע ענדערונג אין אירע אנזיכטען אדער אירע איבערצייגונגען וועט פאר איר אויסווירקען די ערלויבניש זיך צוריקצוקערען קיין פראנקרייך. זי האט אבער ניט געוואלט קויפען איר פרייהייט פאר אזא פרייז, און ווען מען האט איר איינמאל אין א באשטימטער פארמע געראטען: „שרייבט נאר אדער רעדט נאר ארויס איין פאר ווערטער וועגען דעם קיסר פון רוים, און אלע הויפטשטעדט פון איירא פא וועלען שטעהן פאר אייך אפען," האט זי געענטפערט: „איך ווינש אים א גוטע אם."

אבגעזונדערט און פארפשארט, האט זי איינמאל באשלאסען איינצושטעלען אלץ און אנטלויפען פון קאפפעי. זי האט געוואלט פארען קיין אמעריקע, אבער אהן א פאס איז דאס געווען אן אונמעגליכקייט, און ווי אזוי קען זי באקומען א פאס? דערצו האט זי מורא געהאט ארעסטירט צו ווערען אויפ'ן וועג צום האפען און פארשפארט ווערען אין געפענגנים אויפ'ן אויסרייד אז זי האט געוואלט אנטלויפען קיין ענגלאנד. און זי האט גאנץ גוט געוואוסט אז ווען דער ערשטער סקאנדאל וועט איינגעשטילט ווערען, קען די רעגירונג זי רוהיג לאזען שמאכטען אין געפענגנים, און זי זאל שנעל אינגאנצען פארגעסען ווערען. זי האט זיך פארגעשטעלט די מעגליכקייט צו קענען געהן דורך רוסלאנד קיין

שווערען. וואָרום גאַנץ נאָרד־דייטשלאַנד איז געלעגען אין דער געוואַלט פון די פראַנצויזען. זי האָט געהאָפּט צו קענען אַנטלויפען דורך טיראָל און ניט ווערען אויסגעליפערט פון עסטרייך. אָבער אַ פּאַס פאַר רוסלאַנד האָט געמוזט געשאַפען ווערען פון סט. פּעטערסבורג; ווען זי זאָל שרייבען פון קאָפּפּעי וועגען דעם דאַן מוז זי מורא האָבען טאָמער וועט מען עס דאָרט דערטראָגען צום פראַנצויזישען אַמבאַסאַדאָר אין רוסלאַנד; זי האָט דעריבער געמוזט פריהער פון אַלץ זיך דערלאַנגען קיין וויען, און דאָרט זאָרגען וועגען אַ פּאַס.

אַ האַלב יאָר לאַנג איז זי געזעסען געבויגען איבער דער קאַר־טע פון אייראָפּאַ און זי שטודירט אום אויסצוגעפינען אַ וועג צו אַנטלויפען, מיט דער זעלבער ליידענשאַפט מיט וועלכער נאַפּאָ־לעאָן האָט זי שטודירט אום צו אונטערזוכען אויף וועלכען וועג צו ערוווערבען און אויפשטעלען פאַר זיך די וועלט־אימפּעריע. ווען דער לעצטער פאַרזוך צו קריגען אַ פּאַספּאָרט קיין אַמעריקע האָט זיך אין פאַרלויף פון אַ מאָנאַט ניט איינגעגעבען, אָבוואָל די בקשה האָט שוין אַנטהאַלטען דעם פאַרשפּרעכען אַז מאַדאַם דע סטאַל וועט זיך פאַרפּליכטען, ווען עס וועט איר באַוויליגט ווערען, קיין שום זאַך ניט צו דרוקען, האָט די שוואַכע אָבער מוטיגע פרוי באַשלאָסען צו פּרובען אַנטלויפען. איין טאָג אין יאָר 1812 איז זי מיט איר טאָכטער אַרויסגעפאָרען אויף אַ וואָגען פון קאָפּפּעי, אָהן אַן איינציגען קופערט אָדער פּעקעל, מיט אַ פאָכער אין דער האַנט, איז אָנגעקומען גלייך קיין וויען און האָט אַוועקגעשריבען קיין סט. פּעטערבורג נאָך אַ רוסישען פּאַס. אָבער די עסטרייכישע רעגירונג האָט אַזוי מורא געהאַט זיך צו פאַרטשעפּען מיט דער פראַנצויזישער רעגירונג, אַז מען האָט מאַדאַם דע סטאַל פאַרהאַל־טען אויף דער גאַליצישער גרעניץ און דורך גאַנץ עסטרייכישען פּוילען זי געהיט מיט שפּיאָנען. ווען זי האָט אַניימאָל אויף דער רייזע זיך אָבגעשטעלט אום צו באַזוכען די פאַמיליע פון פירשט לובאָמירסקי האָט איר אַן עסטרייכישער פּאָליציי־אַגענט אַזוי נאָהנט פאַרפאָלגט, אַז דער פירסט איז געצוואונגען געווען צו גע־בען אים פּלאַץ ביי זיין טיש, און מאַדאַם דע סטאַל׳ס זוהן האָט אים בלויז מיט דראָהונגען געקענט אָבהאַלטען פון מאַכען זיין

נאכט־קוואַרטיר אין איר שלאָף־צימער. ערשט ווען זי איז אַרי־
בער די רוסישע גרעניץ האָט זי פרייער אָבגעאָטעמט. אָבער די־
זער פרייהייטס־געפיהל האָט ווענינ געדויערט. אזוי שנעל ווי זי
איז אָנגעקומען קיין מאָסקווא האָט איר די נאַכריכט פון דעם אָנ־
קומען פון דער פראַנצויזישער אַרמיי געצוואונגען צו לויפען ווײַ־
טער, און ערשט אין סט. פּעטערבורג האָט זי זיך געקענט פיהלען
אויסער געפאַר.

איין יאָר פאַר איר אָברייזע פון קאָפּפּעי האָט זי אין געהיים
חתונה געהאַט. זייענדיג פינף־און־פערציג יאָר אַלט האָט זי גע־
הייראַט אַ יונגען פראַנצויזישען אָפיציר, אַלבער דע ראָקקאַ, וועל־
כער איז געקומען אין דער שווייץ אַלס שווער־פאַרוואונדעטער
אינוואַליד, האָבענדיג פאַרלאָרען אַ סך בלוט. מאַדאַם דע סטאַל׳ס
מיטגעפיהל האָט אין דעם האַרצען פון יונגען חולה אויפגעוועקט
אַ שטאַרקע ליבע, און דיזע האָט געפירט צו דער געהיימער פאַר־
איייניגונג. מיט ראָקקאַ האָט זיך מאַדאַם דע סטאַל צוזאַמענגע־
טראָפען אויף דער רוסישער גרעניץ. זי האָט געהאַט שטאַרק
צום האַרצען דעם פּלאַן צו פאָרען נאָך קאָנסטאַנטינאָפּעל און נרי־
כענלאַנד, אום צו שטודירען די אָרטיגע פאַרבען פאַר אַ געדיכט
„ריטשאַרד דער לייבען־הערציגער“ וואָס האָט זיך ביי איר געוועבט
און צו וועלכען, ווי עס שיינט, לאָרד בייראָן׳ס אויפטרעטען האָט
איר געגעבען די אידעע. דאָס דאַרף זיין אַ „לאַרא“, פלעגט זי
זאָגען, אָבער עס וועט ניט זיין קיין רעפלעקציע פון בייראָן׳ס.

אָבער די מורא אַז איר יונגע טאָכטער און ראָקקאַ וועלען ניט
קענען איבערטראָגען די שוועריגקייטען פון דער רייזע האָט איר
באַוואוינגען צו געהן נאָך שטאָקהאָלם. דאָ האָט זי באַנייט איר
פריינדשאַפט מיט בערנאַדאָט, האָט דאָ אויך געטראָפען שלעג־
געל׳ן, וועמען בערנאַדאָט האָט געמאַכט פאַר אַן אַדעליגען און
אים אָנגעשטעלט אַלס זיין פריוואַט־סעקרעטער. דורך שלעגעל׳ן
האָט קאַרל יאָהאַן זיך באַקענט אויך מיט קאָנסטאַן, וועמען ער
האָט געזוכט, אָבער אָהן ערפאָלג, צו געווינען פאַר זיינע אַמביצי־
עזע פּלענער אויפ׳ן פראַנצויזישען טראָן און האָט אים פאָרלויפיג
באַשטימט אַלס „ריטער פון דעם נאָרד־שטערן“. מאַדאַם דע
סטאַל האָט ניט דורכגעדרונגען דעם כאַראַקטער פון בערנאַדאָט

אזוי טיף ווי קאָנסטאַן; זי רעדט אימער פון אים מיט וואַרימ־קייט; זייער בשותפות׳ער האַס געגען נאַפּאָלעאָנ׳ען איז דאָ געווען דער פאַראייניגענדער עלעמענט. אָבער דיזער האַס איז דאָך אין איר פאַרשטומט געוואָרען פון דעם מאָמענט אָן, ווען די פאַראייניגטע ארמייען האָבען זיך געלאָזט געגען פראַנקרייך; זי קלאָגט וואָס זי מוז נאַפּאָלעאָנ׳ען ווינשען גליק, אָבער זי קען מער ניט אָבשיידען זיינע אינטערעסען פון פראַנקרייך׳ס. מיט א פעס־טערען כאַראַקטער ווי קאָנסטאַן האָט זי צוריקגעוויזען נאַפּאָלע־אָנ׳ס פאַרזוכען אין די הונדערט טעג זי איבערצוגעווינען. זי האָט נאָך דערלעבט זיין ענדליכען פאַל און האָט צוגעזעהן מיט טרויער ווי עס קערען זיך אום די בורבאָנען, וועלכע זיינען געווען נאָך גרעסערע פיינד פון פרייהייט ווי דער דעספּאָט, וועמעס פּלאַץ זיי זיינען געקומען צו פאַרנעהמען. נאָך איינמאָל האָט זי געטראָפען קאָנסטאַן אין פּאַריז אין 1816 און איז אין א יאָר ארום געשטאָרבען.

דיזע קורצע איבערזיכט איבערען לעבען און דעם לעבענס־קאַמפּף פון דיזער באַדייטענדער פרוי אין איר רייפערען פּעריאָד איז גענוג אום צו מאַכען זיך א באַגריף פון איר וועזען אַלס מענש און שריפטשטעלערין. אַן איינגעבאָרענע האַרציגקייט און אַן איינגעבאָרענער פאַרשטאַנד — דאָס זיינען געווען אירע נאַטיר־ליכע גאַבען: א האַרציגקייט וואָס האָט זיך אויפגעהויבען צו א ליבשאַפט צו דער גאַנצער מענשהייט, און א פאַרשטאַנד וואָס האָט זיך אַנטוויקעלט ביז צו א גראַד פון גענאַליטעט אין זיין פעהיגקייט אויפצונעהמען און פעסצושטעלען אידעען.

זי איז באַזעסען אין זעהר א הויכער מאָס איינינע פון די כאַראַקטעריסטיקען פון דעם 18טען יאָרהונדערט: די טיפע ליב־שאַפט צו געזעלשאַפטליכקייט, און די שטאַרקע נייגונג און פעהיג־קייט פאַר געשפּרעכען. בעת זשאָרזש סאַנד, די גרויסע שריפט־שטעלערין פון 19טען יאָרהונדערט איז אין דער געזעלשאַפט פון אַנדערע געבליבען פאַרשלאָסען און שטום און האָט די קוואַלען פון איר פערזענליכקייט געעפענט נאָר ווען זי האָט געשריבען, איז מאַדאַם דע סטאַל געווען א געשיקטע אימפּראָוויזאַטאָרין. זי האָט געהאַט א מערקווירדיגע פעהיגקייט צו עלעקטריזירען; אירע

ווערטער פלעגען זיך גיסען אַזוי ווי שטראָמען־ליכט איבער דעם געגענשטאַנד, פון וועלכען זי האָט גערעדט. אַלע וואָס האָבען זי געקענט האָבען אימער ערקלערט: „אירע שריפטען זיינען גאָרניט, איר האָט זי געדאַרפט הערען ריידען.״ איינער פון אירע קריטיקער ענדיגט זיין אָבהאַנדלונג וועגען איר מיט פאָלגענדע ווערטער: „ווען מען הערט זי איז אונמעגליך מיט איר ניט איינ־צושטימען: ווען זי וואָלט דאָס געהאַט געזאָגט און ניט געשריבען וואָלט איך זי קיינמאָל ניט געקענט קריטיקירען,״ און אַ גרויסע דאַמע, מאַדאַם דע זשעססי, האָט געזאָגט אין שפּאַס וועגען איר: „ווען איך וואָלט געווען אַ קעניגין וואָלט איך באַפעלען מאַדאַם דע סטאַל שטענדיג צו מיר צו ריידען.״

די אונצייליגע ווערטלעך וואָס זיינען פון איר געבליבען, ניט קוקענדיג דערויף וואָס זיי זיינען אין קאַלטען דרוק, גיבען דאָך אַ באַגריף פון די נאַטירליכע און איבערראַשענדע ווענדונגען אין איר געשפּרעך. איינמאָל, ריידענדיג וועגען דער אוננאַטירליכ־קייט פון די חתונות וועלכע ווערען געשלאָסען פון די עלטערען אליין, געגען דאָס רעכט פון דער מיידעל צו וועהלען פאַר זיך, האָט זי געזאָגט לאַכענדיג: „איך וועל מיין טאָכטער צ ו ו י נ ג ע ן צו הייראַטען אויס ליבע.״ אַן אַנדער מאָל, ווען איינער פון נאַ־פּאָלעאָנ׳ס מענשען האָט איר מיטגעטיילט אַז דער אימפּעראַטאָר וועט איר אָבצאָלען די צוויי מיליאָן, וועלכע איר פאָטער האָט אריינגעלעגט אין דער פראַנצויזישער באַנק, בתנאי אַז ער זאָל קענען זיכער זיין אַז זי איז צו אים גוט געניינט, האָט זי געענט־פערט: „איך האָב געוואוסט אַז אויף ארויסצונעהמען געלט דאַרף מען האָבען אַ שיין, אַז מען איז די ריכטיגע פּערזאָן — אָבער איך האָט ניט געוואוסט אַז מען דאַרף אַ ליבעס ערקלערונג.״

אָבער הינטער דיזער אייגענשאַפט זיך שנעל צו געפינען און דער פעהיגקייט לייכט צו פאָרמירען און אויסדריקען די געדאַנקען, וואָס אַ געזעלשאַפטליכער דור אַנטוויקעלט, איז געלעגען אַ סך פון יענער וואַרימקייט און נשמה׳דיגקייט, וואָס דאָס 19טע יאָר־הונדערט האָט פאַרשטאַנען צו שעצען. די באַוואונדערטע פרוי פון קאָפּפּעי, די אנציהענדע וועלט־דאַמע, איז געווען אַ פולע נאַ־טור. אירע שלעכטע באַציהונגען מיט דער מוטער האָבען, ווי שוין

געזאָגט, נאָך אין דער יוגענד אַנטוויקעלט אין איר האַרצען דעם גלויבען אין דער מענשליכער נאַטור און אַ ליבע צו איר. אַ פליכט וואָס די נאַטור געבאָט ניט, אָדער וואָס איז גאָר געגען דער נאַטור, איז געוועזען פאַר איר אַ גרויל. שוין אין איר בוך „איבער דעם איינפלוס פון די ליידענשאַפטען" באַטראַכט זי די ליידענשאַפטען ניט אין זייער שייכות צו פליכט, נאָר אין זייער שייכות צו גליק, און זי אונטערזוכט אויף ווי ווייט זיי טרעטען אַריין אין אונזער גליק. זי זאָגט מיט די ליפּען פון „קאָרינגאַ": „קיין זאַך איז ניט אַזוי גרינג ווי אָנצונעהמען אַ הויכע מאָראַלישע מינע און אין דערזעלבער צייט פאַרפלוכען אַלץ וואָס איז איידעל און גרויס. די אידעע פון פליכט קען באַנוצט ווערען אַלס אָנגרייפענדע וואַפען אין די הענט פון די קליינע גייסטער וועלכע זיינען צופרידען מיט זייער מיטעלמעסיגקייט און באַשרענגטקייט, אום צו צווינגען דעם טאַלאַנט צו שווייגען, און זיך באַפרייען פון דער באַגייסטערונג, דעם זשעני, מיט איין וואָרט, פון אַלע זייערע פיינד."

דער נאַטור־יסוד אין איר כאַראַקטער, אויף וועלכען זי האָט געבויט, איז געוועזען אַן עכט ווייבליכער. דער אידעאַל וואָס האָט געשוועבט פאַר דיזער, ביז אַ געוויסען גראַד עהרגייציגער פרוי, איז געוועזען אַ ריין פּערזענליכער, אַ ריין אידילישער: דאָס גליק אין דער ליבע. אַרום דעם דרעהען זיך אירעביידע גרויסע דיכטונגען, „דעלפין" און „קאָרינגאַ". די אונוואַרשיינליכקייט צו געפינען עס אין דער הייראַט ווי די מאָדערנע געזעלשאַפט האָט זי אויסגעאַרבייט, און די אונמעגליכקייט צו געפינען עס אויסער־האַלב דער הייראַט — דאָס זיינען אירע פעסטע גרונד־געדאַנקען, און דער קאַמפף וואָס זי האַלט אונז שטענדיג פאַר די אויגען צווישען דעם הויזליכען גליק און דער איידעלער אַמביציע אָדער דער פרייער ליבע איז אייגענטליך נאָר דער אויסדרוק פון אַ שטענ־דיגער קלאַגע: ניט די זשעניאַליטעט און ניט די ליבע לאָזען זיך פאַראייניגען מיט הויזליכען גליק, וואָס איז דער איביגער פאַר־לאַנג פון איר האַרצען. און וואָס אָנבאַלאַנגט דער זשעניאַליטעט און איר באַגלייטערין, די באַריהמטקייט, איז זי בלויז אַן אַנקער אָן וועלכען די פרוי כאַפּט זיך אָן ווען אַלע אירע אַנדערע האָפנונגען און טרוימען זיינען געטויט געוואָרען. פאַר מאַדאַם דע סטאַל

איז דאָס האַרץ אַלעס; אפילו דער רוהם איז פאַר איר נאָר א מיטעל צו פאַנגען הערצער. קאָרינגא זאָגט: „ווען איך האָב געשטרעבט נאָך רוהם האָב איך שטענדיג געהאָפט אז דאָס וועט באַוועגען מענשען מיך צו ליבען.” און מאַדאַם דע סטאַל אַליין זאָגט: „לאָמיר אונזערע אונגערעכטע פיינד און אונזערע אונ־דאַנקבאַרע פריינד ניט פאַרשאַפען דעם נצחון, אז זיי האָבען גע־בראָכען אונזערע גייסטיגע קרעפטען. זיי צווינגען צו זוכען באַ־ריהמטקייט דעמיענינען, וועלכער וואָלט זיך אזוי גערן באַנוגענט מיט געפיהלען.”

עס איז אָט דיזע האַרציגקייט, מען קען זאָגען מוטערליכקייט אין איר געדאַנקען־גאַנג, וואָס גיט א באַזונדערען שטעמפעל צו דער אַלגעמיינער מעלאַנכאָליע פון דער צייט, וואָס באַגעגענט זיך אויך ביי איהר. דיזע מעלאַנכאָליע איז נעמליך ניט בלויז די אַל־געמיין־מענשליכע, די, וועלכע איז באַגרינדעט דאַרויף וואָס צוויי מענשען וועלכע ליבען זיך קענען אימער מיט פולער זיכערקייט זאָגען איינס צום אַנדערען: „ענטוועדער איך וועל דערלעבען דעם טאָג ווען דו וועסט ליגען טויט, אָדער דו וועסט דערלעבען דעם טאָג ווען איך וועל ליגען טויט.” עס איז נאָך וועניגער דיזעל־בע עגאָאיסטישע מעלאַנכאָליע וועלכע מיר האָבען דערקענט אלס די סימפּטאָמען פון דער צייט; עס איז א סימפּאַטישע, מיט־פיהלענדע מעלאַנכאָליע, וועלכע האָט אירע וואָרצלען אין דעם קאַמפּף פאַר די גלייכהייטס־אידעאַלען און פרייהייטס־פּרינציפּען פון דער רעוואָלוציאָנערער צייט — עס איז דער טרויער פון דער רעפּאָרמאַטאָרישער באַגייסטערונג.

פון איר יוגענד אָן איז זי געווען אזא ענטהויזיאַסטישע אָנ־הענגערין פון גלייכהייט, אז אפילו אין דעם פּרט פון באַגאַבטקייט און פעהיגקייט האָט זי געהאַלטען אַלע מענשען פאַר גלייך און האָט געגלויבט בלויז אין א גאַנץ קליינעם אונטערשייד צווישען דעם זשעני און דעם געוויינליכען מענשען. דיזען גלויבען האָט זי געהאַלטען פעסט אפילו אין יענע סעפּטעמבער־טעג ווען זי האָט געמוזט אַנטלויפען פון דער טעראָר־הערשאַפט, אין וועלכער די גלייכהייט האָט זיך פאַרוואַנדעלט, און ווען זי איז אונטער דעם קאָנסולאַט פאַרטריבען געוואָרען פון איר פאָטערלאַנד דורך דער

דיקטאַטור, אין וועלכער די פרייהייט האָט זיך פאַרקערט. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט וואָס א שלייער פון אומעט און מעלאַנכאָליע האָט זיך פריהצייטיג פאַרצויגען איבער איר לעבהאַפטען גייסט.

טאָלעיראַן, וועמעס נאָמען איז אין די טעג פון איר איינפלוס אויסגעמעקט געוואָרען פון דער עמיגראַנטען־ליסטע, האָט זיך אויסגעוויזען צו אונדאַנקבאַר צו רירען אפילו מיט א פינגער אום אויסצעווירקען פאַר איר די ערלויבניש זיך אומצוקערען קיין פראַנקרייך אין א צייט ווען זי איז פון בענקשאַפט נאָך איר פאַטערלאַנד געוועזן שטאַרק פאַרצווייפעלט. זי האָט אים ניט געהאַסט, זי האָט קיינעם ניט געהאַסט, זי האָט אַלעמען פאַרצייהט, אָבער זי האָט געגעבען א ריכטיגע און צוגעטראָפענע בילד פון אים, שילדערנדיג אים אין „דעלפין" אין דעם כאַראַקטער פון דער פרוי ווערנאָן. איר טיפע מעלאַנכאָליע מאַכט זיך לוסטיג צום שלום פון אירען א בריף צו אים: „זייט געזונט! זייט איר גליקליך? פיהלט איר ניט מיט אייער גרויסען גייסט א שטרעבונג דורכצודרינגען אמאָל צום גרונד פון אלע זאַכען, ד. ה. אראָבגעהן אפילו צום אומגליק?

„פון אלע פעהיגקייטען וואָס איך האָב געקראָגען פון דער נאַטור — לאָזט זי קאָרינאַ'ן זאָגען — איז די פעהיגקייט צו ליידען די איינציגע, פון וועלכער איך האָב געמאַכט פולען געברויך."

אָבער זייענדיג גייסטיג און געזונד, איז איר געלונגען אין פאַרלויף פון יאָרען צו קומען צו א ליכטיגערער לעבענסאנשויאונג. איינע פון אירע פרויען־פריינד, וועלכע האָט זי גוט געקענט, שרייבט וועגען דעם: „עס איז פיליכט געוועזן א צייט ווען דאָס לעבען, דער טויט, די מעלאַנכאָליע, די ליידענשאַפטליכע זעלבסט־אויפאָפּפערונג האָבען געשפּילט א צו גרויסע ראָלע אין אירע געשפּרעכען. אָבער ווען דיזע אויסדריקען האָבען זיך אזוי ווי אַן אנשטעקונג פאַרשפּרייט אין איר גאַנצען קרייז, אזוי אז עס האָט שוין אפילו געהאַלטען ביי די דינסטען, זיינען זיי איר שרעקליך איבערדריסיג געוואָרען." זי האָט באַוויזען זיך

ארויסצושלעפען פון יענעם גייסטיגען צושטאנד, אין וועלכען אזוי פיעל פון אירע צייטגענאָסען זיינען געבליבען שטעקען.

און דאָס איז געווען איבערהויפט א גרונד־שטריך ביי איר: זי האָט זיך אנטוויקעלט קריטיש אין דעם גייסט און אין דער ריכטונג פון 19טען יאָרהונדערט. פון אָנפאנג איז זי געווען אַן עכטעס פאריזער קינד אָהן א שום לעבעדיגען חוש פאר נאטור־שעהנקייטען. ווען מען האָט איר נאָך איר ערשטען אנטלויפען פון פאריז צום ערשטען מאָל געוויזען דעם זשענעווער אָזיערע האָט זי אין היים־וועה אויסגערופען: „אָי, וויפיעל שעהנער איז די רינע אין רו דע באק!" און ניט קיין סך יאָרען שפעטער האָט זי נעשילדערט אין „קאָרינגא" די איטאליענישע נאטור מיט די גליהענדסטע פארבען. אין אָנפאנג איז זי געווען אינגאנצען פארליבט אין פאריז, וואָס איז אין אירע אויגען געווען גאנץ פראנקרייך, און דיזע — די גאנצע ציוויליזאציאָן. און זי איז געוואָרען דיענינע וואָס האָט פריהער ווי יעדער אנדערער אנטפלעקט פאר די פראנצויזען די אייגענשאפטען און מעלות פון די אנדערע אייראָפּעאישע פעלקער. וואָרום זי איז באזעסען יענע אמת קריטישע פעהינקייט, וואָס האָט אָהן אויפהער אויסגעברייטערט איר גייסט, פארגרעסערט איר אויפנעהמבארקייט, אירע פאָראורטיילען אין דער קנאָספּע דערשטיקט, און זי דאדורך אימער גרייט געהאלטען צו פארשטעהן.

דערין איז געלעגען די אנציהונגס־קראפט וואָס זי האָט אויסגעאיבט, דעריבער איז עס געשעהן וואָס, זייענדיג פארפאָלגט און פארטריבען, האָט זי דאָך אין קאָפּפּעי געהערשט און געווירקט ווי א קעניגין.

אָהלענשלעגער באשרייבט אין זיין אויטאָביאָגראפיע זיין באזוך ביי מאדאם דע סטאל אין יאָר 1808. אָבוואָל אָהלענשלענער האָט, ווי עס שיינט, ניט געהאט קיין ריכטיגע פאָרשטעלונג פון דער אמת'ער זעלטען־גרויסקייט פון דיזער פרוי, וועמעס גאסט ער איז געווען, שילדערט ער דאָך זעהר שעהן זיין פארוויילונג און די פערזאָן פון זיין ווירטין. „ווי לעבעדיג, גייסטרייך, וויציג און ליבענסווירדיג מאדאם דע סטאל איז געווען — שרייבט ער — איז דער וועלט באקאנט. איך האָב קיינמאָל ניט

געקענט קיין פּרוּוו וואָס זאָל אַרויסווייזען אַזוי פיעל זשעני. דער־ריבער האָט זי געהאַט אויך עטוואָס מענליכעס אין איר וועזען, איז געווען שטאַרק געבויט און האָט געהאַט אַ שאַרפען געזיכט. שעהן איז זי ניט געווען, אָבער אירע שיינענדע ברוינע אויגען האָבען דאָך אַזוי פיעל אָנציהענדעס געהאַט, און דעם ווייבליכען טאַלאַנט צוצוציהען מענער און דורך חן און שעהנקייט צו באַהער־שען די פאַרשיידענסטע כאַראַקטערען און זיי געזעליג פאַראיי־ניגען איז זי באַזעסען ביז זעהר אַ הויכען גראַד. איר זשעני און איר געזיכט, און איר שטימע כמעט, זיינען געווען מענליך, אָבער איר זעלע אין אַ הויכען גראַד ווייבליך; דאָס האָט זי באַוויזען אין „דעלפין" און „קאָרינגאַ." רוסאָ האָט ניט געשילדערט די ליבע מיט מער פייער. וואו זי פלעגט זיך באַווייזען פלעגט זי טראָץ דער אַנוועזענהייט פון יונגע און שעהנע דאַמען, צוציהען צו איר קרייז אַלע מענער וואָס האָבען נאָר געהאַט אַ קאָפּ און אַ האַרץ. דערמאָנט מען זיך נאָך דערצו, אַז זי איז געווען זעהר רייך און זעהר גאַסט־פריינדליך און פלעגט אַלע טאָג געבען פּראַכטפולע מאָלצייטען, איז מער קיין וואונדער ניט וואָס זי האָט ווי אַ קעניגין, ווי אַ מין פּעע אין איר וואונדער שלאָס, צוגעצויגען און באַהערשט די מענער. עס ווילט זיך אפילו גלויבען אַז כדי צו סימבאָליזירען דיזע הערשאַפט פלעגט זי אימער ביים טיש האַלטען אין האַנד אַ קליינעם בלעטער־צווייג, מיט וועלכען זי פלעגט ניט אויפהערען צו שפּילען אין דער צייט פון געשפּרעך, און וועלכען דער דינער פלעגט יעדען טאָג מוזען לענגען געבען איר טעלער, ווייל זי האָט זיך ניט געקענט באַגעהן אָהן דעם אַזוי ווי אָהן מעסער, לעפעל און גאָפּעל."

אַלע פלעגען זיך ציהען נאָך קאָפּפּעי אַזוי ווי מיט אַ האַלבען יאָרהונדערט פריהער פלעגט מען געהן נאָך דעם דערביי־ליגענדען פערנעי, וואו וואָלטעיר, פאַרטריבען פּונקט אַזוי ווי מאַדאַם דע סטאַל, אויסערהאַלב די גרעניצען פון פראַנקרייך אָבער אַזוי נאָהנט צו זיי ווי מעגליך, האָט אין זיינע לעצטע יאָרען גאַנץ אייראָפּאַ אַרום זיך אַרומגעקליבען.

עס האָט עפּיס פאַרכאַפּענדעס פאַר דער פאַנטאַזיע צו פאַר־גלייכען די ווירקונג, וואָס האָט אַרויסגעשראַלט פון דעם פּאַט־ריאַך פון פערנעי, מיט דער, וואָס האָט זיך פון קאָפּפּעי'ס יונ־

נער און גייסטרייכער הערשערין פאַנאַנדערגעגאָסען איבער פראַנק־רייך און דער איבריגער וועלט. די צייט אין פערנעי איז געווען אין יעדען פרט די גלענצענדסטע פעריאָדע אין וואָלטעיר'ס לעבען; פון דאַנען האָט ער אלס אַפּאָסטאָל און פירשפרעכער פון פריי־הייט, גערעכטיגקייט און טאָלעראַנץ באַוויזען אַזעלכע גרויסע מעשים, וואָס קיינמאָל פריהער האָט קיין אינדיווידועלע פערזאָן באַוויזען, וועמעס איינציגע כלי־זין איז געווען די פען.

דאָ האָט ער פאַרווענדעט דריי יאָר פון זיין לעבען אויף דעם פּראָצעס צו רעטען די עהרע פון זשאַן קאַלאַ, אַן אכט־און־זעכציג יע־ריגער זקן, אַ סוחר פון טולוז, וועמעס אינגסטער זוהן איז אריבער צום קאטאָליציזמוס און איז דאדורך אָבגעפרעמדט געוואָרען פון זיין פאַמיליע, און דער עלסטער זוהן, אַ לייכטזיניגער און אויס־געלאַסענער מענש, האָט זיך דאָס לעבען גענומען. באַלד האָבען די קאטוילישע גלחים פארשפרייט צווישען עולם דעם קלאַנג, אַז דער פאָטער האָט דערשטיקט זיין זוהן דערפאַר, וואָס ער האָט געוואָלט אריבערגעהן צום קאטאָליציזמוס, וואָס איז דעם פאָטער פאַר־האַסט. די גאַנצע פאַמיליע איז געשמידט געוואָרען אין קייטען, דער קערפּער פון דעם געפאַנגענעם איז ארויסגעשטעלט געוואָרען עפענטליך, או ער האָט באַוויזען איין וואונדער נאָכ'ן אנדערען. אין דער זעלבער צייט איז גראַד אויסגעפאַלען דאָס צוויי הונדערטע יאָרצייט פון דער סט. באַראטהאלאמעאוס־נאַכט אין טולוז. אין פאַנאַטישער אויפרעגונג האָבען דרייצען ריכטער, טראָץ אַלע באַ־ווייזע נעגען דער ווארהייט פון דער אָנקלאַגע און אָהן אַ שאָטען פון באַווייז פאַר דער שולד, פאַר'משפט דעם אַלטען מאַן לעבע־דינערהייד, געבראָכען צו ווערען אויף דער ראָד. דער פסק איז אויסגעפירט געוואָרען, אָבער נאָך אויף דער ראָד האָט ער גע־טענה'ט אַז ער איז אונשולדיג. די קינדער האָט מען כלומרשט אלס באַנגאַדיגונג פארשפאַרט אין אַ קלויסטער, און געצוואונגען אָנצונעהמען דעם קאטוילישען גלויבען. דאַן האָט וואָלטעיר גע־שריבען אין פערנעי זיין באַריהמטע שריפט וועגען טאָלעראַנץ און האָט אויפגעריסען הימעל און ערד, ביז ער האָט געצוואונגען אַ רעוויזיע פון דעם פּראָצעס. ער האָט זיך געווענדט צו דער עפענטליכער מיינונג פון גאַנץ אייראָפּאַ, ער האָט געצוואונגען דעם

שטאַטס־ראַט אין פּאַריז אַרויסצופאָדערען די געריכט־אַקטען פון פּאַרלאַמענט אין טולוז. ד״זע פאָדערונג האָט מען אָבגעזאָגט, מען האָט געזוכט די זאַך צו פּאַרשלעפּען. ענדליך, נאָך דריי־יעריגען אונערמידליכען קעמפּפען, האָט וואָלטעיר אויסגעפירט. דער טו־לוזער אורטייל איז ערקלערט געוואָרען אַלס פאַלש, די עהרע פון דעם הינגעריכטעטען איז צוריקגעשטעלט געוואָרען, און דער פאַ־מיליע איז צוגע'משפט געוואָרען שאַדענדערזאַץ. צו זיין גערעכט צו וואָלטעיר'ן דאַרף מען געדענקען, אַז אין דיזער פּעריאָדע זיינען די ווערטער "Ecrasez l'infame" (מעקט אוים די שאַנדע) געוואָרען די באַשטענדיגע פאָרמול אין אַלע זיינע בריף.

ווייטער האָט וואָלטעיר אין פערנעי זיך פאַרנומען מיט דער פאַמיליע סירווען. דער פאָטער איז געווען אַ קאַלוויניסט און די טאָכטער איז מיט גוואַלט אוועקגעפירט געוואָרען אין אַ קלויסטער. ווען זי איז דאָ משוגע געוואָרען האָט מען זי פריי געלאָזען, און זי האָט זיך דערטרונקען אין אַ ברונען ניט ווייט פון איר פאָטער'ס הויז. דאַן האָט מען דעם פאָטער, דער מוטער און זייערע טעכ־טער באַשולדיגט אין ערמאָרדען די נאָנע. זיי זיינען אַלע פאַר'־משפט געוואָרען צום טויט. די גאַנצע אומגליקליכע פאַמיליע האָט אין אייראָפּאַ ניט געוואוסט פון קיין אַנדער זיכערערן פּלאַץ ווי וואָלטעיר'ס הויז. זיי זיינען אַנטלאָפען צו אים; די מוטער איז פון צער אויפ'ן וועג געשטאָרבען. אויך דאָס מאָל, אָבוואָל אַ פאַרטריבענער, האָט ער געצוואונגען דורך דער מאַכט פון זיין פייערדיגער שפּראַך די פראַנצויזישע געריכטען די זאַך אויפצו־נעהמען פון דאָס ניי און די גאַנצע פאַמיליע איז פריינעשפּראָכען געוואָרען.

מיט דריי יאָר שפּעטער האָט וואָלטעיר אין פערנעי אויפ־גענומען עטאַלאָנד'ן. צוויי יונגעלייט, דע לאַ באַרר און עטאַלאָנד, זיינען אין יאָר 1765 אָנגעקלאָגט געוואָרען, אַז זיי האָבען ניט אַראָבגענומען די היטלען ווען זיי זיינען פאַרביי געגאַנגען אַ פּראָ־צעסיע, און דיזער טייל פון דער אָנקלאַגע איז געווען אמת, און אַז זיי האָבען אַריינגעוואָרפען אַ צלם אין וואַסער, און דיזע באַשול־דיגונג איז געווען פאַלש. ביידען האָט מען צוערשט פאַרהערט אונטער מאַטערנישען, און דאַן האָט מען לאַ באַרר'ן גערעדערט.

מוטיג איז ער ארויפגעאנגען אויפ'ן עשאפאט און האט נאר גע־זאגט: „איך האב ניט געקענט גלויבען אז מען וועט א יונגען מענשען טויטען פאר אזא אונזין.״ עטאלאנד, וועמען מען האט פאראורטיילט אבצושניידען די רעכטע האנד און די צונג איז אנט־לאפען קיין פערנעי, און ביי וואלטעיר'ן האט קיינער ניט געוואגט צו לעגען אויף אים א האנד.

נאך איין מאל האט וואלטעיר'ן געגליקט פון פערנעי א מענשען־לעבען צו רעטען. א יונג פאר פאלק, מאנבאלי, זיינען אויף א פאלשער קלאגע פון מארד פאראורטיילט געווארען פאר־ברענט צו ווערען אויפ'ן שייטערהויפען. דעם מאן האט מען צו־ערשט גערעדערט, דאן פארברענט. די הינריכטונג פון דער פרוי איז אבגעלעגט געווארען ווייל זי איז געוועזען שוואנגער. דערווייל האט וואלטעיר ערפארען פון דער געשיכטע, מיט זיין פייערבליק באלד אויף דורך געזעהן איר שענדליכקייט, געשיקט אן אפעלאציע אין פראנצויזישען מיניסטעריום, האט באוויזען אז דער מאן איז אונשולדיג געטויטעט געווארען און האט גערעטעט די פרוי פון שטייערהויפען.

און פונקט ווי ער האט זיך אויפגעאפפערט צו רעטען דאס לעבען פון אונשולדיג אנגעקלאגטע, אזוי האט ער זיך אויך גע־אפפערט צו רעטען דעם כבוד פון טויטע. איינע פון די לעצטע נאכריכטען, וואס וואלטעיר האט ערהאלטען אויף זיין טויטען־בעט, איז געוועזען אז דער פראצעס וואס ער האט צוריק אויפגעוועקט בנוגע דעם יוסטיץ־מארד פון גענעראל לאללי, איז געוואונען געווארען און דער ערמארדעטער איז פרייגעשפראכען געווארען פון דער שולד. און אין דיזער פעריאדע האט וואלטעיר נאך געפונען צייט צו אר־בייטען ליידענשאפטליך פאר דער אבשאפונג פון לייב־אייגענטום אין פראנקרייך, האט געפונען צייט די פלימעניצע פון קארניל, א יתומה, וועמען ער האט אריינגענומען צו זיך אין הויז, צו ער־ציהען און איר פארשאפען א רייכען נדן, צייט צו פארוואנדלען פערנעי פון אן עלענדען דערפעל אין א טעטיגער און פארמעגליכער שטאדט, און צייט צו שרייבען זיין אבהאנדלונג איבער דעם גייסט און די זיטען פון די פעלקער, זיין פירוש אויף דער ביבל, זיין גע־שיכטע פון דער איינפירונג פון קריסטענטום, זיין פילאזאפישעם

ווערטער־בוך און אַלע יענע הויפּט־ווערק אין וועלכע ער האָט פּאַר־פאָלגט נאָר דעם איין ציל: די קריסטליכע דאָגמאַטיק אונטער־צוגראָבען, וועלכע ער האָט געגלויבט איז דער וואָרצעל פון גאַנצען אָבערגלויבען, פון דער גאַנצער מאַכט פון דער גייסטליכקייט און פון אַלע איבלען וואָס קומען אַרויס פון איר. דערביי האָט ער אויך ניט פאַרנאַכלעסיגט דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען. ער האָט אויסגעבויט אין פערנעי אַ פּריוואַטען טעאַטער און האָט געבראַכט צו זיך די בעסטע אַקטיאָרען. אַלץ וואָס אייראָפּאַ האָט פאַרמאָגט אין גייסט און טיכטיגקייט האָט זיך געצויגען צו אים קיין פערנעי.

אָט אַזוי גלאַנצט דער נאָמען פערנעי אין דער געשיכטע! דער רוהם וואָס געהט אַרויס פון קאָפּפּעי קען זיך נאַטירליך דער־מיט ניט מעסטען, אָבער האָט ניט וועניגער זיין גרויסקייט און זיין ווערט. אויך דאָ איז עס געוועזען דורשט נאָך גערעכטיגקייט, אַ ליבע צו וואַרהייט און פרייהייט פון איידעלסטען סאָרט, וואָס איז פון גלות געקומען אַהער. שפּעטער אויך אין דעם ניינצענטען יאָר־הונדערט האָט יעדע פון די דריי גרויסע הויפּטלענדער זיין גרעס־טען שריפטשטעלער אין גלות פאַרשיקט: ענגלאַנד — לאָרד ביי־ראָן, דייטשלאַנד — היינריך היינע, פראַנקרייך — וויקטאָר הוגאָ. אָבער מיט'ן אָנפאַנג פון 19טען יאָרהונדערט איז די צייט געוועזען פאַרביי ווען די שריפטשטעלער האָבען געבילדעט אַ גרויסמאַכט. אפילו אַ זשעני פון וואָלטעיר'ס ראַנג וואָלט אין דיזען יאָרהונדערט קוים אויסגעאיבט אַן אויסערליך מערקבאַרען איינפלוס, און מאָ־דאָס דע סטאַל איז יעדענפאַלס ווייט פון קענען שטעהן מיט אים אויף אַ גלייכער מדרגה פון געניאַליטעט. אויסערדעם איז איר אויפגאַבע געוועזען אַ גאַנץ אַנדערע. די אויסערע מאַכט פון דער קירכע איז פאַרלויפיג געוועזען געבראָכען, און איר גייסטיגע ריכ־טונג איז געוועזען צו רעליגיעז אום זי זאָל קענען געהן אין וואָלטעיר'ס פאַרלאָזענע וועגען. דער פּאָליטישער אבסאָלוטיזם איז געוועזען אַזוי מעכטיג, אַז בלויז ניט צו דערמאָנען דעם נאָמען פון פראַנצויזישען קייזער אין אַ ווערק איבער דייטשלאַנד איז באַטראַכט געוואָרען פאַר אַ דעמאָנסטראַציע און איז אַלס אַזעלכע באַשטראָפט געוואָ־רען. אָבער עס איז געוועזען אַן אַרבייט, וואָס ניט דורך די ענדערונ־גען פון דער רעוואָלוציאָן האָט זי געקענט געטאָן ווערען, און ניט

דורך די גזרות פון דער אימפעריע־פאַרבאָטען ווערען — די ארבייט אונטערצוגראָבען די בערג רעליגיעזע, מאָראַלישע, געזעלשאַפטלי־כע, נאַציאָנאַלע און קינסטלערישע פאָראורטיילען, וועלכע זיי־נען געלעגען אויף אייראָפּאַ מיט נאָך אַ שווערערען דרוק ווי נאַ־פּאָלעאָנ׳ס וועלט־מאָנארכיע, אַ וועלט־מאָנארכיע וואָס איז טאַקע נאָר דורך זיי איבערהויפּט מעגליך געוואָרען. אין מאַנכע פון דיזע פאָראורטיילען, איבערהויפּט קינסטלערישע און נאַציאָנאַלע, איז אפילו וואָלטעיר געבאַפּט געוועזען. געגען דיזע אַלע האָט מאַדאַם דע סטאַל פון קאָפּפּעי געעפענט דעם קריג. איבריגענס האָט זי אויך, ווי וואָלטעיר, ניט פאַרנאַכלעסיגט דורך דעם דאָס געזעל־שאַפטליכע לעבען, האָט אויך איר איינענעם טעאַטער געהאַט, האָט געשריבען דראַמען און האָט אַליין זיי געשפּילט. די שלאָס־באַ־זיצערין פון קאָפּפּעי מעג דעריבער פונקט אַזוי אָנגערופען ווערען איידעל אין איר טעטיגקייט ווי דער פילאָזאָף פון פערנעי; זי איז געווען וועניגער גליקליך און מעכטיג אין אירע שטרעבונגען, אָבער דורך איר געשלעכט און אירע ליידען — נאָך אינטערעסאַנטער. ער איז געווען אומשטאַנד אויפצוטהאָן מער פאַר אַנדערע, זי האָט געמוזט באַשיצען זיך אַליין.

.10

## די איטאַליעניש‍ע פּאָזיע און מאַדאַם דע סטאַל'ס פּאָעטיק. „קאָרינגאַ."

מאַדאַם דע סטאַל האָט אָנגעפאַנגען, ווי געזאָגט, איר שריפט־שטעלערישע טעטיגקייט מיט אַ רייהע ענטהוזיאַסטישע בריף איבער זשאַן זשאַק רוסאָ, וועלכע זיינען געשריבען געוואָרען מיט דעמזעלבען געפיהל פון ליידענשאַפטליכער קינדישער ליבע פאַר רוסאָ, וואָס זי האָט איר לעבען לאַנג געטראָגען פאַר איר פאָטער. זי אליין פירט דאָ צוריק איר גייסטיגע אָבשטאַמונג צום זעלבען גרויסען מאַן, וועמעס איינפלוס מיר האָבען נאָכגעשפּירט אויף אַזוי פיעל באַדייטענדע גייסטער. באַלד נאָכדעם אַנטוויקעלט זי אין איר "Essai sur les fictions" איר פּאָעטיק. דיזע פּאָעטיק האָט פאָלגענדען פּראָגראַם: קיין מיטאָלאָגיע, קיין אַלעגאָריע, קיין פאַנטאַסטישע אָדער איבערנאַטירליכע פעען־וועלט; וואָס עס דאַרף הערשען אין דער פּאָעזיע איז די ריינע נאַטור. עס ווייזט אויס אַז זי איז נאָך דאָ ניט רעכט קלאָר ביי זיך איבער דעם גרויסען קאָנטראַסט צווישען דער פּאָעזיע אַלס פּסיכאָלאָגיע און דער פּאָעזיע אַלס פאַנטאַזיע, ווי אויך איבער דער פאַרשיידענאַרטיגער אויפפאַסונג פון פּאָעזיע ביי די פאַרשיידענע פעלקער — אַן אונטערשייד וועלכער איז איר שפּעטער אַזוי קלאָר געוואָרען, אַז מען קען דיזע פאַרשטענדניש באַצייכנען אַלס איינעם פון די וויכטיגסטע געדאַנקען פון איר שריפטשטעלעריי; וואָרום דאָס האָט גאַנץ באַזונדערס מיטגעהאָלפען צו מאַכען די פּאָעזיע פון די פראַנצויזען רעלאַטיוו פאַר'ן פראַנצויזישען פאָלק. די פראַנצויזען זיינען נעמליך געוואוינט צו זעהן די עסענץ פון פּאָעזיע אין דער טיפער, אויף באָאָבאַכטונג באַגרינדעטער קענטניש פון דעם מענש־

ליבען הארצען, וועלכע אנטפלעקט זיך אין ווערק ווי מאליער'ס „מיזאנטראפ" און „טארטיף". און אזוי ווי די פראנצויזען באגרינדען די פאעזיע אויף דער באאבאכטונג, אזוי באזירען זי די דייטשען אויף דער איננינקייט פון דעם געפיהל און די ענגלענדער אויף א פאנטאזיע וואס וויים ניט פון קיין רעגעלען, שפרינגט און פלאטערט צווישען שרעקען און אידעאלען, וואס באגרעניצט זיך ניט צו דער נאטור, אבער געברויכט אויך ניט דאס איבערנאטירליכע אנדערש ווי אלס א טיפען סימבאל.

א פאעזיע, ווידער, ווי די וואס שטראלט ארויס פון דער איטאליענישער נאטור און דעם איטאליענישען פאלק, פאלט איבגאנצען אויסערהאלב דיזע אויפפאסונגען. אין קארינגא, די אימפראוויזאטארין, וויל מאדאם דע סטאל פארקערפערען די פאעטישע פאעזיע אין געגענזאץ צו דער פסיכאלאגישער, ד. ה. פאעזיע ווי אריאסטא פארשטעהט זי אין געגענזאץ צו שעקספיער'ס, מאליער'ס און געטהע'ס. טראץ דעם מאכט זי ניט־ווילענדיג קארינגא האלב נארדיש. ווער עס האט ניט דורכגעמאכט דעם שווערען קאמפף צו מאכען זיך פארשטעהן די אנשויאונגען פון א דורכאויס פרעמדער ראסע, דער וויים ניט ווי שווער עס איז אין דיזען פרט צו באפרייען זיך פון די איינגעבארענע פאראורטיילען פון דעם אייגענעם שטאם. עס איז וויכטיג דערצו איינצוראטמען דיזעלבע לופט, צו לעבען א צייט לאנג אין דיזעלבע נאטוראומגעבונגען ווי די פרעמדע ראסע. אהן די נסיעות, צו וועלכע מאדאם דע סטאל איז געצוואונגען געווארען דורך איר אויסווייזונג, וואלט עס פאר איר אונמעגליך געוועזן איר אינטעליגענץ אויסצובררייטען.

איך גלויב, אין יעדער באשיידענקייט, אז איך קען ריידען וועגען דעם פון אייגענער ערפארונג. איך מעג זאגען, אז ערשט אויף איינזאמע שפאצירגאנגען אין דער אומגעגענד פון סארענטא איז מיר געלונגען שעקספיער'ן אזוי וויים אבצורוקען פון מיר, אז איך האב אים געקענט באטראכטען און אים, און דאדורך אויך זיין געגענזאץ פארשטעהן. איך דערמאן זיך אן א באשטימטען, אין דיזען פרט פאר מיר באדייטונגספולען טאג. איך האב דריי טעג פארבראכט אין פאמפיי. פון די טעמפלען דא

האָט מיך אַם מייסטען פאַראינטערעסירט דער טעמפּעל פון איסיס, דאָ, האָב איך מיר געטראַכט, איז געשטאַנען דער קאָפּ פון דער געטין, וואָס איז יעצט אַריבערגעפירט אין דעם „מוזעאָ נאַציאָ־נאַלע“, וועמעס ליפּען זיינען אָפען און אין וועמעס נאַקען עס געפינט זיך אַ לאָך. איך בין אַראָבגעגאַנגען אין דעם אונטערערדישען גאַנג הינטער דעם אַלטאַר, פון וואַנען די פּריסטער פלעגען דורך אַ רעהר וואָס האָט געפירט צו דעם קאָפּ, לאָזען דער געטין זאָגען נביאות. עס איז מיר אַרויפגעקומען דער געדאַנק, אַז טראָץ זיי־ער גאַנצער כיטרעקייט און טראָץ דעם אָבערגלויבען פון דער מאַסע האָט דאָך עס געמוזט זעהר שווער זיין צוצונעבען דעם טעמפּעל אין דיזען קלימאַט אַ מיסטישען כאַראַקטער. וואָרום דער טעמ־פּעל איז אַ קליינער שעהנער בנין, וואָס גלאַנצט אין העלען זונען־ליכט; ס׳איז ניטאָ אין ערגיץ קיין אָבגרונדען, פינסטערניש, גרויי־קייט. אַפילו ביינאַכט איז דער טעמפּעל געשטאַנען העל אין דעם שיין פון דער לבנה און שטערען די לאַנדשאַפט צוזאַמען מיט דעם ניכטערען פאַרשטאַנד פון די רוימער האָט געשטערט דאָס אויפ־קומען פון יעדער מיסטיק און ראָמאַנטיק. איך בין געקומען קיין סאָררענטאָ; דער וועג, געהאַקט אין דער וואַנד פון אַ באַרג, פירט צום ים; אָט שלענגעלט ער זיך אַרויס ביז׳ן ים, אָט ווידער צוריק, און דאַן בילדעט די בוכטע אונטען אַ מעכטיגען טאָל, באַ־וואַקסען מיט אָליוועז־בוימער. די געגענד איז צוגלייך גרויס און שמייכלענדיג, ווילד און פרידליך. די קאַהלע פעלזען־ווענד פאַר־לירען זייער שטרענגקייט אין דער באַלייכטונג פון אַזאַ העלען זונען־ליכט, און פון אַלע טאָלען שימערען דאָ די גלאַנציג־גרינע בלעטער פון אָראַנזש־בוימער, די פיינע סאַמעט־גרינע בלעטער פון די אָליוועז אַרום ווייסע הייזער, ווילאַס און שטערטלאַך.

אויפ׳ן אַנדערען זייט ליגען דאַן די ווייסע שטעדט, אַזוי ווי מיט אַ צוקער־לעפּעל אָנגעשאָטען איבער די וואַלד־פאַרוואַקסענע בערג־זייטען ביז צום אויבערשטען ראַנד אַרויף. דער ים איז גע־וועזען אינדיגאָ־בלוי, ערטער־ווייז שטאָל־בלוי, און קיין וואָלקענדעל אויפ׳ן הימעל. און אַנטקעגען אין ים איז געלעגען דער ענטציקענד שעהנער פעלזען־אינזעל קאַפּרי. אין ערגעץ זעהט מען ניט אַזאַ צוזאַמענשפּיל פון ליניען און פאַרבען. אַנדערשוואו קען מען

אפילו אויף דאָס שעהנסטע געפינען עטוואָס אויסצוזעצען. די ליניען פון ווערזאוויוס, צ. ב. צייכנען זיך אָב אביסעל צו ווייך נעגען הימעל, אביסעל צו איינגעזונקען. אָבער קאַפּרי! אין די קאַנטורען פון זיינע פעלזען קלינגט עפּיס ווי א מוזיקאַלישער ריטמוס. וואָס פאר א גלייכע מאָס אין אַלע זיינע ליניען! ווי אזוי אַלץ איז צוגלייך שטאָלץ און צארט, מוטיג און צויבערליך! דאָס איז די גריכישע שעהנקייט. קיין זאַך ניט גיגאַנטיש, קיין זאַך וואָס אימפּאָנירט דעם פּראָסטען געשמאַק, אָבער אבסאָלוטע האַר־מאָניע אין דעם באַגרעניצטען. פון קאַפּרי דערזעהט מען די סי־רענען־אינזלען, וועלכע אָדיסיי איז פארבייגעפאָרען. אזוי האָט האָמער'ס איטהאַקאַ אויסגעזעהן, נאָר איז פיליכט געווען ווענינער שעהן; וואָרום דאָס גריכיש־באַפעלקערטע נעאַפּעל איז דער איינ־ציגער לעבעדיגער עדות פון דעם קלימאַט פון אַלטען גריכענלאַנד. גריכענלאַנד'ס איינענע נאַטור איז יעצט נאָר דער טויטער גוף פון דאָס וואָס זי איז אַמאָל געווען.

עס האָט אָנגעהויבען טונקעל צו ווערען, ווענום האָט געלויכ־טען העל, און די געדרעהטע בערג־זייטען און די טאָלען האָבען לאַנגזאַם אָנגענומען דעם פאַנטאַסטישען כאַראַקטער, וואָס די פינסטערקייט האָט די טבע צוצוגעבען. אָבער דער כאַראַקטער איז ניט געוואָרען דאָס וואָס מיר נאָרדלענדער רופען אָן ראָ־מאַנטיש. דורך די פיינע אָליווען־בלעטער און צווייגען האָט נאָך געשימערט דער ים מיט זיין קרעפטיגער בלויער פארב. דאַן האָב איך דערפיהלט, אז דאָ איז פאראַן א וועלט, די וועלכע דער גאָלף פון נעאַפּעל רעפּרעזענטירט, וועלכע שעקספּיר האָט ניט געקענט, ווייל זי איז גרויס אָהן שרעקען און שעהן אָהן ראָמאַנ־טישע נעבעל און די שפּילען פון עלפען. איך האָב ערשט רעכט פארשטאַנען מאַלער ווי קלאָד לאָררען און פּוססען. איך האָב פארשטאַנען אז זייער קלאַסישע קונסט דריקט אויס א קלאַסישע נאַטור, און האָב דורך דעם נעגענזאַץ פארשטאַנען נאָך טיפער א ווערק ווי רעמבראַנט'ס גראַוויור „די דריי בוימער", וועלכע שטעהען ווי באַזעלטע וועזענס, ווי נאָרדישע פּערזענליכקייטען, אין א שלאַגס־רעגען אויפ'ן זומפּיגען פעלד. איך האָב פארשטאַנען ווי נאַטירליך עס איז אז א לאַנד ווי דיזעס האָט ניט געשאַפען

קיין שעקספּיר און האָט ניט געדאַרפט קיין שעקספּיר, ווייל די נאַטור אַליין האָט דאָ איבערגענומען די אויפגאַבע, וועלכע אין נאָרד האָבען די דיכטער געמוזט ערפילען. פּאָעזיע פון דעם טיפען, פסיכאָלאָגישען סאָרט איז, ווי קינסטליכע וואַרימקייט, אַ לעבענס־באַדערפניש דאָרט וואו די נאַטור איז אונפריינדליך און רויה. דאָ אין צפון האָט די פּאָעזיע פון האָמער ביז אריאָסטאָ זיך געקענט באַנוגנען צו זיין אַ קלאָרער, ניט קיין פאַרדאָפּלענדער שפּיגעל פון דער קלאָרער נאַטור. זי האָט זיך ניט באַמיהט אַראָבצודרינגען אין דער טיפעניש פון מענשליכען הארצען. זי האָט ניט געשטרעבט צו געפינען אין די טיפענישען און אין די הייהלען די איידעלשטיינער, וועלכע אַלאַדין האָט געזוכט און שעקספּיר האָט געפונען, אָבער וועלכע דאָ האָט דער זונען־גאָט מיט פולער האַנד אויסגעשפּרייט אויף דער אויבערפלאַך פון דער ערד.

„קאָרינגאַ, אָדער איטאַליען" איז מאַדאַם דע סטאַל'ס בעסטע בעלעטריסטישע ווערק. אין דיזער גן־עדן נאַטור האָט זיך איר אויג געעפענט פאַר דער נאַטור. זי האָט שוין מער ניט פאַרגעצוינען איר פאַריזער קאַנאַווע איבער דער נעמי־אָזיערע. און דאָ, אין דיזען לאַנד, וואו אויף מאַנכע פלעצער, אַזעלכע ווי דער פאָרום צ. ב. האָט אַן איינציגע קוואַדראַט־אייל אַ גרעסערע געשיכטע ווי דאָס גאַנצע רוסישע קעניגרייך, האָט זיך געעפענט איר מאָדערנער, רעוואָלוציאָנערער און מעלאַנכאָלישער זין פאַר דער געשיכטע, פאַר דאָס אַנטיקע, מיט זיין איינפאַכער און שטרענגער רוהיגקייט. און ענדליך דאָ אין רוים, דער זאַמעל־אָרט פאַר גאַנץ אייראָפּאַ, זיינען פאַר איר אַנטפּלעקט געוואָרען די כאַראַקטעריסטיקס און איינגענטימליכקייטען פון די פאַרשיידענע נאַציאָנען. דורך איר איז איר פאָלק צום ערשטען מאָל געוואָרען באַוואוסטזיניג פון זיינע איינגענשאַפטען און זיינע באַגרענצונגען. וואָרום אין איר בוך באַגעגנען זיך ענגלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליען און פאַרשטעהען איינס דאָס אַנדערע, ד. ה. ניט איינס דאָס אַנדערע, נאָר אין דער פאַרפאַסערין און אין איר העלדין קאָרינגאַ, וועלכע איז האַלב ענגלענדערין און האַלב איטאַליענערין קאָרינגאַ ערשיינט אין דער וועלט פון דיכטונג אַזוי ווי אַ מין פאָרבילד פון דאָס וואָס עליזאַבעטה בראַונינג איז געווען איןווירקליכען לעבען. ווען איך

בין איינמאל אין פלארענץ שטעהן געבליבען פאר א הויז וואס האט געטראגען אין איטאליעניש די אויפשריפט: „דא האט גע־וואוינט עליזאבעטה בארעט בראונינג, וועלכע האט מיט אירע געדיכטע אויסגעוועבט א גאלדענעם באנד צווישען ענגלאנד און איטאליען”, האט די פארפאסערין פון "Aurora Leigh" ארויפגע־בראכט אין מיר דעם געדאנק וועגען קארינגא.

די האנדלונג פון דעם בוך איז פאלגענדע: א יונגער ענגלענ־דער, אסוואלד, לארד נעלוויל, וועלכער האט פארלארען זיין פא־טער וועמען ער האט געליבט מער פון אלץ אין דער וועלט און וועמעס טויט האט אים געטראפען נאך שטארקער דערפאר ווייל ער האט זיך פארוואורף געמאכט אז ער האט דעם פאטער אין די לעצטע יארען פארשאפט שמערצען, פארט קיין איטאליען, זיך צעשטרייען. ער קומט אן קיין רוים פונקט דעמאלט ווען די דיכ־טערין קארינגא ווערט אין טריאומף געפירט צום קאפיטאל, און אבוואל עפענטליכער אויפטריט און עפענטליכע טריאומפען שטי־מען ניט מיט זיין אידאל פון ווייבליכקייט, דאך ווערט ער שנעל געפאנגען פון דער אונגעצוואונגען נאטירליכער, אזוי גוט ווי גאסט־רייכער קארינגא און ווערט ביסלעכווייז אין איר פארליבט. אבער ניט קוקענדיג דערויף וואס זיין צוזאמענלעבען מיט איר עפענט זיינע אויגען פאר אלע אירע שעהנע און זעלטענע אייגענשאפטען בלייבט דאך אין אים די מורא אז זי פאסט ניט צו זיין די ווייב פון אן אנגעזעהענעם ענגלענדער. ער געפינט ניט אין קארינגא די שוואכע, שרעקעדיגע פרוי, וואס אויסער אירע פליכטען און געפיהלען, האט זי ניט קיין מיינונג וועגען קיין זאך, אזוי ווי ער האט אין ענגלאנד געוואלט זיין ווייב זאל זיין, וואו דאס גליק און דער רוהם באשטעהען אין די הויזליכע טוגענדען פון די פרויען. באזונדערס שמערצליך זיינען די ספקות וואס עס רופט ארויס אין אים די פראגע, צי וואלט זיין פארשטארבענער פאטער געוועזען ווע־לען קארינגא'ן פאר א שנור. א פראגע וועלכע וואס מער ער האט באהאנדעלט אלץ אנטשיידענער האט ער געמוזט מיט ניין ענטפערען.

קארינגא, וועמעס ליבע איז פיעל טיפער און רייכער ווי זיי־נע, שרעקט זיך פאר זיין שוואנקען און האט מורא אז ער קען נאך

אַמאָל פּלוצלונג פאַרלאָזען איטאַליען. זי שטרעבט דעריבער אים צוריקצוהאַלטען דערמיט וואָס זי וועט אויפוועקען זיין אינטערעס פאַר די דענקמעלער פון דעם לאַנד, פאַר זיין קונסט, פּאָעזיע און מוזיק. אָסוואַלד איז איבערהויפּט באַאונרוהיגט דורך דאָס געהיימניספולע אין קאָריננאַ׳ס לעבען; קיינער וויים ניט איר אמת׳ן נאָמען אָדער איר אָבשטאַמונג; זי רעדט אַלע שפּראַכען; זי האָט ניט קיין קרובים; ער האָט מורא אַז עפּיס אַ זינד האָט איר אַרויסגעשטויסען אין לעבען אַליין. קאָריננאַ איז אין ווירקליכקייט די טאָכטער פון אַן ענגלענדער און אַ רוימערין, און אַזוי ווי איר פאָטער האָט חתונה געהאַט אַ צווייטען מאָל אין ענגלאַנד האָט זי איר יוגענד פאַרבראַכט אונטער די אויגען פון איר שטיפמוטער אין אַ קליינער בורזשאַזער ענגלישער פּראָווינץ־שטאָדט. נאָר געמאַטערט פון דער גאַנצער קליינליכקייט און דעם צוואַנג, וואָס האָבען איר גייסט פאַלשטענדיג אונטערדריקט האָט זי נאָכ׳ן טויט פון איר פאָטער פאַרלאָזען ענגלאַנד און האָט געפירט אין איטאַליען אַלס דיכטערין אַן אונאַבהענגיג אָבער ריין לעבען. זי וויים אַז איר פאַמיליע און אָסוואַלד׳ס האָבען זיך געקענט, אַז אָסוואַלד׳ס פאָטער האָט זי ניט געוואָלט פאַר אַ שנור און האָט געוואָלט אַ שידוך צווישען אָסוואַלד׳ן און איר אייגענער שוועסטער לוסיל. אַזוי אָפט ווי אָסוואַלד שטעהט צו זי זאָל אים דערצעהלען איר לעבענס־געשיכטע אַזוי אָפט זוכט זי אויסצומיידען אַן ערקלערונג, און דערצו געפינט זי ניט קיין בעסערען מיטעל ווי אָבצעווענדען אָסוואַלד׳ס געדאַנקען אויף אַנדערע זאַכען דאַדורך וואָס זי ווערט זיין פירערין דורך חורבות, גאַלערייען און קירכען און ווייזט אים איטאַליען׳ס הערליכע געגענדען. ווי אַ צווייטע שעהעראַזאַדע שטרעבט זי צו פאַרלענגערען איר לעבען און אָבצעווענדען די געפאַר דאַדורך וואָס זי ציינט אים אַלע טאָג נייע הערליכקייטען, געגען וועלכע די הערליכקייטען פון טויזענד און איין נאַכט זיינען בלאָס, און זי באַגלייט זיי מיט פיינע און טיפזיניגע ערקלערונגען.

אויף אַזאַ אופן קומט די באַשרייבונג פון רוים, די שילדערונג פון נעאַפּעל׳ס נאַטור, די טראַגישע שעהנקייט פון ווענעדיג, פאַר העכסט נאַטירליך. אין רוים איז אַנטשטאַנען קאָריננאַ׳ס גרויי־

סע ליידענשאַפט, און רוים איז אויך געוואָרען די ערשטע ראָם פאַר דיזער ליבעס־געשיכטע; דער גרויסער ערנסט און ווייטער געזיכטס־קרייז פון רוים פּאַסען דיזע טיפע געפיהלען און גרויסע געדאַנקען. אין געפּעפּל דערגרייכט קאָריננאַ׳ס ליבע איר העכסטען לירישען אויסברוך; דער וואולקאַן און דער שמייכלענדער פּראַכט פון דעם גאָלף בילדען דאָ דעם הינטער־גרונד צו איר געשטאַלט און דער געזאַנג אויפ׳ן ים באַגלייט איר וועהמוטיגע ליידענשאַפטליכע אימפּראָוויזאַציע איבער פרויען־ליבע און דעם פרויען־שיקזאַל. אין ווענעדיג, ענדליך, וואו דער איינדרוק פון דער פאַרגענגליכקייט און פאַרניכטונג פון דער שעהנקייט דריקט זיך דאָ אויף איינעם פון אַלע זייטען, פאַרלאָזט אָסוואַלד קאָריננאַ׳ן אויף אימער.

די נאַכריכט אז זיין רעגימענט ווערט קאָמאַנדירט קיין אינדיען רופט אים פלוצלונג אוועק צוריק קיין ענגלאַנד. ער באַטראַכט זיך אַלס פאַר׳קנס׳ט מיט קאָריננאַ׳ן און ער איילט צו איר שטיפּ־מוטער אום דער אנטלאָפענער איינצושטעלען צוריק אין אירע רעכט. אָבער ביי ליידי עדזשעמאָנט טרעפט ער קאָריננאַ׳ס האַל־בע־שוועסטער לוסיל און איר איינפאַכע וויבליכע שעהנקייט פאַרדרענגט ביסלעכווייז די עראינערונג אָן דער עלטערער שוועס־טער, וועמעס גלענצענדע באַגאַבונג לאָקט אים ניט אַזוי שטאַרק פון דערווייטענס און וועמעס זעלבסשטענדיגעס, מוטיגעס אויפ־טרעטען אין פולען זונען־שיין פון לעבען פאַרשפּרעכט אים ניט קיין פאַמיליען־גליק אין אַ לאַנד, וואו דאָס האַלב־ליכט פון דעם היים, מיט וועלכען לוסיל׳ס איינגעהאַלטענער כאַראַקטער האַר־מאָנירט, איז דאָס איינציגע, אין וועלכען אַ פרוי קען זיך אַרויס־ווייזען אַלס ווירדיגע געשטאַלט. זיין הייראַט מיט קאָריננאַ וועט אויפהויבען געגען אים די גאַנצע געזעלשאַפט; זי ווייזט אים אוים אַזוי ווי אַן אַרויספאָדערונג צו דעם שאָטען פון זיין פאָטער. אָבער די הייראַט מיט לוסיל וועט האָבען דעם איינשטימיגען ביי־פאַל פון דער געזעלשאַפט. אין קאָריננאַ וועט ער הייראַטען דאָס פרעמדע, דאָס ווייטע, וואָס לאָזט זיך ניט אויף לאַנג פאַר־איינינגען מיט דער היימאַט; אין לוסיל, דאַגעגען, הייראַט ער אין אַ געוויסען זין ענגלאַנד אַליין. קאָריננאַ, וועלכע האָט אין טויט־שרעק אים נאָכגעפאָלגט קיין ענגלאַנד, דערזעהט זיין פאַרענדער־

טען געמיטס־צושטאַנד און שיקט אים צוריק זיין פינגערל. אָס־וואַלד באַטראַכט זיך אַלס פאַרלאָזען פון איר, האָט חתונה מיט לוסיל, דערוויסט זיך דאָס אומרעכט וואָס ער איז באַגאַנגען און דער ראָמאַן ענדיגט זיך טראַגיש מיט אָסוואַלד׳ס חרטה און קאָ־רינגאַ׳ס טויט.

עס איז ניט שווער צו באַווייזען ווי פיעל ווירקליך איבערגע־לעבטע פאַסירונגען און באַציהונגען זיינען אריין אין דעם יסוד פון די הויפּט־שטריכען פון דיזע ראָמאַנען. דער פרישער טרויער איבער נעקער׳ס טויט בליקט ארויס פון אָסוואַלד׳ס שווערמוטיגע געדאַנקען איבער דעם אָנדענקען פון זיין פאָטער און אויף אַזוי וויט איז אין אָסוואַלד׳ס כאַראַקטער אריינגעלעגט אַ טייל פון דעם אייגענעם וועזען פון דער פאַרפאַסערין. דאַדורך ערקלערט זיך אויך זיין ווייבליכע מורא אויסצופירען אַ האַנדלונג געגען וועלכער זיין געוויסען האָט איינצעווענדען נאָר דאָס איינע, אַז זיין פאַרשטאָרבענער פאָטער וואָלט אויף איר ניט מסכים געווען. אפילו זיין צער, וואָס ער האָט זיין פאָטער אין די לעצטע יאָרען פאַרשאַפט זאָרג, האָט פיליכט אויך זיין אָנקניפּונג אָן דער איי־גענער זעלען־געשיכטע פון דער פאַרפאַסערין. ווייטער איז אָס־וואַלד׳ס כאַראַקטער אַ פרייע אומשאַפונג פון בענזשאַמין קאָנ־סטאַנ׳ס פערזענליכקייט. שוין איינצעלנע קליינע שטריכען פאַר־ראַטען ווי באַשטימט זי האָט געהאַט אים אין זינען: אָסוואַלד שטאַמט פון עדינבורג, וואו קאָנסטאַן האָט אָבגעלעבט זיין יוגענד, און ער איז אויסדריקליך מיט אַכצען מאָנאַטען אינגער ווי קאָ־רינגאַ (מאַדאַם דע סטאַל איז געבאָרען געוואָרען דעם 22טען אַפּ־ריל, 1766, קאָנסטאַן — דעם 27טען אָקטאָבער1767). אָבער אַ סך וויכטיגערע באַווייזע ליגען דאָך אין דעם גאַנצען גוס פון דער פערזאָן אין יענעם געמיש פון ריטערליכען קוראַזש נעגען דער אוי־סענוועלט און יענער אונריטערליכער שוואַכקייט געגען דער ליבענ־דער און לאַנג באַוואונדערטער פרוי, וועלכע ער האָט פאַרלאָזען כדי אויסצעווייכען איר העכערקייט. נאָר מאַדאַם דע סטאַל האָט פון דיזע און אַנדערע צוגעדיכטעטע עלעמענטען באַשאַפען אַ טי־פּישען ענגלענדער.

אין קאָרינגאַ אַליין האָט די פאַרפאַסערין געצייכענט איר

אייגענעם אידעאַל, פון איר אייגענער פערזענליכקייט האָט זי אַנטנומען די גרונד־אייגענשאַפטען פון דער העלדין: קאָרינגאַ איז ניט איינגעשלאָסען אין פּריוואַטען לעבען אַזוי ווי דעלפינאַ, נאָר איז די פרוי וואָס איז אַרויסגעטראָטען פון איר באַשטימטען קרייז, די דיכטערין, וועמעס נאָמען איז אויף אַלע ליפּען. זי האָט איר געגעבען איר אייגענע אויסערליכקייט, האָט זי פאַר־שעהנט, יאָ, אפילו איר אייגענעם קאָסטום, די מאַלערישע קליי־דונג און דעם אינדישען שאַל, ווי אַ טורבאַן אַרומגעוויקעלט אַרום קאָפּ. זי האָט איר איר אייגענעם קלאָרען און טעטיגען גייסט אַריינגעהויכט, און עס געהט קאָרינגאַ'ן ווי איר אַליין: פון דעם אויגענבליק אָן ווען די ליבע גרייפט אָן איר הארץ ווי מיט אָדלערישע נעגעל הערט איר אויף איר טאַלאַנט צו נוצען און זי ווערט דער הילפלאָזער רויב פון דער ליידענשאַפט. ווייטער האָט זי קאָרינגאַ'ן צוגעטיילט אירע אייגענע געדאַנקען און זאָרגען פון גלות. אין איטאַליען איז קאָרינגאַ אַרויסגעריסען פון איר געבורטס־אָרט, אין ענגלאַנד איז זי פאַרטריבען פון דעם פאָטערלאַנד פון איר הארצען און זיין זון. דעריבער באַזינגט קאָרינגאַ דאַנטע, רעדט מיט פייער וועגען זיין פאַרטרייבונג און זאָגט אַרויס דעם געדאַנק, אַז דער אמת'ער גהינם איז פאַר אים געוועזן דער גלות. דעריבער זאָגט קאָרינגאַ אין אירע ביאָגראַפישע נאָטיצען וואָס זי גיט אָסוואַלד'ן, אַז דער גלות איז פאַר גייסטרייכע און געפיהל־פולע מענשען אַ שווערערע שטראָף ווי דער טויט, אַז דאָס וואוינען אין פאָטערלאַנד ברענגט טויזענד פריידען, וועלכע מען שעצט ערשט רעכט אָב ווען מען פאַרלירט זיי. זי ווייזט אָן אויף די פיעלפאַכע אינטערעסען וואָס איינער האָט בשותפות מיט זיינע אייגענע לאַנדסלייט, וועלכע אָבער ווערען ניט פאַרשטאַנען פון אַ פרעמדען, און באַטאָנט ווי אַזוי די נויטווענדיגקייט אַלץ צו ערקלערען פאַרנעהמט דעם פּלאַץ פון דער שנעלער און לייכטער מיטטיילונג, וואָס מאַכט מיט אַ האַלבען וואָרט אַ לאַנגע ערקלע־רונג פאַרשטענדליך. יאָ, קאָרינגאַ האָפט אפילו, ווי איר דיכטע־רין, אַז מיט דער צייט וועט זי אַ דאַנק איר ערוואָרבענעם רוהם דורך איר פּאָעזיע, צוריקגערופען ווערען צוריק צו איר פאָטער־לאַנד און איינגעשטעלט ווערען ווידער אין אירע רעכט. מאַדאַם

דע סטאָל האָט ענדליך קאָריננאַ'ן איר אייגענע בילדונג צוגעשרי־
בען. עס ווערט אויסדריקליך געזאָגט אז קאָריננאַ האָט געקענט
פאַרנעהמען איר פּלאַץ אין דער ליטעראַטור פון איר לאַנד אַ דאַנק
איר שטודיום פון פרעמדע ליטעראַטורען און איר אריינדרינגען
אין דעם וועזען פון דעם פרעמדען פאָלקסגייסט. דאָס אנציהענ־
דע אין איר דיכטונג באַשטעהט אין דער פאַראייניגונג פון די
פאַרבען פון דעם דרום מיט דער באַאָבאַכטונגס־פעהיגקייט פון
דעם צפון. פון אָט די אַלע און אייניגע פריי ערפונדענע שטריכען
האָט די פאַרפאַסערין באַשאַפען אַ פרויען־טיפּ פון איטאַליענישען
גייסט.

די שריפטשטעלערישע טעטיגקייט פון מאַדאַם דע סטאָל
לאָזט זיך שטענדיג באַטראַכטען פון צוויי זייטען. זי צופאַלט
זיך אין צוויי טייל: אַ מענליכע און אַ ווייבליכע טעטיגקייט, די
פילאָזאָפישע און די דיכטערישע, די אידעען און געפיהלען. אויך
אין „קאָריננאַ" שפּירט מען דיזע דאָפּעלטקייט. דאָס בוך האָט
זיכער אַ גרעסערען ווערט אַלס אַ גייסטיג ווערק אין אַלגעמיין
ווי אַלס אַ ווערק פון דיכטערישער פאַנטאַזיע. אַ באַזונדערע
האַרציגקייט אין דער באַהאַנדלונג פון די געפיהלען זאָגט אויס
איבעראַל אַז די פאַרפאַסערין איז אַ פרוי. ווען עס וועט קומען
די צייט ווען מען וועט אונטערנעהמען צו שרייבען די פּסיכאָלאָ־
גיע פון דער פרוי, און ווען מען וועט פּרובען באַשטימען די ווייב־
ליכע פאַנטאַזיע און דעם ווייבליכען גייסט אין אונטערשייד פון
דעם מענליכען — וואָרום די פּסיכאָלאָגיע איז אַזוי ווייט אָבגע
שטאַנען אַז מען האָט אין דיזער ריכטונג נאָך כמעט קיין פאַרזוך
ניט געמאַכט — דאַן וועלען די שריפטען פון מאַדאַם דע סטאָל
זיין איינע פון די בעסטע קוועלען. דאָס ווייבליכע ווייזט זיך פּי־
ליכט צוערשט ארויס אין דעם אופן ווי די מענליכע הויפּט־פיגור
איז געצייכענט. ביי יעדער פון אָסוואַלד'ס אייגענשאַפטען פירט
די פאַרפאַסערין ארויס אויך די אורזאַכע דערפון; זיין איידעלער
כאַראַקטער ווערט ערקלערט דורך זיין ערציהונג, דורך זיין אריס־
טאָקראַטישער אָבשטאַמונג און זיין שטאָלץ, זיין שווערמוטיגקייט
— דורך דעם „ספּלין" פון די ענגלענדער און דורך זיין אומגליק־
ליכער באַציהונג צו אַ פאָטער, וועלכען ער פאַרגעטערט אַזוי ווי

מאדאם דע סטאל האט אירען פארגעטערט, און צו ווען ווען שאטען ער שטעהט אין דערזעלבער פארהעלטניש אין וועלכער סערען קיערקעגאארד איז געשטאנען צום שאטען פון זיין פארשטארבע־נעם פאטער; נאר איינס לאזט די פארפאסערין ניט־ערקלערט אין א פערזאן וועמעס מאראלישער קוראזש איז אזוי גרינג, און דאס איז — זיין פיזישער מוט צו שטעלען זיין לעבען אין געפאר איז ביי אים אזוי לייכט און פשוט אזוי ווי ביי אונז צו שרייבען ארטאגראפיש. עס איז א קוריאזער אבער כאראקטעריסטישער שטריך אז פרויען־ראמאנען־שרייבער באגאבען זייערע העלדען כמעט שטענדיג מיט גרויסען העלדען־מוט, א מוט וואס האט ניט קיין דירעקטע פארבינדונג מיט׳ן כאראקטער, אין דער צייט ווען פילע גרויסע שריפטשטעלער האבען באמערקט אז אין דער מא־דערנער געזעלשאפט זיינען קודם־כל די פרויען וואס לאזען ניט די מענער אויף געוואגטע אונטערנעהמונגען און די פרויען ווייזען ארוים די גרעסטע, אפטמאל זאגאר היסטערישע באוואונ־דערונג צו די פייגסטע עפענטליכע פערזענליכקייטען (די פרים־טער וואס באשיצען זייער אייגען לעבען אין צייט פון עפידעמיעס, און קריגס־העלדען וואס אטאקירען דעם פיינד אויפ׳ן פאפיר). די ערקלערונג שיינט צו זיין, אז דער מענליכער מוט איז די איי־גענשאפט, וועלכע, אלס די העכסטע מענליכע קראפט, ווערט פאר דער פרוי א מין אידעאל, אבער אן אידעאל וואס זי פארשטעהט ניט, וואס זי קען ניט אין ווירקליכען לעבען און דעריבער שילדערט זי אים אם ליבסטען און — אם ערגסטען.

דאס וואס איך האב דא געזאגט באציהט זיך אויף אסוואלד׳ס העלדישקייט ביי דער שרפה אין אנקאנא, וואו אונטער די שרעק־ליכסטע אומשטענדען ווערט ער דער רעטער פון דער גאנצער שטאדט. ער אליין מיט זיינע ענגלענדער פרובט קאלטבלוטיג אויסצולעשען דעם פייער, און עס געלינגט אים. ער באפרייט די אידען וואס זיינען איינגעשפארט אין געטא, וועמען די באפעל־קערונג אין איר אויפרעגונג וויל לאזען פארברענען אלס א קרבן פון אויסלייזונג. ער רייסט זיך אריין מוטיג אין דעם ברענענדען משוגעים־הויז, אין דעם צימער וואו עס געפינט זיך די ווילדסטע
משוגעים־הויז, אין דעם צימער וואו עס געפינען זיך די ווילדסטע

אָב זייערע בענדער און לאָזט ניט איבער קיין איינציגען פאר׳־עקשנ׳טען. די גאַנצע סצענע ווערט דערצעהלט מיט אַן אמת גראַנדיעזער פאַנטאַזיע. אָבער, ווי געזאָגט, די פּסיכאָלאָגיע איז שוואַך. אָבער ווען עס קומט צו דער שילדערונג פון דעם איינ־דרוק וואָס דיזע האַנדלונג מאַכט אויף קאָרינגאַ׳ס ווייבליכען געמיט, פאַרגיטיגט אונז די פאַרפאַסערין פאָלשטענדיג. אָסוואַלד האָט זיך ארויסגעדרעהט פון יעדער דאַנקזאָגונג דורך פּלוצלונג אָברייזען. אָבער ווען ער קומט צוריקוועגס ווידער מיט קאָרינגאַ קיין אַנקאַנאַ ווערט ער דערקענט און אין דערפריה ווערט קאָרינגאַ אויפגעוועקט מיט׳ן געשריי: „עס לעבע לאָרד נעלוויל, עס לעבע אונזער רעטער!" זי טרעט ארויס אויף דער פּיאַזאַ און זי, די דיכטערין, וועמעס נאָמען איז בארימט אין גאַנץ איטאַליען, ווערט שנעל דערקענט און מיט אַנטציקונג באַגריסט פון דעם פאַרזאַמעל־טען המון. דער המון בעט איר מיט שטורם זי זאָל זיין זייער וואָרט־פירערין און אויסדריקען אָסוואַלד׳ן זייער דאַנק. ווי ערשטוינט ווערט ער ווען ער קומט ארויס און דערזעהט קאָרינגאַ׳ן אַן דער שפּיץ פון דעם עולם! „זי האָט באַדאַנקט לאָרד נעלוויל אין נאָמען פון פאָלק און אַנטציקט אַלע איינוואוינער פון אַנ־קאָנאַ מיט דער איידעלקייט מיט וועלכער זי האָט עס געטהאָן. און — גיט די פאַרפאַסערין צו מיט ווייבליכער פיינקייט — זי האָט געזאָגט מ י ר רעדענדיג פאַר׳ן פאָלק. איר האָט א ו נ ז געראַטעוועט, מיר זיינען אייך שולדיג דאָס לעבען." דאָס דאָזיגע „מיר" איז נאָך מער איינדרוקספול דאדורך וואָס די פאַרפאַסערין האָט זיך פריהער אין בוך אָבגעשטעלט אויפ׳ן מאָמענט ווען קאָ־רינגאַ און אָסוואַלד, אויף אַ שפּאַציר אין רוים, געברויכען דאָס דאָזיגע וואָרט צום ערשטען מאָל, פיהלענדיג זיך גליקליך פון דער באַשיידענער ליבעס־ערקלערונג וואָס איז דערין אַנטהאַלטען. יעצט לעזט קאָרינגאַ אויף דאָס וואָרט, כדי צו שטעלען זיך אויף דער זייט פון די וואָס האָבען אָסוואַלד׳ן אַלץ צו פאַרדאַנקען. „און — ווערט געזאָגט ווייטער — ווען זי איז ארויסגעטראָטען אום צו דערלאַנגען לאָרד נעלוויל אַ קראַנץ פון לאָרבער און אייכען־בלעטער ווערט זי אַרומגעכאַפּט פון אַן אונבאַשרייבליכער אויפ־רעגונג; אין דיזען אויגענבליק האָט זי דערפיהלט אַ טיפע מורא

פאַר אַסוואַלד׳ן און ווען דאָס פאָלק, וואָס איז אין איטאַליען אַזוי לייכט באַוועגליך און ענטהוזיאַסטיש, האָט זיך יעצט נידערגעוואָרפען פאַר אים, האָט זי אויך ניט ווילענדיג געבויגען איר קניה און אין דיזער פּאָזע האָט זי אים דערלאַנגט דעם קראַנץ.״ אין דער שילדערונג פון וייבליכע געפיהלען ליגט די קראַפט פון מאַדאַם דע סטאַל — די געפיהלען פון א פרויען־זשעני, וועלכע ליידט דעם גאַנצען מאַרטירערטום פון דעם זשעני.

קיין זאַך רירט איר ניט אַזוי שטאַרק ווי פאַמיליען־גליק און פרויען ריינקייט. ווי טיף גערירט זי, די סיביל, ווערט, ווען זי דערזעהט אויפ׳ן סאַרקאָפאַג פון א רוימישער פרוי די אויפשריפט: „קיין פלעק האָט ניט באַשמוצט מיין לעבען פון חופּה ביז צום שייטערהויפען, איך האָב געלעבט ריין צווישען דעם חופּה־פאַקעל און דעם פאַקעל פון שייטערהויפען.״ נאָר דאָס דאָזיגע פאַמיליען־גליק איז איר ניט באַשערט געוועזען, קאָרינגאַ׳ן אַזוי וועניג ווי מיניאָן, דיזע צוויי קינדער פון בענקשאַפט, וועלכע, יעדע פאַר זיך, פּערזאָניפיצירען איטאַליען אין דער פראַנצויזישער און דייטשער ליטעראַטור. קאָרינגאַ איז די לעצטע אָבשטאַמונג פון יענע איידעלע און איינזאַמע סיבילען פון איטאַליען, פון וועלכע די טראַדיציע דערצעהלט אַזוי פיעל. זי ווערט געשאַפען כדי צו ליידען, זי, וועלכע זאָגט אַליין, אַז אונזער אָרימע מענשליכע נאַטור באַגרייפט דאָס אונענדליכע נאָר דורך ליידען. און איידער זי געהט אונטער אַלס לעצטער קרבן אויף דער אַלטער ארענע ווערט זי אויסגעפּוצט ווי א קרבן און ארויסגעפירט אַהין אין טריאומף.

ווען מיר באַקענען זיך מיט איר באַגעגנען מיר זי אויפ׳ן וועג צום קאַפּיטאָל, איינפאַך אָבער מאַלעריש געקליידט, מיט אַלטע איידעלשטיינער אין די האָר, מיט א רויטער שאַל געוויקעלט ווי א טורבאַן ארום קאָפּ, ווי אויף זשעראַר׳ס באַקאַנטען שעהנעם בילד פון מאַדאַם דע סטאַל. דאָס איז דער קאָסטיום וואָס פּאַסט פאַר קאָרינגאַ; זי, דאָס קינד פון די פאַרבען־רייכע געגענדען האָט נאָך ניט פאַרלאָרען איר זין פון פאַרבען. און אפילו אין דעם שטייפען קאָנווענציאָנעלען ענגלאַנד האָט זי ניט פאַרלאָרען די ליבע צו דער דריי־איינינקייט פון שעהנע זאַכען: גאָלד, פּורפּור און מאַרמאָר.

און אזוי ווי אַלע אנדערע גרויסע טיפען פון דער צייט דאַרפען מיר זי אַריינזעצען אין דער אומגעבונג וועלכע פּאַסט איר און אין וועלכער זי איז היימיש, ווי רענעי אין די אור־וועלדער, אַבערמאַן אין די הויכע אַלפּען און סעינט־פּרע ביים זשענעווער אָזערע. קאָרינגאַ'ס געשטאַלט איז געבליבען פאַר דער צוקונפט אין דעם באַקאַנטען בילד פון וועלכען מען געפינט קופּער־גראַ־ווירען אין אַלע קונסט־געשעפטען: קאָרינגאַ אימפּראָוויזירענדיג אויפ'ן קאַפּ מיסענאָ. איר וואולקאַנישע און שטראַלענדע נאַטור איז אין דיזער שטראַלענדער און וואולקאַנישער געגענד ביי זיך אין דער היים. דער נעאַפּעלער אויסגוס זעהט אויס ווי אַ גרויסער פּאַרזונקענער קראַטער ארומגערינגעלט פון לאַכענדע שטעדט און וואַלד־באַדעקטע בערג. ארומנעהמענדיג דעם ים, וואָס איז נאָך פיעל בלויער ווי דער הימעל איז ער גלייך צו אַ שמאַראַגד־גרינעם בעכער, געפילט מיט שוימענדען וויין און אויפ'ן ראַנד און אויף די זייטען באַפּוצט מיט וויין־בלעטער און צווייגען. נעבען לאַנד איז דער ים טיפער אַזור־בלוי, ווייטער ארוים איז ער וויין־קאָליר, ווי האָמער האָט עס שוין געזאָגט, און איבער אים לויכט אַ הימעל וואָס איז ניט, ווי מען פלעגט גלויבען, בליוער, נאָר בלאַסער ווי אונזערער, נאָר זיין בלויקייט רוהט אויף אַ הינטער־גרונד פון העלען פייער, וואס שימערט אין ווייסליכען און בלויליכען שיין. אין דיזער געגענד האָבען די פּאַרצייטיגע געלעגט דעם גיהנם. אין דער הייל פון דעם אווערנוס אָזערע איז געוועזן דער אראָבגאַנג צו אים. אָט דאָס האָבען זיי אָנגערופען גיהנם — דיזען גן־עדן! זיי האָבען געמיינט אַז דער וואולקאַנישער אורשפּרונג און די אומ־געבונג האָבען אָנגעוויזען אַז דער טאַרטאַרוס איז נאָהנט דערביי. איבעראַל זעהען זיך די וואולקאַנישע פאָרמען. איין גרויסער באַרג זעהט אויס אַזוי ווי איין זייט זיינע וואָלט מיט אַ מעסער אָבגעשניטען געוואָרען. אַ האַלבער באַרג איז אין אַן ערד־ציטער־ניש איינגעפאַלען. קאַפּ מיסענאָ, דער ווייטסטער שפּיץ לאַנד וועל־כער שליסט אָפּ דעם גאָלף אויף איין זייט, בשעת פאָרנט פון איר ליגט דער קליינער האַלב־אינזעל ניזידאַ, און הינטער איר — פּראָטשידאַ און איסקיאַ, איז אַמאָל ניט באַשטאַנען אַזוי ווי יעצט פון צוויי באַזונדערע הויכען, נאָר איז געוועזן איין גאַנ־

צעס. דיביידע קראַטער פון וועזואוויוס זיינען געוואָרען אין דער צייט פון דעם אויסברוך וועלכער האָט פאַרשלונגען פאָמפּיי. איבעראַל פּרוכטבאַרקייט און פייער. אייניגע טריט פון סאַל־פאַטאַראַ'ס שוועבעל־פּאַרעס וואָס הויבען זיך אויף צווישען די לאַווא־שטראָמען, ליגען פעלדער וועלכע באַשטעהען אין גאַנצען פון לויכטענדען, רויטען, בליהענדען מאָן, אַנדערע מיט גרויסע בלויען בלומען, מיט שטאַרקע שמעקענדיגע, פּוכיגע מינץ און קרייטער וואָס וואַקסען הויך ביז'ן ברוסט, אַ רייכטום, אַ פּרוכט־באַרקייט און לוקסוס אַזוי ווי די שפּראָצענדע פולקייט וואָלט אין איין איינציגער נאַכט ווידער אויפגעוואַקסען ווען מען זאָל דאָס אַלץ ארונטערשניידען. און דערצו קומט דער פאַר'שכור'־ענדער פאַרפום: אַ שמעקעדיגער ריח וואס אין נאָרד וויים מען ניט פון אים, אַן אונגעהייערע סימפּאָניע פון די דופטען פון מיליאָנען פאַרשיידענע פּלאַנצען.

געגען אבענד געהט קאָריננאַ'ס גאַנצע געזעלשאַפט ארויס צום קאַפּ מיסענאָ. פון דאָרט זעהט זיך די גרויסע שטאָדט, אין דעם דומפּפען ליאַרם הערט מען איר האַרץ קלאַפּען. איבעראַל פינקלען נאָך זונען־אונטערגאַנג ליכטער פאַר די אויגען, זיי ליגען אין דער לענג פון אַלע וועגען. קווער איבער דעם וועג, אויף די זייטען פון די בערג, שפּרינגען און פליהען העלע פלאַמען אין דער לופט, מאַנכע גרעסער ווי אַ טאָלער אָדער צוויי־טאָלערשטיק; די וועלכע פליהען אביסעל העכער אין דער הויך זעהען אויס אַזוי ווי אומפליהענדע שטערען וואָס האָבען זיך ארוסיגעריסען פון דער הימעל־סיסטעם. דיזע אַלע פלאַמען וועלכע מאַכען לאַנגע שפּרונגען הין און הער און נאָך יעדען שפּרונג פאַרלעשען זיי זיך אויף אַ סעקונדע, זיינען די לויכטענדע פליגעלעך פון דעם דרום. אין דער טונקעלקייט טראָגען די טויזענדע פלאַמען איינעם אוועק אין די מעשות פון „טויזענד און איין נאַכט". פון דער אַנדערער זייט, קוקענדיג פון דעם קאַפּ מיסענאָ, לויכט אראָפּ דער העל־רויטער לאַווא־שטראָם אויף דער טונקעלער וואַנד פון דעם וועזואוויוס.

אהער ברענגט מען קאָריננאַ'ן איר לירע און זי באַזינגט צוערשט דעם פּראַכט פון דיזער נאַטור, די גרויסקייט פון די עראי־

נערונגען וואָס זיינען אָנגעקניפּט אָן איר, פון קומאַ, וואו די סיביל האָט געוואוינט; פון גאַעטאַ, וואָס איז נאָהנט צום פּלאַץ וואו ציצעראָ האָט אונטער דעם שווערד פון טיראַן זיין נשמה אויס־געהויכט, פון קאַפּרי און באַיאַ, וועלכע היטען אויף דעם אָנדענקען פון נעראָ׳ס שווארצע מעשים; פון ניסידאַ, וואו ברוטוס און פּאָרשאַ האָבען זיך דאָס לעצטע זיי־געזונט געזאָגט, פון סאָרענטאָ, וואו טאַסאָ, אַנטלאָפען פון משוגעים הויז, עלענד, פארפאָלגט, מיט ווילדער באָרד און צוריסענע קליידער, קלאַפּט אָן אין טיר ביי זיין שוועסטער, וועלכע דערקענט אים ניט גלייך און דאַן קען זי פון טרערען ניט ריידען. דאָ ענדיגט זי מיט אַן עלעגיע איבער אַלע ליידען און דאָס גליק פון דעם לעבען אויף דער ערד.

לאָמיר הערען ווי קאָרינגאַ, ווען זי איז באַגייסטערט, רעדט אינמיטען פון דיזער נאַטור, וואו די שעהנקייט רוהט אויף פאר־וויסטונג, וואו דאָס גליק אַנטפּלעקט זיך אַלס אַ פליהענדע, שנעל־פארלעשענדע פלאַם און וואו די פרוכטבארקייט איז אין אייביגער געפאר פון דעם וואולקאַן. זי זאָגט:

„קריסטוס האָט ערלויבט אַ שוואַכע און פיליכט חרטה־האָבענדע פרוי צו זאַלבען זיינע פיס מיט די טייערסטע אוילען. און צו די וואָס האָבען איר געראַטען צו פאַרווענדען עס אויף אַ בעסערען צוועק האָט ער געזאָגט: לאָזט זי צורוה; וואָרום איר האָט מיך ניט אימער מיט זיך. אַך, אַלץ וואָס איז גוט און ערהאבען אויף דיזער ערד בלייבט אונז נאָר אויף אַ קורצער צייט. אַלטער, שוואַכקייט און דער טויט וועלען פארצערען גיך דעם טוי־טראָפּען, וואָס פאַלט פון הימעל און רוהט אויף דער בלום. טייערער אָסוואַלד, לאָמיר דעריבער אַלץ אויפ־גיסען צוזאַמען: ליבע, רעליגיאָן און גייסט, זון פארפומען, מוזיק און פּאָעזיע! עס איז ניטאָ קיין אַנדער אַטעאיזם ווי די קאַלטקייט פון געפיהל, עגאָאיזם און נידריגקייט. קריס־טוס זאָגט: וואו צוויי אָדער דריי זיינען פארזאַמעלט אין מיין נאָמען דאָרט בין איך צווישען זיי. און וואָס, אָה מיין גאָט, הייסט זיין פארזאַמעלט אין דיין נאָמען, אויב ניט צו געניסען די ערהאבענע גיטער פון דיין נאַטור, דיך דערפאַר צו שעצען, דיר פאַר דאָס לעבען צו דאַנקען, און דאַנקען דיר אי־

בערהויפט ווען אַן אַנדער האַרץ, פון דיר געשאַפען, שלאַגט גאַנץ און פול אונזערען אַנטקעגען!"

אַזוי רעדט זי אונטערען איינפלוס פון איר דאָפּעלטער באַ־גייסטערונג אין איר העכסטער בליהונג, בשעת זי זוכט צו פאַר־וועבען אין איינס דאָס גליק פון דעם זשעני און דער ליבע, אַזוי ווי די מירטע און דער לאָרבער־צווייג זיינען געווען פאַרפלאָכטען צוזאַמען אין דעם לאָרבער־קראַנץ, וואָס איז איר דערלאַנגט גע־וואָרען אויפ'ן קאַפּיטאָל. אָבער בלויז אויף איין אויגענבליק געלינגט עס איר צו פאַרפלעכטען ביידע אין איינעם. זיי פלעכ־טען זיך אָב, רייסען זיך פאַנאַנדער. און קאָרינגאַ ווערט, פון דער באַגייסטערטער סיביל פאַרוואַנדעלט אין נאָך איינעם פון די פיעלע פאַרצווייפעלטע און געבראָכענע הערצער, דורך וועלכע דער געניוס פון דעם יאָרהונדערט פּראָטעסטירט געגען אַ געזעלשאַפט, וואָס איז אונטערגעגראָבען, ווי יענע דוכט זיך זיכערע שטעדט, פון וואולקאַנישע פלאַמען, פלאַמען וועלכע באַרוהיגען זיך קיינ־מאָל ניט, נאָר ברעכען אויס איינמאָל נאָכ'ן אַנדערען דורכ'ן גאַנצען אונרוהיגען און אומגליקליכען נייַנצענטען יאָרהונדערט.

## .11

# דער קאַמפּף געגען נאַציאָנאַלע און פּראָטעסטאַנ-טישע פאָראורטיילען.

מען קען „קאָרינגא" אָנרופען אַ פּאָעמע איבער נאַציאָנאַלע פאָראורטיילען. אָסוואַלד שטעלט מיט זיך פאָר אַלע פאָראורטיילען פון ענגלאַנד; זיין באַגלייטער, גראַף ד'ערפוי — פון פראַנקרייך, און געגען די פאָראורטיילען פון דיזע צוויי נאַציאָנען, וואָס זיינען אין יענער צייט געוועזען די שטאַרקסטע און זעלבסטבאַוואוסטעסטע אין אייראָפּאַ, קעמפּפט קאָרינגא מיט איר גאַנצער נשמה און מיט דער גאַנצער באַגייסטערונג פון איר פּאָעטישען געמיט. דער דאָזיגער קאַמפּף איז ניט קיין קאַלטבלוטיגער, ווארום קאָרינגא'ס גאַנצעס גליק העננט אָב אָן דעם, ווי וויט עס וועט איר געלינגען צו באַאיינפלוסען אָסוואַלד'ן צו פאַרלאָזען זיינע איינגעבאָרענע פאָראורטיילען אויף אַזוי ווייט, אַז ער זאָל קענען גליקליך זיין מיט אַ פרוי אַזוי ווי זי, וועמעס לעבען געהט אין אַלע הינזיכטען להיפך צו דאָס, וואָס אין ענגלאַנד ווערט באַטראַכט אַלס דאָס איינציג פּאַסענדע אין אַ פרוי. אָבער בעת קאָרינגא זוכט אויף אַזאַ אופן אויסצוברייטען אָסוואַלד'ס בליק, און ווייכער מאַכען זיין שטייפען גייסט, וועלכער שפּרינגט שטענדיג צוריק אין זיינע אַלטע געוואוינהייטען, העלפט זי מיט צו דער ערציהונג פון דעם לעזער. אויפ'ן געביט פון די געפיהלען זעצט זי פאָר די זעלבע ארבייט וועלכע זי האָט, ווי מיר האָבען געזעהן, אויפגעטאָן אויפ'ן געביט פון אידעען. זי צייכענט אָן דעם ערשטען אַנטוואורף פון נאַציאָנאַלער פּסיכאָלאָגיע, אפילו וואָס אָנבאַלאַנגט די אינטימסטע געפיהלען. אין יענער צייט

האָבען אירע לאַנדסלייט, אַזוי ווי די דייטשען היינט, געפּרובט צו פאַרווישען די נאַציאָנאַלע קאָלירען פון די שבנ'ישע לענדער, אין דער שטאָלצער איבערצייגונג אַז זיי אַליין פאַרקערפּערען די ציוויליזאַציאָן. דעריבער איז עס געווען איר טיפּסטער פאַרלאַנג זיי צו ווייזען אַז זייער לעבענס־אַנשויאונג איז נאָר איינע פון אַ סך גלייכבאַרעכטיגטע און אָפּטמאָל אפילו מער באַרעכטיגטע.

ווען מען דערמאָנט זיך ווי מעכטיג עס זיינען די פּאָראור־טיילען וועלכע אין אַלע לענדער אָהן אויסנאַם מאַכען עס פאַר אַ פאַרברעכען פאַר דעם אינדיווידואום צו לייקענען אַז זיין פאָלק באַזיצט די אַלע מעלות וואָס עס שרייבט זיך אַליין צו, און וואָס אַזוי פיעל הייליגע פּאַיאַצען געפינען עס פאַר באַקוועם איינ־צורעדען יעדען טאָג אַז עס באַזיצט זיי ווירקליך, דאַן קען מען פאַרשטעהן וואָס פאַר אַ קוראַזש מאַדאַם דע סטאַל האָט אַרויס־געוויזען ווען זי האָט אין אַזאַ צייט אויפגעהויבען דעם קאַמפּף נעגען דעם פראַנצויזישען נאַציאָנאַלען שטאָלץ.

עס איז פאַראַן איין איינציגע גרויסע אידעע, וואָס איז אַם געפערליכסטען פון אַלע אַנדערע פאַר דער דעספּאָטישער מאַכט וואָס די איינגעוואָרצעלטע אידעען און מנהגים פון אַ געזעלשאַפט איבען אויס. דאָס איז ניט די אידעע פון לאָגיק. וואָרום אָבוואָל מיר דאַרפען גלויבען אַז ווען מען זאָל די לאָגיק אַריינלאָזען אין דעם גאַנצען שפּייכלער פון פּאָראורטיילען וואָס באַהערשען אַ באַשטימטעם לאַנד אין אַ באַשטימטער צייט, מוז זי אָנמאַכען צווישען זיי פּונקט אַזאַ גרויסען חורבן, ווי אַן אָקס אין אַ געוועלב פון גלאָזוואַרג, דאָך ווירקט די אבסאָלוטע לאָגיק גאָר ניט אויף דער מאַיאָריטעט מענשען. ניין, מער ווי פון אַלץ ווערט די מאַסע אויפגעוועקט און איבערראַשט ווען מיר זיינען אימשטאַנד צו מאַכען פאַר איר רעלאַטיוו דאָס וואָס זעהט איר אויס אבסאָלוט, דאָס הייסט, צו באַווייזען איר אַז דער אידעאַל וואָס זי האַלט פאַר אַלגעמיין אַנערקענט ווערט אַזוי באַטראַכט בלויז פון אַזוי פיעל און אַזוי פיעל ענליך דענקענדע מוחות, בשעת אַנדערע פעלקער אָדער ראַסען האָבען אַ גאַנץ אַנדער באַגריף פון דאָס וואָס איז פּאַסיג און שעהן. אַזוי דערוויסט זיך די מאַסע צום ערשטען מאָל, אַז די קונסט און פּאָעזיע וואָס געפעלען איר ניט,

ווערען באַטראַכט ביי גאַנצע ראַסען אַלס די העכסטע, בשעת אירע אייגענע, וועלכע זי האַלט פאַר די העכסטע אין דער וועלט, ווערען פון אַלע אַנדערע פעלקער געשטעלט זעהר נידעריג, און אַז עס איז נוצלאָז צו טרייסטען זיך אַז אַלע אַנדערע פעלקער מאַכען אַ טעות אין זייער אורטייל, וואָרום אַלע אַנדערע פעלקער, טרייס־טען זיך אויך, אַז אַלע איבעריגע מאַכען אַ טעות אין זייער אור־טייל. ווען איך זאָל וועלען מיט איין וואָרט באַצייכנען מאַדאַם דע סטאַל'ס פאַרדינסט פאַר דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט, איר קולטור און ליטעראַטור, און דאַרורך אויך פאַר דער ליטעראַטור און קולטור פון גאַנץ אייראָפּאַ, וואָלט איך זיך אויסגעדריקט אַזוי: זי האָט אין אירעביידע הויפּט ווערק „קאָרינגאַ" און „איבער דייטשלאַנד", געמאַכט די הומאַנע און ליטעראַרישע אַנשויאונ־גען פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, דייטשלאַנד און איטאַליען ר ע ל אַ־ט י ו ו פאַר די איינוואוינער פון די פאַרשיידענע לענדער.

גראַף ד'ערפּוי איז אַ מייסטערליך אויסגאַרבייטער טיפּ פון פראַנצויזישער לייכטזיניגקייט און גאוה צוזאַמען מיט אייניגע פון די שעהנערע און אָפּטערע פראַנצויזישע מעלות. מען פאַר־שטעהט ניט ווי אַזוי רעכט אָבצושעצען אַזאַ געשטאַלט ביז מען באַטראַכט ניט גוט וויפיעל מוט עס האָט זיך געפאָדערט ארויסצו־שטעלען אין אַ קרייז פון אויסלענדער אַלס איינציגען און אנטשיי־דענדען פאָרשטעהער פון פראַנצויזישען פאָלק אַ כאַראַקטער, וועמעס באַשרענקטקייט איז אַזוי גרויס ווי ד'ערפּוי'ס. ד'ערפּוי איז אַ יונגער פראַנצויזישער עמיגראַנט, וועלכער האָט מיט גלענ־צענדער העלדישקייט געקעמפּפט אין קריג, האָט די קאָנפיסקאַציע פון זיין פאַרמעגען דורכ'ן שטאַט אריבערגעטראָגען ניט נאָר רו־היג, נאָר אפילו גרינג און מונטער און האָט מיט זעלטענער אויפ־אָפּפערונג אָבגעהיט און ערנערט זיין ערציהער, אַן אַלטען אָנ־קעל, וואָס האָט עמיגרירט מיט אים און וואָלט אָהן אים געווען הילפלאָז, — מיט איין וואָרט, ער באַזיצט אַ פונדאַמענט פון רי־טערליכקייט און די פעהיגקייט פאַר זעלבסט־אויפאָפּפערונג. ווען מען זעהט אים ווילט זיך קוים גלויבען אַז ער האָט אַזוי פיעל איבערגעלעבט און אויסגעשטאַנען, וואָרום ער זעהט אויס ווי ער וואָלט פאַרגעסען אַלץ וואָס איז געשעהן און ער רעדט מיט וואונ־

דערליכען לייכטזין ווענען זיינע אומגליקען און פונקט מיט אזא גרויסען, אבער שוין ווייניגער באוואונדערונגסווערטען לייכטזין ווענען אלע אנדערע זאכען.

אסוואלד באגעגענט אים אין דייטשלאנד, וואו ער שטארבט ניט שיער פון לאנגווייליע; ער האט דארט אבגעלעבט איינינע יאר, דאך איז עס אים קיינמאל ניט איינגעפאלען א ווארט דייטש צו לערנען. ער האט בדעה צו פארען קיין איטאליען, אבער ער ערווארט ניט קיינע פארגעניגענס פון דיזען לאנד; ער ווייס אז יעדע פראנצויזישע פראווינץ־שטאדט האט אן אנגענאמערען געזעלשאפטליכען לעבען און א בעסערען טעאטער ווי רוים. „און האט איר בדעה צו לערנען איטאליעניש? — פרעגט אים אסוואלד. — ניין, — ענטפערט ער — דאס גערט ניט אריין אין מיין שטור־דיום־פלאן", און זיין מינע איז דערביי אזוי ערנסט אזוי ווי דיזער באשלוס וואלט געווען דער רעזולטאט פון די וויכטיגסטע אור־זאכען. אין איטאליען שענקט ער ניט דער נאטור אפילו אזוי פיעל ווי א בליק. זיין געשפרעך דרעהט זיך ניט, ניט ארום די אויסער־ליכע געגענשטאנדען ניט ארום די איינדריקען. די געזעלשאפט־ליכע באציהונגען זיינען זיין איינציגע טעמע; זי איז פול מיט אנעקדאטען און ווארט־שפילען, איז הויפטזעכליך ווענען זיינע אונ־צעהליגע באקאנטע און איז פאקטיש ניט מער ווי געוויינליכע געזעלשאפטליכע בארייעדעריי. אסוואלד איז איבערראשט פון די־זען מאדנעם געמיש פון מוט און אויבערפלעכליכקייט. זיין פאר־אכטונג פאר אומגליק און געפארען וואלט ביי אסוואלד'ן אויס־געזעהן גרויס ווען זי וואלט אים געקאסט מער אנשטרענגונג, און העלדיש ווען זי וואלט ניט ארויסגעקומען פון דיזעלבע איי־גענשאפטען וועלכע מאכען אים בכלל אונפעהיג צו האבען א טיפען געפיהל. אזוי מאכט זי אים נאר מיד.

ווען ד'ערפוי דערזעהט צום ערשטען מאל פון ווייטענס די סעינט־פעטער קירכע פארגלייכט ער זי מיט'ן אינוואלידען־דאם אין פאריז — א פארגלייך וואס איז מער פאטריאטיש ווי געלונ־גען; ווען ער דערזעהט קארינגא אויפ'ן קאפיטאל פיהלט ער א פארלאנג זי צו קענען צו לערנען, אבער ניט קיין פארעהרונג. ער וואונדערט זיך ניט איבער דער ריינקייט פון איר הארצען

אין אַ לאַנד וואו ער געפינט די מענער אָהן מאָראַלישען ווערט, נאָר ער שמייכעלט זיך מיט דער האָפנונג, אז זי וואָלט ניט געקענט ביישטעהן די גאַלאַנטקייט פון א יונגען פיינעם פראַנצויז. ווען זי רעדט מיט אנדערע אין זיין געגענוואַרט איטאַליעניש און ענג־ליש אזוי אז ער פאַרשטעהט ניט א וואָרט פון דעם געשפּרעך, געהט ער צו איר צו מיט די ווערטער: „רעדט פראַנצויזיש; איר קענט די שפּראַך און זענט ווערט זי צו ריידען.‟

ער באַמערקט אז קאָרינגא ליבט אָסוואַלד'ן, אָבער ער האָט דערפאַר ניט קיין פאַראיבעל אָבוואָל זיין שטאָלץ איז אביסעל באַליידיגט, נאָר ער האַלט אז איר ליבע איז נאַריש, ווייל זי וועט איר קוים ברענגען גליק. אין דערזעלבער צייט רעדט ער אָס־וואַלד'ן שטאַרק אָב פון שליסען א פאַרבינדונג אויפ'ן גאַנצען לעבען מיט אזא אונפּרעזענטאַבעלער פרוי ווי קאָרינגא. טראָץ זיין גאַנצען מוט ווייס ער ניט פון קיין העכערער אויטאָריטעט ווי די אנגענומענע מנהגים. „אויב איר ווילט באַגעהן נאַרישקייטען, — זאָגט ער צו אָסוואַלד'ן, — טאָ באַגעהט לכל הפּחות ניט אזעלכע וואָס מען קען ניט פאַרריכטען‟, און צו די רעכענט ער צו די הייראַט מיט קאָרינגא'ן. די דאָזיגע סאָציאַלע אַנשויאונג איז ענ־ליך צו זיין אנשויאונג אויף ליטעראַטור. אין קאָרינגא'ס הויז פאַלט אָפּט אויס דער געשפּרעך וועגען איטאַליענישע און ענג־לישע פּאָעזיע. אזוי ווי ער איז פון דער מיינונג אז די פראַנצוי־זישע שרייבער פון דער צייט פון לואי דעם 15טען זיינען אבסאָ־לוטע מוסטער איז ער נאַטירליך ביז'ן העכסטען גראַד שטרענג געגען אַלע אויסלענדישע שעפּפונגען. פאַר אים זיינען די דייטשען באַרבאַרען, די איטאַליענער פאַרדאַרבער פון סטיל און נאָר „דער געשמאַק‟ און די עלעגאַנץ פון פראַנצויזישען סטיל זיינען מאַסגעבענד אין ליטעראַטור. אונזער טעאַטער, זאָגט ער, איז אבסאָלוט דאָס ערשטע אין איירּאָפּאַ און איך בין איבערצייגט אז אפילו די ענגלענדער פאַלט ניט איין ארויסצושטעלען שעקס־פּיר'ן געגען אונז. ריידענדיג אין א קרייז פון איטאַליענער וועגען דער איטאַליענישער דראַמע ערקלערט ער, אפילו ניט אָהן וויץ דאָך אָבער אָהן איידעלקייט, אז די איטאַליענישע שוישפּיל באַ־שטעהט פון באַלעטען, געשמאַקלאָזע טראַגעדיעס, און קאָמעדיעס

וואָס זיינען ניט קאָמיש. דעם גריכישען טעאַטער פעלט פיינ־
קייט און שעקספּיר איז רויה. אונזער טעאַטער איז א מאָדעל
פון געשמאַק און פון שעהנקייט פון פאָרמע; צו וועלען איינ־
פירען ביי אונז אויסלענדישע אידעען מיינט אריינוואַרפען אונז
אין באַרבאַריי.

ד'ערפוי געפינט אויך אַז די רואינען פון רוים האָבען גע־
קראָגען אַ גאַנץ איבערטריבענעם רוהם. ער וויל זיך ניט אונטער־
וואַרפען צו דער מאָדע און אַרומקוקען די אַלע אַלטע חורבות.
ער רייזט צו די נאָרד, לאַנגווייליגט זיך אין דער אַלפּעשער נאַ־
טור אַזוי ווי ער האָט זיך אין רוים געלאַנגווייליגט און קומט ענדליך
אין ענגלאַנד, וואו ער ווערט קאָרינגאַ'ס שטיצע אין אומגליק;
עס איז שטענדיג געווען מער ערנסט אין זיינע האַנדלונגען ווי
אין זיינע ווערטער. און דאָך זעהענדיג ווי עלענד איר ליבע צו
אָסוואַלד'ן האָט זי געמאַכט קען ער ניט באַרויבען זיין שטאָלץ פון
דער באַפרידיגונג שטענדיג צו ווידערהאָלען „נו, וואָס האָב איך
געזאָגט", און ער באַטראַכט דאָס אַלס אַ פליכט צו זיך אליין ניט
פאַרבייצולאָזען די געלעגענהייט אָנצובאָטען זיך אַלס אָסוואַלד'ס
נאָכפאָלגער. פונדעסטוועגען ווייזט ער אַרויס צו קאָרינגאַ אמת'ע
און אויפאָפּפערענדע איבערגעבענהייט און זי קוועלט זיך זעלבסט
דערמיט וואָס זי קען אים דערפאַר קיין רעכטע דאַנקבאַרקייט
אַרויסווייזען; אָבער ער זעהט אויס אַזוי צערשטרייט, אַז קאָ־
רינגאַ ווערט אָהן אויפהער געבראַכט צו פאַרגעסען זיינע איידעלע
האַנדלונגען אַזוי ווי אויך ער פאַרגעסט זיי. „עס איז אָהן צווייפעל
זעהר שעהן — זאָגט די פאַרפאַסערין ביי דעם פונקט — צו לעגען
קליינעם ווערט אויף אייגענע גוטע האַנדלונגען; אָבער עס קען
דאָך געשעהן אַז די גלייכגילטיגקייט וועלכע געוויסע מענשען
פיהלען צו דאָס גוטע וואָס זיי האָבען געטאָן, האָט איר וואָרצעל
אין זייער אויבערפלעכליכקייט." אָט מיט אַזאַ פעסטער ענערגיע
דרינגט זי אויס מאַנכע פון די גלענצענדסטע מעלות פון איר
פאָלק אויס אַ שוואַכקייט אין זייער נאַטור. דורך דעם טיפּישען
כאַראַקטער פון ד'ערפוי ווייזט זי אָן ווי אַזוי אַלע גוטע גע־
פיהלען אין פראַנקרייך ווערען דערשטיקט פון איין קראַנקער
שוואַכקייט — די מורא, אויס גואה, פאַר דער געזעלשאַפטליכער

מיינונג. איר דוכט זיך אז אַלע געפיהלען און דאָס גאַנצע לעבען ווערען באהערשט און פארגיפטעט פון שאַרפזיניגקייט, פון דער לוסט זיך אויסצוצייכענען און פון א מורא וועלכע קען אויסגע־דריקט ווערען אין די ווערטער „וואָס וועלען לייט זאָגען". אין דעם פּרט שטימט מאַדאַם דע סטאַל אינגאַנצען מיט דעם שרייבער וואָס איז געקומען גלייך מיט איר, דעם שאַרפזיניגען אָריגינעלען אַנרי בעיל, וועלכער פלעגט ליב האָבען צו באַצייכענען די פראַנ־צויזען אלס les vainifs, (גואה'דיג־לעבהאפט) און וועלכער באהויפּטעט אַז אַלע זייערע האַנדלונגען ווערען באַשטימט פון דעם געדאַנק "Qu'en dira-t-on?" דאָס הייסט די מורא פאַר דאָס אומפּאַסיגע און לעכערליכע.

דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז נעמליך דעמאָלט געוואוינט געווען, אזוי ווי דאָס דענישע נאָך יעצט, צו שטאָלצירען זעהר שטאַרק מיט זיין אויסגעאַרבייטען חוש פאַר דאָס קאָמישע, אזוי שטאָלץ אז די פראַנצויזען האָבען זיך אליין באשיידען בא־צייכענט אַלס דאָס גייסטרייכע פאָלק אין דער וועלט. קאָרינגא באהויפּטעט אַז דער דאָזיגער חוש צוזאַמען מיט דער מורא פאַר דער לעכערליכקייט, טויטעט עס אין פראַנקרייך יעדע אָריגינאַ־ליטעט אין זיטען, אין קליידונג און אין שפּראַך, און באַרויבט די פאַנטאַזיע פון יעדער פרייהייט און דאָס געפיהל פון יעדער נאַ־טירליכקייט. יעדער איינגעבאָרענער געפיהל, יעדע איינגעבאָרע־נע גייסטיגקייט מוזען זיך פאַרוואַנדלען אין שאַרפזיניגע עפּיג־ראַמען אנשטאַט פּאָעזיע אין יענע לענדער וואו די מורא צו ווע־רען דער ציל פון וויץ און שפּאָט פירט יעדען איינעם דער ערשטער זיך צו כאַפּען צו דיזען וואַפען. „קען מען דען — ווענדט זי זיך צו ד'ערפּוי — לעבען שטענדיג אין דעם נאָמען פון דאָס וואָס די נעזעלשאַפט וועט זאָגען? צי קען דאָס וואָס מיר דענקען און פיהלען אונז ווירקליך קיינמאָל ניט דינען אַלס א לייכטענדער שטערען? אויב דאָס זאָל זיין אזוי, ווען מיר זאָלען אימער און אייביג מוזען נאָכמאַכען איינער דעם אַנדערען, וואָרום זשע איז יעדען געגעבען א נשמה און א גייסט? די השגחה וואָלט זיך געקענט דעם לוקסוס פאַרשפּאָרען."

און פּונקט אזוי ווי ד'ערפּוי שטעהט אַלס די פאַרקערפּערונג

פון די נאציאנאלע פאראורטיילען שטעהט אסוואלד אלס א טיפ
פון אלע יענע פאראורטיילען וועלכע האבען אין פארלויף פון
יארהונדערטען פארגעשטעלט די שטארקייט און שוואכקייט פון
ענגלאנד. שטארקע נאציאנען זיינען שטענדיג אומגערעכט און
די דאזיגע אומגערעכטיגקייט איז צוגלייך אן עלעמענט פון שטאר־
קייט און פון באגרענצונגען; אבער מאדאם דע סטאל
האט גענומען אויף זיך די אויפגאבע די דאזיגע אונגערעכטיגקייט
ארויסצוברענגען אויף דער העלער ליכט. אזוי ווי די גרונד טעמע
פון דעם בוך איז דער פארזוך פון א פרוי אויסצוקעמפפען פאר
זיך דורך דער ליבע פון א מאן א געזיכערטען פלאץ אין דער ענגלי־
שער געזעלשאפט, נאכדעם ווי זי האט דיזען פלאץ פארלארען דורך
איר זעלבסטשטענדיגען עפענטליכען אויפטרעטען, ליגט דער
שווערפונקט פון מאדאם דע סטאל'ס באשרייבונג פון דעם ענגלי־
שען גייסט אין דעם באשרענקטען ענגלישען אידעאל פון דער
פרוי. דאס איז דער אידעאל מיט וועלכען אסוואלד איז אויפגע־
וואקסען און פון וועלכען ער וויל זיך באפרייען מאכענדיג דער־
צו אויפריכטיגע אבער אומזיסטע אנשטרענגונגען. גרויס איז זיין
איבערראשונג ווען ער זעהט ווי אין איטאליען האט מען קארינגא'ן
ליב און מען שעצט זיך ניט שענקענדיג קיין שום אויפמערקזאמ־
קייט אויף איר געשלעכט אדער איר געהיימניספולע אבשטאמונג.
אזא סארט עפענטליכען לעבען ווי זי פירט זעהט אים אויס אין
העכסטען גראד אבשטויסענד פאר א פרוי. ער איז געוווינט צו
באטראכטען די פרוי אלס א מין העברעא הויז חיה און ער האט
פון אנפאנג בשום אופן ניט געקענט שלום מאכען מיט דעם גע־
דאנק אז מען קען א פרוי מוחל זיין דעם פארברעכען צו פארמאגען
זשעניאליטעט. ער פיהלט זיך אזוי ווי ענידעריגט און אויפגע־
בראכט דורך דעם; ער רעכענט אלס אונמעגליך אז א פרוי מיט
אזא אנטוויקעלטען און פרייען געדאנק זאל קענען בלייבען עהר־
ליך צוגעבונדען צו אן איינציגען פערזאן, אז זי זאל זיך באנו־
גענען מיט לעבען פאר אים אליין. און ווען עס ווייזט זיך ארויס
אז קארינגא ליבט אים דאך, און ליבט אים מיט א ליידענשאפט
אין פארגלייך צו וועלכער אלס וואס ער האט ביז דעמאלט געזעהן
און געהערט איז נאר א בלאסער שיין און וועלכע איז אזוי אונ־

ענגאַאיסטיש אַז זי איז גרייט מקריב צו זיין אַלעס פאַר אים, ניט האָ־בענדיג דערפאַר קיין זאַך פאַר זיך — פאַרגעסט ער פונדעסטוועגען איר טאַלאַנט, איר איידעלע נשמה און איר גייסטיגע גרויסקייט אַזוי שנעל ווי ער טרעט ווידער אַרויף אויפ׳ן ענגלישען באָדען און אַטעמט ווידער איין ענגלישען נעבעל און ענגלישע פּאַראַור־טיילען און באַגעגענט אַ יונג אונשולדיג קינד פון זעכצען יאָר וואָס איז אַזוי ווי געשאַפען פאַר אַ פרוי נאָכ׳ן ענגלישען רעצעפּט, איינגעהאַלטען, נאַאיוו, אונשולדיג, שווייגיג, די פאַרקערפּערטע פאַמיליען פליכט מיט בלויע אויגען און בלאָנדע האָר.

די פאַרפאַסערין שטודירט דעם פּאַראַורטייל וואָס ליגט אויפ׳ן גרונד פון אָסוואַלד׳ס האַנדלונג, און דערגעהט ביז זיין וואָרצעל, וועלכער רוהט אין דעם ענגלישען באַגריף וועגען דער היים. אָס־וואַלד׳ס הויפּט מורא בנוגע קאָרינאַ׳ן ווערט אויסגעדריקט אין דעם ענגלישען זאַץ, וואָס ווערט געבראַכט אין דעם ראָמאַן: „וואָס פאַר אַ נוצען וואָלט אַזאַ פרוי געבראַכט אין דער היים? און די היים איז ביי אונז אַלץ, איבערהויפּט ביי די פרויען”, זאָגט איין ענגלישמאַן צו אָסוואַלד׳ן. און אין אַן אַנדער אָרט אין בוך זאָגט די פאַרפאַסערין:

„אומזיסט וועט אַן ענגלישמאַן זיך באַמיהען צוזאַמענצולעבען מיט פרעמדע זיטען און געפינען אין זיי פאַרגעניגען; זיין האַרץ ציהט זיך שטענדיג צוריק צו די איינדריקען פון זיין קינדהייט. ווען מען פרעגט ביי ענגלענדער וועלכע מען באַגעגענט אויף אַ שיף אין ערגעץ אַ ווייטען ים וואוהין זיי פאָרען וועלען זיי שטענדיג ענטפערען „אַהיים” אויב זיי זיינען איבערהויפּט אויף אַ צוריק־רייזע. אָט ריזער ענגלישער ליבע צו דער היים שרייבט זי צו אי דעם אָבערגלויבען אַז די הויזליכע טוגענדען זיינען אונמעגליך ביי אַ זעלבסטשטענדיגער גייסטיגער אַנטוויקלונג פון דער פרוי, אי די פאַרגעטערונג פון די דאָזיגע טוגענדען. און זי האָט געווים רעכט אין דעם.

דער אידעאַל פון וואוילזיין וואָס איז אָנגעבונדען אָן דעם באַגריף פון היימאַט איז אַן עכט נאָרד־גערמאַנישער באַגריף און איז לכתחילה אַזוי פרעמד די לאַטיינישע פעלקער, אַז דער ענגלישער נאָמען "home" איז אַריינגעקומען אין די לאַטיינישע

שפּראַכען ווייל זיי אַליין האָבען ניט קיין וואָרט דערפאַר. צו דיזען באַגריף פון היים אַנטשפּרעכט דאָס וואָרט באַקוועמליכקייט אָדער קאָמפאָרט, אַ וואָרט וואָס לאָזט זיך ניט איבערזעצען אין די לאַטיינישע שפּראַכען און וועלכעס באַצייכענט די פרייד פון זיצען געשיצט און פאַרטרויט אין די אייגענע פיר ווענט. ווי אַזוי דיזער אידעאַל איז אַנטשטאַנען איז ניט שווער צו אַנטדעקען: דער נאָרד־אייראָפּעער וועלכער לעבט אין אַ רויהען קלימאַט, אין אַ קאַלטער און שטורמישער נאַטור געפינט די זעלבע פרייד צו זיצען וואַרים ביים קאַמין, בשעת דער רעגען און שניי קלאַפּט אויף די גוט געשלאָסענע פענסטער שויבען, וואָס אַ נעאַפּאָליטאַנער געפינט צו שלאָפען אונטער אַן אָפענעם הימעל, ד. ה. אונטער'ן פּרעכטיגען וואַרמען אויסגעשטערענטען הימעל און פאַרברענגען די קיהלע נאַכט אויף דער פריי אין טאַנצען, שפּילען און זינגען. אָבער יעצט טרעט אַרויס די אינטערעסאַנטע ערשיינונג אַז די נאַציאָן באַנוגענט זיך ניט צו באַטראַכטען אַזאַ אידעאַל פון מענשליכער עקזיסטענץ, וואוילזיין און גליק אַלס אַ ריין לאָקאַלען אידעאַל, נאָר זי פירט אַרויס דערפון אַ גאַנצע רייהע פון פליכטען און טוגענדען וועלכע זי באַטראַכט אַלס אוניווערזאַלע, און האַלט זיך אַליין פאַר דער ערשטער נאַציאָן ווייל זי דערפילט די דאָזיגע פליכטען און באַזיצט די דאָזיגע טוגענדען — וואָס איז אייגענטליך נאַטירליך, ווייל זיי שטאַמען אָפּ פון איר באַזונדערען כאַראַקטער — און זי טאַדעלט אַלע נאַציאָנען ביי וועלכע זיי פעלען. „ווי אַזוי האָט איר געקענט — פרעגט אָסוואַלד קאָרינגאַ רעדענדיג פון ענגלאַנד — פאַרלאָזען יענעם הייליגטום פון צניעות און זיטליכקייט און אַראַפּטירען דיזעס געזונקענע לאַנד?" קאָרינגאַ ענטפערט: „אין דיזען לאַנד זיינען מיר באַשיידען, מיר זיינען ניט שטאָלץ אויף זיך אַליין ווי די ענגלענדער און ניט זעלבסט־צופרידען ווי די פראַנצויזען. עס פאַרשאַפט איר פאַרגעניגען אַרויסצושטעלען צו שאַנד די פּוריטאַנישע גאוה פון דעם נאָרדערנער ווי די פראַנצויזישע מורא פאַר לעכערליכקייט, פאַרגלייכענדיג זי מיט דער אומבאַפּוצטער נאַטירליכקייט וואָס דאָס איטאַליענישע פאָלק האָט אויפגעהיט אַפילו אין זיין געפאַלענקייט. זי שילדערט מיט איידעלע און ריכטיגע שטריכ־

כען די רירענדע נאַיוויטעט מיט וועלכער עס דריקט זיך אויס אין איטאַליען דאָס געפיהל. קיין שטייפע צוריקגעהאַלטענקייט ווי אין ענגלאַנד, קיין קאָקעטעריי ווי אין פראַנקרייך. די פרוי וויל דאָ געפעלען נאָר דעם, וועמען זי ליבט און זי קימערט זיך גאָר ניט אויב די גאַנצע וועלט וועט עס וויסען. איינער פון קאָרינגאַ'ס פריינד קערט זיך אום צוריק אין רוים נאָך אַ לענגערער אבוועזענהייט און לאָזט זיך מעלדען ביי אַ באַוואוסטער דאמע, און דער דינער קומט אַרויס מיט דעם ענטפער: „די פירשטין קען אייך יעצט ניט אויפנעהמען, זי איז אין אַ שלעכטער שטימונג, זי איז "inamorate" ד. ה. זי איז פאַרליבט. קאָרינגאַ ווייזט ווי פאַרזיכטיג, ווי איידעל די פרוי אין איטאַליען ווערט געאורטיילט און ווי אָפענהערציג זי גיט אַרויס אירע געפיהלען. אַן אָרימע מיידעל דיקטירט פראַנק און פריי אויפ'ן גאַס אַ בריף צו איר געליבטען, און דער שרייבער שרייבט אים מיט דעם גרעסטען ערנסט, ניט פאַרפעלענדיג דערביי אַלע אָפיציעלע פאָרמען וואָס זיין בארוף פאָדערט. דער אָרימער סאָלדאַט אָדער ארבייטער דערהאַלט אזא סאָרט בריף אין וועלכען פילע צערטליכע אויסדריקען שטעהען אריינגענומען צווישען אַ „האָכגעעהרטער צייטגענאָסע!" און „אכטונגספול אייערער מיט עהרפורכט." קאָרינגאַ'ס שילדערונג איז דאָ פּאָלקאָמען ריכטיג. איך האָב צופעליג אליין אזעלכע בריף געזעהן. פון דער אנדערער זייט איז געלערזאמקייט ביי די איטאַליענישע פרויען ניט קיין אונגעוואוינליכע זאך. אַ פראַנצויז וועלכער רופט אַ געבילדעטע פרוי אַ פעדאַנטין, קריגט אין דעם בוך אַן ענטפער, „וואָס איז דען שלעכט אז אַ פרוי פאַרשטעהט גריכיש?"

קאָרינגאַ לאָזט אויך ניט אַרויס פון אויג אַז די אָפיציעלע אַנערקענונג פון פליכט און מאָראַל אין צפון איז באַגרינדעט אויף דער העכסטער ברוטאַליטעט אין אַלע פעלען וואו די געזעלשאַפטליכע געזעצען ווערען געבראָכען, זי ווייזט אָן ווי דער מאַן אין ענגלאַנד שעצט ניט קיין פאַרשפּרעכען און קיינע באַציהונגען וועלכע זיינען ניט יורידיש אריינגעשטעלט אין פראָטאָקאָל און ווי אזוי אין דעם מאָראַליש שטרענגען ענגלאַנד געהט האַנד אין האַנד מיט דער הייליגקייט פון דער חתונה און מיט דעם ריינעם הויזליכען לעבען די אונפאַרשעמטע און בעסטיאַלע פראָסטיטוציאָן,

פונקט אזוי ווי דער פערזענליכער טיפּעל עקזיסטירט זייט ביי זייט מיט׳ן פּערזענליכען גאַט. אין קאַנטראַסט דערצו באַמערקט זי מיט וויבליכער פּאָרזיכטיגקייט און שעמעוודינקייט: די הויזליכע טו־גענדען זיינען דער גאַנצער כבוד און דאָס גאַנצע גליק פון די פרויען אין ענגלאַנד; נאָר אויב עס זיינען פאַראַן לענדער וואו מען באַגעגענט ליבע אויסערהאַלב די הייליגע בענדער פון דער חתונה איז צווישען זיי פאַראַן דאָס יעניגע לאַנד וואו די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט ווערט געלעגט אויף דעם גליק פון דער פרוי: איטאַליען. די מענער האָבען זיך דאָ אויסגעאַרבייט אַ באַזונדער מאָראַל פאַר די געשלעכטליכע פאַרהעלטנישען, וועלכע ליגען אייגענטליך אויסערהאַלב די גרעניצען פון דער מאָראַל — אַ טריבונאַל פון הארצען. דאָס איז דער זעלבער טריבונאַל ווי די געריכטען פון ליבע אין דעם מיטעלאַלטער; דאָס איז דער זעלבער טריבונאַל וואָס האָט אזאַ שטאַרקען איינדרוק געמאַכט אויף בייראָנ׳ן ווען ער האָט געפונען אין איטאַליען אַ פאָלשטענ־דיג אויסגעאַרבייטע מאָראַלישע סיסטעם, דער היפּך פון דער ענג־לישער. און ווי אימער זוכט זי אויך דאָ נאָכצושפּירען די מיל־דערע זיטען צו די מילדערע קלימאַטישע אומשטענדען פון דעם לאַנד. זי וואָגט צו זאָגען: „אַ פאַרבלאָנדזשעט האַרץ רופט דאָ ארויס מער איינזעהעניש און מיטגעפיהל ווי אין יעדען אַנדער לאַנד. האָט יעזוס ניט געזאָגט צו מאַגדאַלענאַ: „עס וועט איר פיעל פאַרגעבען ווערען ווייל זי האָט פיעל געליבט? די דאָזיגע ווערטער זיינען אַמאָל ארויסגעזאָגט געוואָרען אונטער פּונקט אזאַ שעהנעם הימעל ווי אונזערער, דער זעלבער הימעל וואָס בעט פאַר אונז אזוי ווי דעמאָלט ערבאַרמונג ביי גאָט.

אַליין אַ פּראָטעסטאַנטין לערנט מאַדאַם דע סטאַל אירע גלויבענס־גענאָסען צו פאַרשטעהן אויך דעם איטאַליענישען קאַטאָלי־ציזם: „אזוי ווי דער קאַטאָליציזם האָט דאָ ניט קיין אַנדער רע־ליגיאָן צו באַקעמפּפען האָט ער באַקומען אַ מילדקייט און אַן איינזעהעניש ווי אין ערגעץ אַנדערש ניט, אין דער צייט וואָס דער פּראָטעסטאַנטיזם אין ענגלאַנד שטרעבענדיג צו פאַרניכטען דעם קאַטאָליציזם האָט געמוזט קעמפּפען מיט דער גרעסטער שטרענג־קייט אין פּרינציפּען פון מאָראַל. אונזער רעליגיאָן איז אימ־

שטאַנד אַזוי ווי די אַלטע צו באַגייסטערען קינסטלער, באַ־זעלען קינסטלער און איז אַזוי צו זאָגען אַ טייל פון אונזערע לע־בענס־געניסען בשעת אייערע, זייענדיג איינגעאָרדענט אין אַ לאַנד וואו דער פאַרשטאַנד שפּילט אַ גרעסערע ראָלע ווי די פאַנטאַזיע, האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון מאָראַלישער שטרענגקייט וועלכען זי וועט אימער אויפהאַלטען. אונזערע בעט אין נאָמען פון לעבען בשעת אייער רעליגיעזע פרייהייט פירט דורך אירע מאָס זיינען אַבסאָלוט, זיינען אונזערע פּרינציפּען ליבעראַל, און אונזערע אַבסאָלוטע דאָגמען זיינען צוגעפּאַסט צו די אומשטענדען פון לעבען בשעת אייערע רעליגיעזע פרייהייט פירט דורך אירע געזעצען שטרענג אָהן אַ שום אויסנאַמע." זי ציינט ווי אַזוי מען האָט דערפאַר אין די פּראָטעסטאַנטישע לענדער שטענדיג מורא פאַר דעם זשעני, פאַר גייסטיגע אויבערשאַפט: דאָס איז ניט ריכטיג— באַמערקט זי — וואָרום דיזער אויבערשאַפט איז אין וועזען העכסט מאָראַליש. אַלץ צו פאַרשטעהן ברענגט צו גרויסער איינזעהעניש און פון טיפער געפיהלפולקייט קומען אַרויס גרויסע גיטער."

„וואָרום איז טאַלאַנט אַן אומגליק? וואָרום האָט עס מיר געשטערט געליבט צו ווערען? וועט אָסוואַלד ביי אַן אַנדערער געפינען מער גייסט, מער פאַרשטענדניש, מער צערטליכקייט ווי ביי מיר? ניין, ער וועט געפינען וועניגער און וועט צופרידען זיין, ווייל ער וועט זיך פיהלען איינגעשטימט מיט דער געזעלשאַפט. וואָס פאַר אַ ליגנערישע פריידען און וואָס פאַר אַ איינגעבילדעטע ליידען זי גיט אונז! אונטער די שטראַלען פון דער זון, אונטער דעם אויסגעשטערנטען הימעל פיהלט מען נאָר דעם טריב צו ליבען איינער דעם אַנדערען און פיהלען דעם ווערט איינער פון אַנדערען. אָבער די געזעלשאַפט, די געזעלשאַפט! ווי זי מאַכט דאָס האַרץ פאַרהאַרטעוועט, און דעם גייסט לייכטזיניג, ווי זי צווינגט עס אונז צו לעבען לויט דאָס, וואָס מען וועט וועגען אונז זאָגען! ווי ריין און לייכט וואָלטען מיר געקענט אָטעמען ווען די מענשען זאָלען זיך איין טאָג באַגעגענען יעדער באַפרייט פון דעם דרוק, וואָס אַלע איבען אויס אויף'ן איינצעלנעם — וויפיעל אמת'ע געפיהלען וואָלטען עס דעמאָלט אַ שטראָם געטאָן מיט

פרישקייט!" „נעהם מיין לעצטען גרוס, אַ פאַטערלאַנד!" רופט אוים קאָרינגאַ אין איר שוואַנען־ליד לכבוד רוים, און דו פיהלסט די גאַנצע ביטערקייט און שטאָלץ פון דער פאַרטריבענער געגען נאַפּאָלעאָנ'ען אין די ווערטער: „דו פרייגיביג פאָלק, וואָס האָסט מיר געשענקט מיין רוהם, וואָס פאַרטרייבסט ניט די פרויען פון דיינע טעמפּלען, וואָס ברענגסט ניט דעם אונשטערבליכען טאַ־לאַנט פאַר אַ קרבן צו אַ פאַראיבערגעהענדער אייפערזוכט, נאָר שטענדיג באַגריסטו ווארים דעם אויפגעהענדען זשעני, דעם זשעני וואָס איז אַ זיגער אָהן באַזיגטע, אַן עראָבערער אָהן רויב, וואָס שעפּט פון דער אייביגקייט צו באַרייכערען דאָס פאַרגענגליכע!"

אויפ'ן יסוד פון דיזען אַנטוואורף פון דעם קאָנטראַסט צווישען דעם קאַטוילישען און דעם פּראָטעסטאַנטישען געפיהלס־לעבען דער־הויבט זיך דער קאָנטראַסט צווישען צוויי אַנשויאונגען אויף דער קונסט. און אין דיזען פּונקט באַשטעהט די באַדייטונג פון דעם בוך אין דעם, וואָס ער פירט אַ קאַמפּף געגען דעם פּראָטעסטאַנטישען שטאָלץ און זיין קינסטלערישער אונאַנטוויקעלטקייט, וואָס זיינען פאַרקערפּערט אין אָסוואַלד'ן, ביי וועמען יעדער טראָפּען בלוט איז דורכגעדרונגען מיט די ענגלישע נאַציאָנאַלע כאַראַקטער־שטריכען.

אין מיטען פון דיזען פּלאַסטישען און מוזיקאַלישען פאָלק, וואָס איז אַזוי גוטמוטיג, אַזוי קינדיש אונבאַזאָרגט וועגען זיין ווערט, און אַזוי אונמאָראַליש אין ענגלישען זין פון וואָרט, פיהלט זיך אָסוואַלד, וועלכער איז געוואוינט צו זעהן די באַדייטונג פון לעבען אין דער ערפילונג פון אַ געוויסען אינזעל־באַגריף פון פליכ־טען און פּאַסיגקייט, איינגאַנצען ניט אין פּלאַץ. אים פעלט יעדער אַרטיסטישער חוש; אַט לעגט ער אַ ליטעראַרישען מאַסשטאַב אויף דער קונסט, אַט אַ מאָראַלישען און אַט אַ רעליגיעזען, פיהלט זיך איבעראַל אָבגעשטויסען, און קען גאָר נישט פאַרשטעהן. ער באַ־מערקט אייניגע באַרעליעפען אויף די טירען פון דער סעינט־פּעטער קירכע, ווי גרויס איז זיין פאַרוואונדערונג ווען ער זעהט אַז זיי שטע־לען פאָר סצענעס פון אָוויד'ס מעטאַמאָרפאָזען! דאָס איז דאָך אמת'ע נעצענטום! קאָרינגאַ פירט אים אין דעם קאָליסעאום, און זיין איינציגער איינדרוק איז (אַזוי ווי אָהלענשלעגער'ס) דאָס געפיהל אַז ער שטעהט אויף אַ גרויסען געריכטס־פּלאַץ, און דער

מאָראַלישער צאָרן איבער די גרויזאַמקייטען, וואָס זיינען דאָ באַ־גאַנגען געוואָרען געגען די ערשטע קריסטען. ער טרעט אריין אין דער סיקסטינישער קאַפּעלע און, זייענדיג דורכאויס אונערפּאַרען אין דער געשיכטע פון דער קונסט, איז ער אין העכסטען גראַד אויפגעבראַכט צו זעהן, אז מיקעל אַנדזשעלאָ האָט געהאַט די העזה צו מאָלען דעם פאָטער־גאָט אליין אין אַ באַגרענצטען מענשליכען קערפּער, אזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ יופּיטער אָדער אַ צעאוס. ער ערגערט זיך אויך איבער דעם וואָס ער געפינט גאָרניט אין מיקעל אַנדזשעלאָ'ס פּראָפעטען און סיבילען פון דעם באַשיידענעם קריסטליכען גייסט, וואָס ער האָט ערוואַרטעט צו געפינען אין אַ קריסטליכער קאַפּעלע. יעדען איינעם פון דיזע פאַרשיידענע שטרי־כען נעהמט די שרייבערין פון לעבען. איטאַליען, ווי די דרום לענדער פון אייראָפּאַ איבערהויפּט, איז אַ לאַנד וואָס ערוואַרטעט אין אירע באַזוכער אַן ארטיסטישען, אָדער ווי מען רופט עס אין דענעמאַרק, אַן עסטעטישען געשמאַק. מען טיילט געוויינליך דאָס מענשליכע לעבען אין דריי פאַרשיידענע ספערען, אין דער פּראַקטישער, דער טעאָרעטישער און עסטעטישער. די פּראַקטישע באַטראַכטונג פון דעם וואַלד איז, אויב די געגענד איז אַ געזונטע אָדער ווי ווייט דער וואַלד איז גוט אויף ברען־האָלץ. די טעאָרע־טישע — איז דעם באָטאַניקערס וועלכע שטודירט וויסענשאַפט־ליך דעם כאַראַקטער פון די פלאַנצען; די עסטעטישע אָדער די ארטיסטישע איז די וועלכע האָט נאָר אַן אויג ווי דער וואַלד זעהט אויס. דער לעצטער חוש פעלט אָסוואַלד'ן אינגאַנצען. ער האָט קיין אויגען ניט, זיין פאַרשטאַנד און זיין מאָראַל האָבען באַ־רויבט זיין זין פון יעדער פרישקייט, דעריבער איז ער ניט אימ־שטאַנד צו פאַרגעסען דעם אינהאַלט איבער דער פאָרמע, דעריבער רופט ארויס די ארענאַ פון דעם קאָליסעאום ביי אים קיין אנדער געדאַנק ניט ווי די פּראַקטיש־מאָראַלישע עראינערונג וועגען גאָר דאָס בלוט וואָס איז דאָ אונגערעכט פאַרגאָסען געוואָרען. אין קאָרינגאַ'ס פאַרטיידיגונג פון דער געגענגעזעצטער מיינונג שפּירען מיר דעם איינפלוס פון דייטשלאַנד, באַזונדערס די ווירקונג פון א. וו. שלעגעל, דעם ע ר ש ט ע ן ה ו י ך פון דעם ערוואַכענדען ר אָ מ אַ נ ט י ש ע ן גייסט אין דייטשלאַנד, וואָרום וואָס די ראָ־

מאַנטיק באַטאַנט — ווי פאַרשיידענאַרטיג זי ווערט ניט אויסגע־
פּאַסט אין פאַרשיידענע לענדער, איז דער זאַץ אַז די שעהנקייט
האָט נאָר זיך אַליין אַלס ציל, אָדער ווי מען זאָגט אין דייטשלאַנד
„זעלבסטצוועק", אַ געדאַנק וועלכען מען האָט אַנטנומען פון
קאַנט'ס „קריטיק דער אורטיילסקראַפט", אַ באַשטימונג פון שעהנ־
קייט וועלכע ווערט יעצט אַרויסגעשטעלט אַלס די אויפגאַבע פון
דער קונסט. אין פראַנצויזיש ווערט עס אויסגעדריקט אין דער
פאָרמעל "l'art pour l'art" און אין דענישען זעהען מיר
דיזע אַנשויאונג אַרויסטרעטען צום ערשטען מאָל אין אָהלענ־
שלעגער'ס געדיכטע, צ. ב. אין „די פּאָעזיע פאַרטיידיגט זיך"
אָדער אין דעם געדיכט „מאָרגען־וואַנדערונג."

אָבער ניט בלויז די קונסט נאָר אויך די באַפעלקערונג וואָס
לעבען אין איטאַליען מוז מען באַטראַכטען מיט אַן אַרטישטישען
אויג כדי זיי צו פאַרשטעהן און שעצען לויט זייער ריכטיגען ווערט.
עס איז ניטאָ קיין געוויינליכערע זאַך ווי צו טרעפען אין דרום
ענגלענדער, דייטשען אָדער פראַנצויזען, וועלכע טאַדלען אַלץ פון
זייער נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט. די דייטשען געפינען אַז די
פרויען פעלט די שעמעוודיגע צניעות, די יונג־פּרויליכקייט וואָס זיי
זיינען געוואוינט צו באַטראַכטען אַלס זייער אידעאַל פון שעהנ־
קייט. די ענגלענדער פיהלען זיך צוטרייסעלט דורך דעם מאַנגעל
אין ריינליכקייט און אָרדנונג, און די פראַנצויזען זיינען אונצו־
פרידען וואָס די געזעלשאַפטליכע געשפּרעכען זיינען ווייניג און די
איטאַליענישע פּראָזע איז שלעכט.

קאָרינגאַ ווייזט אָן אַז די ווייבליכע שעהנקייט וואָס איז אין
איטאַליען ניט פון אַ מאָראַלישער אַרט נאָר פון אַ פּלאַסטישער און
מאַלערישער, פאָדערט אַן אויג וואָס איז עמפּפינדליך צו פאַרב
און פאָרם און איז ניט אָבגעשוואַכט דורך גריבלען זיך אין ביכער.
זי שטעלט די איטאַליענישע אימפּראָוויזאַציע אין קאָנטראַסט מיט
דעם פראַנצויזישען געשפּרעך און געפינט אַז די ערשטע האָט ניט
קיין קלענערען ווערט ווי די צווייטע.

אַ פאַרשטענדיגעס פאָלק ווי די ענגלענדער קולטיווירט דאָס
געשעפטס־לעבען און דאָס פּראַקטישע לעבען, אַ געפיהלפולע נאַ־
ציאָן ווי די דייטשע אַרבייט אויס די מוזיק, אַ גייסטרייכע ראַסע

ווי די פראַנצויזישע אַנטוויקעלט די קאָנווערזאַציאָן, ד. ה. באַקומט אירע איינפעלע דורך אונטערהאַלטונג און געזעלשאַפטליכען לעבען מיט אַנדערע, אַ פאַנטאַזיען־רייכעס פאָלק ווי די איטאַליענער אימפּראָוויזירט ד. ה. הויבט אויף נאַטירליכערווייז די געוויינליכע געפיהלען צו פּאָעזיע. קאָרינגאַ זאָגט: „איך פיהל זיך אַלס דיכטערין אַזוי שנעל ווי מיין גייסט דערהויבט זיך, אַזוי שנעל ווי ער פאַראַכטעט נאָך אין אַ העכערען גראַד ווי געוויינליך עגאָאיזם, נידעריגקייט, קורץ, אַזוי שנעל ווי איך פיהל אַז אַ שעהנע האַנדלונג וועט יעצט פאַר מיר לייכט זיין צו טהאָן; דאַן געראָטען מיינע פערזען אַם בעסטען, איך בין דיכטערין ווען איך באַוואונדער, ווען איך פאַראַכט, ווען איך האַס ניט פון פערזענליכע אורזאַכען נאָר פאַר דער גאַנצער מענשהייט.‟ און זי באַנוגענט זיך ניט בלויז מיט נעהמען אין שוץ דעם לייכטען נאַכטיגאַלגעזאַנג פון דעם וואָס איז אייגענטליך געוועזען דאָס וואָס די איטאַליענער האָבען פאַרשטאַנען אונטער לירישער פּאָעזיע. זי ערקלערט אויך דעם איבערטריבענעם געוויכט וואָס די איטאַליענישע פּראָזע לעגט אויף דער פאָרם און אויפ׳ן גאַנצען רעטאָרישען פוץ. ערשטענס ליבט מען אין דרום איבערהויבט פאָרם, צווייטענס איז די איטאַליענער, לעבענדיג אונטער׳ן דרוק פון אַ גייסטליכער דעספּאָטיע וועלכע האָט פאַרבאָטען יעדע ערנסטע באַהאַנדלונג פון אַ טעמע, האָבען געוואוסט אַז זיי קענען ניט באַאיינפלוסען דעם גאַנג פון פּאַסירונגען, האָבען זיי געשריבען בלויז צו ווייזען זייער קונסט אין שרייבען, אַרויסצורופען באַוואונדערונג דורך דער שעהנקייט פון זייערע פראַזען אַזוי אַז דאָס מיטעל איז געוואָרען דער צוועק.

די צווייטע זאַך וואָס ווירקט שלעכט אויף אָסוואַלד׳ן איז געוועזען מיקעל אַנדזשעלאָ׳ס פאָרשטעלונג פון גאָט און די נביאים אין דער קריסטליכער קאַפּעלע.

ער געפינט ניט אין יהוה׳ס קרעפטיגער מענער־געשטאַלט די אונזיכטבאַרע, ריין־גייסטיגע מאַכט אין וועלכער דער נאָרדישער פּראָטעסטאַנטיזם האָט פאַרוואַנדעלט דעם ליידענשאַפטליכען נאַציאָנאַלען גאָט פון די אַלטע אַזיאַטען; און אין די אַלע שטאַלצע פיגורען פון מענער און פרויען מיט וועלכע מיקעל אַנדשעלאָ האָט באַזעצט דעם סופיט אין זיין פּראָמעטעאישען פאַר־

לאנג „צו שאפען מענשען,” וואו געפינט מען אין די דאזיגע טראַ־ציגע, באגייסטערטע, פארצווייפעלטע און קעמפפענדע געשטאל־טען די באשיידענקייט און צניעות, וועלכע ער האט ערווארטעט צו טרעפען? קארינגא גיט אירע לאנדסלייט א לעקציע, וועלכע איז מיט עטליכע יאר פריהער געווען גרייליך נויטיג אויך אויסערהאלב פראנקרייך, באזונדערס איז אזעלכע לענדער ווי די סקאנדינאַ־ווישע, וואו מען באשעפטיגט זיך אזוי פיעל מיט קינדערשער פלאפלעריי וועגען קריסטליכער קונסט און קריסטליכער עסטעטיק.

די ליידענשאפטליכע און גוואלדיגע אטאקע וואס סערען קיערקעגאארד האט אין זיין לעצטער פעריאָדע געריכטעט געגען דער זאָגענאנטער קריסטליכער קונסט איז געווען נאטירליך פאר א מענשען ווי קיערקעגאארד וועמען עס האט געפעלט יעדע קינסט־לערישע בילדונג; ער שרייבט שטענדיג צו די מאלער פון דער רענעסאנס זיין פראטעסטאנטישען, זאגאר זיין אינדיווידועלען באַ־גריף פון רעליגיאָן און ווערט אויפגעבראכט זעהענדיג ווי אזוי זיי האבען געקענט מיט אזא אויפפאסונג אלס יסוד פון זייער באַ־וואוסטזיין מאלען אזוי ווי זיי האבען געמאלט. פונקט אזוי ווי אסוואלד ווייס ער ניט אז די מאלער פון דער רענעסאנס צייט שטעהען אין אן אנדער באציהונג צו זייער שטאף ווי די הייגטיגע, אז בעת דער מאלער פון אונזער צייט זוכט ארייגצודרינגען אין זיין געגענשטאנד און אים שטודירען אלס ארכעאלאג, אלס פסיכאלאג און אלס עטנאגראף, האט דער מאלער פון דער רענעסאנס צייט גענומען זיין שטאף אזוי ווי ער איז פאר אים געלעגען און האט געמאכט פון אים דאס וואס ער האט געוואלט מאכען, ד. ה. וואס עס האט געשטימט מיט זיין זעלבסטשטענדיגער און אייגענער אריגינאליטעט. דערין ליגט די ערקלערונג דערפון וואס פארלעצט אזוי שטארק ביי די אלטע מאלער אין די נארדישע מענשען. ווארום פונקט אזוי ווי א קליינע צאל סוזשעטען, גענומען פון דער איליאדע און דער אדיסיי האט געקלעקט פאר דער גאנצער גריכישער סקולפטור, מאלעריי און דראמאטישער קונסט (עס איז אימער די זעלבע געשיכטע פון העלענא און פאריס, פון אטרעוס און טהיעסטעס, אדער פון איפי־געניא און ארעסטאס) אזוי האבען א צוואנציג טעמען פון דעם

אַלטען און נייעם טעסטאַמענט (דער פּאַל, לוט און זיינע טעכטער, יעזוס'עס געבורט, דאָס לויפען קיין עגיפּטען, די פּאַסיאָנס־געשיכטע), האָבען אין פאַרלויף פון דריי הונדערט יאָר געהאַלטען אין באַוועגונג דעם פּינזעל און דעם דלאָט אין איטאַליען. בלויז אַזעלכע סוזשעטען ווערען באַשטעלט און בלויז פאַר זיי איז אין דער שטרענגער צייט ערלויבט געוואָרען צו שטודירען דעם נאַקעטען קערפּער. און אין דער צייט וואָס די אַנטוויקלונג איז געגאַנגען פאָרוועדטס זיינען די טעמען געבליבען די זעלבע. דער פרומער און נאַאיווער גלויבען פון דער אַלטער צייט ווערט פאַרביטען דורך דעם באַגייסטערטען הומאַניזם און דעם פריידיג אויפבליהענדען היידענטום פון דער רענאַסאַנס צייט, אָבער נאָך אימער מאָלט מען מאַדאָנאַס און מאַגדאַלענאַס נאָר מיט דעם אונטערשייד וואָס די שטייפע הימלישע קעניגין פון דער ביזאַנטישער צייט פאַרוואַנדעלט זיך אין אַן אידעאַליזירטען פּויערען קינד פון אַלבאַנאָ, אָדער אַנדרעאַ דעל ווערראָטשיאַ'ס אָבגעצערטע, מיט שמאַטעס באַהאַנגענע, שלוכצענדע מאַגדאַלענאַ — אין קאָרעדשיאָ'ס מונטערער און געזונטער לאַכענדער און פאַרפירערישער מיידעל, וועמעס חרטה און תשובה ערשיינט אַלס קאָקעטעריי, אָדער ענדליך וואָס אַלע געקרייציגטע און פאַרשטיינערטע מאַרטירער און אַפּאָסטאַלען, וועלכע זעהען אויס אַזוי ווי זיי וואָלטען לעבעדיג באַגראָבען געוואָרען, זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פיגורען ווי סאַן סעבאַסטיאַן, ביי טיציאַן, אָדער רעני גוידאָ אין דעם שעהנעם געזונט שטראַלענדען דינער אָדער טשיטשיסבעאָ וועמענס בלענדענדע הויטפאַרב ווערט אַרויסגעבראַכט נאָך שטאַרקער דורך אַ פּאָר טראָפּען בלוט וואָס טריפען אַראָפּ פון אַ צירליך אַריינגעשטעלטער פייל צווישען די ריפּען.

אָסוואַלד מוז אַלזאָ לערנען פון קאָרינגאַ אַז יענער גאַנצער ראָד פון יונגע העלדען וואָס רינגלען אַרום מיקעל אַנדשעלאָ'ס גרויסע סופיטען (איינער וואָס איז גלייך צו דעם גריכישען אַבילעס מיט הענט צונויפגעלעגט אויף די קניה, איינער וואָס בויגט זיך אַזוי ווי אויסצומיידען אַ קלאַפּ, איינער וואָס הויבט אויף זיין אָרם אַזוי ווי אָבצעווערען אַ קלאַפּ, איינער וואָס שלעפּט מיט מאַכט די שאַל וואָס איז דורכגעצויגען דורך דעם בראָנזענעם שילד, איינינגע

וואָס מיט דער אָנשטרענגונג פון אַלע זייערע קרעפטען שפּאַרען הענט און פיס געגען זייערע ראַמען, דרעהען און שטויסען זיך געגען דער ארכיטעקטור פון דעם סופיט) ער מוז לערנען אז אַט די אַלע פיגורען וועלכע, זייענדיג שעהן ווי די האמערישע העלדען, פאראייניגען מיט דער שעהנקייט א ווילדערע ענערגיע און א נאָך מענליכערען ווילען און זיינען צו דער זעלבער צייט מיקעל אנדשעלאָ'ס פארמענשליכטע געדאנקען. וואָרום מיקעל אנדשעלאָ דעקאָרירט ניט מיט אָרנאַמענטען אָדער מיט בלומען, נאָר מיט מענשליכע לייבער, און יעדער פון זיינע געדאנקען נעהמט אָן די געשטאַלט פון א ליידענדען העלד, פונקט אזוי ווי די געדאנקען פון די פארצייטיגע קינסטלער האָבען אָנגענומען די געשטאַלט פון א גליקליכען גאָט. א ליידענדער העלד גילט פונקט אזוי פיעל ווי א געבענשטער גאָט. אָסוואלד מוז זיך לערנען צו באוואונדערען יענע ליבעראַליטעט פון דעם איטאַליענישען קאטאָליציזם וועלכער האָט אין דער רע־נעסאנס'ס צייט געגעבען יעדער קינסטלער די געלעגענהייט אויפ־צודעקען זיך מיט פולסטער פרייהייט און אונגעצוואונגענער אָרי־גינאַליטעט, אפילו ווען דער קינסטלער האָט אין זיינע ווערק פאַרגעשטעלט א גאַנץ אינדיווידועלען מענשליכען אידעאַל אָדער האָט געברויכט די קריסטליכע און אידישע סוזשעטען אלס פאָרמען און אלס אן אויסרייד אויסצודריקען זיין אייגענע, זיין ריין פער־זענליכע רעליגיאָן. פאַר די קינסטלער פון יענער צייט איז געווען די קונסט רעליגיאָן, און ליניען און פארבען זיינען געווען די פאָר־מען מיט וועלכע זיי האָבען מתפלל געווען. אזוי קומען מיר צום דריטען פונקט וואָס האָט אָסוואלד'ן געערגערט ווען ער האָט גע־זעהן אָוויד'ס מעטאַמאָרפאָזען, אנטאָניא פילאַרעטעס בארעליעפען אויף די טירען פון דער פעטער קירכע — דורך דער צומישונג פון קריסטענטום און היידענטום פון דער קאטוילישער קירכע. דער דאָזיגער שטריך געפינט זיך איבעראַל; איבעראַל ווערט דער היידנישער מאַטעריאַל באנוצט און אויפגעהויט. אַלע אַלטע באַ־סעליקען און קירכען זיינען געבויט פון לויטער אַלטע טעמפּעל קאָלאָנען. אָן איינפאכער צלם פאַרוואנדעלט אויבערפלעכליך די אָבעסליקען, דעם קאָליסעאום און פאַנטעאָן אין קריסטליכע געביי־דען, אָן אַלטער שלעכטער סטאַטוע פון יופּיטער סטאַטאָר גיט מען

א פּאָר שליסעל אין די הענט, און מען שמד'ט זי איבער אויף דעם הייליגען פעטער און מען קושט איר אָפּ די פינגער פון די פיס; די גע־פונענע סטאַטועז פון מענאַנדער און פאַזידיפאָס ווערען דורכ'ן גאַנצען מיטעלאַלטער פארגעטערט אלס הייליגע. קאַרינגא ווייזט אָסוואלד'ן אז דיזען אַפּטמאַל נאַאיווען אָבער שטענדיג ליבערא־לען פארהאלטען זיך צום היידנישען און צום הומאַנעם האָט דער קאַטאָליציזם צו פאַרדאַנקען פאר'ן קינסטלערישען גלאַנץ מיט וועל־כען ער וועט אויביג שטראַלען אין דער וועלט־געשיכטע, א גלאַנץ וועלכען די קינסטלערישע לייסטונגען פון דעם פּראָטעסטאַנטיזם וועלען ניט פאַרדונקלען. דער פּראָטעסטאַנטיזם רייסט ארונטער פון איבער זיינע אַלטארען אַלע אַלבאַנער פויערן פרויען מיט שמייכלענדע קינדער ביי זייער ברוסט אונטער דעם אויס־רייד אז זיי זיינען מאַדאָנאַס, פאַרקאַלכט אַלע פאַרברייכע בילדער און פייערט די פאַרשמירטע ווענט. דאָס איטאַליען פון דער רענאַסאַנס־צייט האָט אויסגעטאָן דאָס קריסטענטום פון זיין נזירות, פון זיינע שרעקען, זיין גאַנצען אידיש־אַזיאַטישען כאַ־ראַקטער און עס אומגעשאַפען אין א מיטאָלאָגיע, באַפּוצט מיט בלומען און דופטענדיג מיט מירהע. דער איטאַליענישער קאַטאָליציזם האָט זיך פאַראייניגט מיט דעם בירגער קלאַס אין די שטעדט און ווען די קונסט איז ווידער געבאָרען געוואָרען — מיט אַלע שעהנע קונסטען. דעריבער זיינען זיינע אינטערעסען אַזוי אָפּט ארויסגעשטעלט געוואָרען אוים פּאַטריאָטישע אַזוי גוט ווי רעליגיעזע מאָטיווען: טאָסקאַנאַ איז דער אָרט פון וואַנען די רענאַסאַנס איז ארויסגעקומען.

אין טאָסקאַנאַ איז דער מענש צוריק געבאָרען געוואָרען נאָך זיין פאַל — די פארלייקענונג פון דער נאַטור. דאַן האָבען זיך געגרינ־דעט די ערשטע איטאַליענישע רעפּובליקען. דאָ האָט זיך דער מענש געשטאַרקט צו ווילענס קראַפט, און די הייזער האָבען זיך אויפ־געריקט צוזאַמען און געבילדעט א קליינעם שטאָלצען אונבאַזינ־באר פרייזיניגען שטאַט און זיין אומגעבונג. דאַן זיינען אויפ־געשטיגען טורעמס און די טורם שפּיצען, שלאַנק, ווי די האַל־טונג פון פרייען מענשען. די פּאַלאַצען זיינען געגרינדעט און באַפעסטיגט געוואָרען, קירכען זיינען פארענדיגט געוואָרען און

די קירכע איז געוואָרען אַ נאַציאָנאַלער אוצר, אַ שעפּפונג פון רייכטום, אַלס דויער און קונסט זאַך, אַ ריזיגע ווערט זאַך אין דער צייט פון קאַמפּף פאַר איבערשאַצט צווישען שטאָדט און שטאָדט, צווישען דעם שטאַט סיענא און דעם שטאַט פלאָרענץ, נאָך אַ סך מער ווי אַלס וואוינאָרט פאַר דער הייליגסטער מאַדאָנא. מען האָט געטאָן אַ סך מער צו דער עהרע פון סיענא ווי צו דער עהרע פון דעם ליבען גאָט.

אַ קירכע אין טאָסקאַנא מיט אירע מאָזאיקען אויף אַ הינטערגרונד פון גאָלד ווי די אין אָריעטאָ, אָדער מיט איר פאַסאַדע פון ווייסען געשניצטען מאַרמאָר וואָס איז ענליך צו אַ קרוזשעווע מאַנטעל פון אַ יונגער שעהנהייט, ווי די קירכע אין סיענא, מיט איר אַטישער און עלעגאַנטער צירליכער און צאַרטער פאָרם און מיט איר רייכטום פון קונסט אוצרות איז מער אַ קעס־טעל צירונג ווי אַ קירכע. אָדער לאָמיר נעהמען די סט. מאַרקס קירכע אין ווענעדיג. ווען מען זעהט זי דעם ערשטען מאָל ווערט מען איבערראַשט אויף אַ' מאָמענט פון איר אָריענטאַלישער פאַ־סאַדע, אירע בלישטשענדע קופּאָלען, אירע וואונדערליכע געוועלבען, וועלכע רוהען אויף קורצע, איינס איבער'ן אַנדערען אויפגעוואָר־פענע קאָלאָנען פון רויטען און גרינעם מאַרמאָר. פון דער פּיאַזאַ וואַרפט מען אַ בליק אויף די דרויסענדיגע ווענט און די פאַרבען רייכע מאָזאיקען אויף אַ גאָלדענעם הינטערגרונד און מען טרעט אַריין אינעווייננ. דער ערשטער איינדרוק איז: „וואָס טוט זיך דאָ אין דער וועלט? דאָס איז דאָך לויטער גאָלד, גאָלדענע באַפּוצונ־גען און גאָלדענע ווענט!" די פיינסטע גאָלד מאָזאיקען פון וועל־כע עס באַשטעהט דער הינטערגרונד פון אַלע בילדער, בילדען איין איינציגע גאָלד־פלעכע. פאַלט אַראָפּ אַ זונען־שטראַל באַשאַפט ער העלע, שימערענדע גאָלד־פלעקען אויף דעם טונקעלערען גאָלד־גרונד, און די גאַנצע קירכע פינקעלט און פלאַמט. דער דיל וואָס איז פון אַלטקייט געוואָרען אַזוי ווי כוואַליעס איז צוזאַמענגע־שטעלט פון אַ מאָזאַיק פון רויטען, גרינעם און שוואַרצען מאַרמאָר. די רויטליכע מאַרמאָר־זיילען האָבען קאַפּיטאָלען פון באַגילדעטען בראָנז. די קליינע געוועלבטע פענסטער האָבען ווייסען ניט קיין פאַרביגען גלאָז; וואָרום פאַרביגער גלאָז וואָלט ניט געשטימט

צו דיזען פראַכט, ער איז גוט פאַר אָרעמליכע קירכען. די זייַלען זעקס אייל דיק פון גרינליכע מאַרמאָר וועלכע טראָגען באַגילדעטע האַלבע אַרקען און יעדער קופּאָל רוהט אויף פיר אַזעלכע האַלבע אַרקען. די קלענערע זייַלען וועלכע טראָגען די אַלטאַרען, כאָרען, א. ז. וו. זיינען פון גרינעם און רויט געפלעקטען מאַרמאָר, אָפט מאָל פון אַלבאַסטער און גאַנץ דורכזיכטיג. דער גאַנצער מאַרמאָר וואָס קומט נידעריג איז גרעסטענטייל פון העל רויטע קאָליר, צ. ב. אַלע זיץ אָדער בענק וואָס געהען אַרום די קאַלאַנען אָדער ביי די זייטען. די גאַנצע קירכע האָט אַ ריין מאַלערישען, ניט קיין אַרכי־טעקטישען כאַראַקטער, און עס איז נאַטירליך אין דער דאָזיגער שטאָדט ביי וועמעס מאַלער'ס שולע די פאָרמע איז איינגאַנ־צען אונטערוואָרפען צו דער פאַרב. די קירכע סאַן מאַרקאָ, אַזוי ווי זי שטעהט מיט אירע באַגולדעטע מאָנומענטען, מיט אירע שעהן איינגעלעגטע שטולען, אירע פאָלקאָמענע בראָנזען, אירע גאָל־דענע סטאַטוען, קאַנדעליאַברען און קאַפּיטאָלען, איז גלייך צו אַן אַנטיקענדער, ביזאַנטישער שעהנהייט וועלכע ליגט אויסגעשטרעקט אויף איר געלעגער, שווער באַלאָדען מיט גאָלד, פּערל און בליצענדע דימענטען, און מיט דעם רייכסטען בראָקאַט וואָס פאַרדעקט איר אָריענטאַלישע רוהע בעט.

לכתחילה איז אַזאַ קירכע געוויס געוועזען אַן אויסדרוק פון רעליגיעזער באַגייסטערונג אָבער אין די הויכע טעג פון דער רענאַסאַנס איז דער רעליגיעזער געפיהל איינגאַנצען אָבגעטראָ־טען דער פרייד פון קונסט. זעהר אינטערעסאַנט איז אין דעם הינזיכט אַן אויפשריפט, די איינציגע אין דער קירכע וועלכע גע־פינט זיך גראַד איבער דעם הויפּט אַריינגאַנג; זי איז אין לאַ־טייניש און לויטעט אַזוי: "Ubi deligenter inspexeris artemque ae laborem Franeisci et valerii Zucati Venetarum fratrum agnoveris, tum tandem judicato." דאָס מיינט: „ווען דו האָסט אויפמערקזאַם באַטראַכט און נעפּרובט גאָר די קונסט און אַרבייט, וואָס מיר, די צוויי ווענעציאַנישע ברידער פראַנציסקוס און וואַלעריוס צוקאַטוס האָבען דאָ אויסגעפירט, דאַן ערשט אורטייל אונז." וואָס באַדייט דאָס? עס איז אַ וואָרנונג פון די קינסטלער געגען איבעראייַלטער קריטיק.

די ברידער צוקאַטוס זיינען געווען מייסטער פון דער מאָזאַיק קונסט וועלכע האָבען אין זעכצענטען יאָרהונדערט אויסגעפירט א גרויסען טייל פון די מאָזאַיקען פון דער קירכע, מייסטענס נאָך צייכענונגען פון טיציאַן. מען דאַרף זיך דערמאָנען איין אויגענ־בליק אָן אזא אויפשריפט אויף א פּראָטעסטאַנטישער קירכע און ציהען דאָ דעם פאַרגלייך. אזוי פאַלשטענדיג איז דאָ א קירכע אויפגעפאַסט אלס קונסטווערק אז די אויפשריפט איבער איר הויפּט טיר איז ניט קיין אויפפאָדערונג צו די דאַוונער, א באַגריי־סונג צו די גלויבינגע, א ברכה אָדער א פּסוק פון תנ״ך; נאָר א בקשה צו דעם באַזוכער צו באַטראַכטען די געהייליגטע קונסט מיט בליקען פון כבוד.

ווען דעריבער די קאַטוילישע אמונה ווערט פון דער קאַטוי־לישער קירכע פארשוואונדען — אזוי ווי עס פאַסירט היינט אין איטאַליען, ווען אינקוויזיציאָן און פאַנאַטיזם ווערען א לעגענדע, ווען די העסליכע חיה שטאַרבט אין איר שאָל־הויט, בלייבט נאָך איבער די שעהן־ אויסגעדרעהטע שאָל. עס בלייבען דאָך פּראַכט־פולע קירכען, סטאַטוען, מאַלערייען אין די הונדערטע טויזענדע; עס בלייבען דאָך אימער. מיקעל אנזשעלאָ׳ס קאַפּעלע און ראַפאַעל׳ס סינקטינישע מאַדאַנא, און קירכען אזוי ווי סעינט פּעטער קירכע און די קאַטעדראַלע פון מילאַן און פּיזא. אָבער ביי דער גאַנ־צער אכטונג פאַר דאָס וואָס דער פּראָטעסטאַנטיזם האָט געליים־טעט אלס איבערגאַנגס גליד אין דער געשיכטע פון מענשליכען גייסט, פאַר דעם גאַנצען אינערליכען און מאָראַלישען לעבען, און מיט יראת הכבוד פאַר פיעלע פון זיינע מאָנומענטען וואָס זיינען ניט פאַר׳ן אויסערען אויג, ווען מיר שטעלען זיך פאָר, אפילו ווען דאָס זאָל זיין אַן אונמעגליכקייט, אז דעם פּראָטעסטאַנטיזם וועט אמאָל טרעפען דער איינענער שיקזאַל וואָס האָט באַגעגענט יעצט דעם קאַטאָליציזם אין איטאַליען — וועלכע דעקאָראַטיווע אָדער אַרכיטעקטאָרישע שאַפונגען וועלען דאַן איבערבלייבען?

די מערקווירדיגסטע וועט זיין א טינט־פלעק אויף דער וואַרט־בורג, קירכען אזוי העסליך אזוי ווי די יאָהאַנ׳ס קירכע אויפ׳ן נאָרדבריק אין קאָפּענהאַגען וועלכע וועט דאַן פיליייכט געווינען עטוואס שעהנקייט דורך דעם עהרווירדיגען מאָך פון אַלטקייט.

דער פּראָטעסטאַנטיזם האָט זיך אַרויסגעוויזן מאַכטלאָז צו באַשאַפען אַ רעליגיעזע אַרכיטעקטור. און אַפילו נאָך דעם ווי די צייט פון איקאָנאָקלאַזם איז פאַרגעסען געוואָרען האָט ער בלויז איין מאָל אין רעמבראַנט'ס זשעני אַרויסגעוויזען די פעהיגקייט צו־צוגעבען אַ מאַלערישע פאָרמע צו זיין רעליגיעזען באַוואוסטזיין. פון דאַנען קומט עס וואָס קאָרינגנאַ, די קונסט־ליבענדע דיכטערין, נעהמט דעם צד פון דעם קאַטאָליציזם אַנטגעגען אָסוואַלד'ן דעם פּראָטעסטאַנט. און עס איז געווען נויטיג ביי דיזער טעמע עט־וואָס צו פאַרווייל'ען, ווייל דאָ שטעהען מיר ביים צ ו ו י י ט ע ן ה ו י פּ ט פּ ו נ ק ט, אין וועלכען עס זעהט זיך די ווירקונג פון איר דייטשען אומגאַנגס קרייז אויף מאַדאַם דע סטאַל און וואו מיר שפּירען ווידער, אָבער דאָס מאָל שטאַרקער, דאָס וועהען פון דעם אָנקומענדען ראָמאַנטישען גייסט מיט זיין ווידערווילען געגען דעם פּראָטעסטאַנטיזם אַלס אונקינסטלעריש און פאַנטאַזיעלאָז, אַלס קאַלט און ניכטער, און מיט זיין אימער שטייגענדער ליבע צום קאַ־טאָליציזם וועמעס זין פאַר שעהנקייט און סימפּאַטישע באַציהונג צו דער קונסט האָט אים אין אָנפאַנג פון נייגצעגנטען יאָרהונדערט, נאָך דער אינטעלעקטועלער פּראָזע פון דער אויפקלערונגס צייט געגעבען אַן אונערוואַרטעטען אַנשטויס צום לעבען. עס פאַנגט זיך דאָ אָן גאַנץ קלאָר די אַטאַקע געגען דער פראַנקרייך פון דעם אַכ־צענטען יאָרהונדערט, וואָס האָט, מיט וואָלטעיר'ן אָן דער שפּיצע, דעם קאַטאָליציזם פאַרפאָלגט און פאַרשפּאָט, און וואָס האָט, אָהן וועלכער עס ליבע צום פּראָטעסטאַנטישען גלויבען, דאָך אימער דייטליך אַרויסגעוויזען אַ פאָרליבע צום פּראָטעסטאַנטיזם מיט זיין אונאָבהענגיגקייט פון דעם פּאַפּסטליכער מאַכט, זיינע פאַרהייראַטע פּריסטער און מיט זיין אָפּלייגונג פון דער אמת'ער אָדער פאַלשער גזירות פון דעם מאָנאַכען־לעבען.

.12

## נייער באַגריף פון דאָס אַנטיקע.

עס איז דאָ נאָך אַ פּונקט אין וועלכען דאָס דאָזיגע בוך איבער איטאַליען ווייזט אַרויס אַ טיף גערמאַנישע ווירקונג און וואו מען שפּירט דעם איבערגאַנג פון יענער פּרוכטבאַרער שטימונג פון וועל־כער קאָרינגאַ איז אַנטשטאַנען ביז יענער, וועלכע האָט דאָס בוך „איבער דייטשלאַנד" באַשאַפען, נעמליך, די קינסטלערישע אויפ־פאַסונג פון דאָס אַנטיקע און די באַציהונג פון דער מאָדערנער קונסט דערצו. די באַטראַכטונגען איבער דיזען ענין האָבען זיך אַליין אָנגעבאָטען ווען קאָרינגאַ איז אויפגעטראָטען אַלס אַס־וואַלד'ס פירער דורך רוים.

רוים איז דער איינציגער אָרט אויפ'ן ערד־קוגעל וואו די וועלט־געשיכטע טרעט אַרויס, אַזוי צו זאָגען, זיכטבאַר, וואָרום דאָ האָבען די לויפענדע עפּאָכען אַרויפגעלעגט שיכטענווייז זייערע מאָנומענטען איינע אויף די אַנדערע. מען זעהט אָפטמאָל אַן איינצעלנע געביידע, צום ביישפּיל איינע פון די הייזער ביי דעם וועסטאַ טעמפּעל, אין וועלכער דער פונדאַמענט און די פאַר־שיידענע עטאַזשען געהערען צו פיר פאַרשיידענע דורות, צום רוי־מישען אוראַלטער, דער רוימישער קייזער־צייט, צו דער רענעסאַנס און צו אונזער אייגענער צייט. קאָרינגאַ באַקענט איר פריינד צוערשט מיט דעם אַנטיקען צייט־אַלטער; אָבער מען דאַרף באַ־מערקען אַז זי קוקט אויף די חורבות, אָבער ער — אויף איר. דאָך האָט אין דיזען פּרט דאָס ווערק יענע באַדייטונג וואָס ער פירט אַריין אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור אַ נייע באַטראַכטונג פון דאָס אַנטיקע.

פון די צוויי קלאַסישע הויפּט פעלקער זיינען אייגענטליך

נאָר די רוימער פאַרשטאַנען געוואָרען אין פראַנקרייך. אין די אָרערן פון די פראַנצויזען פליסט רוימישעס בלוט. אין קאָרנעיל'ס טראַגעדיעס בלאָזט אַן אמת רוימישער הויך. עס איז דאריבער קיין וואונדער ניט וואָס די גרויסע רעוואָלוציע האָט אָנגענומען רוימישע געוואוינהייטען, רוימישע נעמען און רוימישע קאָסטיומען. מאדאם ראלאן האָט אַנטוויקעלט איר גייסט דורך לעזען טאַציטוס. ווערטער וועלכע קאָרנעיל האָט איינעם פון זיינע העלדען אין מויל אריינגעלעגט זיינען געווען די לעצטע, וועלכע שאַרלאָט קאָרדעי האָט געשריבען. די לעצטע שורות אין איר לעצטען בריף צו איר פאָטער וועלכער ליגט אין די ארכיווען פון פאַריז, זיינען ווי פאָלגט: „פאַרגיב מיר ליבער פאָטער וואָס איך האָב באַשטימט מיין שיקזאל. איך האָב מאַנכע אונשולדיגע אָפּפער געשעדיגט. דערמאָן זיך אָן דעם פערז פון קאָרנעיל: Le crime fait la honte, et non pas l'echafaud. (דער פאַרברעכען מאַכט די שאַנדע און ניט דער עשאַפאָט.) „מאָרגען אַכט אזייגער ווערט דער אורטייל איבער מיר אויסגעפירט". און וואָס אָנבאַלאַנגט דער קונסט האָט דער גרויסער מאָלער פון דער רעוואָלוציאָנס-צייט, דאוויד, אויפגעלעבט אין זיינע בילדער דאָס אַלטע רוים: ברוטוס און מאַנילוס זיינען זיינע העלדען.

אָבער די גריכען זיינען פון די פראַנצויזען קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען געוואָרען: די פראַנצויזען אַליין האָבען נאָך אפילו נעשוועבט אין דער פאַנטאַזיע אַז זייער קלאַסישע ליטעראַטור איז אַ פאָרטזעצונג פון דער גריכישער און האָט זי אפילו איבערגעשטייגט; אָבער זינט לעסינג האָט אָנגעשריבען זיין „האַמבורגערשע דראַמאַטורגיע" איז עס פאַר דער איבעריגער אייראָפּא מער קיין סוד ניט געווען אַז ראַסינ'ס גריכען האָבען מיט קיין זאַך קיין ענליכקייט ניט געהאַט אויסער מיט פראַנצויזען, אַז ראַסינ'ס גאַלאַנטער און ריטערליכער אכילעס, וועלכער רופט אָן איפיגעניא — מאדאם און באַקלאָגט זיך אויף די וואונדען וואָס אירע שעהנע אויגען האָבען געמאַכט, אַז אַ סך נעהנטער פאַרוואַנדט מיט דעם יונגען פרינץ פון קאָנדעי, ווי מיט זיין העלענישען פאָרגענגער: מען האָט שליסליך ענדעקט אין דער אייבינער פאַמיליע פון יענעם אַגאַמעמנאָן אַ געזינדעל פון פאַרשטעלטע מאַרקיזען און מאַרקי־

זינס, און עס האָט נאַרניט געהאָלפען וואָס מען האָט אין דעם „טהעאטער פראַנסעי" געביטען דעם קאָסטיום און וואָס זייט טאַלמא'ס צייט האָט מען געלאָזט אויפטרעטען די גריכען אין אנטיקע קליידער אנשטאט מיט פּאַרוקען, פּודרע און גאַלאַנטען שווערד; פון דעם אויגענבליק אָן וואָס די קריטיק אין דייטש־לאַנד האָט אויפגעוואכט, איז די פראַנצויזישע אויפפאַסונג פון דאָס אנטיקע געוואָרען א געגענשטאנד פון שפּאָט פאר אייראָפּאַ.

מאַדאַם דע סטאַל האָט די עהרע צו זיין די ערשטע וואָס אין איר בוך „איבער דייטשלאַנד" דערצעהלט פראַנקרייך פון דעם מוטיגען שפּאָטער לעסינג, וועלכער האָט געוואגט צו פּרובען זיין וויץ אפילו אויף דעם גרויסען שפּאָט־פויגעל וואָלטעיר, זיין אייגענעם לערער און מייסטער, א וויץ וועמעס שטעכינקייט איז נאָך געוואָרען שאַרפער דורך א פּערזענליכע קרענקונג, ווי מען קען עס זעהן פון שטראוס'עס ווערק איבער וואָלטעיר. אין קאָרינגא ווערט אויסגעלעגט דער וועג פאר דיזער באַקאַנטשאַפט, מאַכענ־דיג איר העלדין צו ערקלערען די רעזולטאַטען, וואָס זיינען ארויס־געבראַכט געוואָרען אין דייטשלאַנד דורך דעם נייעם שטודיום פון דאָס אנטיקע, און דורך די טעאָריען פון „לאַאָקאָאָן" איבער דער שייכות צווישען פּאָעזיע און סקולפּטור.

אויך אין דעם לאַנד האָט זיך פאַרשפּרייט א ריין פראַנצוי־זישע אויפפאַסונג וועגען דעם קלאַסישען אַלטערטום. די אנשוי־אונג פון העלעניזם, וועלכע טרעט ארויס אין ווילאַנד'ס פיינע און לייכטע ראָמאַנען „אגאַטאָן" און „אריסטיפּ", ווי אויך אין די גערינ־טען „ענדימיאָן", „מוזאַריאָן", א. ז. וו., וועלכע מאַדאַם דע סטאַל קריטיקירט אין איר בוך איבער דייטשלאַנד. אָבער די נייע צייט איז געקומען. עס איז געווען אַן אָרימער דייטשער שול־לערער, ווינקעלמאַן, וועלכער, זייענדיג נעפירט פון דער ריינסטער און אָריגינעלסטער באַגייסטערונג, האָט, נאָך אונצעהליגע שווערינקייטען און מיה זיך דערשלאָגען קיין רוים אום צו קענען שטודירען, וועל־כער האָט דאָן געגעבען זיין איבערצייגונג און טראָץ דעם פּראָטעסט פון זיינע פריינד אָנגענומען די קאַטוילישע רעליגיאָן אום דאָרט צו קענען בלייבען, און וועלכער איז ענדליך געפאַלען אַן אָפּפער פון זיין ליבע פאר דער קונסט, ווערענדיג ערמאָרדעט פון א באַנ־

דיט, וועלכער האָט געוואָלט ביי אים צונעהמען זיי קאָלעקציע פון טייערע מעדאַלען און איידעלע שטיינער — ער איז עס געווען וואָס האָט אין אַ לאַנגער רייהע פון שריפטען, פון זיין „שריפט צו דעם דייטשען אַדעל" ביז זיין גרויסער „געשיכטע פון קונסט" געעפענט די אויגען פון זיינע לאַנדסלייט פאַר דער גריכישער האַרמאָניע. זיין גאַנצע שריפטשטעלער־טעטיגקייט איז איין גרויסע הימנע אויף דער צוריקגעפונענער, ווידערענדעקטער אַנטיקער וועלט. ביי זיינע פיעלפאַכע טעות'ען וויל איך זיך ניט אָבשטעלען, ווער עס קען זיינע שריפטען דער ווייס אַז דער אַפּאָלאָ פון בעלוועלדער און די ווענוס פון מעדיטשי און די לאַאָקאָאָן גרופּע האָבען נויטי־ גערווייז געמוזט ביי אים ערשיינען אַלס דער העכסטער פּונקט פון דער גריכישער קונסט, וואָרום צו יענער צייט איז נאָך קיין קונסטווערק פון דעם גרויסען סטיל ניט אַנטדעקט געווען. די גאַנצע גערמאַנישע קונסט וואָס איז געווען געווידמעט דער גריכישער וועלט איז אויסגעפאַלען אין דער צייט פאַר דער אַנטדעקונג פון ווענוס פון מילאָ. אַפּילו טהאָרוואַלדסען האָט זי געזעהען צום ערשטען מאָל ווען ער איז שוין געווען אַלט. אָבער טראָץ דיזען מאַנגעל און טראָץ זיינע פיעלע היסטאָרישע אונגענויאיגקייטען שטעהט ווינקעלמאַן דאָך אַלס דער יעניגער פון וועלכער עס איז אַרויסגעגאַנגען דער גרויסער הויך וואָס האָט באַזעלט לעססינג, געטהע און שיללער. לעסינג קומט נאָך אים מיט זיין קריטיק. באַוואַפענט מיט אַ קריטישען חוש וואָס' האָט קיין גלייכען ניט האָט דיזער וואונדערליכער מענש געמאַכט דעם ערשטען אַנט־ וואורף פון אַ וויסענשאַפט פון קונסט און פּאָעזיע אויפ'ן גרונד פון ווינקעלמאַן'ס קונסט־אַנשויאונג.

יעדער וואָס איז באַקאַנט מיט געטהע'ס לעבען ווייס וואָס פאַר אַ גוואַלדיגען איינפלוס דיזע ביידע צווילינג־גייסטער — ווינקעלמאַן און לעססינג האָבען אויסגעאיבט אויף זיין קינסטלע־ רישער ערציהונג. מען דערמאָנט זיך די אונבאַשרייבליכע באַ־ גייסטערונג וואָס האָט דורכגעשטורעמט זיין האַרץ און די הערצער פון זיינע צייטגענאָסען ווען עס איז ערשינען לעססינג'ס לאַאָקאָאָן. מען דערמאָנט זיך דעם אויסרוף: „מען האָט זיך געהאַלטען פאַר אויסגעלייזט פון אַלע צרות און צום ערשטען מאָל ברעכט אויס

די נייע אויפפאַסונג פון דאָס אַנטיקע מיט גרויסער זשעניאַליטעט אין געטהע'ס קליינעם אָבער גייסטרייכען מייסטערווערק „געטער, העלדען און וויעלאַנד". איך ברייננ אַלס ביישפּיל אייניגע רעפּליקען: וויעלאנד'ס שאָטען שטעהט אין דער נאַכט־היטעל און איז נאָר וואָס אין געשפּרעך מיט אדמעט און אַלצעסט געשלאָגען געוואָרען, ווען הערקולעס טרעט אויף.

ה ע ר ק ו ל ע ס : וואו איז וויעלאַנד?

א ד מ ע ט : דאָ שטעהט ער.

ה ע ר ק ו ל ע ס : אָט דער? ווי קליין ער איז! דאָך האָב איך מיר אים אַזוי פאָרגעשטעלט. זייט איר עס דער מאַן וואָס לאָזט הערקולעס'ען קיינמאָל פון מויל ניט ארויס?

ו ו י ע ל א נ ד : (צוריקטרעטענד) איך האָב מיט אייך נאָר ניט וואָס צו טאָן, קאָלאָס.

ה ע ר ק ו ל ע ס : וואָס איז מיט אייך? בלייבט דאָ.

ו ו י ע ל א נ ד : איך האָב זיך אייך פאָרגעשטעלט אַלס שטאַטליכען מאַן פון מיטעלען וואוקס.

ה ע ר ק ו ל ע ס : פון מיטעלען וואוקס? איך?

ו ו י ע ל א נ ד : אויב איר זייט הערקולעס האָב איך עס ניט אייך געמיינט.

ה ע ר ק ו ל ע ס : עס איז מיין נאָמען און איך בין שטאָלץ אויף אים. איך וויים וואויל, אז ווען א דומקאָפּ קען ניט געפינען א פּאַסיגען שילד־טרעגער צווישען די בערען, גריפען און שוויינען, נעהמט ער א הערקולעס דערצו. עס זעהט אויס אז מיין גאָטהייט האָט זיך דיר קיינמאָל אין חלום ניט באַוויזען.

ו ו י ע ל א נ ד : איך בין מודה אז דאָס איז דער ערשטער טרוים אַזאַ וואָס איך האָב.

ה ע ר ק ו ל ע ס : אויב אַזוי טאָ קום צו זיך און בעט די געטער זיי זאָלען דיר פאַרגעבען פאַר דיינע קאָמענטאַרען צו האָמער, וועלכער שילדערט אונז צו גרויס.

ו ו י ע ל א נ ד : אמת איר זייט אונגעהייער גרויס. איך האָב זיך אייך קיינמאָל אַזוי ניט פאָרגעשטעלט.

ה ע ר ק ו ל ע ס : בין איך שולדיג וואָס איר האָט אַזאַ ענגברוסטיגע פאַנטאַזיע?... און וואָס איז דאָס פאַר א הערקולעס

וועגען וועלכען זיין פאַנטאַזיע האָט זיך אַזוי צושפּיעלט? און וואָס וויל ער? טוגענד? וואָס איז דיזע מאָטאָ? האָסטו גע־זעהן די טוגענד, וויעלאַנד? איך האָב זיך אַ רעכטע ביסעל אַרומגעטריבען איבער דער וועלט און איך האָב נאָך אַזאַ זאַך ניט באַגעגענט.

וויעלאַנד: קענט איהר ניט די טוגענד, פאַר וועלכער מיין הערקולעס טוט אַלץ, וואַגט אַלץ?

הערקולעס: טוגענד? איך האָב דאָס וואָרט געהערט ערשט דאָ אונטען פון אַ פּאָר פאַררוקטע חברה־לייט וועלכע האָבען מיר ניט געקענט זאָגען וואָס עס באַדייט.

וויעלאַנד: איך קען עס אויך ניט זאָגען. אָבער לאָמיר וועגען דעם מער קיין ווערטער ניט פאַרלירען. איך וואָלט געוואָלט איהר זאָלט לעזען מיינע געדיכטע וואָלט איהר געוואוסט אַז איך אַכט אַליין די טוגענד זעהר וועניג. זי איז אַ צווייטייטיגע זאַך.

הערקולעס: זי איז פּונקט אַזאַ אונזין ווי יעדע פאַנ־טאַזיע וואָס שטימט ניט מיט דעם גאַנג פון דער וועלט. אייער טוגענד קומט מיר פאָר ווי אַ סענטאַר: אַזוי לאַנג ווי ער לעבט אין אייער פאָרשטעלונג איז ער קרעפטיג, ערליך, און ווען דער סקולפּטאָר שטעלט אים אייך פאָר, וואָס פאַר אַן איבערמענש־ליכע פאָרמע ער האָט! אָבער אַנאַטאָמירט אים און איהר געפינט פיר לונגען, צוויי הערצער און צוויי מאָגענס. ער שטאַרבט אין דעם אויגענבליק פון זיין געבורט, ווי יעדער אַנדער פאַרזעהעניש; אָדער ריכטיגער געזאָגט, ער האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט אויסערהאַלב אייער קאָפּ.

וויעלאַנד: טוגענד מוז דאָך זיין עטוואָס, זי מוז זיין ערגעץ.

הערקולעס: איך שווער ביי מיין פאָטער'ס אייבינער באָרד! ווער האָט געצווייפעלט דערין? מיר דוכט זי האָט ביי אונז געוואוינט אין האַלב־געטער און העלדען. דענקסטו דען אַז מיר האָבען געלעבט אַזוי ווי די חיות ווייל אייערע בירגער האָבען פאַרגעטערט די צייטען אין וועלכע דער וואָס איז געוועזען שטאַרקער איז פאַרבליבען גערעכט? מיר האָבען צווישען אונז געהאַט די בראַווסטע יונגען.

וויעלאנד: וואס רופט איהר בראווע יונגען?

הערקולעס: איינעם וואס טיילט זיך מיט דאס וואס ער האט. דער רייכסטער איז דער בראווסטער. אויב ער באזיצט קראפט ברעכט ער די אנדערע די ביינער. און פארשטעהט זיך, א רעכטער מאן פארגעהמט זיך קיינמאל ניט מיט איינעם וואס איז קלענער פון אים, נאר מיט זיין גלייכען אדער גרעסערע. אויב ער האט אן איבערפלוס פון זאפט טיילט ער אן די פרויען אזוי פיעל קינדער וויפיעל נאר זיי ווילען. אט האב איך אליין אין איין נאכט פופציג אינגלאך אויפגעארבייט. און אויב דער הימעל האט אים געגעבען גאלד און גוטס גענוג פאר טויזענד, האט ער געעפענט זיינע טירען און פארבעטען א טויזענד מיט אים צו געניסען. און אט שטעהט אדמעט, וועלכער קאן אין דעם פרט אנגערופען ווערען דער בראווסטער.

וויעלאנד: דאס מערסטע דערפון ווערט אין אונזערע צייטען אנגערופען זינד.

הערקולעס: זינד? דאס איז נאך א שעהן ווארט. די אורזאכע וואס יעדע זאך איז ביי אייך אזוי קליין און ארעם איז וואס איר שטעלט פאר טוגענד און זינד אלס צוויי עקסטרעמען צווישען וועלכע איר וואקעלט זיך. אנשטאט צו האלטען דעם מיטעלוועג אלס דעם פעסט באשטעלטען און בעסטען, ווי עס טוען אייערע פויערען, און קנעכט און דינסטען.

וויעלאנד: ווען איר וואלט אזעלכע גראנקען ארויסגעזאגט אין מיין יארהונדערט וואלט מען אייך פארשטיינען. זעה ווי אזוי מען האט מיך ארונטערגעריסען פאר מיינע קליינע אנגריפען אויף דער טוגענד און רעליגיאן.

הערקולעס: וואס איז דא פאראן אנצוגרייפען? פערד, מענשען־פרעסער און עקדישען — אט דאס איז א פאסיגער ענין און מיט זיי בין איך שטענדיג גרייט ארייננצוטרעטען אין א קאמפף, אבער מיט וואלקענס — קיינמאל ניט. זיי מעגען אננעהמען וואס פאר א געשטאלט זיי ווילען. א קלוגער מענש לאזט זיי איבער צום ווינט וועלכער האט זיי צונויפגעפירט, ער זאל זיי פאנאנדערטרייבען.

ו ו י ע ל א נ ד: איר זייט אַן אונמענש, אַ גאָט־לעסטערער.
ה ע ר ק ו ל ע ס: דו קענסט דאָס ניט פאַרשטעהן. דיין הערקולעס פּראַדיקוס איז דיר פאַרשטענדליך? ווען איך באַגעגען צוויי ווייבער אויפ׳ן וועג וואָלט איך אָנגעכאַפּט איינע אונטער איין האַנט, די אַנדערע אונטער דער אַנדערער האַנט און וואָלט זיי ביידע ניט אָבגעאָלזט.

דאָ זעהען מיר ווי געטהע אין דעם ערשטען בליהונגס־פּעריאָד, דריקט אוים די נייע אויפפאַסונג אויפ׳ן אַלטערטום אַלס נעגענזאַץ צו דער פראַנצויפיצירטער אַנשויאונג פון וויעלאַנד. און מיר האָבען דאָ צו דער זעלבער צייט דעם פּאָעטישען ודוי פון אַ מאַן וועמען זיין דור האָט אָנגערופען דער גרויסער געצענדינער. דאָס איז שפּינאָזאַ׳ס פילאָזאָפיע אויסגעדריקט אין אַ מוטיגען שפּאַס. מען קען אָבער דאָך בשום אופן ניט זאָגען אַז געטהע איז געבליבען שטעהן ביי דיזען מוטיגען נאַטוראַליסטישען בליק אויף דאָס אַנטיקע. נאָך דעם ווי ער האָט צוערשט אויסגעשעפּט זיין יוגענדליכע ליידענשאַפט אין „ווערטהער" און „געץ" און אין זיין באַגייסטערטער אָבהאַנדלונג איבער דער גאָטישער אַרכיטעקטור האָט ער אין העפטיגער רעאַקציע אויסגעדרעהט זיין רוקען צו דער גאָטיק און דער ליידענשאַפטליכקייט און צוריקקערענדיג זיך צו די גריכען, באַגייסטערען אים דאָ די רוהע און קלאָרקייט, די איינפאַכע האַרמאָני און געזונטע פאַרנונפט פון גריכענלאַנד. דאָס וואָס ביי די גריכען אַליין איז געוועזען ליידענשאַפטליך, פאַרבענרייך אָדער רעאַליסטיש, האָט ער אָבגערוקט אָן אַ זייט און ניט מיטגענומען. דאָס וואָס איז ביי זיי געוועזען פאַלקסטימליך, בורלעסק עפעקטפול, האָט ער אויך אָבגעשטויסען. דאָס וואָס ביי די גריכען איז געוועזען ווילד, באַקכאַנטיש אָדער נאַכטליך מיסטיש — דערפאַר האָט ער קיין אויג ניט געהאַט.

מיט אַ וואַקסענדער אונצופרידענקייט מיט׳ן קריסטענטום וואָס געפינט איר שאַרפסטען אויסדרוק אין די ווענעציאַנישע עפּיגראַמען, פאַראייניגט זיך אַזאַ ווידערווילען פאַר דער גאָטיק אין יעדער קריסטליכער קונסט, אַז ווען געטהע, צום ביישפּיל, איז געוועזען אין אַסיס, וואָס איז אַזוי רייך מיט די שענסטע קריסטליכע דענקמעלער, האָט מען אים ניט געקענט באַוועגען

צו באַזוכען אפילו אַן איינציגע קירכע אָדער אַן איינציגען קלויס־טער, נאָר ער האָט זיך אין גאַנצען פאַרטיפט אין די וועניגע און אונבאַדייטענדע אַלטע איבעררעשטען. אין דעם דאָזיגען געמיט־צושטאַנד האָט ער געשריבען זיין „איפיגעניא״, דאָס ווערק, וואָס מען קען באַטראַכטען אַלס דעם טיפּ פון דער גאַנצער רעפּראָדוק־ציאָן פון דאָס אַנטיקע ביי דעם גערמאַניש גאָטישען שטאַם. אין דעם דאָזיגען ווערק וואָס שפּילט אַזאַ גוואַלדיגע ראָליע אין דער קונסט אַנשויאונג פון אונזער יאָרהונדערט, וואָס האָט געגאָלטען אין דער דייטשער עסטעטיק אונטער העגעל, ווי אין דער פראַנ־צויזישער עסטעטיק אונטער טעין, אַלס אַ מוסטערווערק און צו וועלכען העגעל פאַרגלייכט בלויז די „אַנטיגאָנע״ פון סאָפאָקלעס — אין דיזען ווערק באַגעגענט אונז דער זעלבער גייסט ווי אין אַלע העלעניזירענדע געדיכטען פון שיללער: „די געטער גריכענ־לאַנדס״, „די קינסטלער״, „די אידעאַלע״, „דאָס אידעאַל און דאָס לעבען.״

עס דערמאָנט זיך די שורה:

„אויך איך וואַר אין אַרקאַדיען געבאָרען״

און די פאָלגענדע שילדערונג פון דעם לעבען פון די געטער:

„עוויג קלאַר אונד שפּיגעלריין און עבען
פליסט דאָס זעפירלייכטע לעבען
אים אָלימפּ דען זעליגען דאַהין.״

אָט דיזע גאַנץ איינזייטיגע אויפפאַסונג פון דאָס אַנטיקע, וועלכע ווערט אַנטוויקעלט אין „געטער, העלדען און וויעלאַנד,״ פיהרט געטהען צו שרייבען האָמערישע פּאָעזיען ווי „אכילעאיס.״ עס איז דער זעלבער גייסט וואָס מיר געפינען ווידער ביי טהאָר־וואַלדסען אין איניגע פון זיינע עלטסטע באַרעליעפען, אין „אכי־לעס און בריזעאיס״ געפינען מיר אַן ענליכע מוטיגע שטע־לונג צום אַלטערטום ווי די מיט וועלכע געטהע האָט אָנגעפאַנ־גען. אָבער אין אַלע זיינע שפּעטערע שילדערונגען פון גריכישע סוזשעטען געפינט מען אויך יענעם זעלבען אידעאַל פון פריד־ליכער און איינגעהאַלטענער האַרמאָני, וועלכע האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דער קרעפטיגער טענדענץ.

איך נעהם פונדעסטוועגען דעם מוט אויסצושפּרעכען דאָ צום

ערשטען מאָל די מיינונג, אז ווינקעלמאַנ'ס, געטהע'ס און טהאָר־וואלדסענ'ס גריכענלאַנד איז כמעט אזוי אונגריכיש ווי דאָס גריכענלאַנד וואָס ראַסין און בארטהעלעמי אין זיין Le jeune Anacharse. האָבען געשילדערט. וואָרום בשעת ראַסינ'ס סטיל איז צו פיין, צו סאַלאָנמעסיג און דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פון הויף אום צו זיין גריכיש, איז דער סטיל פון געטהע און טהאָרוואלדסען, וואָס טרעפט זיך צוזאמען מיט ווינקעלמאַנ'ס קונסט אַנשויאונג, טראָץ דער געניאַליטעט פון דיזע צוויי מענער וואָס שטראַלט אריבער זייער גאַנצען דור, צו געלייטערט, צו וואסער־העל און צו קאַלט אום צו זיין גריכיש. איך גלויב אז די צייט וועט קומען ווען מען וועט געטהע'ס איפיגעניא ניט באַטראַכטען זעהר פיעל גריכישער ווי ראַסינ'ס איפיגעניא ווען מען וועט אַנטדעקען אז די מאָראַלישע ווירדע פון דער דייטש־שער איפיגעניא איז פונקט אזוי דייטש ווי די גראַציעזע פיינקייט פון דער פראַנצויזישער איפיגעניא איז פראַנצויזיש. און דאַן בלייבט נאָר איבער די פראַגע אויב מען איז גריכישער ווען מען איז דייטש אָדער ווען מען איז פראַנצויזיש. איך ווייס וואויל אז איך לויף מיט דעם שטערען געגען א וואַנט פון גערמאַנישע און גאָטישע פאָראורטיילען, איך ווייס די פעסט הערשענדע איבערציי־גונג, אז פון די צוויי אייראָפּעאישע קולטור־שטרעמונגען איז איי־נע לאַטייניש, פראַנצויזיש, שפּאַניש, און די אַנדערע איז גריכיש, דייטש, סקאַנדינאַוויש, און איך ווייס ווי מען לאָזט זיך אַנלאָקען פון דער מיינונג אז די דייטשע פּאָעזיע, מיט געטהע אַן דער שפּיץ, איז אַנטיק און צום טייל גריכיש, אז די דייטשען האָבען געהאַט ווינקעלמאַנ'ען, וועלכער האָט אַנטדעקט דאָס אַנטיקע, און אז די דייטשע פילאָלאָגען האָבען פאַר אונז גריכענלאַנד ער־קלערט, בשעת פראַנקרייך האָט געהאַט ראַסין, וועלכער האָט די גריכישע העלדען געמאַכט פאַר הויפמענער, און וואָלטעיר, וועל־כער האָט באַטראַכט אריסטאָפאַנעס פאַר ניט פיעל בעסער ווי א פּאָקוסניק.

אָבער דאָך, ווען, באַטראַכטענדיג דיביידע איפיגעניא'ס, האָב איך זיך געשטעלט די פראַגע: ווער איז ענליכער אויף די גריכען,

די פראַנצויזען אָדער די דייטשען, האָב איך זיך דאָך געענטפערט:
די פראַנצויזען.

מען איז ענליך צו א פאָלק ניט ווען מען אהמט עס נאָך, נאָר ווען מען איז ווי עס איז געבאָרען. איך גיב צו אַז עס איז שווער אויפצושטעלען אַנאַלאָגיען צווישען מאָדערנע און פארצייטיגע פעלקער שטאַמען. אָבער דאָך שיינט מיר, אַז די שייכות צווישען די מאָדערנע ענגלענדער און פראַנצויזען, ערינערט אָן עפּעס אין דער שייכות צווישען די אַלטע עגיפּטער און די גריכען. ענג־לאַנד און עגיפּטען האָבען דעם זעלבען סאָרט שטאַרען און רוהיגען פאָרשריט, וואָרום עס איז דורכאויס נאַריש צו גלויבען דאָס וואָס ווערט אַזוי אָפט באַהויפּטעט, אַז עגיפּטען איז געשטאַנען שטיל; אָבער דאַנגען די לייכטע באַוועגליכקייט פון די פראַנצויזען, יאָ אפילו זייערע אינערליכע אויפפלאַמענדע קעמפּפע דערמאָנען אָן די גריכען, וועלכע זיינען שטענדיג געווען פאַרוויקעלט אין שטרייטען צווישען זיך. און פאַרגלייכען מיר די פראַנצויזען מיט די דייטשען געפינען מיר, אַז פראַנקרייך האָט אַ פאָלקס־גייסט, וועלכער איז ווי דער גייסט פון די גריכען קיינמאָל ניט שווער, מיר געפינען אָן איינגעבאָרענע ליבע פאַר פאָרם און פאַרב, און אויף איין זייט אַ ליבע פאַר לייכטקייט און עלעגאַנץ, און פון דער אַנדערער זייט פאַר ליידענשאַפטליכטקייט און דראַמאַטישען לעבען. איך בין ווייט דערפון צו וועלען שטעלען די פראַנצויזען אויף איין ראַנג מיט די גריכען. דער חילוק איז אַזוי גרויס, אַז איך, פון מיין זייט, בין כמעט געניוגט צו באַטראַכטען אים אַלס אונערמעסליך. איך גיב נאָר די פראַנצויזען אָן עהרען־פּלאַץ נעבען די גריכען ווען מען וויל באַהויפּטען אַז די דייטשען שטעהען נעהנטער צו זיי.

דער קרייז פון פערזענליכקייטען אונטער וועמעס איינפלוס מאַדאַם דע סטאַל איז געשטאַנען, די הויפּט גייסטער פון דער ראָ־מאַנטישער שולע האָבען געטראָגען אַ שטאַרקע איבערצייגונג אַז אַלע ליטעראַרישע און קינסטלערישע פּראָבען אויפצולעבען דאָס אַנטיקע זיינען אונפּרוכטבאַר. א. וו. שלעגעל האָט פאָרגעזעצט לעססינג'ס קאַמפף געגען די זאָגענאַנטע קלאַסישע פּאָעזיע פון פראַנקרייך און האָט אַרויסגעפיהרט אויף איר פּלאַץ די פּאָעזיע פון די טרובאַדורען, וועלכע האָט ניט באַדאַרפט קיין שטיצע אין

גריכישער און לאַטײנישער ליטעראַטור. ער האָט זיך אויך גע־שטעלט צו געטהע'ס העלעניסטישע דיכטונגען קעלטער ווי צו יע־נע, וועלכע האָבען באַהאַנדעלט מער הײמישע און פאַרשײדענ־אַרטיגע טעמען. דעריבער הײסט דאָס אין קאַרינגאַ, אַז אַזוי ווי די רעליגיעזע געפיהלען פון די גריכען און רוימער ווי אויך זײערע גײסטיגע נײגונגען זײנען אין יעדען פּרט ניט די זעלבע ווי אונ־זערע קענען זײן, דעריבער איז אויך פאַר אונז אונמעגליך עט־וואָס אין זײער גײסט צו שאַפען אָדער געוויסער מאַסען עטוואָס נײס אויף זײער באָדען צו ערפינדען. מיר דאַרפען ניט זיך באַ־נוצען מיט דער אָנמערקונג וועלכע ווײזט אָן אויף אַן עססײ פון פּרוי שלעגעל אין „יוראָפּא", אום צו פאַרשטעהן אונטער וואָס פאַר אַן אײנפלוס די פאַרפאַסערין האָט זיך דאָ געלײטעט. און עס דוכט זיך כמעט אַז מען לײענט אַ ראָמאַנטישען קריטיקער ווען מען שטויסט זיך אָן אין איר ווערק איבער דײטשלאַנד אויף פאָל־גענדער ענטוויקלונג פון דער זעלבער טעמע: „ווען אין אונזער צײט זאָלען די מײסטער פון די שעהנע קונסטען זיך באַשרענקען צו דער אײנפאַכקײט פון די פאַרצײטיגע, וואָלטען מיר דאָך ניט געקענט דערגרײכען די אָריגינעלע קראַפט מיט וועלכער יענע צײ־כענען זיך אויס, און מיר וואָלטען פאַרלירען דאָס אינערליכע און קאָמפּליצירטע געפיהלס לעבען, וועלכעס געפינט זיך נאָר בײ אונז. די אײנפאַכקײט אין דער קונסט וואָלט בײ די מאָדערנע זיך לײכט פאַרוואַנדעלט אין אַ קאַלטקײט און אונווירקליכקײט, בשעת בײ די פאַרצײטיגע איז זי געווען פול מיט לעבען".

איך גלויב אַז דיזער געדאַנק איז זעהר ריכטיג. פונקט ווי די דײטשע רעפּראָדוקציאָן פון דאָס אַנטיקע איז דײטש, אַזוי איז די דענישע ווידער־געבורט פון דאָס אַנטיקע דעניש און ניט גריכיש — צופיעל דעניש אום צו זײן אמת גריכיש, און צו גרי־כיש אום צו זײן עכט דעניש און ווירקליך מאָדערן. מען פיהלט עס קײנמאָל ניט אַזוי שטאַרק ווי ווען מען זעהט הענגען טהאָר־וואַלדסען'ס אַן אַרבײט בײ דער זײט פון אַן אַנטיקען באַרעליעף, ווען מען פאַרגלײכט צ. ב. די מעדאַליאָנען פון קריסטיאַנ'ס באָרגער שלאָס, אין דער פיגור־זאַל אין שאַרלאָטענבאָרג, מיט די מעטאָ־פען פון דעם פאַרטהענאָן, אָדער ווען מען זעהט אין נעאַפּעלער

מוזעאום א בארעליעף פון דער פריהסטער גריכישער צייט נעבען טהאָרוואלדסענ'ס שעהנסטען בארעליעף, די „נאַכט."

שטעלט מען זיך דאָן פאָר דיזע „נאַכט" און מען באַמיהט זיך איין אויגענבליק, ווי איך האָב עס געטאָן, צו פארגעסען די באַ־גייסטערטע אָבער אויך כמעט בלינדע אנטציקונג פאר טהאָרוואלד־סען, אזוי וועט עס פיל־לייכט קלאָר ווערען אנדערע אזוי ווי עס איז מיר קלאָר געוואָרען. מען וועט זיך מוזען מודה זיין, אז דיזע ווייבליכע פיגור, וועמעס זאנפטער ליבעס־רייץ רעדט אזוי צום הארצען, דריקט בשום אופן ניט אויס איר נאָמען. דער סטיל אין וועלכען זי איז איינגעפאַסט, איז דער פראָדוקט פון אן אָבנייגונג פון דעם קינסטלער, ד. ה. ער אליין איז מאָדערן און זיין שטרעבונג איז עטוואס אונמעגליכעס, נעמליך, צו זיין אנטיק. און דער רעזולטאַט איז א מין פארפיינערטער און דינער אטי־ציזם, דורך וועלכען עס לייכט דורך שוואך און אונבאוואוסט דער נאַציאָנאַלער כאראַקטער פון דעם קינסטלער. טהאָרוואלדסענ'ס נאַכט איז נאָר די נאַכט אין וועלכער מען שלאָפט; זי דאַרף היי־סען ניט די נאַכט, נאָר דער שלאָף, די נאַכטליכע שטילקייט. וואָרום די נאַכט ווי א גריך וואָלט זי פאָרגעשטעלט, די נאַכט אין וועלכער מען ליבט, די נאַכט אין וועלכער מען מאָרדעט, די נאַכט וואָס באָרגט אונטער איר מאַנטעל אלע ברכות און אלע פאר־ברעכען, — די נאַכט איז עס ניט. עס איז די נאַכט, די מילדע זומער־נאַכט אין דאָרף. און דיזער אידילישער הויך, דיזע זאנפ־טע און פרידליכע שטימונג איז עס דאָס וואָס דריקט אויס אין דעם ווערק דאָס אייגענטימליכע דענישע. די אייגענאַרטיגע דאָרפישע שעהנקייט, וואָס ליגט איבער דיזער פיגור איז פונקט אזוי דעניש ווי די שטרענגע ווירדע און זיטליכקייט ביי געטהע'ס איפיגעניא איז דייטש.

טהאָרוואלדסענ'ס אויפלעבונג פון דאָס אנטיקע איז, ווי גע־טהע'ס, דער אויסדרוק פון א רעאקציע געגען דעם פראנצויזיש־איטאַליענישען ראָקאָקאָ־סטיל, אָבער א רעאקציע וואָס איז טראָץ איר בארעכטיגונג איינזייטיג און אונפרוכטבאַר. וואָרום אפילו דאָרט וואו דער ראָקאָקאָ־סטיל איז אם געשמאַקלאָזעסטען האָט ער דאָך די מעלה וואָס ער זוכט ניט פאר אלעמען דאָס אלטע

צו ווידערהאָלען, אומצושאפען דאָס וואָס איז שוין איינמאָל גע־שאפען געוואָרען, נאָר ער וויל, — אָבוואָל אָפטמאָל העסליך און צוקרימט אָבער אימער קרעפטיג, פערזענליך, פול פייער, — ארויסברעננגען עטוואָס אָריגינעלעס. דעריבער איז בערניני טראָץ אַלע זיינע זינד געגען וואַרהייט און שעהנקייט דאָך אין זיינע בעסטע ווערק, ווי „די הייליגע טהערעזא״ אין סאַנטא מאַריאַ דעללאַ וויטאָריאַ אין רוים, און ווי „סאַן בענעדעטטאָ״ אין סוביאַ־קאָ, אזוי גרויס, אַז מען באַגרייפט די באַגייסטערונג וואָס ער האָט ארויסגערופען און ער שטראַלט ווייט אַריבער אַ סך פון אונזערע מאָדערנע אנטיקיזירענדע סקולפּטאָרען, וועלכע האָבען קיינמאָל קיין מיאוס׳עס דערפאַר אָבער אויך קיינמאָל קיין אָריגינעלעס ניט געשאפען.

מיט דעם גוואַלטיגען צוריקקער צו דאָס אנטיקע האָט טהאָר־וואַלדסען אָבגעשניטען די גאַנצע אנטוויקלונג פון דער קונסט זינט דער צייט פון די גריכען. עס איז אונמעגליך איינצוזעהן פון זיין קונסט אַז עס איז געווען אַ סקולפּטאָר מיט׳ן נאָמען מיקעל אַנדשעלאָ. אָבער דאָס אין וואָס טהאָרוואַלדסען האָט זיך געפיהלט אזוי פאַרוואַנדט צו דאָס אנטיקע איז געווען דאָסזעלבע וואָס האָט דעם עלטערען געטהע געלאָקט אין דער גריכישער קונסט־פאָרם: די זאַנפטע רוהיגקייט און שטילע הויכקייט.

מען קען דעריבער טיילען די מיינונג פון מאַדאַם דע סטאַאל און די ראָמאַנטיקער, אַז דער נעאָ־העלענישער סטיל אין דער מאָדערנער קונסט, (ד. ה. די נייגונג אָבצעווייכען פון זיין זעלבסט, ד. ה. מאָדערן און אַ שטרעבונג צו זיין דאָס אונמעגליכע, ד. ה. אנטיק) איז אַן אונגעלונגענע זאַך, און מען זאָל דאָך ניט אריינפאַלען אין קיין ווידערשפּרוך ווען מען דריקט אויס באַגייסטערונג איבער געטהע׳ס איפיגעניא און טהאָרוואַלדסען׳ס בעסטע ווערק אזוי ווי די דייטשע ראָמאַנטיקער און מאַדאַם דע סטאַל אַליין האָבען געטאָן טראָץ אַלע טעאָריעס. מאַדאַם דע סטאַל פאַרזעהט אַז איבעראַל וואו אַ ווערק, וועלכעס איז ארויסגעשפּרונגען פון די קלאַסישע שטו־דיען, דערגרייכט אַ דויערהאַפטען ווערט איז עס דערפאַר, וואָס דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער, און די פּערזענליכע אייגענאַרטיגקייט פון דעם קינסטלער האָבען זיך דורכגעבראָכען אַ וועג דורך דעם פאַר־

פיינערטען דינעם אטיציזם וועלכער איז נאר א רעזולטאט פון אנשטרענגונג.

דאס ווארט ווערט געזאגט אין „קאריןנא" און אין „איבער דייטשלאנד" געגען דעם אונעכטען קלאסיציזם שטאמט הויפטזעכליך פון דער רעאקציע געגען דעם גייסט פון אכצענטען יארהונדערט; נאר וואס אמבעלאנגט פראנקרייך האט די קריטיק פון דער רעאקציע געגרייכט נאך ווייטער אויף צוריק און האט געטראפען צו דער זעלבער צייט די בארימטע נעמען פון זיבעצענטען יארהונדערט, פון דער קלאסישער עפאכע פון לואי דעם 14טען, וועלכע א. וו. שלעגעל, נאך לעססינג'ס ביישפיל, האט געמאכט פאר'ן צילבערעט פון זיין קריטיק. אין דעם פרט איז מאדאם דע סטאאל געשטאנען אין דער סכנה צו באליידיגען דעם נאציאנאלען שטאלץ פון די פראנצויזען, דעריבער באנוגענט זי זיך דא מיט פרעמדע ווערטער און געברויכט יעדען מעגליכען טאקט און יעדע פארזיכטיגקייט. זי באהויפטעט ריכטיג אז דער גייסט פון דיזער קריטיק קען ניט אנגערופען ווערען אנטי־פראנצויזיש; ווארום עס איז דער זעלבער גייסט וואס האט געהערשט אין רוסא'ס בריף געגען דער פראנצויזישער מוזיק: די זעלבע באשולדיגונג אז דער נאטירליכער אויסדרוק פון דעם געפיהל איז אבגערוקט געווארען דורך א געוויסער אויפגעבלאזענער געמאכטקייט.

ווען די דייטשען אין יענער צייט האבען געוואלט געבען א קאנקרעטען ביישפיל פון דער פראנצויזישער אויפפאסונג פון דאס אנטיקע האבען זיי אנגעוויזען אויף יענע געמעלדען, אויף וועלכע לואי דער 14טער ווערט פארגעשטעלט אמאל אלס יופיטער, אמאל אלס הערקולעס, נאקעט אדער מיט א לייבענפעל איבער די אקסעל, אבער מיט זיין אלאנזשע־פאריק אויפ'ן קאפ. אבער ווען מאדאם דע סטאאל הויבט אויף דעם העלענישען סטיל פון די דייטשען אויפ'ן חשבון פון דעם פראנצויזישען, טוט זי אירע לאנדסלייט אביסעל אן אומרעכט. ווארום דאוויד'ס קונסט האט שוין באוויזען אז די פראנצויזען זיינען געווען אימשטאנד אהן אויסלענדישער ווירקונג אוועקצווארפען דעם פאריק; זי האט איבערגעשאצט די דייטשע אויפלעבונג פון העלעניזם. עס איז קיין צווייפעל ניטא, אז די דייטשען, וועמעס ליטעראטור איז

אזוי קריטיש, יע, וועמעס נייערע ליטעראַטור איז אַנטשטאַנען פון קריטיק און עסטעטיק, האָבען אַ סך בעסער פאַרשטאַנען די גריכען ווי די פראַנצויזען און אַ דאַנק דיזער פאַרשטענדניש, האָבען זיי זיי בעסער נאָכגעאַהמט. אָבער קיינמאָל איז מען ניט וועניגער ענליך צו אַן אָריגינעלער נאַטור ווי ווען מען אַהמט זי נאָך. די דייטשען האָבען ליב מאָס און באַגרענצונגען אין אַלע פּראַקטישע זאַכען, דאַגעגען האָבען זיי ניט ליב צו באַגרענצען, ניט דעם געדאַנק, ניט די פאַנטאַזיע, דעריבער טריאומפירען זיי דאָרט וואו די פּלאַסטישע פאָרם פאַרשווינדט, אין דער מעטאַפיזיק, אין דער לירישער פּאָעזיע און אין דער מוזיק; אָבער דערפאַר האָבען זיי אויך היפּאָטעזען אין דער וויסענשאַפט, פאָרמלאָזיגקייט אין דער קונסט, דערפאַר איז דאָס קאָלאָריט די שוואַכע זייט פון זייער מאַלעריי, און די דראַמע — די שוואַכע זייט פון זייער פּאָעזיע. אין אַנדערע ווערטער, עס פעלען זיי גראַדע די פּלאַסטישע אייגענשאַפטען, וועלכע די גריכען האָבען באַזעסען אין העכסטען גראַד. אויב פראַנקרייך איז דעריבער ווייט פון צו זיין אַ גריכענלאַנד פון דער קונסט, איז דייטשלאַנד נאָך ווייטער; פון אַלע גריכישע גאָטהייטען האָט דייטשלאַנד באַוויזען זיך אָנצואייגנען בלויז איינע — פּאַללאַס אַטהענע, און דיזער האָט זי ברילען אויפ'ן נאָז אַרויפגעזעצט. מאַדאַם דע סטאַל האָט געקענט באַמערקען צו שלעגעל, אַז אַן אַטהענע מיט ברילען איז ניט פיעל שעהנער פון אַ יופּיטער מיט אַ פּאַריק.

.13

# מאַדאַם דע סטאַל'ס „איבער דייטשלאַנד."

דאָס בוך איבער דייטשלאַנד, וואָס איז אַזוי לאַנג אונטער־דריקט און אַזוי שטאַרק פאַרפאָלגט געוואָרען, דאַרף באַטראַכט ווערען אַלס דאָס צייטיגסטע ווערק פון מאַדאַם דע סטאַל'ס בילדונג און אינטעליגענץ. עס איז די ערשטע פון אירע גרעסערע שריפטען, אין וועלכער זי פאַרטיפט זיך אַזוי פאָלשטענדיג אין איר געגענשטאַנד, אַז עס שיינט אַז זי האָט איר אייגענע פּערזענליכקייט אינגאַנצען פאַרגעסען. זי שילדערט מער ניט אין דיזען ווערק זיך אַליין, זי טרעט נאָר אויף אַזוי ווייט אויף וויפיעל זי רעדט פון אירע רייזען אין דייטשלאַנד און ניט איבער אירע געשפּרעכען מיט די באַריהמטסטע מענשען פון דיזען לאַנד — אַנשטאָט אַ זעלבסט־פאַרטיידיגונג אָדער אַן אויסדרוק פון איר פּערזענלכען אידעאַל האָט זי דאָ געגעבען אירע לאַנדסלייט אַן איבערבליק איבער אַ וועלט וואָס איז געוועזן אינגאַנצען ניי פאַר זיי. דאָס לעצטע וואָס די פראַנצויזע האָבען געהערט פון דייטשלאַנד'ס גייסטיגען לעבען איז געוועזן, אַז אין בערלין לעבט אַ קעניג, וואָס איז אַלע טאָג געזעסען ביים טיש מיט פראַנצויזישע פילאָזאָפען און דיכטער, אַז ער האָט געשיקט זיינע מיטעלמעסיגע פראַנצויזישע פערזען צו וואָלטעיר'ן, וועלכער האָט זיי אים אויסגעבעסערט, און אַז ער האָט ניט געוואָלט אַנערקענען אַז עס איז פאַראַן אַ דייטשע ליטעראַטור. און איצט, ניט קיין סך יאָרען שפּעטער, האָבען זיי ערפאַרען, אַז אין דיזען לאַנד, וועלכעס האָט זיך נאָר־וואָס אונטערוואָרפען צו זייערע זיגרייכע אַרמייען, האָט אַזוי ווי דורך אַ צויבערוואָרט אין דעם משך פון איין איינציגען

דור אויפגעבליהט אַן אונגעהויער גרויסע און העכסט באַלערענדע ליטעראַטור, וועלכע מען האָט זאָגאַר געוואגט צו שטעלען נעבען, אויב ניט איבער זייער אייגענער. און דאָס בוך האָט געגעבען אַ פאַלשטענדיג, אַלזייטיג בילד פון דיזען פרעמדען גייסטיגען לעבען און דיזער פרעמדער ליטעראַטור. עס האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַ שילדערונג פון דער אויסערער פיזיאָגנאָמיע פון דעם לאַנד און די שטעדט, האָט סקיצירט דעם געגענזאַץ צווישען נאָרד און זיד־דייטשלאַנד, צווישען דעם טאָן און די זיטען אין וויען און בערלין; האָט אפילו געגעבען אַ באַשרייבונג פון דער דייטשער אוניווערזיטעט־בילדונג און פון דאָס נייע לעבען וואָס דאָס אויפטרעטען פון פעסטאַלאָצצי האָט געגעבען דער ערציהונג.

ווייטער ברענגט דאָס בוך אַן איבערבליק איבער דער דעמאָלדיגער דייטשער פּאָעזיע וועלכע איז פאַר די פראַנצויזען נאָך קלערער געמאַכט געוואָרען דורך די פיעלע געדיכטע און דראַמאַטישע פראַגמענטען וואָס זי האָט איבערזעצט, און אום צו מאַכען דאָס ווערק אינגאַנצען פאָלקאָם, האַלט זיך די פאַרפאַסערין ניט אָפּ אפילו פון צו געבען אַן איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון דער דייטשער פילאָזאָפיע פון קאַנט ביז שעללינג.

די באַגריפען וועגען דער נאַאיוויטעט, דער גוטמוטיגקייט און אָפענהערציגקייט פון די דייטשען וועלכע האָבען געהערשט אין פראַנקרייך ביז צום יאָר 1870, זיינען צו פאַרדאַנקען מאַדאַם דע סטאַל. זי האָט זיך באַקענט מיט'ן פאָלק וועלכעס האָט אין דער צייט פון דעם דרייסיג יערינגען קריג און אונטער דער רעגירונג פון פרידריך דעם גרויסען געמאַכט גאַנץ אייראָפּאַ קלינגען מיט זיין וואַפען, פונקט דעמאָלט ווען עס איז פּאָליטיש און מיליטעריש געוועזען אָבגעשוואַכט און ערנידעריגט, און האָט דערפון געצויגען דעם שלוס וועגען דעם פרידליכען און אידילישען כאַראַקטער פון די דייטשען. די וואַרימקייט פון דעם קאַכעל־אויווען, דאָס ביר און דער טאַבאַק האָבען איר אויסגעוויזען ווי זיי וואַלטען פאַרשפּרייט אַן אייגענאַרטיגע, שווערע און דומפּפּע אַטמאָספּערע ארום דיזען פאָלק, און זי האָט געזוכט אין דעם אַליין די שטאַרקייט פון זיין מאָראַלישען ערנסט, פון זיין גייסטיגער אונאָבהענגיגקייט.

זי ווערט ניט מיד צו לויבען די עהרליכקייט און אויפ־ריכטינקייט פון די דייטשע מענער, און בלויז דא און דארט גיט זי א וואונק אויף דעם אפטען מאנגעל ביי זיי אין פיינקייט און טאקט. מען פיהלט אז זייער אונטערהאלטונג פלעגט איר אפך מיד מאכען, אבער זי ווארפט די שולד אויפ'ן צושטאנד פון געזעלשאפטליכען לעבען און אויף דער שפראך: עס איז אונמעגליך זיך אויסצודריקען בינדינג אין א שפראך, וואו דער זין ווערט קלאר ערשט צום שלוס פון דעם זאץ און וואו די אונטער־ברעכונגען, וועלכע גיבען־צו לעבעדינקייט צו אן אונטערהאלטונג, זיינען דאריבער כמעט אונמעגליך. אויך איז עס אונמעגליך שטענדיג צו באהאלטען די שארפקייט ביז צום לעצטען ווארט פון דעם זאץ. עס איז נאטירליך, דענקט זי, אז א פרעמדער זאל זיך אפטמאל לאנגווייל'ען מיט א געשפרעך אין א געזעל־שאפט וואו די צוהערער זיינען אזוי גערולדיג; קיינער האט ניט קיין מורא איינצומאטערען דעם אנדערען, וואס וואלט פארמידען ווידערהאלונגען און ווייטלויפיגקייט; אפילו די געוואוינהייט אייביג און אימער צו ווידערהאלען טיטלען, ווי אונבאדייטענד און לאנג זיי זאלען ניט זיין, מאכט אליין יעדע אונטערהאלטונג שלעפעדיג און שטייף.

די דייטשע פרויען שילדערט זי מיט ווארעמקייט אבער ניט אהן ביטערקייט ווי פאלגט:

„זיי האבען אן אייגענארטינען רייץ, א רירענדען קלאנג אין דער שטימע, בלאנדע האר, א בלענדענד־ווייסע הויט־פארב; זיי זיינען באשיידען, אבער ניט אזוי שעמעוודיג ווי די ענג־לענדערינס; עס באמערקט זיך אז זיי קומט אויס זעלטענער צו באגעגענען מענער וואס איבערשטייגען זיי. זיי זוכען צו געפעלען דורך זייער געמיט, צו פאנגען דורך זייער איינביל־דונגס־קראפט, זיי זיינען באקאנט מיט דער שפראך פון דער פאעזיע און די שעהנע קונסטען, זיי קאקעטירען מיט זייער בא־גייסטערונג ווי די פראנצויזישע פרויען מיט זייער וויץ און לעבעדיגקייט. די פאלקאמענע ערליכקייט, וואס צייכענט אויס דעם דייטשען כאראקטער, מאכט די ליבע ווענינער געפערליך פאר'ן גליק פון די פרויען, און פיליייכט גיבען זיי זיך איבער צו

דיזען געפיהל מיט גרעסערען צוטרוי. ווייל מען האָט זיי אים אויסגעמאָלט מיט ראָמאַנטישע פארבען, און ווייל גרינגשעצונג און אונטערשאַפט זיינען דאָ ווייניגער געפערליך ווי אַנדערש וואו, איז די ליבע אין דייטשלאַנד אַ רעליגיאָן, אָבער אַ פּאַ־עטישע רעליגיאָן, וועלכער ערלויבט נאָר צו גרינג אַלץ וואָס דאָס הארץ קען ענטשולדיגען."

„מען קען זיך מיט גוטען גרונד לוסטיג מאַכען איבער די לעכערליכקייט פון מאַנכע דייטשע פרויען וועלכע דערהיצען און באַגייסטערען זיך אָהן אויפהער ביז געמאַכטקייט אַזוי, אַז זייערע זיסליכע אויסדריקען פארווישען אַלץ מיט וואָס אַ כאראַקטער קען זיך אויסצייכענען אין פּיקאַנטקייט און שארפע אויסדריקליכקייט. זיי זיינען ניט אַזוי אָפענהערציג ווי די פראַנצויזישע פרויען, אָבער דאָס מיינט ניט אַז זיי זיינען פאַלש; אָבער זיי זיינען ניט פעהיג צו זעהן און צו אורטיילען זאַכען ריכטיג; עס פעהלט זיי יעדער זין פאַר דער ווירקליכקייט און די ווירקליכע פאַסירונגען טראָגען זיך פאַרביי פאַר זייערע אויגען אַזוי ווי פאַנטאַסמאַגאָריען. אפילו ווען זיי זיינען אַמאָל יאָ לייכטזיניג, היטען זיי דאָך אויף אַ שימער פון יענער סענטימענטאַליטעט וועלכע ווערט אין דיזען לאַנד באַזונדערס געשעצט. אַ דייטשע דאַמע האָט מיר געזאָגט מיט מע־לאַנכאָלישען אויסדרוק: איך ווייס ניט פון וואַנען דאָס קומט אָבער די אַבוועזענדע פארשווינדען גלייך פון מיין זכרון. אַ פראַנצויזישע פרוי וואָלט דעם זעלבען געדאַנק אויסגעדריקט מונטערער אָבער דער זין וואָלט געווען דערזעלבער."

„זייער זאָרגפעלטיגע ערציהונג און זייער נאַטירליכע זעלען־ריינקייט מאַכען לייכט און זאַנפט די הערשאַפט וואָס זיי איבען אויס, פונדעסטוועגען טרעפט מען ניט זעלטען ביי די דייטשע פרויען יענע גייסטיגע באַוועגליכקייט וועלכע גיבען צו לעבען צו אַ געשפּרעך און ברענגען אין באַוועגונג דעם שפּיל פון אידעען."

דער איינדרוק וואָס דאָס דייטשע גייסטיגע לעבען האָט געמאַכט אויף מאַדאַם דע סטאַל האָט געמוזט זיין זעהר שטאַרק. אין איר לאַנד איז אַלץ געווען פארגליווערט אין כּללים און

פעסטגעשטעלטע פאָרמען; דאָס האָט אַן אָבגעלעבטע פּאָעזיע און פילאָזאָפיע זיך געראַנגעלט מיט'ן טויט, בעת דאָ האָט אַלץ געזאָדען און איז געווען פול מיט נייער באַוועגונג, לעבען און האָפנונג.

דער ערשטער קאָנטראַסט צום פראַנצויזישען גייסט און ווענען וועלכען זי האָט דערשפּירט איז געווען דער: אין פראַנקרייך איז די הערשאַפט וואָס דאָס געזעץ האָט אויסגעאיבט געווען אַן אבסאָלוטע; דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז געווען פון דער נאַטור אַזוי געזעלשאַפטליך אַז יעדער איינצעלנער האָט זיך צו יעדער צייט געפיהלט פאַרפליכטעט צו האַנדלען, צו דענקען, צו שרייבען ווי די אַנדערע, און ווי די אַנדערע און פאַר די אַנדערע צו דיכטען. עס איז אין 1798 אין פראַנקרייך מעגליך געווען צו פאַרשפּרייטען די רעוואָלוציאָן פון דיסטריקט צו דיסטריקט נאָך דאַדורך וואָס מען פלעגט שיקען אַ שליח מיט דער נאַכריכט אַז דער נעקסטער דאָרף האָט זיך גענומען צו די וואַפען. אין דייטשלאַנד, דאַגעגען, איז ניט געווען קיין געזעלשאַפט, עס זיינען דאָרט ניט געווען קיין אַלגעמיינע אָבגעהיטע רעגעלען אין דער באַנעהמונג, קיין נייגונג נאָכצומאַכען דעם אַנדערען, קיין טיראַנישער געזעץ פאַר דער באַהאַנדלונג פון דער שפּראַך אָדער פאַר'ן צושניט פון דער פּאָעזיע. יעדער האָט געשריבען ווי אים איז געפעלען געווען, פאַר זיין איינענער באַפרידיגונג וועגען און גאַנץ ווענינ געטראַכט פון יענער לעזער וועלט, אַרום וועלכען אַלע געדאַנקען פון דעם פראַנצויזישען שריפטשטעלער האָבען זיך געדרעהט; אין דייטשלאַנד האָט זיך דער שריפשטעלער געשאַפען זיין פובליקום; דאָס פראַנצויזישע פובליקום האָט געבילדעט די שריפשטעלער לויט דעם הערשענדען געשמאַק. די הערשאַפט, וואָס אין פראַנקרייך האָט די עפענטליכע מיינונג אויסגעאיבט אין דער געזעלשאַפט, האָט דאָ דער גייסט פון דעם איינצעלנעם געקענט געווינען. בשעת אַ פילאָזאָף אין פראַנקרייך איז געווען אַ מענש וואָס האָט געלעבט אין דער געזעלשאַפט, וואָס האָט געלעגט באַזונדערען געוויכט אויף די געזעלשאַפטליכע אומגאַנגס פאָרמען, האָט מען אין דייטשלאַנד דערהאַרט אַז אַן איינזאַמער דענקער וועלכער האָט געלעבט אין גאַנצען אויסערהאַלב דעם קולטור־לעבען ערגעץ אין קעניגס־

בערג, האָט מיט אַ פּאָר דיקע ביכער, געשריבען אין אַ כמעט אונ־פארשטענדליכער, מעטאפיזישער שפּראַך, אומגעשאָפען די גאַנצע בילדונג פון זיין צייט. אַ פרוי, וועלכע האָט איר גאַנצען לעבען געקרעכצט אונטער׳ן דרוק פון באַשרענקטען, געזעלשאַפטליכען גייסט, האָט געמוזט, צוזעהענדיג אַזעלכעס, נאַטירליכערווייז, פיהלען הויכע באַגייסטערונג.

דער צווייטער קאָנטראַסט צום פראַנצויזישען גייסטיגען לע־בען, וואָס מאַדאַם דע סטאַל האָט דערשפּירט שטודירענדיג די דייטשע ליטעראַטור, איז געווען איר הערשענדער אידעאַליזם. די פילאָזאָפיע וואָס האָט אין דער לעצטער העלפט פון אַכצענטען יאָרהונדערט באַהערשט פראַנקרייך האָט אַרויסגעפירט אַלע מענשליכע פאָרשטעלונגען און געדאַנקען פון די איינדריקע פון די חושים, דאָס הייסט זי האָט געמאַכט דעם מענשליכען גייסט אַבהענגיג פון דער אַרומרינגלענדער וועלט. מאַדאַם דע סטאַל איז ניט געווען אימשטאַנד צו אורטיילען געהעריג וועגען דעם כאַראַק־טער פון דיזער לערע און אירע פאָלגען; דאָך אַלס עכטעס קינד פון דעם נייעם יאָרהונדערט האָט זי זי פאַראַכטעט. זי האָט זי געאורטיילט אַלס פרוי מער מיט׳ן הארצען ווי מיט׳ן פאַרשטאַנד, און האָט אַרויסגעדרונגען פון איר יענעם גאַנצען מאַטעריאַליזם וואָס זי האָט געפונען אין די זיטען, און יענע גאַנצע אונטערטעניגקייט צו מאַכט וואָס זי האָט געזעהן ביי די יחידים אין פראַנקרייך; זי האָט פאַראייניגט קאָנדילאַק׳ס סענסואַליזם מיט דער אינטע־רעסען מאָראַל פון העלוועטיוס און האָט געמיינט, אַז קיין לערע האָט ניט געקענט מער פאַראַליזירען דעם אויפשוואונג פון דער נשמה ווי די דאָזיגע לערע, וועלכע האָט געגרינדעט דאָס גוטע אויף די גוט פאַרשטאַנענע אינטערעסען. ווי ענטציקט זי איז גע־ווען וואָס זי האָט ניט געפונען אַזאַ לערע אַלגעמיין אנערקענט אין דייטשלאַנד! קאַנט׳ס און פיכטע׳ס לערע פון פליכט, ווי שילער׳ס אידעאַליסטישער פּאַטאָס האָבען פאָראויסגע־זאָגט פונקט יענע הערשאַפט פון גייסט אין וועלכער זי האָט גע־גלויבט איר גאַנץ לעבען. דיזע גרויסע דענקער האָבען עס באַ־וויזען; דיזע באַגייסטערטע דיכטער האָבען אין יעדער פּאָעמע זייערער אויסגעדריקט די אונאַבהענגיגקייט פון גייסט פון דער

וועלט פון די חושים, זיין פעהיגקייט זיך אויפצוהויבען איבער זיי, זיי צו באהערשען, זיי אומצושאפען. ווי שטארק האבען דיזע מענער ארויסגערעדט פון איהר הארצען! און פון דיזען ענטהוזיאזם ארוים האט זי געשריבען איר בוך "De l'Allemagne," (איבער דייטשלאנד), אזוי ווי טאסיטוס אין זיין צייט האט גע־שריבען זיין "Germania" אום אנצוצייגען אירע לאנדסלייט אויף א גרויסען ביישפיל פון מאראלישער ריינקייט און גייסטיגער פרישקייט.

זי האט אימער באטראכט די באגייסטערונג אלס די רעטענ־דע מאכט. זי האט אין „קארינגא" געזאגט אז זי קען נאר צוויי ווירקליך פארשיידענע מענשען־קלאסען: די וואס קענען זיך פאר עטוואס באגייסטערען, און די וואס שעצען גרינג די באגייסטערונג. דאס דעמאלדיגע דייטשלאנד האט איר אויסגעזעהן צו זיין דאס פאטערלאנד פון באגייסטערונג, דאס לאנד וואו זי איז געווען רעליגיאן, און וואו זי איז געשעצט געווארען מער ווי אין יעדען אנדער לאנד אויף דער ערד. דעריבער שליסט זי אויך איר ווערק מיט אן אבהאנדלונג איבער באגייסטערונג. אבער דיזער גלויבען אין דער באגייסטערונג, אין דער איינבילדונגס־קראפט, אין דער ריין גייסטיגער טעטיגקייט פון דעם גייסט האט איר געפירט צו מאנכע איבעראיילטע און באשרענקטע אורטיילען. אין איר פרייד איבער דעם פילאזאפישען אידעאליזם אין דייטשלאנד באהאנדעלט זי די עמפירישע נאטור־וויסענשאפט מיט נאאיווער גאוה; די נאטור־וויסענשאפט פירט, האט זי געמיינט, צו קיין אנדער זאך ווי צו מעכאנישער צונויפזאמלונג פון פאקטען. די נאטור פילאזאפיע, דאגעגען, וועלכע האט געמאכט די אנטדעקונג אז דער מענשליכער גייסט קען ארויספירען אלע וויסענשאפטען פון זיך אליין דורכ'ן שכל, ד. ה. אין אנדערע ווערטער, די פילאזאפיע וואס באטראכט אליץ אלס געשאפען נאך דער געשטאלט פון דעם מענשליכען גייסט, האט איר אויסגעזעהן ווי חכמת שלמה. „עס איז א שעהנע טעאריע", זאגט זי, „וועלכע שטרעבט צו אנטדעקען די גלייכהייט צווי־שען די געזעצען פון מענשליכען גייסט און דער נאטור און בא־טראכט די קערפערליכע וועלט אלס בילד פון דער גייסטיגער. אין איר פרייד איבער דער שעהנקייט פון דער דאזיגער טעאריע

האָט איר געפעלט דער בליק צו זעהן ווי פאַלש זי איז און ווי אונפּרוכטבאַר זי וועט זיך באַלד אַרויסווייזען. זי ליובט פראַנץ באַאַדער און סטעפּענס אויפ'ן חשבון פון די גרויסע ענגלישע פיזיקער. אַזוי ווי אירע ראָמאַנטישע פריינד, האָט זי אויך אַ פריינדליך וואָרט צו זאָגען פאַר דער אַסטראָלאָגיע און דער קלאָר־זעהונג, מיט איין וואָרט, פאַר יעדער ערשיינונג וועלכע רעדט צו גונסטען פון דער לערע פון ספּיריטואַליזם.

מיט אַ סך יאָרען פריהער איז ערשינען געגען איר אַ בראָ־שורע מיט'ן נאָמען: "L'Antiromantique;" אונטער דער צייט איז איר נייגונג צום ראָמאַנטיזם אימער שטאַרקער געוואָרען. דער ספּיריטואַליזם אַלס אַזעלכער האָט איר געשיינט צו זיין דאָס גוטע, דאָס וואַרע און דאָס שעהנע אין דער קונסט פון דער פּאָעזיע. דערמיט ערקלערט זיך עס וואָס צו דער זלעבער צייט האָט זי צו־פיעל איינזעהעניש מיט די ניט־געראָטענע ווערק פון דער אויפקו־מענדער ראָמאַנטישער שולע. באַזונדערס פון די דראַמען פון איר פּערזענליכען פריינד זאַכאַריאַס ווערנער, און איז צו שאַרף צו געטהע'ן וועמעס גרויסקייט באַאונרוהיגט זי מער ווי אַנטציקט זי און וועלכען זי האַלט אין איין אַנטשולדיגען און ברענגט ציטאַטען מיט דעם צוזאַץ אַז זי וויל ניט פּאַרטיידיגען דעם גייסט פון זיי־נע שריפטען. אין דער איינלייטונג צו איר פּראָזע איבערזעצונג פון דער „בראוט פאָן קאָרינטה", זאָגט זי: „איך וויל בשום אופן ניט פּאַרטיידיגען דעם צוועק פון דעם געדיכט אַליין, אָבער עס שיינט מיר אַז מען קען זיך ניט פיהלען אַנדערש ווי באַזיגט דורך זיין פאַנטאַסטישער קראַפט." און זי שליסט איר זאָנסט גאַנץ געלונגענע אָבהאַנדלונג איבער דעם ערשטען טייל פון פאַוסט מיט די ווערטער: „די דראַמע פאַוסט איז געוויס ניט קיין מוסטער ווערק. ווי מען זאָל זי ניט באַטראַכטען, אַלס פּראָדוקט פון פאַ־עטישער משוגעת, אָדער אַלס באַויאוסטזיניגע איבערדריסיג־קייט פון לעבען, עס איז יעדענפאַלס ווינשענס־ווערט, אַז אַזעלכע ווערק זאָלען מער ניט געשאַפען ווערען." און דאָ גיט זי אַלס געגען־געוויכט נאָר איין באַמערקונג וועגען געטהע'ס זשעניע און דעם געדאַנקען־רייכטום פון דעם ווערק. אַזוי געוואַלטיג איז אפילו אַזאַ גייסט

ווי אירער באַאיינפלוסט געוואָרען פון דער שטימונג פון דער צייט אין איר פאָטערלאַנד און דער רעליגיעזער רעאַקציע וואָס זי האָט אַרויסגערופען. בלויז פאַר דאָס אידעאַלע אין דעם דייטשען גייסטיגען לעבען האָט זי געהאַט אַן אויג און פארשטענדניש, אָבער דעם דייטשען פאַנטעאיזם האָט זי ניט פארשטאַנען און ניט באַנומען; ער האָט איר געשראָקען; און דער מוטיגער גייסט וועלכער האָט געוואַגט צו שפּרינגען אין אַזוי פיעל טיעפעניסען האָט זיך מיט מיה און פאַרדאַכט אָבגעקערט פון דעם פּאַנטעאיזם.

און דאָך איז דאָ געלעגען דער שליסעל צו דער גאַנצער נייערער אַנטוויקלונג אין דייטשלאַנד. ספּינאָזאַ'ס פילאָזאָפיע איז געלעגען הינטער לעססינג'ס גאַנצען גלענצענדען קאַמפּף געגען דער אָרטאָדאָקסיע, אָבוואָל דער דור האָט דאָס דעמאָלט ניט פאַרשטאַנען, און ערשט ווען ער איז געשטאָרבען האָט זיך אין דעם שטרייט צווישען מענדעלסאָהן און יאַקאָבי אַרויסגעוויזען דער שרעקליכער פאַקט אַז לעססינג האָט געלעבט און איז געשטאָרבען אַלס ספּינאָזיסט. און די דייטשע לעזער־וועלט איז געשטאַנען פאַר דער איבערראַשונג, אַז אפילו יאַקאָבי אליין האָט געהאַלטען, אַז יעדע פילאָזאָפיע, לאָגיש דורכגעפירט, מוז אונפאַרמיידליך פירען צו ספּינאָזיזם און פּאַנטעאיזם. יאַקאָבי האָט געזוכט זיך צו רעטען פון דער פאַרלעגענהייט, ערקלערנדיג, אַז די דערקענטניש קען געהן אויף אַן אַנדער וועג ווי די וועג פון באַווייז; נעמליך, די אונמיטעלבארע זיכערקייט דורכ'ן געפיהל. נאָך פון דער צייט אָן האָט זיך דער פאַנטעאיזם געטראָגען אין דער לופט און פון דעם אויגעבליק ווען געטהע איז נאָך זיין ערשטען איבערלעזען ספּינאָזאַ'ן איבערוועלטיגט און היגעריסען געוואָרען און זיך ערקלערט אַלס ספּינאָזיסט און איז נאָך דעם זיין גאַנץ לעבען געבליבען טריי צו ספּינאָזאַ'ן — פון דיזען אויגענבליק איז דער גייסט פון דער נייער צייט אַרויף אויפ'ן טראָן אין דער דייטשער ליטעראַטור, און אונטער אַ כאָר פון די שעהנסטע פּאָעזיען, און אונטער אַ באַלייכטונג פון פילאָזאָפישע געדאַנקען וועלכע זיינען קיינמאָל פריהער אין דער נייערער צייט ניט געוועזען אַזוי רייך און אַזוי גלענצענד, האָט דיזער גייסט געפייערט זיין פאַרלאָבונג מיט דער ניי־אויפגעלעבטער שעהנקייט פון אַלטערטום, אַזוי ווי פאוסט

אין דער באַרימטסטער דיכטונג פון זיין צייט פייערט זיין חתונה מיט העלענאַ וועלכע סימבאָליזירט אין דער דראַמע די אַלטע גריכישע וועלט.

די גרויסע היידנישע רענעסאַנס, וועלכע איז אָנגעזאָגט געוואָרען אין איטאַליען פון גייסטער ווי לעאָנאַרדאָ און זשיאָרדאַנא ברונא, אין ענגלאַנד פון גייסטער ווי שעקספיער און בעיקאָן, קומט יעצט קיין דייטשלאַנד און געפינט נאהרונג אין דער באַגייסטערונג פאַר׳ן גריכיש־היידנישען אַלטערטום וואָס ווינקעלמאַן און לעססינג האָבען אַרויסגערופען. שיללער שרייבט: „די געטער גריכענ־לאַנדס״, געטהע, „די דיאַנאַ דער עפעזער״ און „די בראַוט פון קאָרינטה״. ווען דאָס אַלטע גריכענלאַנד איז אונטערגעגאַנגען האָט אַ שיפער וואָס האָט גזעגעלט ביינאַכט פאַזע די גריכישע ברעגען געהערט אַ רוף פון די וועלדער „דער אַלטער פאַן איז טויט!״ אָבער ניין, דער אַלטער פאַן איז ניט געוועזען טויט, ער איז נאָר געשלאָפען. און ער האָט אויפגעלעבט אין איטאַליען אין דער רענעסאַנס צייט. ער איז דערקענט געוואָרען און מען האָט זיך גענומען צו אים בוקען אַלס צום לעבעדיגען גאָט אין שעללינג׳ס, אין געטהע׳ס און העגעל׳ס דייטשלאַנד.

יע, דער נייער דייטשער גייסט צייגט זיך נאָך פאַנטע־איסטישער ווי דער אַנטיקער. ווען דער אַלטער גריך איז געשטאַ־נען ביי אַ הערליכען וואַסערפאַל, ווי צום ביישפּיל, פון טיבור, ניט ווייט פון רוים, האָט ער באַגאַבט דאָס געזעהענע מיט מענש־ליכער געשטאַלט. זיין אויג האָט דערזעהן די קאָנטורען פון שעהנע נאַקעטע פרויען, די נימפען פון דעם פלאַץ, אין דעם פאַ־לענדען שטראָם פון דעם קאַסקאַד, דער שוים איז געוועזען זייער פלאַטערענדע האָר, ער האָט געהערט זייער לוסטיגען פּלעסקען און לאַכען אין דעם מורמלען פון וואַסער און אין דעם אויפשפּריצען פון דעם שוים נעגען די פעלזען־ווענד. מיט אַנדערע ווערטער, דער פאַרצייטיגער מענש האָט דער אונפּערזענליכער נאַטור גע־געבען פּערזענליכקייט. דער אַנטיקער דיכטער האָט ניט פאַרשטאַ־נען די נאַטור, זיין אייגענע פּערזענליכקייט איז אים געשטאַנען איבעראַל צו שטאַרק אין וועג, זי האָט זיך איבעראַל אָבגעשפּיגעלט

פאַר זיינע אויגען. ער האָט קיין אַנדערע זאַך ווי פערזאָנען ניט געזעהן.

פונקט פאַרקערט איז אַ גרויסער מאָדערנער דיכטער, ווי געטהע אָדער טיעק, ביי וועלכע דאָס גאַנצע געפיהלס־לעבען איז פאַנטעאיסטיש. ער טוט אויס זיין אייגענעם איך פון דער פער־זענליכקייט אום צו פארשטעהן די נאַטור. אַנטקעגען דעם וואַסערפאַל ווערט זיין אייגענער זעלבסט צושפּרונגען. ער פיהלט ווי ער וואָלט זיך געגליטשט, געפאַלען, זיך אומגעווירבעלט מיט דיזע שוימענדע וואַסערען. זיין וועזען שטראָמט ארויס פון די ענגע ראַמען אָדער דעם געשלאָסענעם קרייז פון דעם איך און שווימט אוועק מיט דיזען שטראָם. זיין עלאַסטישער באַוואוסטזיין ברייטעט זיך אויס, ער נעהמט אויף די אונבאַוואוסטע נאַטור אין זיין וועזען, ער פארגעסט זיך אליין איבער דעם וואָס ער זעהט, פונקט ווי דער וואָס הערט אַ סימפאָניע געהט אויף און פאַר־שווינדט אין דאָס געהערטע און אַזוי איבעראַל. אַזוי ווי זיין וועזען פליסט אוועק מיט די כוואַליעס אַזוי פליהט ער און קלאָנגט מיט דעם ווינט, שוועבט מיט דער לבנה אין הימלישען רוים, פיהלט זיך אַלס איינס מיט דעם פאָרמלאָזען אַל־לעבען.

„וואָס מער ער באַטראַכט די נאַטור”, זאָגט טעין אין זיין געשיכטע פון דער ענגלישער ליטעראַטור, „אַלס געטליכער נעפינט ער זי, געטליך ביז צו אירע פעלזען און פלאַנצען אראָפּ. אין וואַלד וואָס זעהט אויס טויט, אָטעמט יעדער בלאַט און די זאַפטען שטיי־גען אונבאַמערקט דורך די צווייגען ביז צו די פיינסטע שטענגלאַך. זיי פילען אָן די לופט מיט פארעס און ריחות, און דיזע לויכטענדע לופט, דיזע גרינע שטענגלאַך, דיזע לאַנגע קאַלאַנאַדע פון שטאַמען, דיזער שטילער באָדען ארבייטען און בילדען און ענדערען זיך, ברענגען ארויס אַ ווערק, און דאָס הארץ פון דעם דיכטער דאַרף נאָר הערען אום צו פארנעהמען די שטימע פון זייער טונקעלען אינ־סטינקט. זיי רעדען צו זיין הארצען, נאָך מער, זיי זינגען און די אנדערע באַשעפענישען מאַכען עס אויך אַזוי, יעדערער מיט זיינער אייגענער קורצער אָדער לאַנגער צוזאַמענגעזעצטער אָדער איינ־פאַכער מעלאָדיע, וועלכע אַנטפּלעקט דעם אינערליכען געבוי פון דעם קערפּער וואָס באַשאַפט דיזען קלאַנג. דיזע מעלאָדיע רעס־

פעקטירט דער דיכטער, ער היט זיך זי צו פאַרפעלשען דורך אריינ־מישען אין איר זיינע אידעען אָדער זיין באַטאָנונג. זיין גאַנצע זאָרג איז נאָר זי אויפצוהיטען ריין און לויטער. אזוי אנטשטעהט זיין ווערק אַלס אַ ווידערקול פון דער נייער אוניווערזעלער נאַטור, אַ גיגאַנטישער כאָר אין וועלכען געטער און מענשען, די אורצייט, די צוקונפט און אַלע עפּאָכען פון דער וועלט־געשיכטע, אַלע שטופען פון לעבען, אַלע טענער פון לעבען בילדען איין אַקאָרד, איין סימפאָניע אין וועלכער דער גייסט פון דעם מוזיקער אַנטפּלעקט זיך פערזענליך אויף קיין אַנדער אופן ווי דאדורך וואָס הינטער דיזער גוואַלדינגער האַרמאָניע לאָזט ער אַרויסשיינען די גרופּע פון אידעאַלע געזעצען וועלכע באַשאַפען זי און דעם אינוויינינגסטען אַל־פאַרשטאַנד וואָס האַלט צוזאַמען די גאַנצע געשיכטע.״

עס איז אָט דער פּאַנטעאיזם וואָס געטהע האָט אויסגעדריקט אין דעם בייסענדען עפּיגראַם:

וואָס זאָל מיר אייער האהן *)<br>
איבער דאָס אַל אונד איינע?<br>
דער פּערפאָסער איסט איינע פּערזאָן,<br>
נאָט איסט קיינע.

עס איז אָט דער פּאַנטעאיזם וועלכען ער אַנטוויקעלט אין „פּאוסט״ און וועלכער ליגט אזוי טיף אין דער דייטשער נאַטור, אַז אפילו די ראָמאַנטישע שולע וואָס האָט געווירקט געגען דער ווידערגע־בורט פון דאָס אַנטיקע, איז טראָץ אַלע אירע קאַטאָלישע טענ־דענצען, פונקט אזוי פּאַנטעאיסטיש ווי העלדערלין און געטהע. דער פּאַנטעאיזם איז דאָ דער אונטערשטראָם וועלכער האָט דורכ־געבראָכען זיין וועג דורך אַלע רעאַקציאָנערע העלצער, שלאַם און שטיינער וואָס מען האָט אָנגעוואָרפען אין זיין וועג.

מאַדאַם דע סטאַל האָט דאַרויף קיין אויג ניט געהאַט. דורך די דייטשע טוער פון וועלכע זי איז געווען אַרומגערינגעלט איז זי אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער באַוועגונג, וואָס איז זיך אָנגעגאַנגען אויף דער אויבערפלעכע און האָט נאָר דיזע באַווע־גונג געזעהן און געפיהלט. און דיזע באַוועגונג איז געווען די

*) שפּאָט.

ראמאנטישע רעאקציע. דאס דאזיגע אויסערליכע שטרעבען צו זיין אנטיק און קלאסיש, וואס איז אין דער ווירקליכקייט אזוי וועניג נאטירליך פאר'ן מאדערנע דייטש, האט ארויסגערופען א שטארקע רעאקציע.

יע, אזוי ווייט זיינען געטהע און שיללער אוועק אין זייער שטענדיג וואקסענדער און שטרענגערער נייגונג צו דעם אנטיקען קונסט־אידעאל, אז ביידע האבען געענדיגט דערמיט, וואס אין זייער ליבע צו דער שטרענגער רעגעלמעסיגער קונסט־פארמע, זיינען זיי אוועק אין דער ריכטונג פון יענער שולע געגען וועל־כער זיי זיינען פריהער געוועזען די ערשטע צו רעוואלטירען, נעמליך, געגען דער קלאסישער טראגעדיע פון פראנקרייך. געטהע איבער־זעצט וואלטעיר'ס „מאהאמעד", שיללער איבערזעצט ראסינ'ס „פעדרא" און אזוי באגעגענט זיך אין דיזע צוויי גרויסע דייטשע דיכטער די אויפפאסונג פון דאס קלאסישע אין פראנקרייך און אין דייטשלאנד. אבער דיזער בונד האט געמוזט נויטווענדיגער־ווייז געבען דעם סיגנאל צום ווידערשטאנד. דאס אנטיקע איז גע־ווען אזוי שטרענג, מען האט געבענקט נאך עטוואס פארבינעם און פארשיידענארטיגעס. דאס אנטיקע איז געווען אזוי פלאס־טיש, מען האט געבענקט נאך עטוואס אינערליכעס און מוזיקא־לישעס.

דאס אנטיקע איז געווען אזוי גריכיש, אזוי קאלט, אזוי פרעמד. ווער האט געקענט אויסהאלטען געטהע'ס „אבילעים", אדער שיללער'ס „די בראוט פון מעסינא" מיט זייערע פייערליכע, געמאסטענע אנטיקע־כארען! האבען זיי דען ניט געהאט אן איי־גענעם פארצייטענס? מען האט געבענקט נאך עטוואס היימי־שעס, נאך עטוואס דייטשעס. דאס אנטיקע איז געווען אזוי אריסטאקראטיש און מען האט דעם ענטהוזיאזם פאר דאס קלאסישע געטריבען אזוי ווייט, אז מען האט ווידער אויפגעלעבט די אלטע הויף־פאעזיע פון דער צייט פון לואי דעם 14טען. אבער צו דארף די קונסט ניט זיין פאר אלע קלאסען, צו זאל זיך ניט דאס הויכע און דאס געמיינע פארשמעלצען צוזאמען? מען האט געוואלט עט־וואס איינפאכעס, עטוואס פאלקסטימליכעס. דאס קלאסישע שטרעבען איז ענדליך געווען אזוי ניכטער: די ליכטיגע ראציא־

נאַליסטישע רעליגיאָן פון לעססינג האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין די
הענט פון דעם בוכהענדלער ניקאָלאַי אין דעם זעלבען פלאַטשיגען
ראַציאָנאַליזם וועלכער האָט געהערשט אין דער ענדע פון דעם
אַכצענטען יאָרהונדערט אין דענמאַרק. געטהע׳ס פאַנטעאיזם איז
ניט געוועזן אימשטאַנד דאָס האַרץ צו דערוואַרעמען; שיללער׳ס
„די זענדונג מאָזעס״ האָט געמוזט ערגערען יעדען גלויביגען, און
„פּאָעטיש״ איז דאָך סוף־כל־סוף ניט דאָס זעלבע וואָס ניכטער.
מען האָט געוואָלט טרוימען, מען האָט געוואָלט זיך באַרוישען און
באַגייסטערען, מען האָט געוואָלט ווידער גלויבען ווי אַ קינד,
פיהלען דעם ענטוזיאַזם פון אַ ריטער און דעם עקסטאַז פון אַ
מאָנאַך. מען האָט געוואָלט זיין פּאָעטיש משוגע, טרוימען מע־
לאַדיש, מען האָט זיך געוואָלט אין לבנה־שיין באָדען און מיסטיש
פאַרנעהמען דאָס שוועבען פון די גייסטער אין דעם מילך־וועג.
מען האָט געוואָלט הערען ווי די גראָז וואַקסט און פאַרשטעהן
די שפּראַך פון די פויגעל. טיף אין דער לבנה־נאַכט זינגט טיעק
פאַר׳חלום׳ט:

שיין באַגלענצטע צויבער־נאַכט,
וואָס דעם זין געפאַנגען האַלט,
וואונדערפולע מערען־וועלט
שטייג אויף אין דער אַלטער פּראַכט!

און אין דער וואַלד איינזאַמקייט זינגט ער:

וואַלד איינזאַמקייט,
וועלכע מיך דערפרעהט,
מאָרגען ווי היינט,
אין אייביגער צייט.

מען האָט געוואָלט עטוואָס איינפאַכעס האָבען; מען
איז געוועזן מיד פון דער קולטור פון אַלטערטום און מען האָט זיך
פאַרטיפט אין דער אַזוי לאַנג פאַרנאַכלעסיגטער זעלטענער וועלט
פון מיטעלאַלטער. אַ לעבעדיגע בענקשאַפט צום פאַנטאַסטישען
און וואונדערבאַרען האָט באַהערשט די נשמות, און מיטה און
מערכען זיינען יעצט געוואָרען די פאָרגעשריבענע קונסט־פאָרמען.
אַלע אַלטע פאָלקס־זאַגען און לעגענדען ווערען יעצט געזאַמעלט,

אָבגעפרישט און אָפט אַזוי געלונגען נאָכגעדיכטעט ווי פון דעם ערשטען דיכטער פון דער שולע, לודוויק טיעק אין „די בלאָנדע עקבערט״ אָדער אין „די געשיכטע דער שעהנער מאגעלאָנע אונד דעם פראפין פעטער פאָן פראָווענס״; אָבער אויך אָפט מיט אַ קינדערשער פארגעטערונג פון דעם פאָעטישען אינהאַלט און אָבער־גלויבישע פאָרשטעלונגען וואָס האָבען בלויז אַ וויסענשאַפטליכען ווערט אַלס איבעררעשטען פון פארצייטיגע מיטהען.

נאוואַליס האָט אין אַ פייערדיגער פאָעמע נביאות געזאָגט, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען דער מענש וועט מער ניט זיך ווענדען צו דער וויסענשאַפט צו לעזען פאַר אים די רעטעניסען פון לעבען, נאָר אַז אין ערצעהלונגען און פאָעמען ליגט די ערקלערונג פון דער אייביגער וועלט־געשיכטע; און ווען די צייט וועט קומען און דאָס מיסטישע וואָרט וועט געזאָגט ווערען דאַן וועט „די גאַנצע פארקערטע וועלט״ פארשווינדען. די גאַנצע פארקערטע וועלט — ד. ה. אַלעס וואָס די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט מיט איר שטאָלצען געדאַנק געוואָלט דורך גיגאַנטישע און בלוטיגע איבער־קערענישען און מלחמות אָבשאַפען, דאָס אַלץ וועט פארשווינדען ווי אין טרוים, ווי אין מערכע, אַזוי שנעל ווי עס וועט ארויסגע־זאָגט ווערען אַ געהיימעס וואָרט, אַזוי שנעל ווי מיר וועלען ווידער קינדער ווערען, אַזוי שנעל ווי אונזער קלוגשאַפט וועט ווידער ווע־רען איינפאַך און אונשולדיג אַנשטאַט צו זיין האַרט און קאַלט.
איז דאָס אָבער זיכער אַזוי? צו האָט דאָס אַ זין אַז מיר זאָלען נעהמען די קליידער וועלכע מיר האָבען געטראָגען ווען מיר זיינען אַלט געוועזען זעקס יאָר? קענען מיר זיי אָנטאָן? וועלען זיי ניט פּלאַצען אין רוקען, אין די אַרבעל, אין אַלע נעט? וועלען מיר נעהאָלפען זיין, ווען אַנשטאַט אַלע יענע אידעען, וועלכע שמעקען מיט בלוט און פּולווער, באַקומען מיר די אידעען וועלכע האָבען דעם גערוך פון דעם קינדער־צימער? אָדער האָט היינע רעכט ווען ער פארגלייכט די ראָמאַנטישע שולע מיט דער אַלטער דינסט פון וועלכער די מערכען דערצעהלט אַז זי האָט איין מאָל, ווען איר בעל־הבית'טע איז אוועקגעגאַנגען, זיך געכאַפּט צום עלעקסיר וואָס זי האָט געזעהען איר בעל־הבית'טע באַנוצען אַלס אַ יוגענד־מיטעל, נאָר אַנשטאַט צו נעהמען ווי יענע נאָר איניגע טראָפּען, האָט זי

א גרויסען לאַנגען זופּ געטאָן און איז געוואָרען ניט נאָר יונג נאָר זאָגאר א גאַנץ קליין קינד.

מען האָט געוואָלט, האָב איך ווייטער געזאָגט,עטוואָס פאָלקס־טימליכעס. און מיר זעהען דאָ לייכט אין קערען דעם אורשפּרונג פון דעם גאַנצען פאָלקסטימליכען שטרעבען פון דעם נײַנצענטען יאָרהונדערט, וואָס ביי אונז אין דענמארק, צום ביישפּיל, געהט ארויס פון גרונדטוויג, נאָך דעם ווי ער האָט, אזוי ווי א סך אנדערע, געקראָגען א שטארקען איינדרוק פון דער יוגענדליכער ווארעמ־קייט מיט וועלכער די ראָמאַנטיק איז דאָ דורך איר סקאַנדינאַווי־שען אפּאָסטאָל הענריק סטעפּפענס אַנגעזאָגט געוואָרען און מיט וועלכער זי האָט אין דענמארק מיטגעריסען די יוגענד אין א צייט ווען עס איז נאָך אין דענמארק א יוגענד געווען. מיט רעכט האָט מען באַדויערט דעם גרויסען תהום וואָס איז אויסגעגראָבען גע־וואָרען צווישען די געבילדעטע און אַלע לענדער דורך דעם ראַשען פאָרשריט פון דעם אוואַנגאַרד און דורך דער אויסשליסונג פון די אָרימע קלאַסען פון יעדער העכערער בילדונג. און וואָס איז נאַ־טירליכער און בעסער ווי אז דער מאַן פון וויסענשאַפט און דער קינסטלער זאָל זיך באַמיהען מיט אַלע קרעפטען צו באַקליידען זייערע געדאַנקען און געפיהלען אין דער איינפאַכסטער און פאַר־שטענדליכסטער פאָרמע? אָבער די באַוועגונג איז שנעל ארונטער פון וועג, דאַדורך וואָס מען איז באַגאַנגען דעם נאַרישען שריט צוריקצורופען דעם אוואַנגאַרד כדי די נאָכשלעפּער ניט אָנצו־שטרענגען און כדי די גאַנצע מחנה זאָל בלייבען צוזאַמען.

ווען מען האָט אויפגעגעבען די טרייב־פעדער פון דער האַנד־לונג — דעם גלויבען אין פּראָגרעס — איז אַנטשטאַנען אין דער דראַמע די שיקזאַל טראַגעדיע מיט אירע פאַטאַליסטישע געשמאַק־לאָזיגקייטען, און נארישען אָבערגלויבען. אין ווערנער'ס טראַגעדיע „דער פיר און צוואַנציגסטער פעברואַר", וואָס עס זאָל ניט פּאַסי־רען יענעם טאָג דערמאָנט דער פריינדין אָן א שרעקליכען פאַר־ברעכען, אָן א שרעקליכער קללה. דאָס ווערט געטריבען אזוי ווייט, אז ווען יענעם טאָג קוילעט מען א הון, רופט זי אויס: „די הון האָט מיר אַנטקעגען א פלוך געשריען; זי האָט מיר דערמאָנט אָן מיין פאָטער ווי ער האָט געכאָרכעלט אין דער גסיסה." און דיזען

שטיק לויבט די זאַנסט געשמאַקפולע פאַרפאַסערין פון דעם בוך „איבער דייטשלאַנד”. די דראַמאַטישע סאַטירען האָבען אָנגענומען דעם טאָן פון די מאַריאַנעטען־שפּיל. (אין דענמאַרק האָט הייבערג זאַגאַר באַצייכענט אויסדריקליך זיינע ערשטע שטיק אַלס מאַריאַנעטען־שפּיל). מען ווערט אימער מעהר קינדיש: אויס מורא פאַר דעם סאַלאָן און דעם געזעלשאַפטליכען זאַל, וואָס האָט אין אַכצענטען יאָרהונדערט באַהערשט די ליטעראַטור, אַנטלויפט מען אין דער קינדער־שטוב, אין דעם צימער פון דער אַם.

די פירער פון דער שולע זיינען געוועזען געבאָרענע פּראָטעסטאַנטען; אָבער זייער ריכטונג צום מיטעלאַלטער און זייער פרומע נאַאיוויטעט האָט נאַטירליכערווייז געבראַכט מיט זיך אַ באַוועגונג צום קאַטאָליציזם. אין דעם פאַרגלייך צווישען דעם נעאָקלאַסיציזם און דער פּלאַסטימליכער קונסט וואָס שלעגעל האָט געמאַכט אין דער צייטשריפט „יוראָפּאַ” און אויך וועלכען מאַדאַם דע סטאַל שטיצט זיך אין „קאָרינגאַ”, אַזוי גוט ווי „איבער דייטשלאַנד”, זאָגט ער, נאָכדעם ווי ער ווייזט אָן אַז דער זשעניע קען ניט אויפהיטען זיין גאַנצען שוואונג דאָרט וואו ער אַרבייט איבער טעמען פאַר וועלכע עס פאָדערט זיך זכרון און געלערזאַמקייט: „ניט אַזוי איז עס מיט דעם שטאָף וואָס געהערט צו אונזער אייגענער רעליגיאָן. די קינסטלער פיהלען אַ פערזענליכע באַגייסטערונג פון דיזע סוזשעטען, זיי פיהלען דאָס וואָס זיי מאָלען און מאָלען דאָס וואָס זיי זעהען. דאָס לעבען אליין דינט זיי אַלס מאָדעל ווען זיי ווילען פאָרשטעלען דאָס לעבען, בשעת יענע קינסטלער וועלכע ווילען זיך אַריבערטראָגען גייסטיג אין דער אַלטער צייט קענען ניט שאַפען זייערע ווערק אויפ'ן גרונד פון דעם ארומרינגלענדען לעבען נאָר מוזען זיי שאַפען אויפ'ן גרונד פון ביכער און סטאַטוען”.

דאָס קלינגט ווידער זעהר שעהן און איז ביז אַ געוויסען גראַד גאַנץ ריכטיג, אָבער דער סאָפיזם ליגט אין די ווערטער: „אונזער אייגענע רעליגיאָן”: וואָרום וועלכע רעליגיאָן איז אונער אייגענע רעליגיאָן? דער פּראָטעסטאַנטיזם האָט זיך אַנטוויקעלט אַן אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע וועלכע האָט שוין לאַנג שותפות געמאַכט מיט דער רעוואָלוציאָן. אין יאָר 1795 זיינען צוויי יונגע

מענשען, וועמעס נעמען זיינען שפּעטער וועלט באַרימט געוואָרען ארויסגעגאַנגען אויף אַן איינזאַמען פעלד און האָבען אין באַגייס־טערונג איבער דער רעוואָלוציאָן אַ פּרייהייטס־בוים געפלאַנצט. דאָס זיינען געוועזען שעללינג און העגעל.

עס איז אַלזאָ געוועזען אַ צוריקקער צום קאַטאָליציזם. אָבער דער איטאַליענישער קאַטאָליציזם איז נאָך געוועזען צו קלאַסיש. אַ גרויסע וויכטיגע קירכע ווי די סט. פּעטער איז ניט געוועזען מיסטיש גענוג; איז געוועזען, ווי לאַמאַרטין דריקט זיך אויס אין דער איינ־ליטונג צו "גראַזיעלאַ„ צופיעל צוגעפּאַסט דערצו אַז ווען אפילו אַלע פּאָזיטיווע רעליגאָנען וועלען זיין פאַרשוואונדען קען זי נאָך אַליין זיין אַ טעמפּעל פון דער מענשהייט. אין איטאַליען האָט מען זיך געפיהלט פאַרוואַנדט בלויז מיט דער פאַר־ראַפאַעלישער מאַ־לעריי; אין שפּאַניען האָט מען געפונען אַ פאַרוואַנדטען דיכטער אין קאַלדעראָנ'ן געגען וועמעס מיסטישע פאַרטראַכטקייט שעקס־פּיער'ס פּרייזינגקייט און רעאַליזם, וועלכע זיינען נאַרוואָס אַזוי באַליבט געוועזען, האָבען געמוזט אָבטרעטען דעם וועג. אפילו הייבערג שטעלט קאַלדעראָנ'ן העכער פון שעקספּיער. איבעראַל און אין אַלע קונסטען פאַרעהרט מען די גאָטיק; עס פאַרשטעהט זיך אַליין אַז דיורער מיט זיין פּאַלקסטימליכער און נאַאיווער טריי־הערציגקייט, אָבער באַזונדער דורך זיין מיסטיק, זיינע הירשען מיט צלמים צווישען די הערנער און מיט זיין גאַנצער סימבאָליס־טיק, איז פון די דייטשעשע ראָמאַנטיקער פאַרהייליגט געוואָרען. פון אַ בריף פון יענער צייט, אויב איך מאַך קיין טעות ניט, צו מינסטער, זעהט מען, אַז אהלענשלעגער און זיין שוועסטער געפינען פיעל מער אין אַלבערט דיורער ווי אַנדערע מענשען קענען אין זיינע ווערק געפינען. די אָנשטעקונג איז געוועזען אַזוי שטאַרק, אַז אפילו דער דיכטער פון גולנאַרע, אַלי און גולהינדי האָט זיך איינגעבילדעט אַז ער איז באַהערשט פון דער מיסטיק.

שטרעבענדיג צו דערווייטערען זיך פון דעם גריכיש־רוימישען אַלטערטום האָט שלעגעל אויפגעטאָן זיין איינציג אמת'ע, אָבער אויך גרויסע, וויסענשאַפטליכע טאַט: ער האָט אוועקגעלעגט דעם פונדאַמענט צו דעם שטודיום פון דער סאַנסקריטישער שפּראַך און האָט דאַדורך געעפענט פאַר דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור אַ

גאַנץ נייעם וועג. ער האָט געלעגט דעם יסוד פון אַ גאַנץ נייער פילאָלאָגיע, וועלכע האָט זיך אַנטוויקעלט צוערשט פּאַראַלעל צו דער קלאַסישער אַלס אינדאָ־אָריענטאַלישע, און דאַן — צו אַ צווייטער פילאָלאָגיע, וועלכע האָט אַריינגענומען אין זיך די קלאַסישע, נעמליך, צו דער פאַרגלייכענדער שפּראַכען־וויסענשאַפט, די פילאָלאָגיע אַלס נאַטור־וויסענשאַפט.

אָבער פאַרלויפיג איז עס די אינדישע גלייכגילטיגקייט, וואָס איז יעצט געוואָרען דער אידעאַל: דאָס לעבען פון גלייכגילטיגען בליק אויף אַלץ, דאָס וועגעטאַטיווע לעבען. עס איז אָט דיזער אידעאַל וואָס ווערט פאַרהערליכט אין שלעגעל'ס „לוסינדע.” עס איז דאָסזעלבע אידעאַל וואָס די ראָמאַנטישע שולע אין פראַנקרייך נעהמט שפּעטער איבער און וועלכען טהעאָפיל גאָטיע פאַרהערליכט אין אַזעלכע ראָמאַנען ווי פאָרטונאָ. עס איז דאָסזעלבע אידעאַל וואָס זעהט זיך דורך אין אָהלענשלעגער'ס גניאַלען פוילענצער אַלאַדין און וואָס שוועבט שטענדיג פאַר'ן עסטעטיקער אין „ענטוועדער — אָדער,” דיזען עכטען פּראָדוקט פון דער ראָמאַנטישער שולע, וואָס האָט זיך אויסגעהאָדעוועט, ווי אָהלענשלעגער אַליין, אויף לעזען די ראָמאַנטישע דיכטער פון דייטשלאַנד, און אין וועלכען עס הייסט: מיין צייט טייל איך איין אויף פאָלגענדען אופן: איין העלפט פאַרשלאָף איך, די אַנדערע פאַר'חלום איך. ווען איך שלאָף חלום איך קיינמאָל ניט, וואָרום צו שלאָפען איז די העכסטע גענאַליטעט.

געטהע איז אַלס זקן געלאָפען צו זוכען רעטונג פון דעם טומעל פון דער צייט אין דעם מזרח און האָט אָנגעשריבען זיין „וועסט־אָסטליכען דיוואַן.” די ראָמאַנטיקער זיינען נאָר נאָכגעגאַנגען אין זיינע טריט. אָבער באַלד האָט זייער לערע געקראָגען אַ פילאָזאָפישע באַגרינדונג דורך שעללינג, וועלכער האָט זיך איבערגעשראָקען פאַר די רעליגיעזע און פילאָזאָפישע איבערקערענישען פון פראַנקרייך און האָט זיך אַ קער געטאָן אויף אַן אַנדער וועג.

אַזוי ווי געטהע איז געפלויגען אין דעם ווייטען אָריענט אַזוי איז שעללינג געלאָפען פון דער שטירמישער אומגעבונג אין ווייטסטען אַלטערטום און דאָרטען געפונען די קוועלען פון וואַרהייט און לעבען. אין געגענזאַץ צו דער אַנשויאונג פו דער אויפקלע־

רונגס־פּעריאָדע, אַז די מענשהייט האָט זיך לאַנגזאַם ענטוויקעלט פון באַרבאַריי צו קולטור, פון אינסטינקט צו פאַרנונפט, ערקלערט ער די מענשהייט פאַר געזונקען, ד. ה. אַז זי איז געזונקען פון אַ העכערער קולטור־מדרגה, אין וועלכער זי האָט געגאַסען אַן ער־ציהונג, וואָס איז איר געגעבען געוואָרען פון העכערע וועזענס, פון גייסטער. דאַן איז געקומען אַ ירידה דורך זינד, און אין דער פּעריאָדע פון געזונקענהייט האָבען זיך געוויזען בלויז ווייניגע אויסער־וועלטע, ווי שעללינג אַליין, וועלכע אַרבייטען אויפצושטעלען צוריק יענעם פאָלקאָמענעם לע־בען. מיר אַלע ווייסען אַז די וויסענשאַפט האָט געגעבען גערעכט די מענער פון דער רעוואָלוציאָן און ניט שעללינג, און אַז מיר, וועלכע לעבען אין דעם דור פון טשאַרלס דאַרווין, קענען מער ניט אָננעהמען די מעגליכקייט פון אַ גן־עדן צושטאַנד און אַ ירידה דורך זינד. דאַרווינ׳ס לערע וועט אָהן ספק אומוואַרפען די אָר־טאָדאָקסישע מאָראַל, פּונקט אַזוי ווי קאָפּערניקוס׳ לערע האָט אומ־געוואָרפען די אָרטאָדאָקסישע דאָגמאַטיק. קאָפּערניקוס׳ סיסטעם האָט צוגענומען ביים אָרטאָדאָקסישען הימעל־רייך זיין פיזישען פּלאַץ, און אַזוי וועט דאַרווינ׳ס לערע צונעהמען דעם פּלאַץ פון דעם אָרטאָדאָקסישען גן־עדן.

אָבער צו דיזען געדאַנק האָט מען נאָך דעמאָלט ניט גע־האַט געקומען און שעללינג האָט אָנגעוויזען אויף אַ פאַרצייטיגער וועלט, וואו די לעגענדען פון געטער און האַלב־געטער האָט ער אָנגענומען פאַר היסטאָרישע פאַקטען און אַזוי איז ער געקומען דער־צו, אַז ער האָט נעשטעלט די מיטאָלאָגיע אַלס דאָס העכסטע פון אַלע קונסטווערק, וועלכען מען קען געבען אונענדליכע אויסטייט־שונגען, און אונענדליכע אויסטייטשונגען מיינט וועלכע איינעם ווילט זיך. מיר האָבען דעם קערן פון גרונדטוויג׳ס גאַנצער מיטאָ־לאָגישער אויסטייטשונג מיט זיין אונוויסענשאַפטליכער און אונ־פּינקטליכער באַארבייטונג פון די סקאַנדינאַווישע רעליגיעזע לע־גענדען.

אָבער די אַוועקוויכונג פון געזעלשאַפטליכע אינטערעסען געפינט נאָך אַ מער באַשטימטען אויסדרוק אין שעללינג׳ס פאַר־טיפונג אין דער נאַטור, אַ באַוועגונג וואָס געטהע האָט שוין גע־

מאכט און וועלכע האָט איהם געפירט צו א רייהע גרויסארטיגע אנטדעקונגען, וואָס שעללינג קיינמאָל ניט געמאַכט. פונקט אזוי ווי נאָך דער פאָרשטעלונג פון די מיסטיקער האָט די געט־ליכע פאַנטאַזיע באַשאַפען די וועלט מיט'ן כח פון איר דענקען, אזוי איז לויט שעללינג בלויז די זעלבע קראַפט אין דעם מענשען אימשטאַנד צוצוגעבען אידעאַלע ווירקליכקייט צו די גייסטיגע שעפּפונגען פון דעם מענשען.

עס איז אלזאָ אָט דיזע עסטעטישע קראַפט, די אזוי גערו־פענע אינטעלעקטועלע אנשויאונג (ד. ה. ריינע פאַנטאַזיע וואָס אַר־בייט לויט די געזעצען פון פאַרנונפט) וועגען וועלכער שעללינג, וואָס שטעהט דאָ אונטערן איינפלוס פון דער עסטעטישער קריטיק פון זיין צייט, באַהויפּטעט אז נאָר זי אליין עפענט דעם וועג צו דער פילאָזאָפיע, צו דער באַנעהמונג פון דער איינהייט פון דאָס אי־דעאַלע און רעאַלע. יע, דיזע אינטעלעקטועלע אנשויאונג איז גע־ווען ניט בלויז דער וועג, נאָר אויך דער ציל. און אָט דיזעס פאַרבייטען פון דעם ווערקצייג אויפ'ן ווערק באַצייכענט דעם אָנפאַנג פון א גאַנצער, אלגעמיינער צומישונג אין דער ראָמאַנטי־שער פּאָעזיע און וויסענשאַפט, וואו אָט ווערט די וויסענשאַפט אָנגעפירט מיט די מיטעל פון דער קונסט, אזוי אז אין היפּאָטע־זען פאַנטאַזירט מען אָנשטאָט צו פאָרשען, און אָט ווערט די פּאָ־עזיע און קונסט באַטריבען מיט די מיטעל פון דער פילאָזאָפיע און רעליגיאָן, אזוי אז די דיכטערישע ווערק ווערען געגראַמטע חקירות, וועמעס העלדען זיינען פאַרקערפּערטע אידעען, און די קינסטלערישע שעפּפונגען זוכען צו פאַרדעקען דעם מאַנגעל פון לייבליכקייט מיט דעם מאַנטעל פון קאַטוילישער פרומקייט און ליבע. מען האָט זיך איינגערעדט, אז דיזע נייע נאַטור־פילאָזאָ־פיע וועט אויף שטענדיג איבעריג מאַכען יעדען פּראַקטישען שטוד־יום פון דער נאַטור; אָבער מיר, וועלכע לעבען אין א צייט ווען די עמפּירישע נאַטור־פאָרשונג האָט פאַרענדערט דעם פּנים פון דער ערד און האָט באַזונדערס דאָס מענשליכע לעבען רייך גע־מאַכט דורך אנטדעקונגען און ערפינדונגען, מיר ווייסען, אז די רעאַקציאָנערע טענדענצען האָבען אויך דאָ ענדליך געהאַט א מפּלה, און אז דאָס לעבען אליין האָט דעם טעות באַוויזען. אָבער דאָס

וואס אין דיזער טעאריע האט פאר אונז באזונדערען אינטערעס און וויכטיגקייט איז דאס קרעפטיגע באטאנען פון דער געטליכער פאנטאזיע אלס די אורזאכע פון יעדען קינסטלערישען שאפען; ווארום דא שטעהען מיר ביים געדאנק, פון וועמעס שויס עס איז ארויסגעקומען „אלאדין", דא פיהלען מיר מיט דער האנד דעם הארץ־קלאפ וועלכער האט געטריבען דאס בלוט ביז יענעם ווייט־סטען גליד פון דעם גרויסען גערמאנישען קערפער, וואס איז אין יאר 1803 באצייכענט געווארען מיט'ן נאמען קאפענהאגען.

אין וואס פאר א גראד די אלע נייע אנשויאונגען האבען גע־מוזט ווי א בליץ דורכצוקען אהלענשלעגער'ן איז לייכט צו פאר־שטעהן.

די ראמאנטיקער האבען געשעצט די פאנטאזיע איבער אלץ אין דער וועלט, זי איז געווען די העכסטע, די געטליכע מתנה. ווע־מען קען דיזע לערע אזוי טיף דורכנעהמען ווי דעם, וועלכער איז גראד געווען באשאנקען מיט א רייכער, פרוכטבארער פאנטאזיע, וועלכע האט פארנומען דעם פלאץ פון דעם געשפרעכליכען טא־לאנט פון באגעזע און פון דעם גאנצען 18טען יארהונדערט? די ראמאנטיקער האבען געשעצט די וועלט פון דער מיטאלאגיע אלס די העכסטע, די עכטע; דא האט ער געהאט פאר זיך א גאנצע מיטא־לאגישע וועלט, די סקאנדינאווישע, וועלכע האט נאר געדארפט בא־רירט ווערען.

שלעגעל און נאוואליס האבען געשריען: „מיר מוזען א נייע מיטאלאגיע געפינען, וועלכע זאל קענען זיין פאר אונז דאס וואס די אנטיקע איז געווען פאר די גריכען און רוימער." אבער זיי הא־בען געזוכט אומזיסט, גזדער האבען געפונען נאר די אלטע מי־טהען פון דעם קאטאליציזם. בלויז ער האט ניט געדארפט זו־כען, בלויז ער איז באזעסען דעם שאץ, אים אליין „איז דער אפעל־ציין אין טורבאן געפאלען", ער האט אהן מיה געפונען די העלע לאמפ, בשעת די אנדערע האבען זיך די קעפ צובראכען אום צו באשאפען עטוואס ליכט, ברענענדיג איין שוועבעלע נאך דער אנ־דערער. די ראמאנטיקער האבען געגלויבט אין א העכערען פאר־צייטיגען צושטאנד, פון וועלכען די מענשהייט איז אראבגעזונקען, און פאר ז י י נ ע אויגען איז געשטאנען גראד א פאלק, ווע־

מעס אַלטערטום האָט ווייט איבערגעשטראַלט זיין געגענוואַרט, און וואָס איז געוועזן נערן זיין געגענוואַרט צו פארגעסען און האָט געהאַט אַ שטאַרקע בענקשאַפט צו פאַרהערליכען זיינע קינד־הייטס־חלומות און די העלדענטאַטען פון זיין יוגענד־צייט, און דאַדורך זעהן זיך אַליין פאַרהערליכט.

אַזוי איז עס געשעהען, אַז די דאָקטרינען פון דער ראָמאַנטיק האָבען אין איס, דעם ניט־דייטש, אויפגעוועקט אַ פרישערע, אַ רייכערע און אינהאַלטס־פולערע פּאָעזיע, ווי ביי וועלכען עס איז באַגאַבטען גייסט אין דייטשלאַנד גופא, און אַזוי ערקלערט זיך עס, ווי עס איז געוועזן נויטיג נאָר איין וואָרט פון סטעפּפּען אום, צו זיין אייגענער און אַלע אַנדערענס איבעררעשונג, אויפצוברעכען דעם כשוף וואָס האָט איס געהאַלטען די צונג געבונדען.

איין געזונטע שטרעבונג אין דער ראָמאַנטישער שולע איז געוועזן וואָס זי האָט געזוכט אויסצוברייטען דעם ענגען קרייז פון סוזשעטען וואָס זיינען געוועזן אַנטהאַלטען אין דעם אַנטיקען שטאָף, און צו עפענען די אויגען ווי אויף די אָריגינעלע ערשיינונגען ביי אַנדערע פעלקער אַזוי אויך ביים אייגענעם פאָלק. אויף אַזאַ אופן איז די שולע געוואָרען פאַטריאָטיש, און פאַטריאָטיש אין אַלע לענדער. אויסערדעם איז שוין יעצט אַנטשטאַנען אין דייטש־לאַנד דיזעלבע ליבשאַפט פאַר עקסקורסיעס אין פרעמדע לענדער, וועלכע האָט שפּעטער דורכגענומען די פראַנצויזישע ראָמאַנטיק אונטער וויקטאָר הוגאָ. דער פאָרגענגער פון דיזער ריכטונג איז געוועזן הערדער מיט זיין באַוואונדערענסווערטען חוש פאַר די שעפּ־פונגען פון דעם פאָלקס־גייסט אין די פאַרשיידענע לענדער. פאַר איס איז די וועלט־פּאָעזיע געוועזן אַ שעהנע הארף, אויף וועלכער יעדעס פאָלק האָט געהאַט זיין סטרונע. דאַן איז געקומען שלע־געל׳ס קריטישע און איבערזעצער־טעטיגקייט. זיינע בארימטע פאָרלעזונגען איבער דער דראַמאַטישע ליטעראַטור, וועלכע זיינען ערשינען פונקט איידער די פאַראייניגטע אַרמייען זיינען אריין אין פּאַריז, האָבען ערקלערט נאָך לעסינג׳ס מוסטער די אַנטיקע פּאָעזיע און שעקספּיר׳ס דראַמען, אָבער האָבען אויך אַנטהאַלטען לויט לעסינג׳ס מוסטער די ביטערסטע און גוואַלטיגסטע אָנגריפען אויפ׳ן פראַנצויזישען געשמאַק און דאָס פראַנצויזישע טעאַטער.

עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכען דאָס דאָזיגע ווערק מיט מאַ־דאַם דע סטאַל'ס בוך „איבער דייטשלאַנד." שלעגעל צייגט זיך געגען פראַנקרייך פונקט אַזוי פול מיט מיספאַרשטענדיסען און האַס ווי מאַדאַם דע סטאַל ווייזט זיך צו דייטשלאַנד פול מיט פאַר־שטענדניס און סימפּאַטיע. ער האָט ניט גענוג ווערטער פון שפּאָט פאַר קאָרנעיל און ראַסין און ער באַהאַנדעלט דעם אונ־שטערבליכען דיכטער פון „טאַרטיוּף" מיט אַ גרינגשעצונג, וועלכע איז צו נאַריש אום ניט צו פאַלען צוריק אויף דעם, וואָס דריקט זי אויס. דאַגעגען ערקלערט ער צו זיינע לאַנדסלייטע מיט פיין־פיהלענדער סימפּאַטיע די פּאָעזיע פון שעקספּיר און קאַלדעראָן, וועלכע איז ביז אַהער געוועזען אינגאַנצען אומבאַקאַנט. זיין אויפ־פאַסונג פון דיזע דיכטער האָט פונדעסטוועגען איין גרויסען חסרון נעבען איין גרויסער מעלה.

די מעלה איז, וואָס יעדע זאַך, יעדע מינדסטע אייגענטימ־ליכקייט, ווערט אַנערקענט. ווען ער פירט שפּעטער אויס זיינע מייסטערהאַפטע איבערזעצונגען פון שעקספּיר און פון אייניגע דראַמען פון קאַלדעראָן. וואָס קענען קיינמאָל ניט גענוג באַוואונ־דערט ווערען, ווערט עס קלאָר וואָס פאַר אַ פאָרשריט די פאַר־שטענדניש פון מאָדערנער פּאָעזיע האָט געמאַכט זינט דער צייט פון שילער, וועלכער האָט אין זיין איבערזעצונג פון „מאַקבעטה" צוהאַקט דאָס שטיק לויט די פאָראורטיילען פון דער אַלטער פּאָ־עזיע און האָט אַרויסגעוואָרפען אַלץ וואָס איז דערין געוועזען רע־אַליסטיש און מוטיג.

דער פעלער, דאַגעגען, איז ביי שלעגעל'ן דערזעלבער וואָס ביי דער גאַנצער ראָמאַנטישער שולע, דערזעלבער וואָס ביי אונז אין דענמאַרק שפּרייט זיך אויס פון דיזער שולע אויף דער גאַנצער פאָל־גענדער עפּאָכע, נעמליך דער, וואָס די אַנשויאונג פון דער פּאָעזיע טראָגט שטענדיג דעם שטעמפּעל פון דער גערמאַנישער איינזיי־טיגקייט, ד. ה. וואָס איז ביז אַזאַ גראַד עסטעטיש־מעטאַפיזיש, אַז די עמפּיריש־היסטאָרישע אויפפאַסונג ווערט אינגאַנצען פאַר־דרענגט און באַקומט ניט איר געהעריגען רעכט.

אַלס באַוויז קען מען ברענגען איין ביישפּיעל נאָכ'ן אַנדער־רען. אַזוי ווי די גריכען און אַריסטאָטעל זיינען אין פראַנקרייך

אונטער לואי דעם 14טען באַטראַכט געוואָרען אַלס די אַבסאָלוטע מוסטער, אַזוי איז איצט געוועזן צ. ב. שעקספּיר דאָס אבסאָלוטע מוסטער אין דער פּאָעזיע, אָדער (ווי אין קירקעגאַארד'ס „ענט־וועדער — אָדער") מאָצאַרט דאָס אבסאָלוטע מוסטער אין דער מוזיק. די היסטאָריש־ריכטיגע אויפפאַסונג וואָס אנערקענט ניט אין איר עמפּירישער ניכטערקייט קיין אבסאָלוטען מוסטער, ווערט אינגאַנצען אָבגערוקט אָן א זייט. יעדעס געלונגענעס ווערק ווערט א טיפּוס, א טיפּוס פון א פּאָעטישער ארט, א קאַ־טעגאָריע. אַזוי צום ביישפּיעל איז אין דענמאַרק אָהלענשלעגער'ס „סאַנקט יאָהאַניסאַבענדשפּיל" פאַר הייבערג'ן „די פּאָלקאָמסטע רעאַליזירונג פון דער אונמיטעלבאַרער דראַמע אין לירישער פאָרם." מען באַשרייבט די דיכטונגס־פּאָרמען און דיכטער־ווערק אַזוי ווי זיי וואָלטען געוועזן צווייגען וואָס וואַקסען זיך פאַנאַנדער איינס פון אַנדערען ווי אויף א בוים, אָנשטאָט זיי צו שטודירען אין צו־זאַמענהאַנג מיט דער קולטור, מיט'ן גאַנצען לעבען. מען גלויבט צ. ב. אַז די טראַגעדיע האָט אַן אונאונטערבראָכענע צוזאַמענהענ־גענדע געשיכטע, ד. ה. אַז די גריכישע טראַגעדיע שטעהט אין דירעק־טער פאַרוואַנדשאַפט צו דער ענגלישער, אָנשטאָט צו באַגרייפען, אַז די טראַגעדיע ווערט ניט באַשאַפען פון די טראַגעדיען פון אַנ־דערע פעלקער, נאָר קומט אַרויס פון די אומגעבונגען, פון דער קולטור און פון דער גאַנצער פּסיכאָלאָגישער ספערע, אין מיטען פון וועלכע זי אַנטשטעהט.

אונטערדעסען זיינען אַלע באַריערען אַרונטערגעריסען געוואָ־רען, די גאַנצע וועלט איז געלעגען אָפען פאַר די אויגען פון דעם דיכטער, ער האָט געהאַט די ערלויבניש צו קלייבען זיין שטאָף, וואו עס איז אים געוועזן ליב. מיר האָבען דיזען באַגייסטערטען ודוי אין אונזער דענישער ליטעראַטור אין אָהלענשלעגער'ס שעה־נעם געדיכט „דעם דיכטער'ס היימאַט." „זי ציהט זיך פון די ווייסע פעלזען פון שפּיצבערגען, דער קבר פון דאָס וואָס האָט געטראָטען אויף דער ערד פאַר'ן מבול ביז'ן לעצטען אינזעל וואָס שטעקט אַרויס אין דעם וויסטען ים פון דעם זיד־פּאָל."

דער קורץ־געזאָגטער, צוזאַמענגעדרענגטער איבערבליק, וואָס איך האָב דאָ געגעבען איבער די שטרעבונגען פון דער ראָמאַנטי־

שער שולע, אין איינקלאַנג מיט וועלכע עס איז אַנטשטאַנען דאָס ווערק „איבער דייטשלאַנד”, האָט שוין געוויזען דעם לעזער אין וועלכע פּונקטען מאַדאַם דע סטאַל האָט זיך געפיהלט איינגעשטימט מיט דער שולע, און ווי אַזוי זי האָט באַאיינפלוסט איר ווייטער־דיגע ליטעראַרישע קאַריערע. דער האַרטער קאַמפף פון די ראָמאַנ־טיקער געגען דער פילאָזאָפיע פון 18טען יאָרהונדערט האָט געהאַט איר פולע סימפּאַטיע. שעללינג אַליין האָט אָנגערופען זיין גאַנ־צע סיסטעם אַ רעאַקציע געגען דער פאַרשטאַנד־פעריאָדע. די טיפע אַכטונג פון די ראָמאַנטיקער פאַר פּאָעטישער באַגייסטערונג האָט געשטימט מיט מאַדאַם דע סטאַל׳ס אייגענער נייגונג. די ראָמאַנ־טישע לערע וועגען דעם ווערט און באַדייטונג פון דער פאַנטאַ־זיע האָט אַרויסגערופען איר בייפאַל, בשעת די אויפפאַסונג פון דער שולע וועגען דעם וועזען פון דער פאַנטאַזיע איז איר געווען אונפאַרשטענדליך. די ראָמאַנטיקער זיינען אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז אויפ׳ן יסוד פון אַלץ ליגט אַן אונאויפהערליך שאַפענדע פאַנטאַזיע, וועלכע פאַרניכטעט שטענדיג מיט געטלי־כער איראָניע אירע אייגענע שעפּפונגען, אַזוי ווי דער ים פאַר־שלינגט זיינע אייגענע כוואַליעס. ד. ה., אַז דער דיכטער, דיזער שעפּפער אין מיניאַטור, דאַרף זיך אויך אַזוי איראָניש באַציהען צו זיינע אויסגעטראַכטע בילדער און בכיוון צושטערען זייער אילו־זיע. מאַדאַם דע סטאַל׳ס פאַרשטאַנד איז געווען צו פּראַקטיש אום צו קענען איינגעהן אויף דיזער פאַרשפּיצטער טעאָריע, איבער וועל־כע זי האָט געפירט אַ קאַמפף מיט אירע ראָמאַנטישע פריינד. דערפאַר אָבער קומט זי זיך צוזאַמען מיט דער שולע אין זעהר אַ וויכטיגען פּונקט.

ווי די גאַנצע ערשטע גרופּע שריפטשטעלער וואָס זיינען גע־ווען פאַרוויקלעט אין דער רעאַקציע געגען 18טען יאָרהונדערט, איז זי מיט די יאָרען אַלץ מער פּאָזיטיוו רעליגיעז געוואָרען. די פילאָזאָפישע איינדריקען פון דער רעוואָלוציאָנס־צייט זיינען בים־לעכווייז פאַרווישט געוואָרען און אויף זייער פּלאַץ זיינען געקומען אימער ערנסטערע פּראָבען אָנצואייגנען זיך די אויפטויכענדע רע־ליגיעזע אידעען פון דער צייט. זי, וואָס האָט אין איר יוגענד באַ־קעמפפט שאַטאָבריאַנ׳ס באַהויפטונג וועגען דער העכערקייט פון

קריסטליכע סוזשעטען אין דער קונסט, שליסט זיך יעצט אָן אינ־גאנצען אָן זיינע עסטעטישע אנשויאונגען. זי נעהמט אָן, אָהן שום טראכטען, די לערע פון די ראָמאנטיקער, אז די מאָדערנע פּאָעזיע און קונסט מוז זיך באגרינדען אויפ'ן קריסטענטום, פּונקט אזוי ווי די אלטערטום־קונסט איז געווען באגרינדעט אויף די גריכיש־רוימישע געטער־זאגען. און וואָס מער זי לעבט זיך איין אין דער איבערצייגונג אז דאָס 18טע יאָר־הונדערט איז געגאנ־גען אינגאנצען אויף א פאלשען וועג, און טרעפענדיג איבעראל מענ־שען, וועלכע האָבען זיך צוריקגעקערט צו די רעליגיעזע געפיהלען פון אלטערטום, הויבט זי אָן צו גלויבען אז דער אידעאליזם אין דער מעטאפיזיק, וואָס איז פאר איר אלס פרוי דער גוטער פּרינ־ציפּ, אזוי ווי די אינספּיראציע אין דער פּאָעזיע, וואָס איז פאר איר אלס דיכטערין דער פּרינציפּ וואָס באפרייט פון דעם צוואנג פון כללים, מוזען נויטוועגדיגערווייז באנייען די הערשאפט פון פּאָזיטיווער רעליגיאָן, ווייל דער סענסואליזם, וועמעס פּרינציפּען פון פילאָזאָפיע און קונסט זיינען איר דערווידער, האָט די רעליגיאָן באקעמפפט אלס פיינד. און אזוי פּאסירט עס אז זי שטעלט זיך אין איר בוך איבער דייטשלאנד אויף דער זייט פון יענער ליידענ־שאפטליכער און אונגערעכטער, אָפט פיינליך באשרענקטער רע־אקציע געגען דאָס גייסטיגע פרייהייטס־שטרעבען פון 18טען יאָר־הונדערט, וועלכע האָט אין דערזעלבער צייט אויסגעבראָכען אויף דער אנדערער זייט פון דעם רהיין און האָט געדארפט איר העכ־סטע קראפט דערגרייכען אויפ'ן באָדען פון פראנקרייך גופא.

## 14

# באַראַנט.

מאַדאַם דע סטאַל'ס בוך „איבער דייטשלאַנד" איז געווען א בליק געוואָרפען אין דער צוקונפט און אַריבער די גרעניצען פון פראַנקרייך; עס האָט אין איינציגע פּרטים פאָראויסגעזאָגט דעם כאַראַקטער פון דער אויפוואַקסענדער ליטעראַטור פון 19טען יאָר־הונדערט. אָבער די גרופּע שרייבער, צו וועלכע די פאַרפאַסע־רין האָט געהערט, וואָלט ניט געווען דערפילט איר אויפגאַבע איג־גאַנצען, ווען זי זאָל ניט געווען פאַרענדיגען מיט אַן אומפּאַסענדען איבערבליק אויף צוריק איבער דעם גייסטיגען לעבען פון דעם 18טען יאָרהונדערט.

דיזען איבערבליק האָט אין דערזעלבער צייט (1809) געגעבען באַראַנט אין זיין מערקווירדיגען בוך „איבער דער פראַנצויזישער ליטעראַטור אין 18טען יאָרהונדערט."

פּראָספּער דע באַראַנט, געבאָרען אין 1782 אין אָווערני, אין אַן אַלטער און פאָרנעהמער ביוראָקראַטישער פאַמיליע, איז דער איינציגער שריפטשטעלער פון דיזער גרופּע, וואָס קען ניט באַ־צייכענט ווערען אַלס עמיגראַנט; וואָרום ער האָט אָנגעהאַלטען א רעגירונגס־אַמט אין לאַוועגדעי אַלס פּרעפעקט.

אָבער זיין בוך האָט פונדעסטוועגען פאָלשטענדיג דעם שטעמ־פּעל פון דער עמיגראַנטען־ליטעראַטור, און דאָס איז קיין וואונ־דער ניט. ער האָט געלעבט אויסערהאַלב פּאַריז, ער האָט פּיעל פאַרקערט מיט די פאַרטריבענע, באַזונדערס מיט מאַדאַם דע סטאַל, און די רעגירונג האָט געקוקט קרום אויף זיינע צו אָפטע וויזיטען אין קאָפּפּעי. ער האָט אויך געטיילט איר ליבע פאַר פרעמדער,

באזונדערס דייטשער ליטעראַטור, וועלכע איז געווען אפּיקורסות אונטער דער אימפּעריע, און האָט שפּעטער איבערזעצט שילער׳ס געזאַמעלטע דראַמען. אין דער צייט פון דער רעסטוראַציאָן האָט ער געקראָגען אַלס מיטגליד פון דער מעסיג־ליבעראַלער פּאַרטיי פּאָליטישען איינפלוס.

זיין ווערק איבער פראַנקרייך אין 18טען יאָרהונדערט מיט וועלכען ער איז, אין עלטער פון זיבען־און־צוואַנציג יאָר אויפ־געטראָטען אין דער ליטעראַטור, ווייזט אַרויס אַ צייטיגקייט און מעסיגקייט וואָס זיינען ביי אַזאַ יונגען דיכטער אַן איבערראַשונג, וועלכע ערקלערען זיך אָבער טיילווייז דורך אַ געוויסען מאַנגעל אין פייערינגען כאַראַקטער, און טיילווייז אַלס אָפיציעלע פּערזאָן. אין אַלע ביכער, וועלכע מיר האָבען באַטראַכט, איז געלעגען איינגע־שלאָסען אַן אורטייל איבערן 18טען יאָרהונדערט, אָבער אין דיזען ווערק געפינען מיר די ערשטע אומפּאַסענדע איבערזיכט און אָב־שאַצונג איבער אים. די איבערזיכט אין קורץ־געפאַסט, אָבער אויסגעצייכענט, די אויפפאַסונג פילאָזאָפיש באַגרינדעט, די דאַר־שטעלונג קלאָר און אָהן פאָראורטיילען, אָבער די אָבשאַצונג אַליין איז דאָך פעלערהאַפט, באַשרענקט פון יענע גרענעצען וועלכע די עמיגראַנטען־ליטעראַטור האָט קיין איין מאָל ניט באַוויזען אַריבער־צוטרעטען. דיזע אָברעכנונג מיט׳ן 18טען יאָרהונדערט, אין וועל־כער דער נייער דור זאָגט זיך אינגאַנצען אָב פון דעם אַלטען, איז ניט אַזוי אונפּאַרטייאיש ווי אָהן ליידענשאַפט. באַראַנט האָט טאַקע דעם ערליכען ווילען—צו אורטיילען אונפּאַרטייאיש, אָבער זיינע פעהיגקייטען זיינען ניט אַזוי אונבאַשרענקט ווי זיין ווי־לען: זיין גאַנצע ענטוויקלונג ווערט, אונבאַוואוסט פאַר אים אַליין, געטראָגען פון דער רעאַקציע געגען דעם יאָרהונדערט, וועמעס וועזען ער וויל ערקלערען אַלס צושויער און דענקער.

באַראַנט׳ס שטאַנדפּונקט איז אַ פרוכטבאַרער און איז אין יענער צייט געווען אָריגינעל. ער הערט פון אַלע זייטען באַ־הויפּטונגען, אַז די שריפטשטעלער פון 18טען יאָרהונדערט זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר די איבערקערענישען וועלכע האָבען צום שלוס פון דעם יאָרהונדערט אויפגעטרייסעלט פראַנקרייך ביז׳ן יסוד און ער געפינט אַז דיזע באַהויפּטונגען האָבען ניט קיין

גרונד. זיי טוען, שיינט אים, יענע שריפטשטעלער א גרויס אומ־רעכט, ווייל זיי גיבען זיי צו א צו גרויסע באדייטונג. ווען די געביידע זאָל ניט געווען האלטען ביים איינפאלען, וואָלט א בלאָז פון דער ליטעראטור ניט געקענט זי אומוואַרפען. אין איין צייט מיט נאַדיע און מאדאם דע׳ סטאל שטעלט ער אויף פאָלגענדען זאַץ און ערקלערט אים: די ליטעראטור איז אַן אויסדרוק פון דעם צושטאנד פון דער געזעלשאפט — און ניט זיין אורשפרונג. נאָך זיין מיינונג נאָך האָט דער זיבען־יעריגער קריג געהאט א סך מער צו טאָן מיט דער אָבשוואכונג פון דער אויטאָריטעט אין פראנקרייך ווי די ענציקלאָפּעדיע. און די רעליגיאָנסלאָזיגקייט וואָס האָט געהערשט אין הויף פון דעם אלטען לואי דעם 14טען בשעת ער האָט אויפ׳ן גרויזאמסטען אויפ׳ן פארפאָלגט די פראָטעס־טאנטען און די יאַנסעניסטען האָט א סך שטארקער אונטערגע־גראָבען דעם רעספּעקט פאר דער רעליגיאָן ווי די אטאקען און די שפּאָטערייען פון די פילאָזאָפען. ער וויל דער ליטעראטור פון דעם פארגאנגענעם יאָרהונדערט ניט צושרייבען קיין שום פאר־דינסטען, ער באטראכט זי נאָר אלס „סימפּטאָם פון דער אלגע־מיינער קראנקהייט.״ מיט פילאָזאָפישער שארפקייט פאָרשט ער נאָך די ערשטע אורזאכען פון דעם צוזאמענברוך פון דער מאָנאר־כיע. און ער געפינט זיי אין די נאָכוועהענישען פון דעם קאמפף צווישען מאזאָרען און פראָנד. געשטיקט פון דער אייזערנער האנד פון רישעליו האָבען די פירשטען, דער אדעל, די בעאמטע, אלע גרויסע, זיך געווענדט צו דער גרויסער באפעלקערונג נאָך הילף און דורכדעם האָבען זיי אלע ביסלעכווייז פארלאָרען אין ווערט און אָנזעהן. בלויז די אויטאָריטעט פון דעם קעניג איז געבלי־בען אונבארירט. די כוואליעס פון דער אָפּאָזיציע האָבען זיך גע־קייקעלט ביז צו די פיס פון דעם טראָן, דאָרט אָבער האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט אין דורך דער ערשטער העלפט פון לואי דעם 14טענס רעגירונגס־צייט איז דער טראָן געשטאנען נאָך אין גרע־סערער איינזאמער מאיעסטעטישקייט ווי געוויינליך; רישעליו׳ס אויפגאבע איז געווען דערפילט: יעדע אויטאָריטעט אין לאנד, מיט דער אויסנאהם פון רער קרוין, איז געווען פארניכטעט. עס האָט נאָר איצט געדארפט די איינציג איבערגעבליבענע אויטאָרי־

טעט אומגעוואָרפען ווערען כדי צו בארויבען פון רעספעקט יעדע הערשאַפט אין לאַנד, און דאָס איז געשעהען איבערגענוג אונטער דעם יאָמערליכען אַלטען לואי דעם 14טען, אונטער דער פרעכער און נארישער רעגירונג פון דער רעגענטשאַפט און לואי דעם 15טען.

די פילאָזאָפיע פון 18טען יאָרהונדערט איז אַלזאָ נאָך באַראנט'ס אויפפאַסונג געווען ניט די באוואוסטזיניגע אַרבייט פון דעם יחיד, נאָר אַן אוניווערזאַלע גייסטיגע ריכטונג אין פאָלק; זי איז אזוי צו זאָגען געשריבען געוואָרען אונטערן דיקטאַט פון פאָלק. אָבער דורכדעם האָט זי ניט צוגעקראָגען אין ווערט; פאַר באַראנט'ן איז עס קלאָר אַז איר אַרבייט איז באשטאַנען נאָר אין דעם, אומצעווארפען אויף א לייכטזיניגען און אונגערעכטען אופן א ליכטזיניגע און אונגערעכטע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג. אָבער דאָס וואָס איז געשעהן האָט געמוזט געשעהן. א פעסטער גלויבען אין היסטאָרישע געזעצען — דאָס איז דער קערן אין באַראנט'ס בוך. „דער מענשליכער גייסט, זאָגט ער, שיינט צו זיין אבסאָלוט באשטימט דערצו, דורכצומאַכען א באשטימטען פאָרגעשריבענעם וועג, אזוי ווי די שטערען.״ ער וויים אַז צו אַלע צייטען איז פאראַן א נויטוועגדיגע פאַרבינדונג צווישען דער ליטעראַטור און דעם געזעלשאַפטליכען צושטאַנד. מאַנכעסמאָל איז די דאָזיגע פאַרהעלטניס טונקעל, און זי מוז מיט שאַרפזין נאָכגעשפירט ווערען, אָבער דיזע שייכות איז אין דער ליטעראַטור פון 18טען יאָרהונדערט אזוי דירעקט און אזוי קלאָר, אַז מען דאַרף גאָרניט האָבען קיין פיינע בעאָבאַכטונג אום זי צו אונטערשיידען.

די אורזאַכע דערפון געפינט ער צוערשט אין דער פאַרהעלטניש פון די שריפטשטעלער צום פובליקום; אין פריהערע צייטען איז זייער צאָל געווען קליין; דין צושפרייט איבער גאַנץ אייראָפּא, האָבען זיי געשריבען אין א טויטער שפּראַך; קיין געזעלשאַפט איז דעמאָלט ניט געווען, און דער געשפּרעך איז נאָך ניט געוואָרען קיין מאַכט; זיי האָבען ניט געאַרבייט פאַר א געזעלשאַפט, נאָר איינער פאַר'ן אַנדערען און דערפאַר זיינען זיי פון דער געזעלשאַפט באטראַכט געוואָרען אַלס פעדאַנטען. דאַן האָט זיך אָנגעהויבען פאַרשפרייטען בילדונג און אויפקלערונג ביי די העכסטע קלאַסען און די שריפטשטעלער זיינען אריינגעטראָטען

מיט זיי אין פאַרבינדונג; זיי האָבען געשריבען פאַר פירשטען, הויפלייט, פאַר יענעם קליינעם קרייז, וואָס האָט ניט געדאַרפט אַר־בייטען. אין דער צייט פון לואי דעם 14טען האָבען די שריפט־שטעלער געזוכט צו געפעלען דיזען קרייז און האָבען זיך געפיהלט געשמייכעלט פון זיין בייפאַל. ביסלעכווייז האָט די ציוויליזאַציאָן אַזוי ווייט פאָרגעשריטען, אַז עס האָט זיך געבילדעט אַ ווירקליכער פּובליקום פאַר ליטעראַטור, אַ פּובליקום וואָס האָט די שריפטשטע־לער אונאָבהענגיג געמאַכט פון די מעכטיגע. פרידריך דער גרוי־סער, וואָס האָט וואָלטעיר'ן גערופען אין זיין הויף, אום צו דער־הויבען דעם גלאַנץ פון פּרייסען, האָט אים ניט באַהאַנדעלט מיט יענער גאוה, מיט וועלכער לואי דער 14טער האָט זיך באַצויגען צו מאָליער'ן, און האָט אים געשיינט צו שטעלען ביי זיין זייט אַלס גלייכען; די העכסטע פּאָליטישע מאַכט און די גרעסטע גייסטיגע קראַפט פון יענער צייט זיינען געשטאַנען איין אויגענ־בליק אויף אַ גלייכער שטופע און קיינער האָט ניט געזעהן נאָהענט די צייט ווען דיזע ביידע מעכטע זאָלען זיך ערקלערען קריג. אויך אין דער לעצטער העלפט פון דעם אכצענטען יאָרהונדערט זיינען די שריפטשטעלער געשטאַנען אין פאָלשטענדיגער פאַרבינדונג מיט דער גאַנצער ברייטער געזעלשאַפט.

אין אַלטערטום איז אַ פילאָזאָף געווען אַ שטרענגער און סיס־טעמאַטישער דענקער וועלכער האָט אַנטוויקעלט אַ גאַנצע לערע און איז געבליבען גלייכגילטיג צו דעם בייפאַל וואָס מען האָט אים געצאָלט. איצטער האָט דאָס וואָרט פאַרלאָרען זיין פריהעריגע באַדייטונג. דער פילאָזאָף איז מער ניט געווען קיין איינזאַמער דענקער נאָר אַ וועלט־מענש, וועלכער האָט נאָך מער גערעדט ווי געשריבען אָדער געלערענט, וועלכער האָט שטענדיג געזוכט צו גע־פעלען זיין אומגעבונג און געווינען איר בייפאַל, און דאָס האָט ער געקענט דערגרייכען נאָר ווען ער האָט זיך געמאַכט פאַר זייער פירשפּרעכער.

ווי שטאַרק דער גייסט פון דער צייט האָט באַהערשט די איינצעלנע שריפטשטעלער, זעהט באַראַנט אין דעם פאַקט וואָס אַזעלכע אויטאָרען ווי אַבבעי דע מאָבלי, וועלכער האָט געהאַט די שאַרפסטע אַנטיפּאַטיע צו די פילאָזאָפען פון דער הערשענדער שולע,

זיינען דאָך גלייך צו די וועמען זיי ווילען באַקעמפּפען און קומען אויף אַנדערע וועגען צו די זעלבע רעזולטאַטען. און די ערקלע־רונג דערפון וואָס דאָס פּובליקום האָט אָבגערוקט אָן אַ זייט אַלע היסטאָרישע טראַדיציעס, אַלע נאַציאָנאַלע עראינערונגען אום נאָכ־צופאָלגען די אויסגעקליגעלטע אידעאַלען פון די שריפטשטעלער, געפינט ער אין דער קלאַסישער ערציהונג פון די העכערע שיכטען פון דער געזעלשאַפט. אין דער שולע האָט דאָס קינד זיך אויס־געלערענט שטאַמלען די נעמען פון עפּאַמינאַנדאָס און לעאָנידאַס אַ סך פריהער איידער עס האָט געהערט די נעמען פון באַיארד און דוגעסקלען; דער אינגעל האָט געקענט באַוואונדערען דעם טראָיאַנישען קריג, אָבער צו באַוואונדערען די קרייצצוגען — דאָס האָט מען קיינמאָל ניט געהערט. דאָס רוימישע רעכט און אַלע זיינע גרונד־געזעצען וואָס שטאַמען אַרוים פון אַבסאָלוטער מאַכט האָבען ביסלעכווייז פאַרדרענגט יענע גערמאַנישע געזעצען, וועל־כע זיינען אַנטשטאַנען פון דעם לעבען פון אַ פרייען פאָלק. וואָס איז אַלזאָ דער וואונדער וואָס ווען די שריפטשטעלער האָבען זיי־ערע טעמען גענומען פון אַלטערטום און זיך באַגייסטערט פון העלאַס און רוים, האָבען זיי געפונען ווילינגע אויערען אין דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט! וואָס איז דער וואונדער וואָס אין ליטעראַטור איז די נאַציאָנאַלע טראַדיציע פאַראַכטעט און אונ־טערבראָכען געוואָרען!

אַרויפלעגענדיג אויף אַזאַ אופן אויף דער גאַנצער געזעלשאַפט די שולד פאַר די טעות'ן פון דער ליטעראַטור פון אַכצענטען יאָהר־הונדערט — און אַלע אירע אויפטואונגען זיינען אין זיינע אויגען געוועזן טעות'ן — האָט באַראַנט אָוועקגעלעגט פאַר זיך די גרונד־לאַגע פאַר אַ רוהיגער אָבשעצונג פון די איינצעלנע שרייבער. זיי־נע אורטיילען זאַמלען צונויף אַזוי ווי אין אַ ברענפּונקט די אַלע אַנזיכטען וואָס זיינען צושפּרייט אין דער עמיגראַנטען־ליטעראַטור.

װ ו אָ ל ט ע י ר ' ן, וועגען וועמעס רוהם עס איז נאָך זיין טויט געפירט געוואָרען פּונקט אַזאַ היציגער קאַמפּף ווי אַרום פּאַטראָקליוס'עס לייכע, כאַראַקטעריזירט ער קאַלט אָבער אָהן האַס און צאָרן. ער באַוואונדערט וואָלטעיר'ס נאַטור באַגאַבטקייטען, דאָס לייכט־באַוועגליכע שטירמישע געפיהלס־לעבען, וואָס האָט

באַשאַפען זיין פּאַטאָס, די אונווידערשטעהליכע קראַפט פון זיין שפּראַך און זיין וויץ מיט דעם באַזונדערען פּראַכט וואָס שטראַמט אַרויס פון יענער לייכטקייט מיט וועלכער ער דריקט אויס זיינע געדאַנקען. אָבער ער געפינט אַז אויסנוצענדיג זיין טאַלאַנט האָט זיך וואָלטעיר שטענדיג געלייטעט לויט דער שטרעמונג פון זיין צייט, כדי צו געפעלען און האָבען ערפאָלג. ענדליך באַדויערט ער טיף זיין נייגונג צו ציניִשען שפּאַט, וועלכע האָט ניט פאַרלאָזען וואָלטעיר'ן אפילו אויף דער עלטער. און דאָס אַלעס. פאַר דאָס גרויסע און דאָס אמת'ע אין וואָלטעיר'ס לעבענס־קאַמפּף האָט ער ניט קיין בליק און ניט קיין וואָרט. ער וויל וואָלטעיר'ן ערקלערען קריטיש און לאָזט פון זיין זעלע פאַרשווינדען די ענטריסטונג, וואָס איז געוועזען זיין לעבענס־נערוו; ער שילדערט די פאַרפאָל־גונגען וואָס זיינען געגען אים אַנגעווענדעט געוואָרען אַלס דומ־הייטען, אָבער ער שטעמפּעלט זיי ניט אַלס שלעכטע האַנדלונגען; ער אַנטשולדיגט ענדליך — ניט די פלעקען אויף וואָלטעיר'ס גרויסקייט, נאָר אין אַ געוויסער מאָס די דאָזיגע גרויסקייט אַליין; און ער גלויבט ווירקליך אַז ער איז אונפּאַרטייאיש ווייל ער ענט־שולדיגט.

מ אָ נ ט ע ס ק י ו אַליין גיט באַראַנט אַ וואַרעמע און לעבעדי־גע אַנערקענונג פון אַלע גדולים פון אַכצענטען יאָרהונדערט. און דאָס איז נאַטירליך, וואָרום אין מאָנטעסקיו האָט ער געפונען עט־וואָס פון זיין אייגענעם וועזען. מאָנטעסקיו איז ניט געוועזען קיין געוויינליכער שרייבער, וואָס האָט געקענט שרייבען וואָס אים איז געקומען אויף דער פּען, ער איז געוועזען, אַזוי ווי באַראַנט, אַ בעאַמטער, זאָגאַר אַ הויכגעשטעלטער, באַדייטענדער יוריסט, וועל־כער האָט שטענדיג געדאַרפט נעהמען אין באַטראַכט זיין ווערדע, און די באַדייטונג, וואָס זיין ביישפּיל קען האָבען. „פּרעזידענט מאָנטעסקיו — שרייבט באַראַנט — איז ניט באַזעסען יענע אונ־אָבהענגיגקייט, וועלכע די שריפטשטעלער שעצען אַזוי הויך, און וועלכע איז פיליכט שעדליך פאַר זייער טאַלאַנט און כאַראַקטער.״ מען פיהלט אין דיזען גוט געזאָגטען פּאַראַדאָקס דעם פאָרזיכטיגען פאַרזוך פון דעם קייזערליכען בעאַמטען, וואָס האָט צו דערזעלבער צייט פיינד נאַפּאָלעאָנען, זיך צו פאַרטיידיגען. אָבער מיט רעכט

שטעלט דאך באראנט מאנטעסקיו זעהר הויך. געוויס האבען אנ־דערע שריפטשטעלער פון יענער צייט געהאט מער גייסט; אבער מאנטעסקיו'ס גענויע קענטניש פון פראקטישען לעבען, פון פאר־וואלטונג און רעגירונג, האבען אים געגעבען אן איינזיכט וואס האט אנדערע געפעלט און א מאס וואס איז גראד צום אנפאנג פון דעם 19טען יארהונדערט געווען פון גרעסטען ווערט. דערי־בער לויבט באראנט אין מאנטעסקיו א סך זאכען וואס ער קריטי־קירט אין אנדערע. ער פאדערט אויף זיינע לעזער צו פארגלייכען מאנטעסקיו'ס ווערק איבער דעם גייסט פון די געזעצען מיט אן עלטערער שריפט פון דאמאט וועגען זעלבען ענין אום צו זעהן וואס פאר א פארשריט די וויסענשאפט האט געמאכט א דאנק מאנ־טעסקיו, וועלכער האט באוויזען, ניט פארווארפענדיג דעם רעס־פעקט פאר רעליגיאן, צו באטראכטען זי אלס פון צווייטער וויכ־טיגקייט.

ד י ד ע ר א איז יענער פון די גרויסע שריפטשטעלער וועגען וועלכען באראנט ווייזט ארויס די גרעסטע אונפארשטענדניש; זיין אורטייל איבער אים איז א זעהר באשרענקטער. דאס אי־בעראיילטע און גוואלטזאמע אין דיזען שריפטשטעלער פארבארגט פאר זיין בליק זיין זשעניאליטעט. א זשעני, וועמעס אונגעצאמט־קייט עראינערט אפטמאל אן א נאטור־קראפט, האט געקענט פון באראנט'ן פונקט אזוי ווייניג אבגעשעצט ווערען ווי פון דעם גאנצען אנגעשראקענעם און געטוישטען דור צו וועלכען ער האט געהערט. דידערא האט געדארפט בעסער געפעלען ווערען די דייטשען, וואס האבען ניט געהאט קיין מאראלישע פאראורטיילען, ווי זיינע אייגענע, איבערעמפפינדליכע לאנדסלייט. געטהע אליין האט איבערזעצט זיין "Le neveu Rameau" און העגעל האט עס באהאנדעלט אין זיין „פענאמענאלאגיע דעם גייס־טעס"; אבער באראנט, וועלכער קריטיקירט ליידענשאפטליך די־דערא'ס אונאויפהערליכע, אונבאגרינדעטע אטאקען אויף דער רע־ליגיאן, ברענגט זיין כאראקטעריסטיק אין פאלגענדע ווערטער: „זיין אינוועניגסטער איך איז געווען פייעריג און אונגעצאמט. אבער זיין גייסט איז געווען א פייער אהן נאהרונג, און זיין טא־לענט, פון וועלכען ער האט געוויזען א י י נ י ג ע ש ט ר א ל ע ן,

איז קיינמאָל ניט אָנגעווענדט געוואָרען אינגאַנצען." עס איז גע־ווען ניט מער ווי נאַטירליך אַז דער אַם מערסטען נאַטוראַליסטי־שער שריפטשטעלער פון אַכצענטען יאָרהונדערט זאָל אַם וועניג־סטען געשעצט ווערען פון די יונגע אידעאַליסטען.

ר ו ס אָ, דער לעצטער פון די שרייבער פון 18טען יאָר־הונדערט, וואָס זיינען גערופען געוואָרען צום משפט פאַר'ן 19טען יאָרהונדערט, האָט געהאַט עטוואָס אין זיין ווערען, וואָס האָט נויט־ווענדיגערווייז געמוזט בּאַראַנט'ן צוציהען. ער איז געווען דער איינציגער סענטימענטאַלער צווישען זיי, און דער נייער יאָרהונ־דערט האָט אָנגעהויבען מיט סענטימענטאַליטעט. ער איז, ענד־ליך, געווען דער איינזאַמסטער צווישען זיי און דאָס נייע יאָר־הונדערט האָט געשעצט אַזעלכע איינזאַמע פּערזענליכקייטען. ער איז געשטאַנען פון ווייטענס פון די פילאָזאָפען און ענציקלאָפּע־דיסטען. אַן אונגליקליכעס און איינזאַמעס לעבען האָט ארויפגע־לעגט אַ באַזונדער שטעמפּעל אויף זיין כאַראַקטער. אָהן פאַמי־ליע, אָהן פריינד, אָהן שטאַנד, אָהן פאַטערלאַנד איז ער אריינגע־טראָטען אין לעבען, און ווען ער איז געוואָרען אַ שריפטשטעלער האָט ער גענומען אורטיילען די געזעלשאַפט אַנטשטאַט זי חנפ'ען. ער האָט געזוכט ניט צו געפעלען דער הערשענדער מיינונג, נאָר צו בילדען אַ נייע. דאָס איז אים געלונגען, און בשעת אַנדערע שרייבער זיינען געפעלען, האָט ער באַשאַפען אַ בענקענדע שטי־מונג. דאָס האָט געדאַרפט בּאַראַנט'ן געפעלען. אָבער מען דאַרף נאָר פאַרגלייכען זיין מיינונג וועגען רוסאָ מיט די, וועלכע מאַדאַם דע סטאַל האָט ארויסגעזאָגט וועגען רוסאָ'ס טעטיגקייט אין אַ בוך ארויסגעגעבען מיט צוואַנציג יאָר פריהער, אום צו פאַרשטעהן ווי שטאַרק עס האָט זיך אַ רוק געטאָן פאַראויס די רעאַקציע געגען דעם גייסט פון דעם פאַרלאָפענעם יאָרהונדערט. אויב ער שטעלט זיך אָב לאַנג אויף די אומרייניגע זייטען פון רוסאָ'ס לעבען און די שלעכטע אייגענשאַפטען פון זיין כאַראַקטער, איז עס אַן און פיר זיך גאַנץ בּארעכטיגט, און זיין שילדערונג איז אין דעם פּרט נאָר דער נאַטירליכער געגענגעוויכט צו מאַדאַם דע סטאַל'ס וואַרימער פאַרטיידיגונג. זיין שטרענגער אורטייל איבער רוסאָ'ס פּאָליטישע טעאָריעס זיינען גאַנץ אַנדערש קריטיש דורכגעטראַכט און רייף,

ווי מאַדאַם דע סטאַל׳ס ווייבליך־באַשרענקטער פאַרזוך זיי גוטצו־הייסען. אָבער אין דער אָבשעצונג פון רוסאָ׳ס רעליגיעז־רעפאָר־מאַטאָרישער טעטיגקייט בלייבט באַראַנט ווייט הינטערשטעליג צו מאַדאַם דע סטאַל. זיין הויפּט איינוועגדונג געגען רוסאָ׳ס אַזוי גערופענער נאַטור־רעליגיאָן איז וואָס זי איז אַ רעליגיאָן אָהן אַ קולט, אָהן פאָרמען פון גאָטעסדינסט. „דאָס דאַרף אונז ניט אי־בערראַשען ביי רוסאָ — זאָגט ער — וואָרום צו אַ מאָראַל אָהן פּראַקטיציראונג פאַסט אַ רעליגיאָן אָהן אַ קולט.” אויף אַזאַ אופן ברענגען די קאָנסערוואַטיווע אַנשויאונגען פון דעם קריטיקער, וואָס איז זאָנסט אין רעליגיעזע פראַגען ליבעראַל, צו פאַרטיידיגען אפילו די קירכליכע צערעמאָניעס געגען רוסאָ.

די אורזאַכע פון אָט די אַלע באַשרענקטע און אונגערעכטע אורטיילען ביי באַראַנט׳ן איז דיזעלבע וואָס באַשאַפט שפּעטער, אין דער צייט פון דער רעסטויראַציאָן און דער יולי־אימפּעריע, אַזוי פיעל פאַלשעס און פאַרקערטעס ביי אַנדערע ליבעראַלע שריפטשטעלער: די ספּיריטואַליסטישע פילאָזאָפיע, וועלכע באַ־ווייזט זיך דאָ צום ערשטען מאָל אין פראַנקרייך און ווערט נאָך אַ געוויסען קאַמפּף דערהויבען צו דער הערשענדער לערע, און אונטער קוזען און זיין שולע ווערט זי אפילו די שטאַטס־פילאָזאָ־פיע. ווען דיזע פילאָזאָפיע זאָל זיך געווען באַנוגענען מיט ענט־וויקלען אירע פּרינציפּען אַזוי קלאָר און דייטליך ווי מעגליך, וואָלט זי געוועזען אַ פילאָזאָפיע אַזוי ווי יעדע אַנדערע, און וואָלט אַרויס־גערופען נעגען זיך בלויז ווידערשפּרוך אָבער ניט ווידערווילען. אָבער עס האָבען זיך געצייגט אין דיזער פילאָזאָפיע פון אָנפאַנג אָן, דאָ אַזוי גוט ווי אין אַלע אַנדערע לענדער וואו זי איז אויפ־געקומען, טענדענצען פון אַ כאַראַקטער וואָס איז געווען אונווי־סענשאַפטליך און האָט קיין גוטס ניט פאַרשפּראָכען. זי האָט וועי־ניגער געזוכט צו באַווייזען אירע באַהויפּטונגען ווי אַרויסצושטע־לען איר מאָראַלישען און רעליגיעזען אינהאַלט. זי האָט אַ סך וועניגער געזאָרגט צו ווידערלעגען אירע געגנער ווי אָבצולייקענען ביי זיי זייער חוש פאַר דאָס איידעלע, זייער פעהיגקייט זיך צו דערהויבען צו גייסטיגער הויך, זייער געפיהל פאַר פליכט און באַ־גייסטערונג.

ביי מאדאם דע סטאל איז די מורא פאר'ן סענסואַליזם גע־וועזן צוליב זייטיגע אומשטענדען. דיזע הויך־הערציגע פרוי, וועל־כע איז ביי איר גאַנצער ליבע פאר'ן אמת געבליבען שטענדיג נאָר א דעליטאַנטין אין דער פילאָזאָפיע, האָט מורא געהאַט, נאַאיוו גענוג, אַז די סענסואַליסטישע פסיכאָלאָגיע וועט דערשטיקען יע־דען שטרעבען פון ווידערשטאַנד צו נאַפּאָלעאָנ'ס דעספּאָטיע, און אוים ליבע צו פרייהייט זוכט זי צו קעמפּפען געגען דיזער לערע. באַראַנט, אַלס מאַן, האָט ניט איר ענטשולדיגונג. אויך פאַר אים זיינען דעקאַרט און לייבניץ ניט נאָר גרויסע דענקער, נאָר פאַר־טרעטער פון דעם ג ו ט ע ן פּרינציפּ אין דער מעטאַפּיזיק, פּונקט אַזוי ווי מאָראַלישע באַגריפען וואָלטען געקענט אָנגעווענדעט ווע־רען אין מעטאַפיזיק. „מענליך — זאָגט ער — אַז זיי האָבען אמאָל פאַרבלאָנדזעט אין טונקעלע נעגענדען, אָבער זיי זיינען וועניג־סטענס געגאַנגען אין אַן ערהאַבענער ריכטונג; זייערע לערען האָ־בען נעשטימט מיט די געדאַנקען, וועלכע באַוועגען אונז ווען מיר פאַרטראַכטען זיך טיף אין אונז זעלבסט, און דיזע וועגען האָבען נאַטירליכערוויז געפירט צו די א י ד ע ל ס ט ע וויסענשאַפטען, צו רעליגיאָן און מאָראַל.” און דאַן דערצעהלט ער ווי אַזוי די מענשהייט איז מיד געוואָרען נאָכגעהן נאָך זיי, ווי אַזוי זי האָט זיך אָוועקגעלאָזען אויף די וועגען פון לאָק און היום, און ער שטעלט עס ניט פאָר אַזוי ווי אַ געגענגעזעצטע, גלייכבאַרעכטיגטע איינ־זייטיגקייט, נאָר אַזוי ווי אַ ירידה פון דער מענשהייט, אַזוי ווי אַן אַראָבזינקונג פון דער וויסענשאַפט. ער געפינט עס פאָר גאַנץ נאַטירליך צו באַקעמפּפען ספּינאָזאַ'ן (וועלכען ער שטעלט אין איין רייה מיט האָבבס) ניט מיט אַרגומענטען, „נאָר מיט צאָרן.”

געגען די עמפּיריקער שטעלט ער אַרוים קאַנט'ס באַקאַנטע לערע, אַז די קאַטעגאָריען פון דעם פאַרשטאַנד זיינען אין דעם גאַנצען צוזאַמענשטעל פון אונזער גייסט און ענטוויקעלט דעם גע־דאַנק, אַז אַ נעוויסע רעליגיעזע נייגונג איז איינגעבאָרען אין אַלע פעלקער און אין אַלע צייטען. אומעדום, גלויבט ער, געפינט מען שטענדיג דעם גלויבען אין אַ לעבען נאָכ'ן טויט, עהרפורכט פאַר די געשטאָרבענע און די איבערצייגונג אַז דאָס לעבען איז פאָר זיי ניט צו ענדע, און ענדליך, אויך אַ גלויבען אַז די נאַטור איז איינ־

מאל באשאפען און וועט איינמאל אונטערגעהן. דאס זיינען פאר אים, ווי פאר בענזאשמין קאנסטאן, יענע פסיכאלאגישע עלעמענטען, וועלכע בילדען דעם פעסטען פונדאמענט פון אלע רעליגיאנען. אז דיזע לאזען זיך צוריקפירען צו נאך איינפאכערע עלעמענטען, וועלכע געפינען זיך אויך אויסערהאלב דער רעליגיאן, דאס פארשטעהט ער ניט. ווארום ער ווייס ניט פון דער פרייער פארשונג און ער רופט עס אן א כבוד איבערצונעהמען „די באריהמטע ירושה פון דער ערהאבענער פילאזאפיע." און אויפ'ן זעלבען אופן קעמפפט ער היים געגען דעם פארזוך צו שטעלען די מאראל אויף אן עמפירישען יסוד. „אנשטאט ארויסצונעהן פון דעם געפיהל פון גערעכטיגקייט און סימפאטיע, וואס לעבט אין הארצען פון אלע מענשען, וויל מען די מאראל באגרינדען אויף דעם טריב צו זעלבסט־ערהאלטונג און אייגענעם וואוילזיין." ער פארשטעהט ניט, ווי עס זעהט אויס, דעם טיפען פילאזאפישען אינסטינקט, וואס האט באוואויגען די דענקער פון דער נענענגעזעצטער שולע פאנאנדערצונעהמען די אידעע פון גערעכטיגקייט אויף אירע גרונד־עלעמענטען און ווייזען ווי אזוי זיי באווייזען זיך און ווערען. ער היצט זיך נאר איבער דעם, וואס אויף דיזען וועג וואלט מען ניט געקענט קומען צו דער רעליגיאן פון אנטפלעקונג: „די געטליכע באווייזע דארויף האט דער אבערגלויבען פארווארפען."

דערזעלבער דענקער וואס לויבט מאנטעסקיו'ס „פערזישע בריף" און לויבט אים פארוואס ער האט באהאנדעלט די רעליגיאן אלס נעבענזאך, דערשרעקט זיך, אין דער צושפאלטענקייט פון זיין דור, איבער דעם פארזוך פון די עמפירישע פילאזאפען צו געפינען די גרונד־עלעמענטען, וועלכע האבען נעווירקט צו באשאפען די אידעע פון גערעכטיגקייט. אט אזוי זעהט מען שוין ביי באראנט'ן, ווי שוין אויבען אנגעוויזען, דאס אונפארשטענדיגע שפילען מיט דעם דאפעלטען זין אין דעם ווארט סענסואליזם, וועלכעס האט געדארפט אין פארלויף פון גאנצען יארהונדערט בלייבען א וואפען אין די הענד פון דער חניפה און דער נידערטרעכטיגקייט, און וועלכעס ווערט געברויכט אויף א פארמישטען אופן, דאס אלס נאמען פון דער באשטימטער לערע פון ערקענטניס (דורך

די חושים) און דאָס אַלס באַצייכנונג פאַר זינליכקייט, ד. ה. לוס־טינקייט, אָדער אַלס לערע, אַז די לוסט פון די חושים איז דער ציל פון לעבען. מען געפינט שוין ביי בראַנט, ווי שפּעטער שטענדיג ביי קוזען, יענעם אויבערפלעכליכען און אונוויסענשאַפטליכען ספּי־ריטואַליזם, וועלכער ענטוויקעלט זיך אין פראַנקרייך אין די ערש־טע יאָרצענטען פון דעם יאָרהונדערט און וועלכער ווערט באַטאַנט אַלס די פילאָזאָפיע וואָס ערמונטערט צו טוגענד און גוטע זיטען.

מאַדאַם דע סטאַל האָט געשריבען פאַר א דעמאָלטיגער צייי־טונג א רעצענזיע איבער בראַנט'ס בוך, וועלכע איז פאַרבאָטען געוואָרען פון צענזאָר צו דרוקען אָבער איז שפּעטער ערשינען אין אונפאַרענדערטער פאָרם. זי באַשטעהט נאָר פון דריי בלעטער, אָבער א קריטיקער וועט ניט דאַרפען קיין מער באַווייזע צו דער־קענען אַז די פאַרפאַסערין איז געווען א זשעני. צוערשט לויבט זי אין וואַרימע ווערטער בראַנט'ס פריהע רייפקייט און זעלטענע מעסיגקייט, און באַדויערט נאָר וואָס ער גיט זיך עפּטער ניט איבער איינגאַנצען צו זיינע איינדריקען און זי דערמאָנט אים אַז צוריקהאַלטונג ווייזט ניט אימער אויף שטאַרקייט. דאַן זעהט זי דורך א וואונדערליכער אינטואיציע דעם גייסטיגען שטעמפּעל פון דעם ווערענדען יאָרהונדערט אונטער די צופעליגע און אינדי־ווידועלע מעלות און חסרונות פון זיין בוך. אַלס רעזולטאַט פון דיזען בוך האָט זי, ווי עס שיינט, דערפיהלט מיט פּלוצלונגער אינטענסיוויטעט ווי טיף זי אַליין, מיט איר שאַפונגס־דורשטיגען און רעפאָרמאַטאָרישען גייסט, וואָרצעלט אין דעם פאַרלאָפענעם יאָרהונדערט מיט זיין גלויבען און פאָרשריט; ערשט דאָס דאָ־זיגע בוך, ווי עס זעהט אויס, האָט איר איבערצייגט, אַז דער אי־בערגאַנג צום נייעם יאָרהונדערט איז פאַרענדיגט און עס כאַפּט איר אַן א שרעק זעהענדיג די אונטערוואָרפענקייט צו דאָס עקזיסטי־רענדע, דעם פאַטאַליזם, דעם רעספּעקט פאַר יעדען געשעהענעם פאַקט, מיט וועלכע עס וועהט פון דעם דאָזיגען ווערק. זי שפּירט, אַז די אונטערטעניגקייט צום דרוק פון די אומשטענדען וועט ווע־רען איינע פון די כאַראַקטער־שטריכען פון דעם נייעם יאָרהונ־דערט, זי זעהט פאָראויס אַז זיין פילאָזאָפיע וועט צום גרויסען טייל באַשטעהן אין דעם צו באַווייזען אַז דאָס ווירקליכע איז

פארנינפטינ; מיט דעם שארפען בליק פון דעם זשעני דערקענט זי די צוויידייטיגקייט וואס דאס ווארט „ווירקליכע" וועט אנט־האלטען און פאר וואסערען אידעענלאזען קאנסערוואטיזם יענער זאץ וועט ווערען דער לאזונג. און זי ענדיגט איר רעצענזיע מיט פאלגענדע ווערטער, וועלכע טראגען דעם שטעמפעל פון פראפע־טישער חכמה:

„דאס 18טע יארהונדערט האט פראקלאמירט זיינע פרינ־ציפען אויף א צו פעסטגעשטעלטען אופן; פיליכט וועט דאס 19טע יארהונדערט ערקלערען די פאקטען מיט צו גרויסער אונ־טערטעניגקייט. דאס ערשטע האט געגלויבט אין דער נאטור פון זאכען, דאס צווייטע וועט גלויבען נאר אין די אומשטענדען. דאס ערשטע האט געוואלט האבען צו שאפען איבער דער צו־קונפט, דאס אנדערע וועט זיך אבגעבען בלויז מיט קענען לער־נען די מענשען. דער פארפאסער פון דעם בוך, פון וועלכען איך רעד, איז פיליכט דער ערשטער וואס האט אזוי שארף אנגענו־מען די פארב פון דעם נייעם יארהונדערט."

דיזע ערקלערונג איז פונקט אזוי געשיקט אין פארם ווי רייך אין אינהאלט. קיינער פון די אנדערע גייסטער, וועלכע זיינען געשטאנען נאהנט צו דיזער באדייטענדער פרוי, האט זיך ניט אזוי אנטשידען דערוויינטערט פון דעם פארפלאסענעם יארהונדערט ווי באראנט, וואס איז אויפגעטראטען דער לעצטער. די אנדערע האבען איינער נאכ'ן אנדערען פארלאזען די זינקענדע שיף פון 18טען יארהונדערט און זיינען ארויף אויף דער שיף פון „דעם 19טען יארהונדערט" און האבען זי ביסלעכווייז אנגעלאדען מיט די סחורות און קערנער, וועלכע זי האט געדארפט פירען. אבער נאך איז די שיף געשטאנען זייט ביי זייט מיט דער געזונקענער, וואס איז געוועזן פעסט צוגעבונדען צו איר. און באראנט איז עס גע־ווען דער יעניגער וואס האט איבערגעשניטען די שטריק און די שיף ארויסגעפירט אין ברייטען ים.

# שלום.

די גאַנצע ליטעראַרישע גרופּע, וועמעס פּאַנאַנדערוויקלונג און אויסבילדונג מיר האָבען דאָ נאָכגעפּאָלגט, שטעהט פאַר אונז אַזוי ווי אַ צוזאַמענגעוועבטעס גאַנצעס. אַ סך פעדים, וואָס קרייצען דורך איינע די אַנדערע, ציהען זיך פון איין ווערק צום אַנדערען, און אונזער שטודיום האָט נאָר דעם אינערליכען צוזאַמענהאַנג דייטליך און קלאָר געמאַכט, און ניט גענומען איינצעלהייטען און בכיוון צוזאַמענגעוועבט. עס דאַרף נאָר באַמערקט ווערען, אַז דיזע זאַמלונג פון שריפטען, דיזער קרייז פון שריפטשטעלער, שטעלט מיט זיך נאָר פאַר אַ גרופּע, ניט קיין שולע. ווארום אַ גרופּע אַנטשטעהט דורך דער נאַטירליכער און אונפרייוויליגער פאַרבינדונג פון מענשען און ווערק, וואָס האָבען אַ בשותפות'ע ריכטונג; אָבער אַ שולע ווערט געבילדעט ווען די שריפטשטעלער פאַראייניגען זיך באַוואוסטזיניג אונטער דער ליטונג פון אַ מער אָדער ווייניגער באַשטימטער איבערצייגונג.

די עמיגראַנטען־ליטעראַטור, אָבוואָל זי איז פראַנצויזיש, אַנטוויקעלט זיך אויסערהאַלב פראַנקרייך. כדי זי צו פאַרשטעהן מוזען מיר זיך אימער האַלטען פאַר די אויגען דעם קורצען אָבער גוואַלטיג שטורמישען משך צייט, אין וועלכער די אַלטע שטאַטס־אָרדנונג איז אויפגעלעזט געוואָרען, דער פּרינציפּ פון לעגיטימיטעט האָט געפּלאַצט, די הערשענדע קלאַסען זיינען אומגעוואָרפען געוואָרען צו דער ערד, און די פּאָזיטיווע רעליגיאָן איז אָבגעשליידערט געוואָרען אָן אַ זייט פון מענשען, וועלכע האָבען זיך גיכער באַפרייט פון איר יאָך דורך אַ פּאָלעמישער פילאָזאָפיע ווי דורך ריין וויסענשאַפטליכער בילדונג, און מיט זייערע אונערבאַרעמדיגע און

נים אימער ערליכע אטאקען האבען זיי אויפגערייצט אלע יענע, וועלכע האבען מער אדער ווייניגער קלאר געפיהלט די אונגערעכטיג־קייטען, וואס זיינען געריכטעט געוועזן געגען דער אלטער ארדנונג, וועמעס גייסטיגע און מאראלישע באדערפנישען, וועמעס גאנצער געפיהלס־לעבען האט נים געפונען קיין באפרידיגונג אין דעם נייעם צושטאנד. וואס אבסטראקטער און אונפראקטישער די אידעע פון הומאניטעט און פארשריט האט זיך ארויסגעוויזען, אלץ נעהנ־טער האט זיך אנגערוקט אן איבערקערעניש אין די סימפטהיען און שטימונגען. די איבערקערעניש איז געקומען, די רעוואלוציע האט זיך אנגעהויבען. איך האב געשילדערט ווי אזוי אין אנפאנג איז די רעאקציע געוועזן נאר א טיילווייזע, ווי אזוי די אידעען פון דער רעוואלוציע האבען זיך אהן אויפהער געפלאנטערט מיט די אי־דעען וואס האבען ארויסגערופען די רעאקציע נעגען וואלטעיר'ן, און מיר האבען געזעהן ווי אלע לייטענדע שריפטשטעלער האבען זייער אויסגאנגס־פונקט אין דעם 18טען יארהונדערט און ווי אפט זיי גיבען זיך איבער צו עראינערונגען און פיהלען א נייגונג צו־ריקצופאלען צו דער פארלאפענער צייט. זיי געהען אזוי צו זאגען אלע פון רוסא ארויס. דער ערשטער כאראקטער־שטריך איז נאר דער, וואס מען נעהמט אן רוסא'ס וואפען און מען ווענדט זי געגען זיין געגנער וואלטעיר. בלויז באראנט, דער אינגסטער פון אלע, מעג מיט אמת זאגען, אז ער האט זיך באפרייט פון יעדער פאר־וואנדשאפט מיט רוסא.

נאך דיזע שריפטשטעלער קומט אין פראנקרייך א נייער דור קאנסערוואטיווע שריפטשטעלער, וועלכע זיינען אויך צום גרעסטען טייל עמיגראנטען און הויבען אן צו פארטיידיגען די אונבאדינגטע, די פרינציפיעלע רעאקציע. די ווערק פון דיזע שרייבער, צוזאמען מיט באזונדערע ווערק פון אזעלכע שרייבער וואס זיינען שוין פריהער ארויסגעטראטען אויף דער סצענע, אלס פראגרעסיווע אין קינסטלערישער הינזיכט אבער רעאקציאנערע אין פראגען פון שטאט און קירכע, ווי שאטאבריאן, צ. ב. און צוזאמען מיט איי־ניגע רעאקציאנערע יוגענד־ווערק פון אזעלכע שרייבער וואס שפע־טער ווערען זיי ראדיקאל, ווי לאמארטען און וויקטאר הוגא — אט די אלע צוזאמען בילדען א גרופע, וואס האלט זיך אונבאדינגט

ביים אַלטען און וואָס איר הערשענדער געדאַנק איז — דער פּרינ־ציפּ פון אויטאָריטעט. צווישען זיי געפינען איך מענער ווי זשאָזעף דע מעיסטר, באָנאַל און לאַמעננעי.

אָבער אונטער'ן נאָמען עמיגראַנטען־ליטעראַטור האָב איך דאָ ארויסגעפירט און צונויפגעזאַמעלט די באַזונדערע ליטעראַרישע ווערק, אין וועלכע די רעאַקציע איז נאָך ניט געוואָרען אַ בלינדע אונטערטעניגקייט צו אויטאָריטעט, נאָר אַ נאַטירליכע און באַ־רעכטיגטע פּארטיידיגונג פון געפיהל, נשמה, ליידענשאַפט און פּאָ־עזיע, אין היפּך צו קאַלטער אינטעלעקטואַליטעט, אויסגערעכענטער פּינקטליכקייט און צו אַ ליטעראַטור וואָס איז צוזאַמענגעשנורע־וועט אין רעגעלען און טויטע טראַדיציעס, ווי עס איז געוועזען די ליטעראַטור וואָס האָט געפירט אַ מאַטען און בלוטלאָזען לעבען אויף פראַנקרייך'ס אייגענעם באָדען. די נאָכפאָלגענדע גרופּע, אַ ראַנק איר שטייפערען צוזאַמענשלוס אַרום אַן איינציגען געביטערישען פּרינציפּ, האָט נאַטירליכערוייז אַ שאַרפערען און שטרענגערען פּראָפיל. אָבער אין דער ערשטער גרופּע איז דערפאַר מער לעבען, מער שטימונג, מער וואַגענדע קראַפט.

די שרייבער און ווערק פון דער עמיגראַנטען־ליטעראַטור זיי־נען באַלויכטען אַזוי ווי פון אַ ציטערדיגער ליכט. דיזע פּערזענ־ליכקייטען שטעהען אין דער מאָרגען־גרויקייט פון דעם יאָרהונ־דערט. די ערשטע שטראַלען פון דער מאָרגען־זון פון דעם 19טען־יאָרהונדערט פאַלען אויף זיי און צערייסען לאַנגזאַם דעם שלייער פון אָססיאַנישען נעבעל און ווערטהערישער מעלאַנכאָליע, וואָס רינ־געלט זיי אַרום. מען פיהלט אַז זיי האָבען הינטער זיך אַ נאַכט מיט העסליכע, בלוטיגע סצענען; זיי זעהען אויס בלייך און ערנסט. נאָר זייער וועה איז פּאָעטיש, זייער מעלאַנכאָליע רופט אַרויס מיט־געפיהל, און מען שפּירט ברויזענדע קרעפטען אין די ליידענשאַפט־ליכע אויסברוכען, וועלכע פּאַראַטען נאָר זייער שמערץ איבער דעם וואָס זיי קענען ניט אָנפאַנגען זייער טאָג אַרבייט אַלס פּאָר־זעצונג פון דער אַרבייט פון דעם פאַרגאַנגענעם טאָג, נאָר זיי מוזען שטעהן אין צוויפעל איבער'ן פונדאַמענט, וואָס איז אַוועקגעלעגט געוואָרען דעם טאָג פריהער און מיט מיה צוזאַמענזוכען דאָס וואָס די צושטערונגען פון דער נאַכט האָבען איבערגעלאָזט.

די עמיגראנטען־ליטעראטור איז דעריבער א טיף־דורכגע־פיהלטע ליטעראטור.

שאטאבריאן איז דער ערשטער וואס ברעכט דורך דעם פארמאליזם מיט זיין שטורמישער ליידענשאפטליכקייט, און די קרעפטיגע, פארבענרייכע נאטור־מאלערייען פון זיינע עפיזאדען. אלץ גליהט דא און לייכט פון קאטוילישער אנטציקונג און סאטאני־שער עראטיק. אבער אין מיטען דעם פייער בלייבט שטעהן די מא־דערנע פערזענליכקייט, דער עגאאיסטיש איינזאמער זשעני, רענע, ווי א סטאטוע פון שטיין.

סעינאנקור ברענגט ארויס א ווערק, אין וועלכען עס גיסט זיך צוזאמען, אין א באזונדערס נשמה'דיגען אופן, מאדערנע פרייזינינקייט מיט ראמאנטישען בענקען, גערמאנישע סענטימענ־טאליטעט און מורא פאר דער ווירקליכקייט מיט לאטייניש׳ער פיינ־קייט פון חוש, א רעוואלוציאנערע שטרעבונג דורכצודרינגען יעדע פראגע ביז'ן גרונד מיט א פארצווייפלונג וואס טרוימט וועגען זעלבסטמארד.

נאדיע מישט־צו זיין שטימע צו דיזען כאר. פיין, בויגיג, פאנטאסטיש, פול מיט ליבע פאר ווידערשפרוך, אטאקירט ער נאפאלעאנ'ען און די גאנצע געזעלשאפטליכע ארדנונג, פאר־הערליכט קלאפשטאק'ן און דאס מאנאסטיר־לעבען; נאאיוו ווי א קינד און געלערנט ווי אן אלטער, זוכט ער מארטירערטום, כדי צו געניסען דעם פארגעניגען פון פיהלען זיך פארפאלגט און קענען אין איינזאמקייט שטודירען. שטענדיג פראגרעסירענדיג אליין, מאכט ער דעם גלויבען אין פראגרעס פאר'ן ציל־ברעט פון זיין שטענדיגער סאטירע.

קאנסטאן טרעט־אויף אלס פאליטיקער און דילעטאנ־טישער שריפטשטעלער, וועלכער איבערשטייגט זיינע מייסטער. זיין גייסט ווינט זיך ווי אן אומרוה צווישען דעם גייסטיגען לעבען פון צוויי דורות; פון נאטירליכער נייגונג איז ער א קינד פון 18טען־יארהונדערט, מיט זיין בילדונג און זיינע אבזיכטען גע־הערט ער צו דער עפאכע פון קאנסטיטוציעס און גרויסע וויסענ־שאפטליכע אנטדעקונגען. אין זיין איינציגען פאעטישען ווערק גיט ער זיין דור א מוסטער פון פסיכאלאגישער שילדערונג און אן אנ־

ווייזונג ווי אזוי אַ סך שטאַרקע געפיהלען און קרעפטען ווערען גע־אָפּפערט אויפ׳ן מזבח פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט.

אָבער ערשט אין מ א ד א ם ד ע ס ט א ל ווערט די עמיג־ראַנטען־ליטעראַטור רעכט באַוואוסטזיניג פון אירע שטרעבונגען און בעסטע טענדענצען. די געשטאַלט פון דיזער פרוי באהערשט די גאַנצע גרופּע. אין אירע שריפטען איז אויפגעזאַמעלט אַלץ וואָס איז איידעל און באַרעכטיגט אין דער עמיגראַנטען־ליטעראַטור: די רעאַקציאָנערע און רעוואָלוציאָנערע טענדענצען, וואָס ביי די איבריגע מיטגלידער פון דער גרופּע צושפּליטערען זייער פאַרשיידענאַרטיגע טעטיגקייט און שריפטשטעלערישע לייסטונגען, פאַראייניגען זיך ביי איר אין איין שטרעבונג, וואָס איז ניט רע־אַקציאָנער און ניט רעוואָלוציאָנער, נאָר ר ע פ א ר מ א ט א ר י ש. ווי די אַנדערע אַזוי נעהמט זי אויך רוסאָ אַלס איר אויסגאַנגס־פּונקט; ווי די אַנדערע אַזוי טרויערט זי אויך איבער די גוואַלד־טאַטען פון דער רעוואָלוציע, אָבער מער ווי יעדער אַנדערער ליבט זי די פּערזענליכע און פּאָליטישע פרייהייט. זי באַקעמפּפט די אבסאָלוטע מאַכט אין שטאַט און די היפּאָקריטסטוואָ אין דער געזעלשאַפט, די נאַציאָנאַלע גאווה און די רעליגיעזע פאָראורטיילען; זי פירט אריין קיין פראַנקרייך די באַקאַנטשאַפט מיט׳ן פאָלקס־גייסט פון די שכנ׳ישע לענדער און זייערע ליטעראַטורען, און רייסט ארונטער מיט אירע הענד יענע וואַנד פון זעלבסט־צופרידענ־קייט, מיט וועלכער דאָס זיגרייכע פראַנקרייך האָט זיך ארומגערינ־געלט. באראַנט מיט זיין באַשרייבונג פון פראַנקרייך אין 18טען־יאָרהונדערט זעצט נאָר פאָר און פאַרענדיגט איר ארבייט.

די ליטעראַטור אָן וועלכער מאַדאַם דע סטאַל שליסט זיך אָן אין די לעצטע יאָרען פון איר טעטיגקייט און די אידעען פון וועל־כער שפּירען זיך ביי באַראַנט׳ן, איז די וועמעס געשיכטע איז נאַ־טירליך פאַרבונדען מיט דער עמיגראַנטען־ליטעראַטור, נעמליך, די ראָמאַנטישע ליטעראַטור אין דייטשלאַנד. די גאַנצע גרופּע שריפ־טען, וועלכע איך האָב געגעבען דעם אַלגעמיינעם נאָמען „די עמי־ראַנטען־ליטעראַטור" קען באַצייכענט ווערען אַלס אַ מין ראָמאַנטיק פאַר דער ראָמאַנטיק, ד. ה. פאַר דער ראָמאַנטישער שולע אין פראַנקרייך וועלכע זי זאָגט אָן. אָבער זי שטעהט, — אָפּט דורך

אונבאַוואוסטזיניגער סימפּאַטיע און אָפּט דורך דירעקטען איינ־פלוס — אין פיעלפאכער בארירונג מיט דעם גערמאַנישען גייסט און זיין ראָמאַנטיק, און דערפון קומט עס וואָס מאַדאַם דע סטאַל, אין איר בוך „איבער דייטשלאַנד” רופט אָן רוסאָ, בער־נאַדין דע סעינט־פּיערר און שאַטאָבריאַן „דייטשען, ניט וויסענ־דיגערהייד”, און דעריבער טרעפט מען, ווי מיר האָבען געזעהן, ביי די שריפטשטעלער פון דער עמיגראַנטען־ליטעראַטור אויף הונדערט פארשיידענע פונקטען אָנדייטונגען אויף ראָמאַנטיזם, און שטעלען וואָס באַשעפטיגען זיך מיט דיזען וואָרט און באַגריף.

אָבער ניט נאָר זאָגען זיי אָן די גרויסע גייסטער, וועלכע ווע־לען אויפטרעטען נאָך זיי אויף דער ארענאַ פון דעם יאָרהונדערט, נאָר זיי זיינען אפילו ביז אַ העכסט מערקווירדיגען גראַד זייערע פּראָטאָטיפּען. שאַטאָבריאַן, אַלס ראָמאַנטישער קאָלאָריסט, איז דער פאָרלויפער פון וויקטאָר הוגאָ, אַלס לעבענס־מידער מעלאַנ־כאָליקער — פון בייראָן. סעינאַנקור האָט לאַנג פאר דער ראָמאַנ־טישער שולע אָנגעגעריךט יענע סטרונעס, וועלכע ווערען שפּעטער פון סעינט־בעוו געשפּילט. נאָדיע איז מיט זיין פילאָזאָפישער געלערזאַמקייט, מיט זיין שטרענגער און ריינער שפּראַך, זיינע פאַנטאַסטישע און זאָנדערבאַרע טעמען אַ פאָרלויפער פון מערימעי. קאָנסטאַן שילדערט באַלזאַק׳ס העלדען לאַנג איידער פראַנקרייך האָט געקראָגען זיין ראָמאַנען־ליטעראַטור; אַלס פּאָליטיקער, ניט קוקענדיג אויף זיין ליבעראַליזם און פריינדליכער שטעלונג צו דער קירכע, ווייזט ער אַרויס אַ געוויסע ענליכקייט צו דעם באַרימטען ראָמאַנטישען פּאָליטיקער פר. פאָן גענטץ. באַראַנט, מיט זיין ספּי־ריטואַליסטישער אָבער דאָך פאַטאַליסטישער ליטעראַטור־פילאָזאָ־פיע, גרייט־צו יענע קריטיק און עסטעטיק, וועלכע האָט אין וויקטאָר קוזען פארנומען דעם טראָן. ענדליך, מאַדאַם דע סטאַל זאָגט אָן דאָס קומען פון דער גרעסטער שריפטשטעלערין פון 19טען־יאָר־הונדערט, אַ ווענינער אריסטאָקראַטישע, אָבער אַ ווייט געניאַלערע און פרוכטבארערע דיכטערין און דענקערין, זשאָרש סאַנד.

די ליטעראַטור־געשיכטע פון אַ גאַנצען וועלט־טייל אין משך פון אַ האַלבען־יאָרהונדערט הויבט זיך, זעלבסטפארשטענדליך, ניט אָן אויף איין פאַראיינצעלטען פונקט. דער אויסגאַנגס־פונקט וואָס

דער היסטאָריקער קלייבט אויס, קען שטענדיג באַצייכענט ווערען אַלס צופעליגער, ווילקירליכער; ער מוז זיך פאַרלאָזען אויף זיין אינסטינקט און קריטישען בליק, ווען ניט קען ער קיינמאָל ניט אָנ־פאַנגען. די עמיגראַנטען־ליטעראַטור האָט מיר אויסגעזעהן צו זיין דער נאַטירליכער אויסגאַנגס־פונקט, געגעבען פון דער געשיכ־טע אַליין. דיזע גרופּע, פירט אונז פון איין זייט אריין אין דער שפּעטערער רעליגיעזער און פּאָליטישער רעאַקציע אין דער פראַנצוי־זישער ליטעראַטור, און פון דער אַנדערער זייט לעגט זי אויס דעם וועג פאַר דער ראָמאַנטישער שולע אין פראַנקרייך. אָבער אויף יעדען פונקט גרייט זי אונז צו צום שטודיום און דער פאַרשטענד־ניש פון דער ראָמאַנטישער שולע אין דייטשלאַנד, און זי האָט זאַ־גאַר אייניגע בארירונגס־פונקטען מיט אַזעלכע ווייטע ערשיינונגען ווי בייראָן און באַלזאַק.

מיט איין וואָרט, די עמיגראַנטען־ליטעראַטור איז די אָווער־טורע צום גרויסען ליטעראַרישען שוישפּיל פון דעם ניינצענטען־יאָרהונדערט.

